

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Braynsḳ sefer ha-zikaron : a bashraybung fun unzer heym ... / fun Alṭer Ṭrus un Dzshulyus Kohen ; [tseykhenungen fun Noṭe Ḳozlovsḳi]. |
| IMPRINT | 880-02 [New York] : Aroysgegeben fun Braynsḳer Relif Ḳomiṭe in Nyu York, 1948. |
| DESCRIPT | 440 p. : ill., ports., facsims. ; 24 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Brańsk. |
| | Brańsk (Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Brańsk. |
| ADD'L NAME | Trus, Alter. |
| | Cohen, Julius. |
| ADD'L TITLE | Brainsk, book of memories |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.


בריינסק
ספר הזכרון
ספר הזכרון
בריינסק
NOTA KOSLOWSKY

# ברײנסק
# ספר הזכרון

אַ באַשרײבונג פון אונזער הײם, איהרע פאָלקס מענשען, איהרע
העלדען און פיהרער פון די רעליגיעזע, סאָציאַלע, פּאָליטישע
און עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס. װי אַזױ ברײנסק האָט
געלעבט אונטער די פאַרשידענע אָקופּאַציעס פון
בײדע װעלט מלחמות, איהר ענדליכער שױ־
דערליכער אומקום אַלס אַ אידישע
קהילה


פון

## אלטער טרוס און דזשוליוס קאָהען





אַרױסגעגעבען פון

ברײנסקער רעליעף קאָמיטע אין ניו־יאָרק

אונטער דער אויפזיכט פון די ברײנסקער יאָנג מענס בענעװאָלענט אַססאָסיאײשאָן

1948




# BRAINSK

## Book of Memories

by 

**ALTER TRUS and JULIUS COHEN**

Published by

**Brainsker Relief Committee of New York**

Under the auspices of

Brainsker Young Men's Benevolent Ass'n

Proceeds of this book
for
Relief purposes for
Brainsk survivors

ציי̈כענונגען פון נאָטע קאָזלאָווסקי

Printed in the United States of America by
The Shoulson Press, 227 W. 17th St., New York 11, N. Y.

255

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין

פאַרשטאָרבענעם פאָטער מרדכי אבא

פאַרשטאָרבענער מוטער שיינע יענטע

מיין פרוי שרה טרוס

מיינע קינדער ראובן־לייזער און נחמן אהרן

מיין טאָכטער חנה

מיינע שוועסטער זלאַטקע, באַשע־רייזע און טשעשע

מיין ברודער משה־יאָסל, געפאַלען אויפ׳ן פראָנט אין
סאָוועטישער מיליטער אין קאַמף מיט נאַצישע מערדערס

מיין חשובן פאַרשטאָרבענעם שוואָגער חיים צבי ברײנסקי

און מיינע נאָהענטע וועלכע זיינען אומגעקומען אין די
גאַז קאַמערען פון דייטשע רוצחים

אַלטער טרוס
סטאָקהאָלם שוועדען

# אינהאַלט



## ערשטער טייל



## צווייטער טייל

## דריטער טײל



---

## טעות פאַרבעסערונג

זײט 323 אונטערן בילד פון לינקס, אנשטאט משה בערל פעלכאָוויטץ, דאַרף זײן משה פענכערזש

# פאָרוואָרט

חשוב'ע לאַנדסלייט.

איך וועל זיך אַליין פאָרשטעלן. איך בין אַלטער טרוס, מאָטיע אבא'ס. דעם היטעלמאַכער'ס זוהן. מיין מאַמע איז געווען שיינע יענטע. איך בין 50 יאָר אַלט. געבוירען ערצויגען אין ברײנסק. ביים פאַך אַ היטעלמאַכער. איך בין אין דעם פאַך באַשעפטיגט מיין גאַנצען לעבען.



וואָס האָט מיר געבראַכט צו שרייבען דעם בוך? ספעציעל פון אונזער היים ברײנסק און פאַר ברײנסקער מערסטענס? צו ענטפערען דיזע פראַגע האָב איך אָנגעשריבען דעם פאָרוואָרט.

אין יאָר 1940 בין איך צוזאַמען מיט נאָך עטליכע ברײנסקער, ספּעציעל אַזעלכע וואָס האָבען זיך אינטערעסירט אין קהל־אַרבײט, און זײנען געווען ערווײלטע פּאַרטרעטער צום ברײנסקער שטאָט־ראַט און אין דער ברײנסקער קהילה, אַרויסגעשיקט געוואָרען פון דער סאָוועטען־מאַכט פון ברײנסק. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט וואָס געוויסע ברײנסקער קאָמוניסטישע פירער, ספּעציעל אַזעלכע וואָס האָבען אָנגעפאַנגען ווערען די פירער, באַלד ווי די סאָוועטען האָבען איבערגענומען ברײנסק. האָבען ניט געקענט פאַרטראָגען אַז אין ברײנסק זאָלען זיך געפינען אימיצער פון די פריערדיגע כלל־טוער.

מײן עטאַפּ האָט געדויערט ביז סעפּטעמבער 1941. איך האָב זיך דאַן אָנגעשלאָסען אין שיקאָרסקיס אַרמײ. צוליב דעם שרעקליכען אַנטיסעמיטיזם דאָרט, האָבען מיר אידען פון ביאַליסטאָקער, בריסקער און ראָוונער געגענד אַרײנגעטראָטען אין דער רוסישער אַרמײ. בײם קאַמף פון דער נידער וואָלגאַ בין איך קראַנק געוואָרען. איך בין דאַן אָפּגעשיקט געוואָרען צו אַרבײטען אין אַ פעלצען־פאַבריק. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיגט בין איך דאָרט געבליבען אַרבײטען אַלס ציווילער אַרבײטער. ענדליך באַקום איך דאָס רעכט אַלס אַ פּוילישער בירגער זיך אומצוקערן אַהײם. ערב־פּסח 1946 בין איך אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק. דאָרט געפין איך אַרום 40 ברײנסקער וואָס זײנען געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזען ברײנסק צוליב דעם אַנטיסעמיטיזם אין ברײנסק. זאָגאַר דאַן ווען די מלחמה האָט זיך שוין געענדיגט.

מיר גרינדען אין ביאַליסטאָק אַ פאַראײניגונג פון די ברײנסקער עלענדע נפשות וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען, און זיך געפילט פרעמד אין דער נײער אומבאַקאַנטער סביבה.

בײ אײנעם פון די צוזאַמענקונפטען אונזערען באַשליסען מיר אַרויסצוברײנגען פאַר דער וועלט די שרעקליכע פּאַסירונגען וואָס ברײנסקער אידען האָבען מיטגעמאַכט ביז דער באַפרײאונג פון ברײנסק.

די אַרבײט איז געפאַלען אויף מיר. איך האָב זאַפּאַרט באַקומען פערזענליכע ערקלערונגען פון די 42 לעבען־געבליבענע וועגען זײערע איבערלעבונגען. איך האָב אויך נאָך פיל שוועריגקײטען באַקומען שריפטליכע ערקלערונגען פון אַזעלכע וואָס האָבען זיך שוין דאַן געפונען ערגעץ אין קעמפּס אָדער אין ווײטע לאַגערען.

אַלע אַזעלכע ערקלערונגען זײנען פאַרשריבען געוואָרען. פיעלע פון די פּאַסירונגען זײנען נאָך ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען, ווײל די אײנציג לעבען־

געבליבענע עדות פון זיי זיינען ניט געווען און איך האָב זיי ניט געקענט גרייכען. ענדליך דורך מיינע פאַרבינדונגען מיט אַזעלכע ברײנסקער האָב איך פון זיי באַקומען שריפטליכע ערקלערונגען וועלכע האָבען געוואָרפען אַ ליכט אויף אונזערע פריערדיגע געזאַמעלטע פאַקטען.

איך האָב באַקומען ערקלערונגען פון ברײנסקער קריסטען וואָס האָבען בייגעוואוינט געוויסע סצענעס.

דער וויכטיגסטער מיטהעלפער צוזאַמענשטעלען אַלע קאַפּיטלעך וואָס באַציען זיך פון 1939 ביז דער באַפרייאונג איז געווען משה יענטשמאַן. זיין אינטעליגענץ איז געווען אַ גרויס הילף פאַר מיר אין דעם פּרט.

משה אָסקאַרט, חיים־וועלוול פּריבוט, הערשל שפּאַק, מיין זון לייבל, פישל ליעוו, חוה אָקאָן, און די אַליענצקיס — זיינען געווען וויכטיגע ביישטייערער אַרויסצוברײנגען די וויכטיגסטע מאַטעריאַלען.

איך בין ספּעציעל דאַנקבאַר דעם פּרעזידענט פון ביאַליסטאָקער קאָמיטעט מאַגיסטער טורעק. דעם צווייטען פּרעזידענט פסח בורשטיין. די מיטאַרבייטאָרין פון דער ביאַליסטאָקער היסטאָרישער קאָמיסיע, פרוי פוקס און פרוי פאַקטאָר.

מאַגיסטער טורעק האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט צו פאַרשטענדיגען זיך מיט דער געריכטס־מאַכט. דורך וועלכע מיר האָבען שפּעטער געבראַכט צו גערעכטיגקייט פיעלע פון די ברײנסקער באַנדיטען וואָס האָבען איינטייל גענומען אין אידען־מאָרדען. די היסטאָרישע קאָמיסיע האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט און געהאָלפען באַקומען אַלע מאַטעריאַלען וואָס באַציען זיך צו ברײנסקער טעטיגקייט.

פיעלע פון די היסטאָרישע דאָקומענטען און קאָפּיעס פון געריכטס־געשוואָרענע ערקלערונגען זיינען אָבגעשיקט געוואָרען צו הער דזשוליוס קאָהען פון ניו־יאָרקער רעליף. ער האָט זיי פאָטאָגראַפירט און מיר צוריקגעשיקט די אָריגינאַלען. וואַרשיינליך וועלען זיי געדרוקט ווערען אין בוך.

מיין טעטיגקייט האָט דערגרייכט ברײנסקער פוילישע באַנדיטישע קרייזען און איך בין געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזען ביאַליסטאָק. איך קום אָן אין שטאָקהאָלם, שוועדען. פון דאָרט האָב איך אַ פרייע האַנד איבערצושיקען אַלעס קיין ניו־יאָרק צו הער דזשוליוס קאָהען.

מיר האָבען אויך געפילט אַז עס מוז אַרויסגעבראַכט ווערען די היסטאָריע פון ברײנסק אויף אַזוי פיעל ווי עס איז מעגליך, פון ערשטען טאָג פון איר

עקזיסטענץ אַלס אַ אידישע שטאָט ביז׳ן לעצטען טאָג. צו געבען דעם בוך אַ פולשטענדיג בילדליכע אָבשפיגלונג פון אַלע פאַזען פון איר לעבען, איר שטרע־בען. אירע פאַרשידענע טעטיגקייטען, אירע חברות, אירע פּאָליטישע פּאַרטייען, אירע פאַרשידענע קלאַסען מענשען וואָס האָבען געווירקט אויף בריינסק אין די אַלע יאָרען פון איר עקזיסטענץ.

אַרויסצוברייגנען דעם טייל פון בוך האָב איך זיך באַנוצט מיט׳ן בריינ־סקער פנקס וואָס איך האָב יאָרען שטודירט. מיין טעטיגקייט אויף אַלע געבי־טען פון בריינסקער קהילה־לעבען, מיינע 50 יאָר וואָס איך האָב געוואוינט אין בריינסק, פון מיין געבורטסטאָג אָן, האָבען מיר פיעל געהאָלפען.

גלייכצייטיג גיב איך צו אַז איך בין ניט קיין פאַכמאַן, קיין פּאַרפאַסער. ביי מיינע עלטערען אַרבייטענדיג אַלס היטעלמאַכער פון אינגעלוויז אָן האָב איך ניט באַקומען קיין מעגליכקייטען זיך צו בילדען.

איך האָב צוזאַמען געשטעלט אַלע געזאַמעלטע פאַקטען לויט מיינע פע־היגקייטען, ווויסענדיג אַז מיינע ליטעראַרישע קענטעניש זיינען ניט פאָלקאָם. האָב איך די איבעריגע אַרבייט איבער געגעבען צום ניו יאָרקער רעליף קאָמי־טעט, וועלכע האָט זיך פאַרפליכטעט דעם בוך צו דרוקען.

די אַרבייט אַרויסצוברייגנען דעם בוך אין אַ ליטעראַרישע שפּראַך, אין אַ כסדר׳דיגען לעזבאַרען אופן וועט געטאַן ווערען פון אונזער אַלעמענס באַליב־טען און חשוב׳ן לאַנדסמאַן הער דזשוליוס קאָהען.

איך האָב אים געגעבען די פולע פרייהייט ניט נאָר צו קאָרעגירען, רעדאַק־טירען, נאָר אויב נויטיג, געגצליך איבערצושרייבען, און צו פאַרברייטערען מיין אַרבייט.

איך בין זיכער אַז דער ספר הזכרון בריינסק, לויט דער איבעראַרבייטונג פון דזשוליוס קאָהען וועט ווערען אָנערקענט ביי אַלע לאַנדסלייט אין אַלע וועלט־טיילען אַלס אַ וויכטיגער בייטראג צו דער היסטאָריע פון אונזער לעבען, שטרעבען און ענדליכען שוידערליכען אומקום.

איך אַליין וואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד צו זען די ערשיינונג פון מיין בוך גראדע ווי איר אַלע וואַרט אויף אים.

אַלטער טרוס

שטאָקהאָלם, 5־טען נאָוועמבער, 1947.

# פאָרוואָרט

## פון דזשוליוס קאַהען

סעקרעטאַר פון ברײנסקער רעליעף אין ניו־יאָרק



אויף מיר איז געפאַלען דער גורל מיטצוהעלפען אַז דער בוך ברײנסק ספר הזכרון צוזאַמענגעשטעלט פון אונזער לאַנדסמאַן אַלטער טרוס זאָל ערשײנען פאַר דער וועלט.

איך האָב באַקומען צוגעשיקט פון פאַרפאַסער, וואָס געפינט זיך יעצט אין

שטאָקהאָלם, שוועדען די מאַנוסקריפּטען אין כמעט 60 באַזונדערע בריף. ערשט יעצט האָב איך באַגריפען די גרויסע וויכטיגע אַרבייט וואָס ס'שטייט מיר פאָר.

דער מאַנוסקריפּט האָט ניט געקענט געדרוקט ווערען אין זיין אָריגינעלע פאָרמע. אַלטער טרוס איז ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער. ער האָט אָבער באַוויזען צוזאַמענשטעלען דעם בוך, וואָס וועט זיכער פאַרנעמען אַ וויכטיגען אָרט, ווען די געשיכטע פון אייראָפּעאישען אידענטום, ספּעציעל פון דעם חורבן פון די פינף יאָר 1939—1944 וועט געשריבען ווערען.

איך האָב אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו העלפען, אַז דער ספר הזכרון ברייינסק זאָל קענען פאַרנעמען זיין געהעריגען אָרט אין דער געשיכטע.

ס'איז ניט געווען קיין לייכטע אַרבייט. אַלטער טרוס איז אין שוועדען, איך — אין ניו־יאָרק, פאַר קיין צוזאַמענאַרבייטונג איז קיין מעגליכקייט ניט געווען. דער פאַרפאַסער האָט איבערגעלאָזען זיין מאַנוסקריפּט צו מיר. איך האָב זיך באַצויגען צו דער אויפגאַבע מיט פאַראַנטוואָרטליכקייט. געמאַכט אַן ערענסטען פאַרזוך זיך צו האַלטען אין די ראַמען פון די אָנגעגעבענע פאַקטען אויף וויפיל זיי זיינען געווען באַוואוסט צו מיר אָדער זיינען באַשטעטיגט געוואָרען פון אַנדערע לעבען געבליבענע ברייינסקער.

איך מוז אָבער צוגעבען אַז אויך איך, פּרעטענדיר ניט צו זיין קיין ליטעראַט אָדער פאַרפאַסער. אויך מיין פעהיגקייט אין דעם פּרט איז שטאַרק באַגרעניצט. דאָך האָב איך זיך פאַרפליכטעט איבערצואַרבייטען אַלטער'ס מאַנוסקריפּט און עס אַרויסברייינגען פאַר אייך לויט מיינע פעהיגקייטען.

די פּערזאָנען וואָס זיינען אין ערשטען טייל פון בוך דערמאָנט זיינען פאַר מיר גוט באַקאַנט פון מיין יוגענט אָן. ווייל אַלטער איז נאָך געווען אַ 7 יאָהריגער אינגעל ווען איך האָב שוין אַנטייל גענומען אין ברייינסקער קול־טור, און אויך אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער טעטיגקייט, אין יאָהר 1905.

איך האָב געהאַט פּערזענליכע געשפּרעכען מיט עלטערע ברייינסקער לאַנדסלייט אין ניו יאָרק וואָס האָבען פאַר מיר קלאָר געמאַכט געוויסע פּאַ־סירונגען פון די ענדע פון 18־טען יאָהרהונדערט און זיי איינגעשלאָסען אין די קאַפּיטלען וואו זיי באַלאַנגען.

ווען דער דריטער טייל פון בוך איז פון מיר איבערגעאַרבייט געוואָרען האָב איך באַנוצט צוגעגעבענע אינפאָרמאַציע וואָס איך האָב אין ניו־יאָרק

באַקומען פון ברײנסקער לעבען געבליבענע עדות. אויך פון פּריוואַטע בריוו וואָס איך האָב באַקומען פון פּוילען פון אַזעלכע וואָס האָבען אַליין דורכגע־לעבט די שוידערליכע פּאַסירונגען.

איך האָב זיך ספּעציעל באַמיהט אַז ברײנסק ספר הזכרון זאָל זיין דער שריפטליכער אנדיינקונג נאָך אונזער היים שטאָט, נאָך איהרע אַמאָליגע און לעצטע העלדען פון רעליגיעזען, פּאָליטישען און עקאָנאָמישען לעבען אין ברײנסק.

די צווייטע שווערינקייט וואָס איך האָב געדאַרפט באַזייטיגען, איז געווען די פינאַנציעלע. צו שאַפען די געלד מיטלען פאַר דער פּובליצירונג פון בוך. מיין אַפּיעל צו אַלע לאַנדסלייט צו שאַפען די מעגליכקייט, האָט געבראַכט די געווינשטע רעזולטאַטען. פאַר דעם דאַרפט איהר דאַנקבאַר זיין צו די כמעט 60 פּערזאָנען וואָס האָבען זיך אָפּגערופען אויף מיין אַפּיעל. דאָס מאַכט מעגליך אַז די הכנסה פון בוך וועט זיין אַ באַדייטענדע, און וועט גענצליך פאַר־ווענדעט ווערען פאַר רעליעף צוועקען פאַר ברײנסקער פליטים.

אין אַלגעמיין האָב איך געזען אַז דער בוך זאָל זיין געשריבן אין אַ לייכטען אידיש, אַז יעדער ברײנסקער, וואו ער זאָל זיך ניט געפינען זאָל אים לייכט לעזען און פאַרשטיין. ניט זייענדיג קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער גלויב איך אָבער אַז מיר איז עס צו אַ געוויסען גראַד געלונגען צו פּאָפּולאַ־ריזירען דעם בוך.

לעזענדיג דעם ספר הזכרון ברײנסק וועט איר אַליין דורכלעבען די געשע־הענישען פון ברײנסק. איר וועט פאַרגיסען טרערען אויף דעם גורל פון אונזערע ליבסטע אַזוי ווי איך האָב עס געטאָן, שרייבענדיג די קאַפּיטלען. איך האָב זיך אויסגעווײנט און ווייטער געשריבען.

איך בין זיכער, אַז יעדער ברײנסקער וועט דעם בוך ריכטיג אָבשאַצען, וועט אים לעזען אַמווייניגסטען יעדען יאָרצייט, גראַדע ווי מיר היטען אָב תשעה באָב, וואו דער אידישער חורבן ווערט באַוויינט. זאָל דער בוך ווערען דער שריפטליכער אנדיינקען, דער מאָנומענט אויפגעשטעלט אין אונזערע היי־זער. די ווערטער איינגעקריצט אין אונזערע הערצער.

אַלס פאָרשטייער פון ברײנסקער לאַנדסמאַנשאַפט טעטיגקייט באַלד 42 יאָר, אַלס מיטאַרבייטער פון יאָר 1918 ביז יעצט, האָב איך די אַרבייט אויך געטאָן מיט דער זעלבער ענערגיע און געטריישאַפט ווי איך האָב (גלויב איך) ערפילט

אַלע פליכטען מיינע אין די אינטערעסען פון בריינסקער רעליף אַרבייט, גלוי־בענדיג אַז איר, חשוב׳ע לאַנדסלייט האָט דאָס ערוואַרטעט פון מיר.

אויב דער דאָזיגער בייטראג מיינער צום בוך וועט מיטהעלפען אים צו פאַרבעסערען, וועל איך דאַנקבאַר זיין דעם פאַרפאַסער פאַר דער געלעגענהייט, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרען צו דער ביישטייערונג מיינער צום ספר הזכרון בריינסק.

מיט דעם געפיל ברייננ איך צו אייך, ליבע לאַנדסלייט דעם ספר הזכרון בריינסק געזאַמעלט פון אַלטער טרוס, קאָרעגירט, פאַרגרעסערט און איבערגע־אַרבייט פון מיר.

איך בין זיכער אַז איר אַזוי ווי דער פאַרפאַסער וועלען פאַרשטיין אַז מיט מיין איבעראַרבייטונג פון בוך האָב איך ניט געזוכט קיין כבוד אָדער קרעדיט פאַר זיך.

**דזשוליוס קאָהען**

2060 אושען עוו., ברוקלין 30, נ. י.

## ערשטער קאַפּיטעל

# ב ר י י נ ס ק

אונזער היים שטעטל ברײנסק. דאָרט זײנען מיר, אונזערע עלטערן, אור־עלטערן געבוירען און ערצויגען געוואָרען.

ברײנסק געפינט זיך אין דער געוועזענער רוסיש פּוילען, ביעלסקער קרייז, גראָדנער גובערניע. יעצט באַקאַנט אַלס ברײנסק ביי ביאַליסטאָק.

ברײנסק געפינט זיך אַרום 20 מייל פון ביעלסק. און די זעלבע צאָל מייל־לען צו טשעכנאָווצע און 20 מייל פון שעפּעטאָווע די באַן סטאַנציע פון אַמאָליגער וואַרשע־פּעטערבורגער ליניע. די שטאָט איז פאַרבונדען מיט שאָסיי וועג צו ביעלסק און בלאָטע־וועגען צו טשעכנאַווצע און שעפּעטאָווע.

ברײנסק געפינט זיך ביין צונויפגוס פון טייך נורעץ מיט'ן טייך בראָנקע. בראָנקע איז אַ קליינער דאָרף. ברײנסק אַ שטאָט מיט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 7,000. דער נורעץ האָט פאַרשלונגען בראָנקע דעם טייך, גראַדע ווי ברײנסק האָט איבערגעשטיגען בראָנקע דעם דאָרף.

דער נורעץ איז דער טייך וואָס רינגעלט אַרום ברײנסק פון 2 זייטען. מיר פלעגען אים רופען דער ברײנסקער טייך. פון דעם טייך האָבען מיר וואַסער געטרונקען, און טיי געקאָכט. דאָרט האָבען מיר זיך געבאָדען זומער. אויף זיינע געפרוירענע דיקע אייז זיך געגליטשט אין ווינטער. ביי די ברעגען פון דעם טייך האָבען אונזערע מאַמעס וועש געוואַשען. דער נורעץ האָט פאַרזאָרגט ברײנסק מיט פרישע פיש אויף שבת און יום־טוב. דער טייך האָט אין זיינע טיפע אָבגרונדען פאַרשלונגען פיעלע פון אונזערע בראַווע יונגע־לייט וואָס האָבען געוואַגט זיך צו פאַרמעסטען מיט זיינע פאַרבאָרגענע טיפע־נישען.

דער נורעץ האָט געפאָדערט און באַקומען זיינע קרבנות פסח־צייט ווען זיינע וואַסערען האָבען זיך צושפּרייט אויף אַלע וועגען און פאַרטרונקען די וועגען מיט זייערע דורכפאָרער.

ביי דער צווייטער זייט פון טייך געפינט זיך דער באַרג. די פאָליאַקען רופען אים דער שלאָס. דאָס איז אַ היסטאָרישער פּלאַץ, פאָרמירט ווי אַ רונדע

פעסטונג. דער צענטער פון באַרג, איז נידעריג גלייך מיט די אויבערפלעכע פון טייך. ווער און וועלכע צייטען דער באַרג איז באַנוצט געוואָרען אַלס אַ שטאַרק באַפעסטיגטע פּאָזיציע וויסען מיר ניט, וואָס מיר ווייסען יאָ איז, אַז אין דעם באַרג האָבען זיך געקענט באַהאַלטען אַ פּאָר טויזענד מענשען.

עס זיינען אין בריינסק פאַרבליבען דריי וויכטיגע היסטאָרישע געביידעס. זיי זיינען ספּעציעל געבויט געוואָרען אַלס באַפעסטיגטע פלעצער, אָדער פאַר מיליטערישע צוועקען. די געביידעס שטייען אַנטקעגען טייך אין סטראַטעגישע פּאָזיציעס. דאָס זיינען יאָסל בעניעס מויער, דער אַלטער בית־המדרש, און באַי־קעס מויער. די ווענט פון די געביידעס זיינען אַרום זעקס פוס דיק.

די אַלטע, געמויערטע, כמעט איינגעפאַלענע געביידע וואָס שטייט לעבען יענקל זאַוולס סאָד, איז אויך אַ היסטאָרישע. דאָרט איז געווען די אַרכיוועך פון געגענד. דאָרט זיינען געווען אַלע דאָקומענטען פון הונדערטער יאָרען. אין די לעצטע יאָרען פון 18־טען יאָרהונדערט זיינען די וויכטיגע פּאַפּירען אַריבער־געפירט געוואָרען קיין גראָדנע. די איבעריגע זיינען געבליבען זיך וואַלגערען אויף גאָט'ס באַראָט. זיינען פאַרפוילט געוואָרען פון אַלטקייט, פון רעגענס און שנייען וואָס האָבען אַריינגעגאָסען דורך די שוין צובראָכענע ווענט. חדר־אינגלעך האָבען קיין מאָל ניט געוואַגט אַהין אַריינצוקריכען, ווייל זיי זיינען זיכער געווען, אַז דאָרט געפינען זיך שדים.

דער קומאַנט דאָס איז אויך אַ היסטאָרישער פּלאַץ, דאָרט ביי יענעם קוואַל, און קליינעם בריק זיינען פאָרגעקומען אַלע מלחמות און שלאַכטען פון די צייטען פון דער שוועדישער מלחמה ביז דער לעצטער מלחמה ביי וועלכע פּוילען האָט אינגאַנצען פאַרלאָרען איר זעלבסטשטענדיקייט צו רוסלאַנד, פּריי־סען און עסטרייך, און בלויז קאָנגרעס פּוילען בלייבט אַלס זכר פון איר אַמאָליגער גרויסקייט. בריינסק געפינט זיך אַרום 20 מייל פון טייך בוג, וואָס איז געבליבען דער גרעניץ מיט רוסיש פּוילען.

עס איז באַוואוסט אַז ביז'ן יאָר 1808 זיינען קיין אידען ניט געווען אין בריינסק. אַמווייניגסטען איז ניטאָ קיין רעקאָרד פון אידען אין בריינסק ביז יענער צייט. אין די דערפער אַרום בריינסק האָבען זיך יאָ געפונען אידען, אַזעלכע וואָס זיינען געווען ביי די פּריצים אַלס זייערע זשידקעס.

בריינסק איז באַרימט מיט אירע מערק־טעג און ירידים. יעדען מאָנ־טאָג אַ מאַרק טאָג. דער יערליכער יריד באַרעבאַרע האָט אַמאָל אָנגעהאַלטען

דריי טעג. דער געבוי פון שטאָט איז צוגעפּאַסט צו די מערק. דער גרויסער סקווער אין צענטער „דער מאַרק״ און דער קלענערער מאַרק פּלאַץ באַקאַנט אַלס דער פערד־מאַרק.

אין יאָר 1813 נאָך די ענדע פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות ביי וועלכע גאַנץ פּוילען איז פאַרניכטעט געוואָרען פון די רוסען, און פראַנצויזען ביים צוריקטריט פון מאָסקווע האָט זיך בריינסק צוריק אויפגעבויעט. דאַן האָבען זיך שין געפונען אידען אין בריינסק. אָ קליינע צאָל פון אָנפאַנג, שפּעטער אָ גרעסערע צאָל. ווארשיינליך האָבען אידען פון די דערפער ביסלעכווייז זיך אַריבערגעטראָגען אין שטאָט. די רעקאָרדס פון דער שטאָטישע אופראַווע ציינען אָ אידישע באַפעלקערונג אין בריינסק אָבער קיין זכר ניט פון קיין אידישע קהילה.

די פאָלגענדע דערפער אַרום בריינסק האָבען געהאַט עטליכע פאַמיליעס אידישע, פון וועלכע עס איז שפעטער אויסגעוואַקסען די אידישע קהילה אין בריינסק. רוטקע, מיען, דאָמאַנאָווע, אָליענצק, שווירער, זאַלוסקע, מאַליע־שע, בראָנקע קאַלניצע, קערסנאָווע, אָטאָפּ, קאַדלובאָווקע, לובינע, קאשיווע, אָליעקשען, זאַמינאָווע, דאָלאָבאַווע, פּלאַנעווע, סמורלע, פּיעטראַסק, פאָפּאָלאָווו, גליניק, פאַטאָק, יאָזעפינע, קאָזלאָווע, זאַליעשע, מערווין אז״וו. אין די אַלע דערפער האָבען זיך געפונען אידען וואָס האָבען דאָרט נושא חן געווען ביי פּריצים און געלעבט רוהיג, חתונה געמאַכט קינדער, די זיהן און איידעמס פון די דאָרף איינוואוינער האָבען זיך שפּעטער אַריינגעצויגען אין בריינסק, ווייל אין דאָרף ביים טאַטען אָדער שווער איז ניט געווען קיין מעגליכקייטען פאַר קיין פּרנסה.

אין בריינסקער פּנקס פון יאָר 1816 ווערט שוין געבראַכט אָ רעקאָרד פון אַן אַסיפה. די נעמען פון די אַנוועזענדע זיינען אָנגעגעבען ר׳ יעקב בר׳ חיים, אָדער ר׳ דוב בר׳ יעקב, קיינער וויס ניט ווער די לייטע זיינען געווען. ביי דער אַסיפה ווערט גערעדט פון בויען אָדער אָבקויפען אָ געביידע פאַר אָ בית־הכנסת. דאָס צייגט אַז בריינסק האָט שוין געהאַט אָ מנין אידען אָדער מער. ווייל פריער זיינען בריינסקער אידען געגאַנגען דאַוונען אין פאָפּלאָוו צום מנין לויט די עדות פון מאָטיע לייב דעם גלעזער, געבאָרען אין 1822, איז זיין פאָטער געגאַנגען צום מנין אין פאָפּלאָוו.

אין יאָר 1820 ווערט שוין אין פּנקס דערמאָנט פון געלט־זאַמלונגען פון 70 גילדען פאַר אָ בית־המדרש.

צווייטער קאַפּיטל

# אָנפאַנג פון אידישער קהילה

אין יאָר 1820 ווערט געקויפט דער בית־עולם, ביז דאַן זיינען די מתים פון ברייניסק און די דערפער געבראַכט געוואָרען צו קבורה אין אָרלע. שפּעטער איז געקומען צו אַ פאַרשטענדניס מיט דער קהילה פון באָטקע, און זיי האָבען ערלויבט צו נוצען זייער בית־עולם פאַר ברייניסקער מתים.

די באָטקער קהילה האָט געשטעלט גרויסע פאָדערונגען פאַר דער פּריווילעגיע. זיי האָבען פאַרלאַנגט אַז ברייניסק זאָל צאָלען אַ טייל פון זייערע שטייערען. מאַנכעס מאָל האָבען זיי געפאָדערט ניט ווייניגער ווי 100 גילדען קבורה־געלט. שפּעטער האָבען זיי געפאָדערט אַז ברייניסקער אידען זאָלען צוּשטעלען רעקרוטען פאַר באָטקע לויט דער פּראָפּאָרציע 1 רעקרוט פאַר 10 מתים. די רעקרוטען האָבען זיי געוואָלט פאַראויס. מאַנכעס מאָל האָט מען זיך דעם זעלבען טאָג ניט געקענט איינִיגען, איז דער מת געבליבען איבער נאַכט אין באָטקע. קיין שטיבל וואו צו האַלטען איז ניט געווען. די פּוהר וואָס האָט דעם מת געבראַכט קיין באָטקע האָט געמוזט אַוועק צוריק אין ברייניסק. האָבען זיך די ברייניסקער אידען געהאַלטען מיט'ן בר מנן אַ גאַנצע נאַכט.

דאָס צווינגט דער אָרימער קהילה צו זוכען אַ פּלאַץ פאַר אַ ברייניסקער בית־עולם.

חברה קדישא זיינען שוין דאַן געווען, ווייל מען האָט געפירט דעם פאַרשטאָרבענעם קיין באָטקע נאָך דעם ווי מען האָט אים שוין מטהר געווען.

נאָך אַ פאַרשטענדיגונג מיט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט די קהילה באַקומען אָדער געקויפט דעם פּלאַץ פאַר'ן אַלטען בית־עולם.

דער פּלאַץ איז געווען נידעריג, ליימיג, מיט וואַסער. דער פּלאַץ האָט באַלאַנגט צו דער קאַטוזסקע. דאָרט זיינען אַמאָל דורכגעפירט געוואָרען טויט־אורטיילען. לויט די לעגענדע זיינען דאָרט באַערדיגט געוואָרען צום טויט־פאַראורטיילטע אידען אין די צייטען פון דער פּוילישער הערשאַפט.

לויט די באַשרייבונג פון בריינסקער פּוילישען שרייבער נאָוויצקי, וואָס האָט אין די טאָג־ביכער פון רוטקער כראָביע געפונען פאַרשידענע וויכטיגע היסטאָרישע פאַקטען וועגען בריינסק. ווערט דאָרט דערציילט, אַז אויף דעם פּלאַץ פון אַלטען בית־עולם זיינען דורכגעפירט געוואָרען טויט־אורטיילען אויף אידישע יונגע לייט אין אַ געוויסען זונטאָג כדי אַלע מענשען פון בריינסק און ברעזשניצע זאָלען קענען אנוועזענד זיין. דער תליון איז זאָגאַר געלויבט געוואָרען פאַר זיין גוטע אַרבייט. זיי זיינען באַערדיגט געוואָרען דאָרט, וואו עס איז יעצט דער אַלטער בית־עולם.

## ציטאַטען פון פנקס

נאָך דער גרינדונג פון בית־החיים איז די שטאָט געוועזן צופרידען. אַכט חדשים זיינען קיינע טויטענפעלע ניט געווען. דער ערשטער בר־מנן איז געווען אַ יונג מיידעל, אַ קאַטרינשציקס טאָכטער. דער איינציגער קבר איז באַוואַכט געוואָרען טאָג און נאַכט, ווייל מ׳טאָר ניט לאָזען קיין מת אַליין אויפ׳ן בית־עולם. קיינער האָט זיך ניט ענטזאָגט פון זיין חוב. אַכט חדשים איז דער איינציגער קבר באַוואַכט געוואָרען ביז עס האָט פּאַסירט, אַ צווייטער מת איז דאָרט געקומען צו קבורה, זיינען זיי פון דער אַרבייט באַפרייט געוואָרען.

## דריטער קאַפּיטעל

# בריינסק אין די צייטען פון פּוילישען מאַטיעזש

דער ערשטער ניט געלונגענער פּוילישער אויפשטאַנד איז פאָרגעקומען אין יאָר 1831. פון יענער צייט איז פאַראַן אַ לעגענדע, אַז די מאַטיעזשניקעס האָבען אויפגעהאַנגען אַ אידען אין דאָרף שעקליק. דער איד איז געוועזן אַ חזן, פלעגט גיין פון שטאָט צו שטאָט דאַוונען אַ שבת. גייענדיג פון באָטקע צו בריינסק איז ער געכאַפּט געוואָרען פון די מאַטיעזשניקעס. זיי האָבען דעם אידען באַשול־דיגט אין שפּיאָנעריי. דער איד האָט זיך פאַרטיידיגט, ניט געוואוסט ווי אַזוי צו זאָגען אַ חזן, האָט ער געזאָגט אַז ער איז אַשניידער. ער איז געשטעלט געוואָרען צו פּראָבע, האָט ער ניט געקענט נייהען. איז ער געהאַנגען געוואָרען. די שעקליקער גוים האָבען דעם בר־מנן ניט געלאָזט ברייגגען צו קבורה. זיי האָבען אים געהיט. דער בריינסקער רב ר׳ מאיר נעכעס האָט געשיקט פרויען פרייטאָג־צו־נאַכטס כדי זיי זאָלען ניט פאַרדעכטיגט ווערען. די פרויען האָבען דעם מת געבראַכט אין שטאָט און ער איז צו קבורה געקומען דעם זעלבען פרייטאָג־צו־נאַכטס.

פון צווייטען מאַטיעזש אין יאָר 1863 ווערט דערציילט די פאָלגענדע גע־שיכטע. מענשען האָבען זיך געשראָקען צו זיין אונטערוועגענס, ווייל זיי זיינען באַשולדיגט געוואָרען פון פּאָליאַקען אָדער רוסען.ביידע האָבען זיך נוקם געווען אין אַזעלכע. די אידען וואָס האָבען געוואוינט אין די דערפער זיינען שטאַרק גע׳רודפ׳ט געוואָרען, האָבען זיך 70 אידען פון פאַרשידענע דערפער אַריינגעצויגען אין שטאָט. דאָרט האָבען זיי זיך געפילט זיכערער.

אין 1863 אין אַ ווינטער־נאַכט זיינען אַריין אין בריינסק אַ גרויסע מחנה פּאָווסטאַנצעס. זיי האָבען זיך דערוואוסט אַז ביי דבורה׳ן אין מויער (אברהם שקאַפּ׳ס מוטער) געפינט זיך דער פּריסטאַוו. זיי האָבען זיך אַריינגעריסען, אַרויסגעשלעפּט דעם פּריסטאַוו, אים אויפגעהאנגען אויפ׳ן בוים לעבען דבורה׳ס

מויער. זיי האָבען אויך געהאנגען אַ סאָלדאַט ראַזשיצקע. צו מאָרגענס זיינען רוסישע מיליטער, אונטער די אָנפירונג פון געגעראַל מאַנוקין אַריין אין בריינסק. זיי האָבען גלייך באַשולדיגט דבורה׳ן אַז זי האָט דעם פּריסטאַוו פאַר־ראַטען. זיי פאָדערען פון איר אַרויסצוגעבען די נעמען פון די פּאָליאַקען. דבורה איז געפייניגט געוואָרען, זי האָט געליטען פון שרעק־טורמע; ס׳האָט געקאָסט פיעל געלד ביז זי איז באַפרייט געוואָרען. די פּאָליאַקען האָבען גע־וואוסט אַז דבורה האָט זיי געקענט אַרויסגעבען און האָט זיי ניט געוואָלט פאַר־ראַטען, דאָך ווען זיי זיינען אַריין אין שטאָט האָבען זיי געראויבט. ביי די פּאכטערס האָבען זיי אויפגעפרעסען די בהמות. אידישע פרויען האָבען זיך באַהאַלטען פון זיכערהייט וועגען.

### ציטאַט פון פּנקס

## מעשה נורא בימי מאטיעזש

אין דאָרף טשאָנע, אַכט קילאָמעטער פון בריינסק איז געקומען אַ אומבאַ־קאַנטער אָרימאַן אויף שבת חנוכה, אין יאָר 1863. די פּויערים באַשולדיגען דעם אָרימאַן אין שפּיאָנסטווא. גוטמאַן טשאָנער האָט זיך געבעטען ביי די פּאָליאַקען צו לאָזען דעם אידען לעבען. עס האָט ניט געהאָלפען. ער איז אויפגעהאנגען געוואָרען. די פּאָליאַקען האָבען ערלויבט דעם הרוג צו פירען קיין בריינסק צו קבר ישראל. מ׳האָט דעם בר־מנן אַוועקגעלייגט אין הקדש. קהילה האָט געשיקט דעם שומר המת צו נעכטיגען אין הקדש. צו מאָרגענס זיינען אידען געקומען אין הקדש תהילים זאָגען, האָבען זיי געפונען דעם שומר טויט לעבען הרוג. עס ווערט דערציילט, אַז משה איצל מענדלס, אָנגע־טאָן ווי אַ רוסישער אָפיציר, איז אַרומגעפאָרען מיט׳ן גענעראַל מאַנוקין צו העלפען כאַפּען דעם אידען־מערדער און די רויבער פון אידישער פאַרמעגען. קאָנטריבוציע האָבען אידען געדאַרפט צאָלען פיעל מער ווי די פּאָליאַקען. ווען דער מאטיעזש איז איינגעשטילט געוואָרען.

פיערטער קאַפּיטעל

# בריינסק אין די צייטען פון די קאָנטאָניסטען

עס זיינען שוין געווען קלאַנגען, אַז מ׳וועט אָנפאַנגען נעמען רעקרוטען. מ׳האָט געזאָגט, אַז קיין פאַרהייראַטע וועט מען ניט נעמען. האָט זיך אין בריינסק אָנגעפאַנגען אַ בהלה חתונה צו מאַכען קליינע קינדער.

מאָטקע פאַרבער (טאפּטשעפּסקי) האָט עס מיר דערציילט, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, אַז זיין פאָטער וועלוול שואל׳ס איז דאַן געווען אַ קינד פון עלף יאָר. ער האָט זיך געשפּילט מיט זיינע פריינד ביים גרוטש, קומט פּלוצלונג זיין פאָטער שואל, נעמט אים מיט זיך און פירט אים צו דער חופּה. דער קליינער וועלוול האָט געוויינט מיט ביטערע טרערען, ער האָט זיך געשעמט פאַר די קינדער, וואָס זיינען אים נאָכגעלאָפען און געשריען „חתונה געהאַט, חתונה געהאַט".

אידען האָבען באַשלאָסען צו פאַסטען, אפשר וועט דאָס אָפּשטעלען די גזרה. מען האָט אויך געזאַמעלט געלד פאַר גראָדנע ד. ה. פאַר נאַטשאַלסטווא אין דער גובערניע.

דער פריקאַז פון ניקאָליי דעם ערשטען איז אָנגעקומען, אַז אַלע אידען מוזען זיך צושרייבען צו די מעשטשאַנסקע ביכער. די אידען פון אליעקשענער און מאַליעשער וואָלאָסט געהערען צו בריינסק. דאָס האָט איינגעשלאָסען 52 דערפער צו בריינסק.

אידען האָבען געקלערט וואו זיך צוצושרייבען. מ׳האָט געזוכט זיך צו־צושרייבען צו אַזעלכע ערטער, וואו מ׳האָט געהאַט פריינד, כלל־טוערס. פיעל בריינסקער האָבען זיך צוגעשריבען צו אָרלע, צו טשעכענאָוועצ, קיינער האָט זיך ניט צוגעשריבען צו באָטקע. צוליב די רייסערייען וואָס בריינסק האָט געהאַט מיט באָטקע וועגען די בריינסקער מתים.

בריינסקער קהל־לייט האָבען צוגעשריבען צו בריינסק זייער ווייניג איינג־

לעך. וואָס ווייניגער צוגעשריבענע אַלץ ווייניגער רעקרוטען. ענדליך איז געקומען דער טאָג אין 1827. די ראשי הקהל ווערען גערופען און זיי ווערען פאַרזאָגט, אַז זיי מוזען צושטעלען 1 רעקרוט פאַרן יאָר 1826, 1 רעקרוט פאַר 1827, 1 רעקרוט פאַר ניט באַצאָלטע אַלטע שטייערען.

אין שטאָט ווערט חושך, מענשען צולויפען זיך פון בריינסק. די צוגעשריבענע קיין אָרלע לויפען קיין אָרלע. די לייטע ווערען טאַקע באַלד צוגענומען פאַר רעקרוטען וויל אָרלע האָט זיי אנערקענט פאַר פרעמדע ניט קיין שטענדיגע שטאָטישע איינוואוינער.

בריינסקער קהל־לייט האָבען שטילערהייט צוזאַמענגעשטעלט אַ ליסטע פון די אָרימסטע שניידער אינגלעך וועלכע זאָלען זיין די ערשטע קרבנות.

אין אַ ווינטער נאַכט באַווייזט זיך אין בריינסק לייב טאַטע, דאָס איז געווען דער אָרלער כאַפּער. ער איז געקומען אין בריינסק כאַפּען די בריינסקער וואָס זיינען צוגעשריבען צו אָרלע.

די בריינסקער קהילה אַנגאַזשירט דעם לייב טאַטע צו ווערען דער בריינסקער כאַפּער. זיין געהילף איז געווען איינער אַ גדליה, וואָס קיינער ווייס ניט ווער ער איז געווען, שפּעטער זיינען געווען אַנדערע כאַפּערס.

ווער עס זיינען געווען די ערשטע געכאַפּטע רעקרוטען ווייס מען ניט. נאָר אַז זיי זיינען געווען פון די אָרימע בעלי־מלאכה'שע קלאַסען איז זיכער. לויט ראובן קצב דערציילט: איך בין געווען אַ קינד פון אַכט יאָר. צו אונז אין הויז איז ביינאַכט אַריין לייב טאַטע מיט זיינע בריינסקער העלפערס צוזאַמען מיט דעסיאַטניקעס. איך בין געשלאָפען מיט מיין ברודער 13 יאָר אַלט. די כאַפּערס הייסען זיך אויפשטעלען, מעסטען מיר צו מיין ברודער, נעמען רייסען מיין ברודער צו זיך. די מאַמע מאַכט אַ געוואַלט, וויינט און קלאָגט. איך מיט מיין ברודער ווערען שטום פאַר שרעק. קענען ניט שרייען. די שכור'ע כאַפּערס זיינען שטאַרקער. דער עלטערער ברודער ווערט צוגענומען פון הויז. מיר האָבען לאַנג געטרויערט און געביינקט נאָך אים. אונזער הויז איז געווען פול מיט טרויער. ביסלעכווייז האָבען מיר אים פאַרגעסען.

מיט 40 יאָר שפּעטער, פונקט תשעה באָב באַווייזט זיך דער ברודער אין בריינסק אָנגעטאָן אין מיליטערישע קליידער פון אַ מאַיאָר. עס ציינגט זיך אַרויס, אַז ער איז שוין ניט קיין איד נאָר געטויפט. מיר האָבען זיך פון אים אָנפאַנגס דערווייטערט. דאָך ער האָט אונז שטאַרק געבעטען זיינען מיר געגאַנגען מיט אים אויף דעם בית־עולם צו דער מאַמע'ס קבר. די גאַנצע

שטאָט איז מיטגעגאַנגען. זיין שטאַרקער געוויין האָט אַלעמענס הערצער צו־בראָכען. זיינע ווערטער זיינען געווען, מאַמע, פאַר וואָס האָט מען מיר פון דיר אָבגעריסען? פאַר וואָס האָט מען מיר אָבגעריסען פון מיין רעליגיע? מענשען צייגען אָן, אַז דאָרט אויף אַ געוויסען קבר ליגט באַערדיגט איינער פון די כאַפּערס.

דער מאַיאָר סאַשין האָט געטראַכטען און באַשפּיגען דעם קבר, האָט אַריינ־געשטאָכען זיין שווערד אין קבר און נאָך אַמאָל באַשפּיגען. אַ שרעק איז באַ־פאַלען אַלע אנוועזענדע וואָס האָבען עס צוגעזעהן. דער מאַיאָר סאַשין האָט זיך געוואָלט טרעפען מיט הרב ר׳ מאיר שלום הכהן, וואָס איז דאַן געווען רב אין בריינסק. ר׳ מאיר שלום האָט געבעטען אַז מ׳זאָל אים ניט ברייגגען, ווייל ער, דער רב איז צו שוואַך, ער וואָלט דאָס ניט געקענט איבערטראָגען.

דער מאַיאָר סאַשין געזעגענט זיך מיט זיינע ברידער ראובן קצב און מרדכי פוהרמאַן און פאָרט אַוועק. אַמאָל שרייבט ער אַ בריף, נאָר קיינער ענטפערט אים ניט.



ראובן קצב צו 95 יאָהר

ווען ראובן קצב האָט די געשיכטע דערציילט איז ער שוין געווען איבער אַכציג יאָר אַלט, אָבער ער האָט געוויינט ווי אַ קינד.

יעקב יאָסל דער שניידער דערציילט, אַז מען האָט געכאַפּט איינעם מענ־דיכע דעם שניידערס, האָט מען אים פאַרשלאָסען אין קהל־שטיבל פון אַלטען בית־המדרש, ביז ער איז אָבגעשיקט געוואָרען קיין ביעלסק, זיינען די שניי־

דערס געקומען אין אַלטען בית־המדרש און שטאַרק פּראָטעסטירט: אייערע קינדער זיינען אין דער היים, ביי אונז נעמט איר צו די איינציגע שפּייזערס פון די אָרימע פאַמיליעס. דער אָנפירער פון דעם פּראָטעסט איז געווען בנימין לייב דער שניידער. ר׳ דוד דער דאַמאָלסדיגער פּאַרזאָרגער קהל שרייט אויס: „וואַרפט אים אַרויס דעם שגץ״. דער עולם האָט שנעל דורגגעפירט ר׳ דוד׳ס באַפעל. בנימין לייב דער שניידער קריגט צובראָכענע ביינער און ווערט פון שוהל אַרויסגעוואָרפען.

די טיפען כאַפּערס זיינען געווען פון די ערגסטע מענשען, דאָך פלעגען די ראשי הקהל מיט זיי זיין זייער פריינדליך, צוזאַמען לחיים געטרונקען, צו אַ שווערע אַרבייט האָט מען אַראָבגעבראַכט לייב טאַטע פון אָרלע: דאָס איז געווען אַ שרעקליכער סאַדיסט, זיין קרבן פלעגט ער רופען ממזר. ווען אַ מוטער האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען האָט ער זי גוט צושלאָגען.

פרייטאָג־צו־נאַכטס פלעגט זיין די בעסטע צייט צו כאַפּען. דער סיזאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען שבועות צייט ביז יום־טובים. די וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרען אָנפאַנג זומער זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרען אין אַלטען בית־המדרש, אין דער קליינער שטיבעלע מיט אייזערנע גראַטעס. די טיהר מיט שטאַרקע אַנטאבעס באַשלאָגען. עסען האָט מען זיי אַריינגעוואָרפען אין דער פרי ברויט מיט קרופּניק. שבת — אַ חלה. די אַרבייט צו שפּייזען די געכאַפּטע האָט באַלאַנגט צו די פליכטען פון דער בעדערקע, אויפגעפּאסט, אַז די ממזרים זאַלען ניט קריגען קיין עסען פאַר׳ן דאַוונען. ראש השנה האָט מען פאַר זיי ספּעציעל שופר געבלאָזען. ביים אַוועקפירען זיי קיין ביעלסק האָט יעדער באַקו־מען אַ ארבע כנפות.

אָט אַזוי זיינען די געכאַפּטע געהאַלטען געוואָרען אין דער אידישער טורמע, וואָס איז געווען אַ טייל פון אַלטען בית־המדרש. אַנטלויפען פון דאָרט איז געווען אוממעגליך. מען האָט זיי באַוואַכט טאָג און נאַכט, אַלע מאָל אַנדערע וועכטער, קיינער האָט זיך ניט ענטזאָגט פון דער אַרבייט צו היטען די געכאַפּטע (ממזרים) (לויט טאַטע׳ס באַצייכנונגען).

עס האָט פּאַסירט, אַז דער וועכטער איז אַמאָל געווען משה אהרן דער היטל־מאַכער. ער איז געווען אַ לאַנגזאַמער מענש, האָבען חברה גוטע פריינד באַפאַלען משה אהרנען, אָנגעטאָן אַ זעקעל אויפ׳ן קאָפּ און דעם אינגעל באַ־פרייט.

אין ברייִנסק ווערט אַ שרעקלעכער טומעל. קהל וויל זיך אָברעכענען מיט משה אהרנען. מ׳וויל אים רעקרוטירן פאַר דעם אינגעל. מישט זיך אַריין זיין שוויגער רחל די גאַווינער און זי באַפרייט איר איידעם.

די וואָס האָט געלונגען צו אַנטלויפען זיינען מערסטענס געלאָפען צום גאַליציישען גרעניץ, מערסטענס נאָך בראָד, עסטרייך. נאָך דער גזרה, אַז איניגע האָבען זיך צוריקגעקערט אַהיים האָט מען זיי גערופען די בראָדער. אַזוי האָט בערל בראָדער באַקומען זיין צווייטען נאָמען.

ברייִנסקער ראשי־קהל האָבען געהאַט פאַרשידענע מיטלען זיך אויסצודרייען פון רעקרוטסטווא. ערשטענס האָט מען ניט איינגעשריבען די זיהן. אַז מען האָט שוין יאָ איינגעשריבען האָט מען צוגעשטעלט צו אַנדערע עלטערען. אַלע ווייסען, אַז ר׳ יחיאל־לייבס צווייטער נאָמען איז זייפמאַן, האָט ער זיין זון זעליג צוגעשריבען צו לייזער געווירס פאָטער. אַלע האָבען גערופען דעם זעליגען זעליג יחיאל לייבס. און זיין צווייטער נאָמען איז הורוויץ.

עס האָבען זיך געפונען וואוילע יונגען, וואָס האָבען אַזעלכע זאַכען געוואוסט, ניט געקענט פאַרטראָגען די האַנדלונגען מצד די ברייִנסקער ראשי־קהל־לייט און האָבען אָנגעוויזען נאַטשאַלסטווא, ווער עס איז ניט קיין פאַרשריבענער. איינער פון זיי איז געווען נחום שרויט. אָט דער נחום שרויט איז געווען אַ ביין אין האַלדז פאַר די ראשי־קהל. עפּעס האָט געמוזט געטאָן ווערען אָבצושטעלען די מסירות, האָט מען נחום׳ען געכאַפּט אַ שבת־צו־נאַכט, אים אָנגעטאָן אַ זאַק אויפ׳ן קאָפּ. צו זיין גליק איז אימיצער אָנגעקומען, און נחום שרויט איז געראַטעוועט געוואָרען. דאָס האָט געווירקט, נחום איז שטיל געוואָרען.

דערצו האָט זיך שוין געענדיגט די כאַפּעריי. עס איז איינגעפירט געוואָרען אַלגעמיינע מיליטער־דינסט.

מאָטיע לייב דער גלעזער דערציילט אַז זיין ברודער אברהמל איז געכאַפּט געוואָרען נאָר ער איז געקומען צוריק מיט 45 יאָר שפּעטער אַלס געבילדעטער מענש און טרעפט נאָך זיין טאַטען זלמן דעם גלעזער אַ לעבעדיגען.

פון די אַנדערע צוריקגעקומענע ניקאָלייעווסקי סאָלדאַטען זיינען אין ברייִנסק באַוואוסט יענקל רופא. ער האָט זיך ווי עס איז דערנערט אַלס רופא. דער אַנדערער איז יאַלישקע. דער יאַלישקע האָט גרויסע צרות ביי זיין קומען צוריק אין ברייִנסק נאָך פערציג יאָר. קיינער האָט אים ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט קענען.

קהל האָט זיך דערבאַרעמט אויף יאָלעשקען, אים געמאַכט פאַר'ן אונטער־שמש אין שליאַכעטסקען בית־המדרש.

יאָלעשקע רעכענט זיך אָב מיט די בריינסקער רייכע קינדער, וואָס כאַפּען זיך אַריין אין בית־המדרש אַביסעל שטיפען. ער שלאָגט מכות רצח, פאַר אים האָבען זיי מורא און טראָגען זיך אָב שנעל אין די אַנדערע בתי מדרשים.

דאָס איז געווען יאָלעשקעס נקמה צו די אייניקלעך פון די לייטע, וואָס זיינען געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיינע 45 יאָר סאָלדאַטשינע.

## פינפטער קאַפּיטעל

# בריינסקער שוהלען, דער אַלטער בית־המדרש

ווען נאַפּאָלעאָנס אַרמייען זיינען צוריקגעטריבען געוואָרען פון רוסלאַנד דורך פּוילען האָבען זיי געווייִנליך אַלעס פאַרברענט אויף זייער צוריקטריט. בלויז איינציגע שטאַרק געבויעטע הייזער זיינען געבליבען. אין בריינסק האָבען זיך אָבגעשטעלט די דריי מויערען ווי אויבען באַמערקט. 1 געביידע האָט די רוסישע רעגירונג אָװעקגעשיינקט באַיקען. ער איז געווען אַ רוסישער פּריץ. דערפאַר הייסט ער באַיקעס מויער. דעם צווייטען האָבען אָבגעקויפט יאָסל בעניעס משפחה. דערפאַר האָט מען אים גערופען יאָסל בעניעס מויער. דער דריטער מויער איז פאַרקויפט געוואָרען צו דער קהילה אין בריינסק פאַר אַ בית־המדרש. קהל האָט דעם מויער איבערגעבויעט, צוגעבויעט די וויבערשע שוהל און די קליינע שטיבלעך וואָס האָבען שפּעטער געדינט פאַר אַ בית הרב, תלמוד תורה און פאַר דער טורמע צו האַלטען די געכאַפּטע קינדער.

לויט׳ן פּנקס איז דער בית־המדרש געענדיגט געוואָרען אין יאָר 1821, און באַקומען דעם נאָמען דער אַלטער בית־המדרש.

אין יאָר 1832, פּונקט איין יאָר נאָך דעם פּוילישן אויפשטאַנד געפינט זיך שוין אין בריינסק נאָך אַ בית־המדרש. דאָס איז געווען איין אַלטע הויז, געקויפט פון אַ בריינסקער קריסט מיט׳ן נאָמען פּאַוולאָווסקע. דעם נאָמען דער נייער בית־המדרש האָט ער באַקומען מיט אַ צוואַנציק יאָר שפּעטער נאָך דעם ווי ער איז גענצליך איבערגעבויט געוואָרען.

אין פּנקס געפינען מיר אין כתב רבנות וואָס בריינסקער קהילה האָט געגעבען דעם צווייטען רב ר׳ יודל חריף, אַז דעם צווייטען טאָג ראש־השנה און די צווייטע טעג יום־טוב דאַרף ער דאַווענען אין נייעם בית־המדרש.

לויט די מזרח־לייט פון נייעם בית־המדרש קען מען זיך פאָרשטעלען, אַז דאָרט האָבען געדאַוונט די רייכע אָדער אויפגעקומענע בעלי־בתים, ווייל דאָרט

געפינען מיר יאָסל בעניען, יאָקען, ר׳ דוד׳ן, ירוחם גאָלדבערג, יחיאל לייב, נחום איטעלד, יאָסקע מנוחה׳ס, יצחק שאַפּירא, יאָשע ליבאָשיץ, שמואל קאָטלאָ־וויטש. דער פּשוט׳ער עולם איז געבליבען אין אַלטען בית־המדרש.

שפּעטער גרינדעט זיך נאָך אַ גרופּע פון רייכע בעלי־הבתים: יעקב מאיר כאַרלאַפּ, די גאָטליעבס, און עס ווערט געשאַפן דער דריטער בית־המדרש וואָס מ׳האָט אויך גערופען דער שליאַכעטסקער בית־המדרש.

די שוסטער און קצבים, אָנגעפירט פון אברהם וויינער, קויפען אָב די אַלטע הויז פון בנימין־לייב דעם שניידער און גרינדען דעם פערטען בית־המדרש אונטער׳ן נאָמען פועלי צדק. אין יאָר 1903 בויען זיי אויף אַ נייע געביידע און דער פועלי צדק ווערט איינער פון די שענסטע בתי־מדרשים אין שטאָט.

דער ארון קודש מיט די פיינע שניצעריי איז אַ מייסטערווערק. נאָך דעם טויט פון אברהם וויינער ווערט די הויפּט אַרבייט פון פועלי צדק אָנגעפירט פון זיין זוהן לייבל וויינער.

די שניידער זיינען געווען אָרגאַניזירט פריער ווי די שוסטער. זיי האָבען געהאַט אַ מנין אויפ׳ן בוידעם־שטיבל פון נייעם בית־המדרש. קיין אייגענע בעלי הבתים זיינען זיי ניט געווען, ווייל די הכנסה פון דער פושקע האָט באַלאַנגט צום נייעם בית־המדרש. ימים נוראים האָבען זיי געמוזט דאַוונען אונטען.

עס האָבען זיך געפונען ענערגישע טוער ווי חנא קאַשטאַן, אריה קראַץ, שלום קראַץ, מיט דער מיטהילף פון דוד־הערש רובין, זיין צונאָמען איז שציאָפּקע. האָבען זיי זיך גענומען־צו דער אַרבייט צו בויען אַ שניידערשן בית־המדרש. זיי האָבען פיעל שטערונגען, די מאַכט האָט ניט ערלויבט צו פיעל שוהלען פאַר בריינסק. זיי האָבען די שוהל געעפענט אָן ערלויבעניש. האָט טאַקע פּאַסירט אַז די שוהל איז אינמיטען דאַוונען פון דער מאַכט געשלאָסען געוואָרען.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט נתן זעלווין, מ׳האָט אים גערופען דער מאָסקווער, ווייל ער האָט געוואוינט אין מאָסקווע ביז די אידען זיינען פון דאָרט אַרויסגעטריבען געוואָרען.

אָט דער נתן זעלווין איז געווען אַ מערקווירדיגער טיפּ. אַ גרויסער גע־לערענטער אין תלמוד. צו דער זעלבער צייט איז ער געווען אַ גרויסער קענער אין רוסיש. זיין רוסישע שפּראַך איז געווען פּאָלקאָם. זיין שטימע, זיין אַרט

ריידען איז געווען ווי אַ געבוירענער רוס. טראָץ דעם וואָס ער איז פון מאָסקווע צוזאַמען מיט אַלע אידען אַרויסגעטריבען געוואָרען, איז ער אָבער געווען און פאַרבליבען אַן אמת׳ר רוסישער פּאַטריאָט, דעם צאַר׳ס געטרייער אינטער־טאַן. דער נתן זעלווין פלעגט אין בריינסק זיך באַשעפטיגען מיט שרייבען פּראָשעניעס. צו יעדען גרעסטען בעאַמטען איז נתן זעלווין צוגעקומען, קיין פּעטערבורג, קיין מאָסקווע, איבעראַל האָט ער דערגרייכט. ווען יעמאַנד האָט געהאַט עטוואָס אַ ביטע צו די גרויסע פענסטער פון דער גובערניע אָדער אין אָקרוג, זאָגאַר אין הויפּט־שטאָט. נתן זעלווין האָט דאָרט דערגרייכט און דורכגעפירט וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען.

ווען דער שניידערשער בית־המדרש איז פון דער מאַכט געשלאָסען גע־וואָרען, ווערט נתן זעלווין שטאַרק פאַרנומען. ער שרייבט קיין גראָדנע; עס ווירקט ניט; ער שרייבט קיין פּעטערבורג; ווענדעט זיך צום אַלערהעכסטען ראַט און באַקומט די ערלויבעניש דעם בית־המדרש צו עפענען אויפ׳ן נאָמען פון יונגען צאַרעוויטש.

באַקומענדיג אַזאַ ערלויבעניש האָט דער כראַביע פּאָטאָצקי געשיינקט די גאַנצע געהילץ צום בית־המדרש. ענדע 1909 איז דער נייער שיין גע־בויעטער שניידערשער בית־המדרש געעפענט געוואָרען.

די חסידים האָבען אויך געבויט זייער אייגענע שטיבל. מרדכי הערש דער מלמד האָט געשיינקט דעם פּלאַץ פאַר דעם צוועק, ביז דאַן האָבען זיי אַלע מאָל געדונגען פאַרשיידענע פלעצער צו דאַווענען. מרדכי הערש האָט פאַרדינט צו ווערען איינגעלאַדען אַלס שטענדיגער מחותן ביי אַלע חסידישע מלוה מלכה׳ס.

דאָס זיינען געווען בריינסקער שוהלען.

## זעקסטער קאַפּיטעל

# בריינסקער רבנות

בריינסק איז געווען אַ מזל'דיגע שטאָט וואָס אנבאַלאַנגט צו אירע רבנים. אַלע בריינסקער רבנים זיינען געווען גדולי הדור. מאַנכע זיינען באַרימט געווען ניט נאָר אין פוילען, נאָר אין דער גאַנצער וועלט.

אין יאָר 1822 איז שוין די קהילה אין בריינסק אָרגאַניזירט. אַ בית־עולם איז שוין דאָ אַ אייגענער. ענטוויקעלט זיך די פראַגע פון רבנות. ביי יענער צייט זיינען געווויס פאָרגעקומען פאַרשידענע צוויסטיגקייטען ביי די אידישע איינוואוינער פון שטאָט און פון די דערפער אַרום בריינסק. מחלוקת צו־ליב פרנסה, אויסגעדונגען די אַרענדע ביים פּריץ, אָדער געעפענט אַ קרעטשמע דאָרט וואו ס'איז ניט געווען גענוג פרנסה פאַר'ן עקזיסטירענדען קרעטשמאַר. ס'איז געקומען צו קריגערייען, צו בזיונות. עס האָט געפעהלט דער מנהיג הדור. די אידישע אויטאָריטעט וואָס זאָל זיך קענען פאַנאַנדערקלייבען אין די איינצעלהייטען און ברייגגען פרידען צווישען די צדדים. מיט איין וואָרט עס האָט געפעלט אַ רב אין דער נייער אָרגאַניזירטער קהילה־בריינסק.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ניט איין אסיפה איז פאָרגעקומען. עס זיינען געווען גענוג קאַנדידאַטען אויף די בריינסקער רבנות. פיעלע פון די דאָרפישע איינ־וואוינער זיינען געווען געלערענטע אידען, בני תורה. זיי האָבען געוויס געהאַט אַ שטאַרקע דעה אין דער אויסקלייבונג פון אַ רב פאַר בריינסק.

## ר' מאיר נעכעס

דאָס איז געווען דער ערשטער בריינסקער רב. ר' מאיר נעכעס איז געווען אַ בריינסקער איידעם. די נעכע האָט געמוזט זיין אַ גרוסע פערזענלעכקייט, אַז דער רב איז גערופען געוואָרען ר' מאיר נעכעס, נאָך זיין שוויגער. לויט דעם פנקס אין יאָר 1822 ב' נח ווערט באַשלאָסן צו געבען אַ כתב רבנות צו הרב ר' מאיר נעכעס. עס ווערט דאָרט דערמאָנט אַז ער איז אַ גרויסער בן תורה וואָס צו אים איז ניטאָ קיין גלייכען. אין כתב ווערט ער אָנגערופען אונזער ערשטער רב, מנהיג הדור, ר' מאיר.

אין כתב געפינען זיך די פאָלגענדע פונקטען: שכירות 27 גילדען אַ וואָך, באַזאָרגען מיט דירה און באַהייצונג אין איינע פון די שטיבלעך אין אַלטען בית־המדרש. עס ווערט דערמאָנט, אַז ביז פסח דאַרף דער הקדש איבער־געטראָגען ווערען אויף קהל׳ס רעכענונג.

לכבוד יום־טוב, אָדער פאַר׳ן זאָגען תורה שבת הגדול און שבת שובה אַ צוגאָב אַ פלאַש וויין, טהיי און צוקער. די רביצן באַקומט דאָס רעכט צו פאַרקויפען נר של שבת. פון דעם דאַרף זי געבען צו קהל צוויי זעקסטעל פון דער ריינער הכנסה. אויך איז אַריינגערעכענט פסק־געלד, און חמץ פאַר־קויפען אין דעם רב׳ס הכנסה.

אַלס יונגערמאַן האָב איך עטליכע מאָל באַטראַכט דעם בית הרב. עס איז ווי אַ טורמע, די ווענט נאַס, פינצטער. קיינמאָל איז דאָרט ניט געווען אַביסל זון־שיין. דאָרט פלעגט זיך אויפהאַלטען יענקל פאַרופקע, דער משוגענער, און משה־אהרן דער שדכן.

ר׳ מאיר נעכעס האָט ניט געהאַט צופיל נחת פון בריינסקער רבנות. די קאַנטאָניסטישע גזרה האָט זיך אָנגעפאַנגען. קליינע קינדער זיינען געכאַפט און געהאַלטען געוואָרען פאַרשפאַרט אין איינע פון די שטיבלעך איבער׳ן וואַנט פון זיין וואוינונג. אידישע מאַמעס האָבען דאָרט שטענדיג געקלאָגט און געוויינט, זיך געקלאַפט קאָפּ אין וואַנט. די געכאַפטע האָבען געשטורעמט און געשאַלטען אַלעמען. ר׳ מאיר נעכעס מיט זיין ווייך, גוט האַרץ האָט ניט געקענט אַריבערטראָגען די האַרצרייסענדע געוויינען פון די אומשולדיגע קינ־דער און זייערע מאַמעס. זיין האַרץ האָט געפלאַצט פאַר ווהעטאָג.

די נאַסע ווענט האָבען מיטגעווירקט מיט׳ן רב, מיט די מוטערס. אויף יענער זייט וואַנט, ביז ער איז יונגערהייד נפטר געוואָרען. דאָס איז געווען דער גורל פון ערשטען בריינסקער רב ר׳ מאיר נעכעס זצ״ל.

## הרב ר׳ יודל חריף

איז אויפגענומען געוואָרען אַלס דער צווייטער רב אין בריינסק, אויף דעם פלאַץ פון ר׳ מאיר נעכעס. אַ גרויסער גאון. בריינסקער פלעגען זאָגען אַז אויף ר׳ יודל חריף האָט שטענדיג געשיינט די שכינה.

הרב ר׳ יודל חריף שטאַרבט אויך יונגערהייט. ער קומט צו קבורה אויף דעם אַלטען בית־עולם לעבען הרב ר׳ מאיר נעכעס.

אַלטער משה איצל'ס ווייב פלעגט רעדען מיט שטאָלץ פון די ערשטע צוויי בריינסקער רבנים וואָס זיינען געווען איהרע קרובים. זי האָט איר עלטסטען זוהן אַ נאָמען געגעבען יודל מאיר נאָךביידע בריינסקער רבנים.

## הרב ר' שאול דענענבורגער

ווערט אויפגענומען אויפ'ן פלאַץ פון ר' יודיל חריף זצ"ל אַלס דער דריטער רב אין בריינסק. ר' שאול דענענבורגער איז שוין ניט אַזוי ווי די פריערדיקע. ער פראָטעסטירט. אים געפעלט ניט די נאַסע ווילגאָטנע דירה וואו די נעץ דרינגט אַריין אין די ביינער. אים געפעלען ניט די בריינסקער בעלי הבתים, וואָס האָבען אַ פאַרלאַנג צו נעמען גרויסע גאונים פאַר זייערע רבנים און זיי ניט פאַרזאָרגען מיט די נויטיגע עלעמענטאַרע פאַסענדע באַדערפענישען צו קענען לעבען אַביסל אַנשטענדיג.

ר' שאול דענענבורגער באַשליסט צו פאַרלאָזען בריינסק. ער באַקומט אַ כתב רבנות אין לאָמזשע אָדער פרוזשינע.

ביי זיין אָבפאָהרען פון בריינסק פאַרזאַמלען זיך פיעל מענשען, זיי פאַר־האַלטען דעם וואָגען. אַנדערע לייגען זיך אויף דער ערד לעבען פערד, לאָזען אים ניט פאָרען. שרייען „רבי פאַרלאָזט אונז ניט".

ר' שאול דענענבורגער שטעלט זיך אויף אין וואָגען און זאָגט צום עולם: „איך טאָר דאָ ניט זיין. דאָ איז ניט מיינע ד' אמות. עס איז אַ גזר פון הימעל, איר האָט מיר באַליידיגט. ווען איך וועל דאָ זיין וועט פאַר אייך קיין גוטס ניט אַרויסקומען. נאָר איך בין אייך מוחל און גאָט וועט אייך אַלעמען העלפען." דאָס האָט געווירקט. מיט גרויס געוויין האָבען זיך אַלע געזעגענט מיט'ן בריינסקער דריטען רב, ר' שאול דענענבורגער. לאַנג האָבען בריינסקער אידען, ספעציעל פון המון גערעדט פון דעם געזעגענען זיך מיט זייער באַליבטען רב פון בריינסק.

## הרב ר' מאיר שלום הכהן

דער פיערטער רב אין בריינסק. ער איז אָנגעקומען אין בריינסק אין יאָר 1870. ער איז געווען אַ גאון, געשטאַמט פון אַ פאַמיליע גאונים אין ליטע. ער איז שנעל באַליבט געוואָרען אין שטאָט. פון נאַטור זייער אַ ליב־ליכער מענש. בריינסק האָט אים זייער רעספעקטירט, האָבען מיט אים שטאָל־צירט פאַר זיין גאונות און פאַר זיין גוטמוטיגקייט.

די בריינסקער ראשי הקהל האָבען ניט פאַרשטאַנען ווי געהעריג אָבצו־שאַצען אַזאַ ליכטיגע פערזענליכקייט. זיינע שכירות מאָגערע, קוים גענוג געווען אויף די נויטיגסטע צום לעבען. זיין וואוינונג די זעלבע נאַסע, פינס־טערע, ווילגאטנע שטיבל. דאָס פראָסטע פאָלק האָט אים פשוט פאַרגעטערט. נאָר האָבען ניט געהאַט קיין דעה צו ווירקען אויף די ראשי הקהל, אויף די כלל טוער, אַז זיי זאָלען מאַכען דעם רב׳ס לעבען באַקוועמער. ר׳ מאיר שלום הכהן ווערט אין דער דירה קראַנק. די בעלי הבתים נעמען זיך ניט צום האַרצען. זיין לאַגע ווערט ערענסט, שוין שפעט עפּעס צו טאָן צו ראַטעווען דעם לעבען פון גרויסען גאון.



הרב ר׳ מאיר שלום הכהן זצ״ל

ר׳ מאיר שלום איז צו 43 יאָר נפטר געוואָרען אין 1884. ער איז צו קבורה געקומען אויפ׳ן אַלטען בית עולם לעבען די פריערדיגע בריינסקער

רבנים. עס פֿאַרבלײַבט די רביצין מיט קלײנע קינדער. מיט פֿיעל מיה קומט אָן ביז זי באַקומט אַ פֿאַר רובל צו ערנערען זיך מיט איר פֿאַמיליע.

דער פֿאָלגענדער פֿאַקט, דערציילט צו דזשולױס קאָהען פֿון זיין פֿעטער הערצקע פוקס, אַ בן שמונים, וואָס געפֿינט זיך אין ניו־יאָרק מער ווי זעכציק יאָר, וועט געבען אַ באַגריף פֿון דעם גרויסען רעספּעקט וואָס אַלע איינוואוי־נער אין בריינסק, ספּעציעל דער פּראָסטער עולם האָט געהאַט פֿאַר הרב ר' מאיר שלום הכהן.

אין בריינסק אַזוי ווי אין אַלע שטעט איז געווען די מאָדע אַז אַלע חופּות זיינען געשטעלט געוואָרען אין גאַס לעבען אַלטען בית־המדרש סיי זומער און ווינטער. צו אַ געווױסער חופּה ווינטער צייט, דער שניי איז באַר וואָס אָנגעפֿאַלען, קומט פֿאַר אַ חופּה ביים אַלטען בית־המדרש. די יוגענד פֿלעגען ביי אַזעלכע חופּות מאַכען אַביסעל שפּאַס מיט די מחותנים אָדער מיט'ן חתן, ספּעציעל ווען ער איז געווען פֿון אַ צווייטער שטאָט.

פּונקט דאַן, ווען ר' מאיר שלום האָט געמאַכט די ברכה בורא פּרי הגפן, איז אים געפֿאַלען אַ גרויסער שניי באַל און פּנים. דער בעכער וויין איז פֿון אים אַרויסגעפֿאַלען אין שניי.

צו מאָרגענס האָט מען זיך אין שטאָט דערוואוסט, אַז דער שפּאַס איז דורכגעפֿירט געוואָרען פֿון בערעלע מאַנעסעס. דער בערעלע איז געווען אַ חברה־מאַן וואָס גאַנץ שטאָט האָט פֿאַר אים געציטערט, ווייל ער איז פֿעהיג געווען צו באַגיין די ערגסטע זאַכען.

ר' מאיר שלום האָט געשיקט רופֿען דעם בערעלען. בערעלע איז געקומען צום רב. ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט געוואָרפֿען דעם שניי באַל אויף אַנדערע מחותנים. ר' מאיר שלום דערלאַנגט בערעלען צוויי פֿייערדיגע פּעטש. „דו ווייסט שייגעץ וואָס דו האָסט געטאָן?" — האָט ער געזאָגט „צוליב דיר האָב איך געמאַכט אַ ברכה לבטלה".

בערעלע מאַנעסעס איז אַרויס פֿון רב, האָט ניט גערעדט קיין וואָרט. ער איז אַוועק אַ פֿאַרשעמטער.

דאָס צייגט דייטליך דעם גרויסען רעספּעקט וואָס אַלע אין בריינסק האָבען געהאַט פֿאַר זייער פֿיערטען רב, ר' מאיר שלום הכהן זצ"ל.

לויט דעם ספר הזכרון אַרויסגעגעבען אין ניו־יאָרק פֿון הרב ר' ברוך קאהען, צייגט אַז פֿון יאָר תרכ"א ביז תר"ל איז ניט באַשטימט ווער עס איז

געווען רב אין בריינסק די ניין יאָר אָדער צי עס איז איבערהויפּט געווען אַ רב אין בריינסק די ניין יאָר.

## הרב ר׳ שמריהו מרגלית

איז דער פינפטער רב, וואָס בריינסק נעמט אויף אַלס איר פירער. מיר אַלע געדענקען אים נאָך. זיין פּאַטריאַרכאַלישען אויסזעהען, זיין זילבער ווייסע באָרד. זיין שטאָלצער גלייכער גאַנג האָט אַרויסגערופען ביי אַלעמען רעספּעקט און ליבשאַפט. הרב ר׳ שמריהו מרגלית האָט אַלעמען ליב געהאַט ווי קינדער און אַלע האָבען אים צוריקגעצאָלט מיט דער זעלבער מדה.



הרב ר׳ שמריהו מרגלית זצ״ל

כאַראַקטעריסטיש איז אויך, אַז קריסטען האָבען פאַר אים געהאַט דעם זעלבען רעספּעקט. קריסטען זיינען געוען געגאַנגען צום בריינסקער ראַבין

אויסצוגלייכען זייערע סיכסוכים מיט אידען. ער האָט שוין געוואוינט אין אַ שיינע, גרויסע באַקוועמע דירה, פריער ביי לייזער סמורזשיק, דאָן ביי שעפסל קצב אין מויער. קיין סך האָט ער ניט געדאַרפט ווייל ער האָט קיין קינדער ניט געהאַט.

די רביצין קריינדל אַ וואונדערבאַרע גוטע נאַטור. איר קיך איז שטענדיג געווען אָפען פאַר אַלע הונגעריגע. איר האַנט איז געווען אָפען מיט אַ גמילות חסד פאַר אַלעמען. דזשוליוס קאָהען געדענקט נאָך, אַלס אַ קינד פלעגט ער מאָנטאָג פאַרטאָג, אַריינקומען צום רב אין שטוב דורך דער הינטער טיהר. די רביצין איז שוין געווען גרייט מיט צוואנציג רובל אַ גמילות חסד פאַר זיין מוטער חנה צום מאַרק. כאָטש זי האָט פאַרלאַנגט נאָר צען רובל. צו דער זעלבער צייט זיינען געווען דאָרט אַנדערע אַזעלכע וואָס האָבען באַקומען גמילות חסדים׳ס. נאָכן מאַרק פלעגען די מענשען צוריקברייינגען די גמילות חסדים׳ס, וואָס זיי האָבען באַקומען.

ביי דער רביצין איז געווען אַ שטוב־מיידעל. זי איז דאָרט געווען אַ לאַנגע צייט. זיי האָבען איר שפעטער חתונה געמאַכט מיט ישיען, מען רופט אים דער אַפריקאַנער, ווייל ער איז שפעטער אָבגעפאָרען נאָך אַפריקע. אַלע רופען אים שיע דעם רב׳ס איידים.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען דעם אַבסאָלוטען אויטאָריטעט וואָס הרב ר׳ שמריהו מרגלית האָט געהאַט אויף דער באַפעלקערונג פון בריינסק.

ר׳ שמריהו מרגלית איז נפטר געוואָרען פינף טעג אין חודש אב אין יאָהר 1906.

## ר׳ שמעון יהודא הכהן שקאָפּ

דאָס איז דער זעקסטער רב פון בריינסק. ער ווערט אויפגענומען פון מאַלטש. ר׳ שמעון קומט אין בריינסק מיט זיין גרויסע ישיבה. בריינסק ווערט פלוצלונג באַרימט מיט איר גרויסען רב. מיט דער גרויסער ישיבה. הונדערטער יונגעלייט פון פוילען און רוסלאַנד קומען אין בריינסק זיך לערנען אין דער וועלט ישיבה אָנגעפירט פון בריינסקער רב ר׳ שמעון שקאָפּ.

ר׳ שמעון זאָגט אַליין צוויי מאָל אין וואָך דעם שיעור. אַלע שטאָטישע לערנערס קומען בייוואוינען דעם שיעור. ער ברייינגט מיט זיך דעם באַרימטען ראש הישיבה און משגיח הרב אָלשוואַנג.

בריינסק איז שטאָלץ מיט׳ן רב, מיט דער ישיבה. קהל האָט זיך אָבער

ניט געמאַכט וויסענדיג וועגען זיינע מאָגערע שכירות. ר׳ שמעון, אָ וועלט פערזענליכקייט האָט ניט געקראָגען די פּאַסיגע אנערקענונג אַמווייניגסטען וואָס אָנבאַלאַנגט זיינע מעגליכקייטען צו קענען לעבען בכבוד ווי עס האָט גע־פּאַסט פאַר אַזאַ גרויסען מענשען.



ר׳ שמעון יהודא הכהן שקאָפּ זצ״ל

ר׳ שמעון האָט געהאַט אַ ספּעציעלען פאַרלאַנג צו ווידמען זיינע פעהיג־קייטען צו פאַרמערען תורה ביי אידען. די שטאָטישע רבנות האָט געפאָדערט אַ סך צייט און מערסטען זיינען עס געווען זיך צו פאַרנעמען מיט קליינליכע שטאָטישע ענינים. ר׳ שמעון האָט געפיהלט אַז ער דאַרף זיך באַפרייען פון רבנות אום זיך קענען גענצליך ווידמענען צו זיין הייליגער מיסיע. וואָלט ער כאָטש געווען עקאָנאָמיש גוט באַזאָרגט וואָלט ער פּילייכט ניט געוואָלט פאַרלאָזען בריינסק.

די בריינסקער ראשי הקהל האָבען ניט פאַרשטאַנען זייער גרויסען רב

אָדער האָבען ניט געוואָלט פאַרשטײן. קײן העכערונג אויף זײַנע שכירות האָט ער ניט באַקומען. דאָס האָט געבראַכט אַז ר׳ שמעון באַשליסט זיך צו שײדען מיט ברײַנסק און מיט רבנות. ר׳ שמעון פירט איבער זײַן ישיבה אין גראָדנע. ער באַקומט פון גרויסען אידישען פאַבריקאַנט שערעשעפסקי אַ גרויסען בנין פאַר דער ישיבה.

דער טאָג פון ר׳ שמעונ׳ס אָבפאָרען דערנענטערט זיך. ברײַנסק בעט זיך בײַ חיים פענטמאַן דעם גבאי ער זאָל פאַרדאָפּלען דעם רב׳ס שכירות. חיים פענטמאַן ענטזאגט זיך.

ר׳ שמעון פאַרלאָזט ברײַנסק אין יאָר 1920. דאָס געזעגענען זיך קומט פאָר בײַם אַלטען בית־המדרש. קינד און קײט װײנען מיט ביטערע טרערען, װינשען גליק זײַער װעלט־באַרימטען זעקסטען רב פון ברײַנסק, הרב ר׳ שמעון יהודה הכהן שקאָפּ.

װען ר׳ שמעונ׳ס זוהן דער אַלטער גרײַז גרויער רב, װאָס געפינט זיך יעצט אין ניו־יאָרק האָט דעם רעדאַקטאָר איבערגעגעבען די אײַנצעלהײטען האָט דער זקן געװײנט מיט ביטערע טרערען װי אַ קינד, זיך דערמאַנענדיג אין יענער פאַרגאַנגענער צײַט.

## כאַראַקטעריסטיקס פון הרב ר׳ שמעון שקאָפּ

אין 1915 װען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו ברײַנסק, הערט מען אַז די קאָזאַקען פאַרברענען אַלע שטעט. טשעכענאָװצע שוין פאַרברענט. ר׳ שמעון װערט שטאַרק פאַרנומען. ער זאַמעלט געלט. נעמט עס צו זיך אין די קעשענעס. ער גײט באַגעגענען די קאָזאַקען װאָס נעמען זיך שוין צו דער אַרבײט פאַרברענען די שטאָט. אײדער די דײַטשען קומען אָן. ר׳ שמעון שטעלט זיך אַװעק, טײלט צען רובלדיגע צו יעדען קאָזאַק. ער באַמערקט װי אַ קאָזאַקען אָפיציר קוקט אויף זײַן גאָלדענעם זײגער. ר׳ שמעון קלערט ניט, נעמט אַרויס דעם גאָלדענעם זײגער, גיט עס אַװעק צום קאָזאַקען אָפיציר. ברײַנסק איז געראַטעװעט, ניט פאַרברענט.

אין 1918, די דײַטשען קעמפען מיט די פּאָליאַקען. עס איז געװען חנוכה, דאָס דריטע ליכטל. דײַטשען באַפאַלען אויף ברײַנסק, מאָרדען אידען און פּאָליאַקען, צינדען אונטער די שטאָט פון אַלע פיער זײַטען. ר׳ שמעון נעמט צוזאַמען מענשען יונג און אַלט און הײסט לעשען די פײַערען. ער בעט די דײַטשען זײ זאָלען אים װײניגסטען ערלויבען צו לעשען. די שיכור׳ע, װילדע

דייטשען זידלען אים, און אים דערלאַנגט אין קאָפּ. ר׳ שמעון גייט ניט אַוועק. ער שרייט צו אַלע אידען אויפ׳ן קול: „לעשט די שרפות, אידען״.

ר׳ שמעון איז נפטר געוואָרען אין גראָדנע אין יאָר 1939. דאָן איז שוין געווען די צווייטע מלחמה. צו זיין לויה האָט בריינסק ערוויילט זיין גרויסען תלמיד דער יעצטיגער ראש הישיבה פון בריינסק הרב ר׳ חיים לייב ליעוו צו פאַרטרעטען בריינסק. אַזוי האָט ר׳ חיים לייב ליעוו זיך געזעגענט מיט זיין רבי׳ן און מיט בריינסק׳ס גרעסטען רב פון אַלע צייטען ר׳ שמעון יהודא הכהן שקאָפּ זצ״ל.



הרב ר׳ חיים לייב ליעוו ז״ל
ר׳ שמעונס בעסטער תלמיד

דער זיבעטער רב פון בריינסק, קומט אָן אין שטאָט אין יאָר 1920. לויט ר׳ שמעונ׳ס פאַרזאָג איז הרב זיוו אָנגענומען געוואָרען אָן מחלוקות.

## הרב ר׳ יצחק זיוו



הרב ר׳ יצחק זיוו זצ״ל

קיין צו פיל פאַרגעניגען האָט ער ניט. דאַן איז פאָרגעקומען די מלחמה צווישען פוילען און רוסלאַנד. די פאָליאַקען טרייבען דעם רב צו טאָן שווערע אַרבייט, שלעפען קלעצער צו בויען בריקען. בריינסקער אידען ווילען דעם רב איבערנעמען טאָן די אַרבייט פאַר זיך און פאַר׳ן רב. הרב ר׳ יצחק זיוו ערלויבט ניט. ער אַרבייט אַליין גלייך מיט אַלעמען. דער רב איז געווען באַרימט אַלס אַ גרויסער טעטיגער מענש אין מזרחי. די בריינסקער קהל־לייט זאָרגען שוין ער זאָל ניט וואוינען אין תלמוד תורה. ער באַקומט אַ דירה אין רובינ׳ס מויער. זיי האָבען שוין איינגעזען זייערע פעהלערען וואָס זיי האָבען באַגאַנגען פריער.

עס פאַסירט אַן אומגליק. הרב ר׳ יצחק זיוו ווערט קראַנק אויפ׳ן האַלדז. מען פירט אים קיין וואַרשע און דאָרט איז ער נפטר געוואָרען. מען בריינגט

אים אין בריינסק צו קבורה. ער ווערט באַערדיגט אויפ׳ן נייעם בית־עולם לעבען הרב ר׳ שמריהו מרגלית. אין דער זעלבערביידל וואו דער פרוש ר׳ לייב פאַרבשטיין איז באַערדיגט.

## הרב ר׳ אברהם יעקב סעקאַרעוויטץ

ער ווערט דער צייטווייליגער אַכטער רב אין בריינסק. נאָך דעם ווי הרב זיוו איז נפטר געוואָרען איז פאַרבליבען די אַלמנה מיט צווי קליינע קינדער. עס איז געווען צו שווער צו נעמען אַ שטענדיגען רב און דערצו צאָלען די שכירות צו דער רביצין פון פאַרשטאָרבענעם ר׳ יצחק זיוו.

די קהילה באַשליסט אַז ר׳ אברהם יעקב סעקארעוויטץ זאָל זיין צייט־ווייליג רב אין בריינסק, ביז עס וועט זיך מאַכען אַ רב וואָס זאָל זיין ראוי צו פאַרנעמען די בריינסקער רבנות וואָס איז שוין געווען באַרימט אין פוילען.

ר׳ אברהם יעקב סעקרעוויטץ נעמט אָן די דערווייליגע רבנות. ער באַקומט בלויז איין דריטעל פון די שכירות, צווי דריטעל צאָלט די שטאָט צו דער אלמנה פון פאַרשטאָרבענעם ר׳ יצחק זיוו.

## ר׳ יצחק זאב צוקערמאַן

דער 9טער רב אין בריינסק. ער איז אָנגעקומען אין בריינסק איין יאָר נאָך דעם טויט פון הרב ר׳ יצחק זיוו זצ״ל. הרב ר׳ יצחק זאב צוקערמאַן איז אַ תלמיד מובהק פון וואלאזשינער ישיבה אין דער צייט ווען ר׳ דירש לייב און ר׳ חיים בריסקער זצ״ל זיינען געווען די ראשי ישיבות אין וואָלאָזשין.

אין דער רבנישער וועלט איז ער געווען באַוואוסט אַלס ר׳ יצחק לעבע־דעווער אָדער דער לעבעדעווער עלוי. צו 21 יאָר איז ער געווען דער ראש הישיבה אין קרעמענטשוג, וואו ער איז זייער באַרימט געווען אַלס דער גדול. אין יאָר 1908 פאַרבאָטען אים דאָקטוירים צו זאָגען אַ שעור. שפּעטער ווערט ער אויפגענומען אַלס רב אין נאווע אוקראינקא. אין יאָר 1922 פאַרלאָזט ער צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע רוסלאַנד און קומט קיין פוילען. ער ווערט אויפ־גענומען אַלס רב אין בריינסק.

דער חסידישער עלעמענט איז פון אָנפאַנג ניט געווען צופרידען, וואָס הרב ר׳ אברהם יעקב סעקערעוויטש וואָס איז געווען אַ חסיד און געדאַווענט אין דער חסידישער שטיבל איז ניט געוואָרען דער שטענדיגער רב אין שטאָט.

זיי האָבען אָבער שנעל פאַרגעסען אין די תביעות און האָבען אנערקענט די גרויסקייט פון הרב ר׳ יצחק זאב צוקערמאַן.



הרב ר׳ יצחק זאב צוקערמאַן זצ״ל
דער לעצטער רב אין בריינסק

הרב צוקערמאַן האָט געהאַט אין בריינסק כבוד און רעספעקט, ליידער זיינען אָנגעקומען שווערע צייטען פאַר אים אין בריינסק.

די שטאָט האָט פיעל געליטען פון דעם אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט זיך אין פוילען אַריבערגעקליבען פון היטלער׳ס דייטשלאַנד.

ער האָט געזען ווי די עקאָנאָמישע לאַגע פון שטאָט ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. אין בריינסקער רעליף אין ניו־יאָרק זיינען נאָך דאָ פיעל בריף וואָס הרב צוקערמאַן האָט געשריבען זיך ווענדענדיג צו די בריינסקער לאַנדס־לייט אין אַמעריקא צו העלפען די געמיינדע דורכפירען פיעלע פאַרבעסערונגען לטובת דער אידישער באַפעלקערונג אין שטאָט וואָס זי האָט אַליין ניט געהאַט בכוח דורכצופירען.

דעם 25־טען יוני 1938 איז זיין פרוי אסתר קראַנק געוואָרען. זי ווערט צוגענומען אין ביאַליסטאָק אין שפּיטאָל און איז דעם קומענדען טאָג געשטאָר־בען, און דאָרט צו קבורה געקומען.

בריינסק האָט געשיקט אַ פּאַסענדע פאַרטרעטערשאַפט צו איר לויה. דער פּרעזידענט פון דער אידישער קהילה לייב רובינשטיין. דער געוועזענער פּרע־זידענט פון דער קהילה הרב ר' חיים לייב ליעוו, שוחט יחזקאל קאַנטשיק, און דער גבאי פון תלמוד תורה שמואל ליעווין זיינען געפאָרען אָבגעבען כבוד האחרון צו דער פאַרשטאָרבענער רביצין.

זיין אידים הרב ר' בנימין קאַגאַן איז אויך געווען באַרימט אין בריינסק. ער האָט זיך עוסק געווען אין פיעלע שטאָטישע טעטיגקייטען.

ביי דער סאָוועטישער אָקופּאַציע פון בריינסק ווערט שוין די לאַגע פיעל פאַרערגערט. די רבנות איז שוין ניט וויכטיג. די יוגענד קוקען אויף רבנים אין אַלגעמיין מיט פיינדליכע אויגען.

זיינע אייניקלעך ווערען געצוואונגען מיט גוואַלד צו גיין אין די שקאָלעס. טראָץ דעם וואָס זיי האָבען זיך צום אָנפאַנג ענטזאָגט, ווערען זיי שפּעטער מיט פאַרשידענע סטראַשונקעס געצוואונגען צו קומען אין די קלאַסען שבת.

די פּאַסירונג האָט זייער געקריינקט דעם אַלטען רב. ער האָט אָבער דערצו גאָרניט געקענט טאָן.

טראָץ דעם אַלעמען איז ער געווען דער רעספּעקטירטער מנהיג פון שטאָט אונטער די שווערסטע באַדינגונגען. ער האָט זיין אַרבייט דערפילט אין געטאָ אונטער דער נאַצישער אינקוויזיציע.

דעם זיבעטען נאָוועמבער 1942, שבת מברכים החודש כסלו ווערט הרב ר' יצחק זאב צוקערמאַן צוזאַמען מיט'ן מורה הוראה הרב אברהם יעקב סעקע־רעוויטש אַרויסגעפירט פון בריינסק, וואו ער אין דער שפּיצע פון דער גאַנ־צער קהילה אין בריינסק קומען אום צוזאַמען על קידוש השם, דעם צענטען נאָוועמבער פּונקט פיער בייטאָג אין די גאַז קאַמערען פון טרעבלינקא און דאַן פאַרברענט אין די קאַלך אויוועגס, וואָס היטלער ימח שמו וזכרו האָט איינ־געפירט אַלס די מאָדערנע אינקוויזיציע פון יאָר 1942.

די געזעגענונגס רעדע פון הרב צוקערמאַן ביים אַרויספיר פון אַלע אידען פון געטאָ אין שפּעטערדיגע אַרטיקלען.

דאָס איז געווען די ענדע פון בריינסקער רבנים און בריינסקער רבנות צוזאַמען מיט'ן גאַנצען אייראָפּעאישען אידענטום.

## זיבעטער קאַפּיטל

# שטאָטישע קאַראָבקע און גבאות

דיביידע אינסטיטוציעס זיינען געווען שטאַרק צוזאַמענגעבונדען, ווייל די גבאות און די קאראבקע זיינען געווען אומצוטיילבאַר.

אַזוי ווי אַלע שטעטלעך האָט ברײנסק געהאַט איר אייגענע שטאָטישע אידישע באַדערפעניש, ווי צאָלען דעם רב שכירות, וואוינונג, באַהייצונג, אויך האָט ברײנסק געדאַרפט טיילווייז דעקען די אויסגאַבען פאַר'ן אויפהאַלטען די פּאָליציי. דער פּריסטאַוו און דער איינציגער אוראדניק האָבען באַקומען זייערע שכירות פון דער רעגירונג. אום דירעקט האָט די ברײנסקער קהילה בייגעשטייערט דערצו. די סומע איז געווען טויזענד רובל אַ יאָר, וואָס די קהילה האָט געצאָלט צו גראָדנע.

צו שאַפען די דאָזיגע סומען איז איינגעפירט געוואָרען די קאַראָבקע. דאָס איז אַן אָבצאָל אויף פלייש און עופות. דער אָבצאָל האָט געדאַרפט געמאַכט ווערען באַך איידער דער שוחט האָט די בהמה אָדער עוף געקוילעט. איר האָט געדאַרפט ברײנגען צום שוחט אַ קוויטל. דאָס קוויטעל האָט מען גע־קויפט ביים חוקר. דאָס איז געווען דער וואָס האָט געהאַלטען די קאַראָבקע. געדיינקט איר דעם קוויטעל פון יענקל חוקר, אויב ניט וועל איך אייך דער־מאָנען. אַ ווייס שטיקל פּאַפּיר אָנגעשריבען „לשחוט אוזה" אָדער לשחוט בהמה קטנה אונטערגעשריבען פון חוקר. דעם קוויטעל האָט איר געדאַרפט קויפען ביים חוקר. דאַן נעמען דעם עוף אָדער דאָס קעלבל צום שוחט, און אים באַצאָלען פאַר שחיטה באַזונדער.

אָט אַזוי האָט ברײנסק אַרײנגענומען געלד אין דער קהלשער קאַסע. פון די געלד האָט מען געדאַרפט האָבען צו דעקען אַלע שטאָטישע אויסגאַבען. דער חוקר האָט אַלע וואָך איבערגעגעבען די געלד צום גבאי פון שטאָט. ווי אַזוי עס איז קאָנטראָלירט געוואָרען די איננאַמע ווייס קיינער ניט. מען ווייס נאָר

אַז שטאָטישע כּלל טוער האָבען אַלע מאָל געשריגען, אַז ס'איז ניטאָ קיין געלד. מ'דאַרף האָבען אַנדערע הכנסות, ווי זאַלץ פאַרקויף. דאָס האָט זיך קיין מאָל ניט איינגעגעבען דורכצופירען. דער שטאָטישער גבאי אָדער דער הויפּט קאַסירער זיינען געווען די פאָלשטענדיגע דעה זאָגער אין די שטאָטישע ענינים. מ'האָט זאָגאַר גערופען אסיפות מאַנכע מאָל פון אייניגע בעלי הבתים. נאָר קיינער האָט ניט געוואוסט ווער עס זיינען די יעניגע וואָס האָבען זוכה געווען צו ווערען גערופען צו איין אסיפה.

דער סוד ווער עס זיינען אַזעלכע גליקליכע האָט געוואוסט נאָר שייקע ברוידא. ווייל ער איז געווען דער יעניגער וואָס האָט די בעלי הבתים גערופען צו די פאַרזאַמלונגען.

די קאראבקע זייענדיג דער איינציגער הכנסה קוואַל אין שטאָט איז פון זיי שטאַרק באַוואַכט געוואָרען. טאָמער האָט פּאַסירט אַז אַ קצב האָט געשאָכטען אַ שטיקל ביי אַ שוחט פון אַ צווייטען שטעטל, ניט געבראַכט דעם קוויטעל, האָט שוין דער קצב געהאַט געברענטע צרות. ערשטענס האָט דער רב גלייך טריף געמאַכט די טעפּלעך אין וועלכע אַזעלכע פלייש האָט זיך געקאָכט, זאָגאַר ווען דער שוחט וואָס האָט געשאָכטען איז געווען א ירא שמים און די שחיטה איז געווען כשר.

אָט אַזוי האָט זיך אַרום דער קאראבקע ענטוויקעלט די בריינסקער כּלל טוערײ, קהל לייט און סתם לעפּל לייט.

דער חוקר וואָס מיר געדיינקען דעם ערשטען איז יענקל חוקר. ער איז געווען דער חוקר צענדליגער יאָרען. דאַן איז דורך די אַריינמישונג פון יאָקע בערלין די קאראָקבע געגעבען געוואָרען צו מאָטל ראַבינאָוויטש. דאָס זיינען געווען צוויי ברידער מאָטל און יענקל ראַבינאָוויטש, זיי זיינען געווען גרויסע פּאָסעסאָרס, פּריצים, זיינען אַריינגעפאָרען אין שטאָט מיט פיער פערד נאַשפּיץ. דערצו זיינען זיי געווען גרויסע געלערנטע און גרויסע בעלי צדקה. ווען זיי האָבען געהאַט דעם הויף אין מאַרוויזנע, האָט ר' שלומה הערש דער פּאָטער פון דזשוליוס קאָהען דאָרט געאַרבייט אַלס אַלגעמיינער אויפפּאַסער, ווייל די ראַבינאָוויטשעס האָבען געהאַט אַנדערע מסחרים מיט וועלדער. פּאַסירט אַז די צייט האָט זיך געענדערט. די צוויי אידישע פּריצים ווערען פּשוט'ע אָרימעלייט. יענקל ראַבינאָוויטש נעמט זיך דאָס לעבען אין יאָר 1896, און מאָטל בלייבט אָן פּרנסה, האָט ער באַקומען אין בריינסק די קאַראָבקע.

מאָטל האָט זיך אָבער פערזענליך ניט געקענט אָבגעבען מיט דער קאַ-

ראָבקע, האָט ער אָגעשטעלט פרעמדע דאָס צו ערלײדיגען. דער רעזולטאַט איז, די קאַראָבקע דערלײגט געלט. ס׳ווערט אַ דעפיציט. און בריינסק גייט איבער די קאַראַבקע צו אהרן חוקר. דאַן צו אַנדערע לײט. בריינסק האָט אַבער געקויפט די קוויטלעך, אַרײנגעטראָגען געלד אין דער שטאָטישער קאַסע.

דער קאַסירער איז געווען יצחק שאַפּירא, אַ גרויסער בן תורה נאָר זייער אַ קאַרגער איד. ער האָט אַלײן ניט געגעסען און ניט געקענט זען אַנדערע עסען. איטשע שאַפּיראָ האָט געהאַט אַ ביער ברויערײ, אויך אַ פערדל צו פירען די פעסלעך ביער. יענקל פוקס, דער פאָטער פון הײמאַן פאַקס און לואיס פאַקס האָט מיר דאָ אין ניו יאָרק דערציילט, אַז ער האָט געאַרבייט ביי שאַפּיראָ׳ן אין יאָר 1880 אָדער אַביסל שפּעטער. האָט ער זייער געליטען ניט פון זיין שווערער אַרבייט נאָר ער האָט ניט געקענט פאַרלײדען ווי דאָס פערדל ווערט פון טאָג צו טאָג אויסגעטריקענט פון הונגער.

אָט דער איטשע שאַפּירא איז געווען קאַסירער. קענט איר זיך פאָרשטעלען ווי גרינג עס איז געווען פון אים אַרויסצוקריגען אַ פאָר רובל פאַר שטאָטישע נויטיגע זאַכען. ער פלעגט אַלץ זאָגען : ס׳איז אַ שאָד געלד אויסצובריינגען אויף נאַרישקײטען.

## גבאים און כלל טוער

דאָס זיינען געווען אידען תקיפים. דער ערשטער איז געווען ר׳ דוד בערמאַן. זיין טאָכטער האָט מען גערופען אסתר ר׳ דוד׳ס. דער ר׳ דוד האָט געהערשט מיט אַן אײזערנער האַנד.

אין די צייטען פון די קאַנטאָניסטען, ווען בנימין לייב דער שניידער איז געקומען זיך פאַרקלאָגען פאַר וואָס די קהל־לייט נעמען בלויז אָרימע אידישע שניידער אינגלעך אַלס רעקרוטען און זיי לאָזען זייערע אייגענע בנים פריי. האָט ר׳ דוד בערמאַן אַרויסגעטריבען בנימין לייב דעם שניידער פון אַלטען בית־המדרש און בנימין לייב האָט באַקומען גוט צושלאָגען.

דער ר׳ דוד איז געווען גבאי פון חברה קדישא און פון אַלטען בית־המדרש. זיין פלאַץ האָט פאַרנומען ר׳ יחיאל לייב זייפמאַן, אַ געשעפטסמאַן. געהאַט אַ גאַרבאַרניע, אַ ליכט פאַבריק, געווען אַ געלאָסענער מענש. צו אים האָט איר אַמווייניגסטענס געקענט ריידען כאָטש עס האָט אייך קיינמאָל גאָרניט געהאָלפען.

יאָקע בערלין ר׳ דוד׳ס אידעם, זייער אַ שטרענגער כלל טוער, אַ פּינקט־ליכער אָבער אַ דיקטאַטאָר. פאַר אים האָבען אַלע געציטערט. ער איז טשליען אין בריינסקער אופּראַווע. קריסטען נעמען פאַר אים אַראָב די היטעל.

שפּעטער ווערט אין בריינסק איינגעפירט דער אַמט פון קאַזיאָנעם ראַ־בין. ווערט ער דער קאַזיאָנער ראַבין. ער ווערט אַזוי דער פאָלשטענדיגער פירער אין אַלע טיילען פון בריינסקער שטאָטישען לעבען. נאָך אים איז גע־וואָרען קאַזיאָנער ראַבין גדליה בערל שלומהס. דאָס איז געווען אַ איד אַ גיבור, אַ שווערער קליין הענדלער. ער האָט אָבער געקענט אונטערשרייבען זיין נאָמען אויף רוסיש, ווערט ער דער קאַזיאָנער ראַבין.

פּאַסירט אַז אימיצער האָט פון אים אַרויסגענאַרט אַ חתימה אויף עפּעס אַ פּאַפּיר. עס צייגט זיך אַרויס אַז דאָס איז געווען אַ טויטען צעטל פאַר אימיצען וואָס זאָל האָבען געשטאָרבען אין בריינסק אונטער אַ געוויסען נאָמען. דער מענש וואָס האָט געהאַט דעם נאָמען, האָט גראדע געלעבט, נאָר ער איז געווען פאַרסטראַכירט אין פּעטערסבורג. האָט די סטראַכאָוואָיע אָבשטשעס־טוואָ זיך פאַראינטערעסירט אין דער אנגעלעגענהייט. געקומען קיין בריינסק זוכען דעם פאַרשטאָרבענעם. גדליה בערל שלומה׳ס דערוויסט זיך אין צייט און מוז נעבעך אַוועק קיין אַמעריקא. וואו ער האָט זיך ביטער געפּלאָגט זיין גאַנצען לעבען, איז געשטאָרבען כמעט אַ 90־יעָר.

וועלוועל דניאל׳ס איז געווען איינער פון די שטאָטישע פירער, גראַדע אַ דעמאָקראַטישער מענש. ער פלעגט קיין מאָל ניט דאַוונען אין מזרח, נאָר ער איז אַלע מאָל געווען אונטען ביים טיש. ער איז אויך געווען גבאי פון חברה קדישא און זיך עוסק געווען אין אַלע שטאָטישע אנגעלעגענהייטען.

עזרא גאָלדבערג פאַרנעמט זיין פּלאַץ. אַ גרויסער הורטאָוונער סוחר געווען. ביי אים פלעגט מיין מוטער חנה שלומה הערש׳ס קויפען פּעס־לעך הערינג צום וויינדזשען. זייער אַ ראַיעלער סוחר, און גוטמוטיגער מענש געווען.

צו זיין טאָכטער׳ס חתונה וואָס איז פאָרגעקומען ביי אים אין הויף, האָט ער אָנגעגרייט גרויסע טישען מיטן חתונה מאָלצייט פאַר הונדערטער אָרימעלייט, וואָס זיינען געקומען פון אַרומיגע שטעט און הנאה געהאַט פון די געבראָטענס. די שטאָטישע אַנגעלעגענהייטען האָט ער דורכגעפירט זייער שטריינג.

איטשע גימפּלס, מען האָט אים גערופען גראַזשינסקי, אַ פּראָס־

טער איד געווען נאָר אַ קלוגער. ער האָט זיך אַרויפגעאַרבייט צו ווערען טשליען אין דער אופּראַווע גראַדע פון קריסטליכע מעשטשאַנעס. וואָס פלעגען ביי אים אין שיינק פאַרברייגגען. אים האָט מען גראַדע גערופען צו אסיפות ווייל מען האָט געמוזט. איטשע גימפּלס האָט פיינט געהאַט די קהל־לייט און זיי האָבען אים ניט ווייניגער געהאַסט.

אליה גאָטליעב, אייגענטימער פון אַ גרויסען אייזען געשעפט, ער איז ניט געווען קיין גבאי און האָט ניט געוואָלט זיין. ער האָט מוחל געווען די גבאות. ער איז אָבער געווען אַ וויכטיגער וואָרט־זאָגער אין שטאָטישע אָנ־געלעגענהייטען.

איטשע ר׳ דוד׳ס ראָזענבוים. אַ שיינער בעל־הבית, האָט זיך גראַדע געשטופּט צו אַלעס נאָר ער האָט ניט געהאַט קיין מזל.

חיים פענטמאַן, צונאָמען פּיאָרן גבאי פון חברה קדישא, אַ פּראָסטער איד מיט אַ גרויסע מויל צום שרייען און באַליידיגען, און אַלעס האָט ער געזאָגט זיין וואָרט. די קצבים פלעגט ער דערגייען די יאָרען. קבורה געלד פלעגט ער הייסען צאָלען מער ווי מען גיט אַ דאָקטער נדן און באַשטאַנען אויף דאַג׳ארען. די שכירות צום רב פלעגט ער צאָלען אין קליין געלד אויס־שיטען ביים רב אויפ׳ן טיש און זאָגען: ציילט, רבי. אין אַלגעמיין איז חיים פענטמאַן ניט געווען באַליבט ביי בריינסקער אידען צוליב זיין פּראָסטקייט.

שואלקע פאַרבער, קאַזיאָנער ראַבין, זייער אַ באַשיידענער מענש, אַ שטי־לער רוהיגער. די גאַנצע שטאָט האָט אים רעספּעקטירט. ער איז געווען ראַבין אין 1914, זייער אַ ביטערע צייט. צוליב מלחמה, האָט יעדער גע־דאַרפט האָבען אַ פּאַספּאָרט מיט אַ בילד, קיינער איז אָבער ניט געווען פאַר־שריבען. ווי אַזוי גיט מען אַזעלכען מעטריקעס? אים איז געקומען צו הילף מאיר חיים סימיאַטיצקי. דאָס איז געווען אַ איד אַ זשעני. אַ קאָצקער חסיד. אַ גרויסער געלערענטער אין וועלט זאַכען און אין תורה. דער מאיר חיים האָט אין זיין לעבען קיין זאַך ניט פאַרגעסען. אַלעס האָט ער געדענקט ווען אימיצער איז געבאָרען געוואָרען אפילו מיט 50 יאָר צוריק. האָט מאיר חיים געהאָלפען שואלקען. ער האָט באַשטעטיגט, אַז דער און דער איז געבוירען געוואָרען אין בריינסק, אין יענעם דאַטע. און שואלקע האָט שוין געגעבען אַ מעטריקע, וואָס איז געווען פּינקטליך ווייל מאיר חיים איז קיינמאָל ניט געווען אומגערעכט. אָט אַזוי זיינען פילע אידען אין בריינסק לעגאַליזירט געוואָרען, באַקומען אָפיציעלע דאָקומענטען. אַ דאַנק מאיר חיים׳ס

זכרון. שואלקע איז אויך געווען אַ פאַרבער, קוואָס מאַכער, סופר, בעל תפילה, און געווען אַן אָרימאַן פון אַלע פּרנסות. שואלקע האָט ליעב געהאַט צו טאָן טובות אַן געלד.

אין 1915, די דייטשען קומען אָן אין בריינסק. ווערט שואלקע פאַר־בער אויס ראַבין. ער נעמט זיך צו פּרנסה, פאַרזינדיגט זיך ביי די דייטשען און ווערט פאַרשיקט אין דייטשער טורמע. ער קומט צוריק אין שטאָט אַ צובראָכענער, אַ קראַנקער און שטאַרבט קורץ נאָך דעם.

די גאַנצע שטאָט האָט באַגלייט צו קבורה דעם גוטמוטיגען אמת הער־ליכען שואלקע פאַרבער.

ירוחם גאָלדבערג ווערט ראַבינער נאָך שואלקע פאַרבער. ער פירט אַלעס דורך פּינקטליך. קיין פאַרוואורפען זיינען אויף אים ניט געווען, כאָטש ער האָט זיך ניט געפוילט צו מאַכען אַ פאָר מאַרק. מיט'ן דעקרעט פון יאָר 1924 ווערט די ראַבינעריי אָבגעשאַפט.

## שוהל גבאים

אין אַלטען בית־המדרש: ר' דוד. אַרטשע יחיאל לייב'ס, דוד מישורעק, זלמן קאָטץ. יודל וואולקער, דער לעצטער אברהם יענטשמאַן, דער ברודער פון דזשוליוס קאָהען. ער בויעט איבער דעם אַלטען בית־המדרש, וועלכער באַקומט אַן אַנדער כאַראַקטער.

דער לעצטער גבאי אברהם יענטשמאַן ווערט ערמאָרדעט פון פאָליאַקען צוזאַמען מיט זיין פרוי חייה שרה, דערשאָסען געוואָרען די נאַכט פון 15־טען נאָוועמבער 1942 אין גאַס לעבען אַרקע קצב'ס שטוב.

נייעם בית־המדרש: ר' יחיאל לייב זייפמאַן, איטשע שאַפּירא, יאָשע לובאשיץ, אברהם פּולשאַנסקי, פישל ספישינער, מאָטקע גאָלדע יאָסקע מנוחה'ס, חיים לייבל גאָלדינג, סאַנעס איידעם, דער לעצטער ווערט אַרויסגעפירט צו טרעבלינקע דעם 7־טען נאָוועמבער 1942.

דריטען בית־המדרש: יעקב מאיר כאַרלאַפּ, אליה גאָטליעב, חנא ווינ־שטיין. דער לעצטער מאיר קעסטין איז אַרויסגעפירט געוואָרען אין טרעב־לינקאַ דעם 7־טען נאָוועמבער 1942.

פועלי צדק: ר' אברהם ווינער, זיין זוהן ר' לייב ווינער, ר' לייב ווינער קומט אום צוזאַמען מיט 70 בריינסקער אידען פון דער מסירה פון ישיע צוקער, 14־טען נאָוועמבער 1942.

שניידערשען בית־המדרש: גרינדער בנימקע דער שניידער. אריה קראַטץ, אַלטער קאָפּעליכעס. אַלטער קאָפּעליכעס ווערט אַרויסגעפירט פון בריינסק צו טרעבלינקאַ נאָוועמבער 7־טען 1942.



חיים לייב גאָלדינג



לייבל וויינער, גבאי פון פועלי צדק

חסידים שטיבל: אָנגעפירט פון וויִעלוול סופר. יעקב מרדכי ווילק, שלומה הערש יענטשמאַן, שלום איטשע קלמן משה'ס, גינזבערג דער מלמד, דער לעצטער חיים קלאָדע ווערט דערשאָסען צוזאַמען מיט די 70 אידען דעם 15־טען נאָוועמבער 1942 צוליב שיע צוקער'ס מסירה.

דאָס זיינען געווען בריינסקער כלל טוער, קהל־לייט און גבאים.

## אַכטער קאַפּיטל

# בריינסקער לומדים

פון פריערדיגע קאַפּיטלען ווייסען מיר אַז בריינסק איז געווען מזלדיג מיט דעם וואָס אירע רבנים זיינען געווען אָן אויסנאַמע גדולי הדור. בריינסק האָט אָבער אויך געהאַט אַ באַדייטענדע צאָל גרויסע למדנים. נאָך פון די ערשטע יאָרען פון 18־טען יאָרהונדערט. ביז דער לעצטער צייט.

פון די ערשטע איז געווען ר' דוד בערמאַן דער גבאי, ר' יוסף בצלאל. זיין ברודער משה חיים, אַ מערקווירדיגער איד געווען דער משה חיים מיט די לאַנגע ווייסע זאָקען. אַ גאַנץ יאָר האָט ער געדאַווענט ביי זיך אין הויז ביי זיין מנין. בלויז ימים נוראים פלעגט ער קומען אין בית־המדרש. דער פרוש ר' לייב פאַרבשטיין, דער פרוש פון נייעם בית־המדרש. ר' אברהמע יקותיאלס. בנימין דער זייגער מאַכער, אַ פּאַטריאַרכאַלישע פיגור מיט זיין שניי ווייסע באָרד. ר' יעקב מאיר כאַרלאַפּ. אהרן יענקל רופא'ס. ר' יצחק שפּירא, ר' מאיר חיים סימיאַטיצקי. ר' יעקב מרדכי דער חסיד, שלומה הערש דער חסיד, פישעלע באַג, אהרן בריינסקי, לייבל ווייך, יאָשע ליבאָשיץ. די לעצטע פינף זיינען שוין געווען אינטערעסירט אין וועלטלעכע זאַכען, געלעזען העברעאישע צייטונגען. פון די שפּעטערדיגע למדנים, אַלטער ווילק, מאָטעל קאָנאָפּיאַטע, אברהם ווערפּיכאָווסקי, מאיר קעסטין, מאיר חיים'ס צוויי באַרימ־טע איידימס, אברהם יענטשמאַן, דער לעצטער גבאי פון אַלטען בית המדרש, הרב ר' אברהם יעקב סעקאַרעוויטש, צייטווייליגער רב אין בריינסק. הרב ר' חיים לייב ליעוו, הערשל סטאָליערס איידים, בעסטער תלמיד פון ר' שמעון שקאָפּ'ס ישיבה. באַקומט נאַכער היתר הוראה פון ר' שמעון שקאָפּ. הרב ר' בן ציון קאַגאַן. דיאָדקע משה נוסיכעס איידעם, געשטאַמט פון באָדקע. די לעצטע פינף דערמאָנטע, ווערען אַרויסגעפירט אין טרעבלינקאַ דעם 7־טען נאָוועמבער 1942. אברהם יענטשמאַן פאַלט פון דייטשע קוילען די נאַכט פון 15־טען נאָוועמבער ביים פייער אין דער ליידיגער געטאָ.

פון די גרויסע גאונים וואָס האָבן פאַרלאָזען בריינסק און זיך באַזעצט אין אַנדערע שטעט, דאַרף אַריינגערעכענט ווערען: ר׳ שואל יענטשמאַן, דער עלטסטער זוהן פון ר׳ שלמה הערש. שואלקע האָט מען אים גערופען. נאָך אַלס אינגעל האָט מען איהם גערופען דער עלוי, לויט די אינפאָרמאַציע פון הרב ר׳ משה מתמיד אין ברוקלין, האָט חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין פאַריסאָוו טיף פוילען. ער איז געווען פון די גרעסטע יחסנים ביים גערער רבי׳ן. טויזענטער חסידים קומען קיין גער, ביי אַלעמען איז שואלקע באַליבט אַלס דער גאון.

די צוויי וואַרשעווער חסידישע מיליאָנערען שייע אייזענמאַן און מענדל בליאַז נעמען צו שואלקען צו ווערען דער יעניגער וואָס זאָל לערנען תורה מיט זייערע זיהן. שואלקע געפינט זיך ביי דיזע וואַרשעווער מיליאָנערען מער ווי פינף און צוואנציג יאָר אַלס זייער לערער אין תורה. ווען די זיהן זיינען שוין געווען פאַרהייראַט האָט נאָך שואלקע געלערענט מיט זיי תורה.

די לעצטע יאָרען האָט שואלקע געוואוינט אין פאַריסאָוו. ווען די געטאָ איז דאָרט געוואָרען אַרומגערינגעלט האָט שואלקע אויפגעפאָדערט אַלע אידען זיי זאָלען פאַסטען ביז שטאַרבען אַבי ניט אומצוקומען אין די קאַלך אויוועגס. די אידען לאַכען פון אים. שואלקע אין די שפעטע אַכציקער, כמעט נײַנציק יאָר אַלט, פאַנגט אָן צו פאַסטען. ער האָט אויסגעפירט. די דייטשען האָבען זיין קערפער ניט פאַרברענט, ווייל ער איז אויסגעאַנגען פון הונגער דורך זיין איי־גענעם ווילען, האָט זיך ענטזאָגט אַרויסצוגיין פון דער געטאָ מיט זיינע קינדער און אייניקלעך, וואָס האָבען זיך יאָ געראַטעוועט.

עס דאַרף דערמאַנט ווערען ר׳ יעקב רוכאַמקין, חיים פישל מלמד׳ס זוהן יצחק קאשניק׳ס ברודער. דער יעקב רוכאמקין האָט חתונה געהאַט אין וואָלאָזשין. איז דאָרט באַרימט געוואָרען אַלס אַ גרויסער גאון, האָט געפירט אייזען געשעפטען. גאַנץ וואָלאָזשין האָט אים געליבט און געאַכטעט אַלס איר חשוב׳סטען בעל־הבית און גרויסער לערנער. ער האָט געלערענט מיט אַנדערע גרויסע תלמידי חכמים אין וואָלאָזשין.

ר׳ יעקב רוכאַמקין איז ווייזט אויס אומגעקומען צוזאַמען מיט דער וואָלאָזשינער קהילה.

## הרב ר׳ ברוך קאָהען

דאָס איז דעם בריינסקער רב׳ס ר׳ מאיר שלום הכהן׳ס זוהן. ער איז געווען אין זיין צייט פון די גרויסע גאונים אין שטאָט. אַלס אַ קינד געדיינק איך ווי ר׳ ברוך קאָהען אָדער ברוך דעם רב׳ס ווי מע האָט אים גערופען אין בריינסק, האָט געהאַלטען אַ דרשה אין נייעם בית־המדרש, גערעדט פון חובבי ציון.



הרב ר׳ ברוך קאָהען זצ״ל

ברוך קאָהען קען זיך ניט צופּאַסען צו בריינסק. ער פאָרט קיין אַמעריקאַ אַרום דעם יאָר 1901. אין ניו־יאָרק ווערט הרב ר׳ ברוך קאָהען אויפגענומען מיט גרויס פריינדשאַפט פון אַלע לאַנדסלייט. ער ווערט דער גייסטיגער פירער פון זיי. די לאַנדסלייט, ניט האָבענדיג קיין שוהל האָבען ניט געקענט העלפען זייער ווירדיגען רב. הרב קאָהען באַקומט אַ שטעלע אַלס משגיח איבער כשרות אין אַ געוויסע כשר וואורשט פאַבריק. ער קען אָבער ניט צוזעהן ווי זיין נאָמען ווערט באַנוצט פאַר צווייפעלהאַפטע כשרות, האָט ער גלייך רעזיגנירט.

ער האָט געלעבט שטיל, אָבער אין דחקות מיט זיין פאַמיליע. די לאַנדס־לייט האָבען אים פאַטראָניזירט מיט אַלעס מעגליכעס, מסדר קדושין אז. וו.. דער שרייבער פון דעם אַרטיקעל דזשוליוס קאָהען איז ביז היינטיגען טאָג שטאָלץ מיט דעם פאַקט, וואָס הרב ר׳ ברוך קאָהען מבריינסק איז געווען דער מסדר

קדושין ביי זיין חתונה, דעם 12־טען נאָוועמבער 1907 אין בראָנזוויל, אין דער הויז פון שרייבער׳ס אָנקעל הערצקע פוקס.

הרב ר׳ ברוך קאָהען פאָרט שפּעטער אַוועק קיין ארץ ישראל, באַזעצט זיך דאָרט. ער האָט ענדליך זיין חלום פון חובב ציון געמאַכט פאַר אַ ווירק־ליכקייט. ער האָט אויסגעלעבט זיינע לעצטע יאָרען אין ארץ ישראל.

פסח פּיליפּאָווסקי, אַלטער משה היצל׳ס זוהן, געווען פון די גרויסע גאונים, האָט חתונה געהאַט אין שאַוועל ליטע. לעצטענס איז ער געווען ראש הישיבה פון סלאָנימער ישיבה. פסח איז איינער פון די בריינסקער גרויסע גאונים, וואָס האָט פאַרשפּרייט תורה צווישען דעם אידישען פאָלק. ניט גע־וואָלט מאַכען זיין קאַריערע אויף רבנות צו וועלכע ער איז געווען ראוי. פסח ווערט אַרויסגעפירט פון סלאָנים צוזאַמען מיט דער גאַנצער אידישער באַ־פעלקערונג פון שטאָט און קומט אום על קידוש השם והאומה.

משה לייזער ווילק דער זוהן פון גדליה בערל שלומה׳ס, דעם בריינסקער קאַזיאַנעם ראבינס. איז געווען אַ גרויסער בעל תורה און אַ סטודענט פון סלאָבאָדקער ישיבה, וואו ער איז געווען איינער פון די בעסטע תלמידים. ער גרייט זיך צו רבנות. נאָר ער ווערט געצוואונגען צו קומען צו זיין פאָטער אין אַמעריקא. דאָ פראַקטיצירט ער שחיטה. ער האָט געוואוינט מערסטע יאָרען אין די קעטסקילס בערג שטעטלעך. ער איז געשטאָרבען אין יאָר 1926 אין ליבערטי, ניו־יאָרק.

## וועלטליכע געלערענטע און משכילים

בריינסק האָט ניט געהאַט קיין פאַרבינדונגען מיט די גרויסע ליטווישע שטעט, וואו השכלה האָט זיך ערשטענס אָנגעפאַנגען.

עס האָבען זיך אַמאָל יאָ געפונען לייטע ביי וועמען דער דראַנג נאָך ביל־דונג איז געווען גרויס, נאָר אַזעלכע לייטע זיינען פון בריינסק שנעל פאַר־שטויסען געוואָרען. בריינסק האָט ניט געגלויבט אין צו פיעל בילדונג, איז גע־ווען צופרידען מיט די עטליכע למדנים אין שטאָט און געוואָלט האַלטען די איבעריגע אין אַ אַטמאָספערע פון אומוויסענהייט.

די געשיכטע איז געווען געדרוקט אין „מאָמענט" פון שרייבער ציטראָן אין זיין סעריע משומדים פון אַ בריינסקער אין דער צייט פון די קאַנטאָניסטען.

עס איז אַ געשיכטע פון איינעם כלאַוונע רויזקעלעס. זיי האָבען גע־

וואוינט אין דער שטוב וואָס איז לעצטענס געווען באַוואוסט אַלס איטשע יענקל דעם שניידער'ס הויז. דאָס איז געווען רויזקעס הויז.

כלאוונע שוין אַ פאָטער פון צוויי קינדער, אַ גרויסער לערנער, האָט זיך ניט געקענט צופאַסען קיין חברים אין בריינסק מיט ווער'מען צו לערנען, האָט ער זיך אין אַ געוויסען טאָג געזעגענט מיט ווייב און קינדער און געפאָרן אין דער פרעמד לערנען. ער קומט אָן אין קאַמענעץ פּאָדאָלסק. דאָרטען האָבען זיך געפונען פיעל לערנער און משכילים. כלאוונע ווערט שנעל באַרימט אַלס אַ גרויסער לערנער. אַרום אים גרופּירען זיך פיעלע יונגע לייט פון זיין גלייכען. ער אינטערעסירט זיך אויך מיט וועלטליכע בילדונג. ער מיט זיינעם אַ חבר אַ זוהן פון אַ דענענבורגער אַקציזניק קומען קיין ווילנע. דאָרט גרייט זיך כלאַוונע צום עקזאַמען פאַר העכערע בילדונג. חברים פון ראַבינער שוהל העלפען אים. ער ווערט זייער פאָפּולער ביי די ווילנער לומדים, משכילים, אויך ביי די ראַבינער סטודענטען און זייערע עלטערען.

זיין באַקאַנטשאַפט מיט'ן דענענבורגער אַקציזניקס זוהן פירט דער־צו, אַז ער ווערט אַוועקגעשיקט אין פעטערבורגער מעדיצינישען אוניווערסי־טעט. ער איז שוין זיכער מיט זיין עקזיסטענץ, אויך מיט זיין בילדונג.

כלאוונע רויזקעס בייגקט אָבער נאָך זיין ווייב און קינדער, שרייבט ער צו זיי, אַז זיי זאָלען צו אים קומען אין פעטערבורג. זיי האָבען אים ניט גע־ענטפערט, אין בריינסק איז ער שוין פאַררעכענט פאַר אַ משומד.

כלאוונע קומט אַליין אין בריינסק איבעררעדען מיט זיין ווייב, איבער־ציינען איר אַז ער איז אַ איד, אַ געלערענטער איד, בריינסק האָט אים אויפ־גענומען מיט שטיינער וואַרפען, מיט שמוץ. אין די גאַסען איז מען אים נאָכ־געלאָפען, און געשריגען משומד. זיינע קינדער האָט מען פון אים פאַרבאַ־האלטען. ווייל עס איז פאַרשפּרייט געוואָרען אַ קלאַנג אַז ער איז געקומען כאַפען די קינדער זיי צו שמד'ן.

כלאוונע רויזקע'ס, צובראָכען אין גייסט, אָן מוט, פאָרט אַוועק פון בריינסק. לאָזט זיך אַוועק צוריק אין רוסלאַנד און שמד'ט זיך.

די פרוי האָט דורך געריכט געפאָדערט אַ גט. ער איז באַשטאַנען אַז דער גט זאָל פאָרקומען אין קאַנצעלאַריע פון קלויסטער. קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען. אין די קאַמערען פון גראָדנער צערקווע־קאַנצעלאַריע איז פאָרגעקומען דער גט.

דאָס איז געווען דער סוף פון איינעם וואָס האָט געוואגט אַוועקצופאָרען פון דער היים זוכען ערגעץ אין דער פרעמד בילדונג אָדער השכלה.

ערשט אין אָנפאַנג 19־טען יאָרהונדערט איז עס כמעט געווען אַ נויטווענ־דיגקייט פאַר יעדען יונגען בחור וואָס האָט געוואָלט זיך עטוואָס לערנען אָדער דערגרייכען הויכע גראַדען אין וועלטליכע בילדונג אַוועקצופאָרען פון בריינסק צו אַנדערע שטעטישע ישיבות אָדער סתם גרויסע שטעט, וואו זיי האָבען באַקומען אַזעלכע מעגליכקייטען צו באַקומען בילדונג.

## ניינטער קאַפּיטעל

# חזנים און שוחטים אין ברייַנסק

דער ערשטער שוחט וואָס גערייַנקט זיך אין ברייַנסק, איז ר׳ ישכר שוחט. פון דעם ר׳ ישכר׳ן פלעגט מייַן פאָטער רעדען מיט גרויס רעספּעקט. ווען ער איז געווען אין ברייַנסק און אין וועלכער צייַט ער איז געשטאָרבען איז ניט באַוואוסט. לויט מייַן פאָטער׳ס דערציילונגען איז דער ר׳ ישכר געווען זייער באַליבט אין ברייַנסק. אַלע עלטערע אידען וואָס דערמאָנען אים זייַנען איינ־שטימיג אַז ער איז געווען אַ וויכטיגע אָנגעזעענע פּערזענליכקייט אין שטאָט.

ר׳ אליהו שוחט, געשטאַמט פון סימיאַטיטש. ר׳ אליהו איז געווען אַ גרויסער בעל תורה. ער איז אויך זייער געווען באַליבט ביי דער ברייַנסקער באַפעלקערונג, האָט געלערענט תורה מיט׳ן עולם אין דעם פּועלי צדק בית־המדרש. דער רעדאַקטאָר פון דעם בוך גערייַנקט נאָך ר׳ אליהו שוחט זייער גוט. ער גערייַנקט אַז ר׳ אליהו שוחט איז געווען באַליבט ביי די חסידישע עלעמענטען פון שטאָט. דאַגעגען די ברייַנסקער פרויען האָבען געהאַט אַ שלעכטע האַרץ אויף דער שוחט׳קע. ווייל ווען אַ פרוי איז געקומען צום שוחט מיט אַ עוף שחט׳ען פאַר אַ קראַנקער אָדער קימפּעטאָרין האָט די שוחט׳קע אַלע מאָל געפונען אַ תירוץ. דער שוחט איז ניטאָ אין דער היים, זאָגאַר ווען ר׳ אליהו איז געזעסען אין שטוב, זיך עוסק געווען אין לערנען, האָט אים די שוחט׳קע קיין מאָל ניט געוואָלט שטערען. „קומט מאָרגען, האָט זי געזאָגט״. ווי עס ווייזט אויס האָט די שוחט׳קע געהאַלטען מער פון ר׳ אליהו׳ס עולם הבא ווי פון די פּיער גראָשען וואָס עס וואָלט אים אַרייַנגעקומען פון דער שחיטת־עוף. ר׳ אליהו שוחט איז געשטאָרבען צו אַכציק יאָר.

ר׳ משה מתתיהו העפּטמאַן. געווען דער צווייטער שוחט צו ר׳ אליהו׳ן. ווער עס גערייַנקט ר׳ משה מאַטעסען, ווייסט אַז דאָס איז געווען אַ גרויסער לערנער, אַ איד מיט אַ שטראַלענדע געזיכט און הדרת פּנים. קיינער האָט

זיך ניט געקענט אָבוואונדערען פון זיין גוטמוטיגקייט. פון זיין ליבע, פריינד־ליכע נאַטור. עס זיינען בכלל געווען ווייניג אַזעלכע שיינע אידישע טיפּען.

די קצבים וואָס זיינען געוויינטליך געווען זייער קריטיש צו אַ שוחט, ספּע־ציעל ווען ער האָט טריף געמאַכט אַ שטיקל, האָבען קיין מאָל ניט געהאַט קיין טענות צו ר׳ משה מאַטעסען אַז ר׳ משה מאַטעס האָט טריף געמאַכט איז קיין פּראָטעסט ניט געווען.

ר׳ משה מתתיהו האָט אין זיין לידיגע צייט שטענדיג פאַרבראַכט אין שטוב ביים לערנען. מיט אים האָט קיינער ניט געקענט פירען קיין אַרגומענ־טען. זיין גוטמוטיגקייט האָט אייך באַזיגט.

די שוחט׳קע דאַגעגען איז געווען באַליבט ביי אַלע בריינסקער פרויען. ווען זי איז געקומען עפּעס קויפען האָט מען איר אַלעס אָנטקעגען געטראָגען. אַלע האָבען געוואוסט אַז די שוחט׳קע האָט ניט קיין צייט. זי נעמט זיך מיטוואָך צוגרייטען צום שבת און ביז פרייטיג פאַרנאַכט איז זי קוים פאַרטיג געוואָרען.

וועגען זיין זוהן יוסף חיים דעם באַרימטען שריפטשטעלער און שפּראַכען קענער, אין אַנדערע אַרטיקלען.

## ר׳ יהושע זעליג פריינד חזן־שוחט

נאָך דעם טויט פון אליהו שוחט נעמט בריינסק צו זיך אַ חזן שוחט. בריינסק איז געווען מזל׳דיג מיט איר ערשטען חזן שוחט אין דער פּערזאָן פון דעם פריינדליכען פרעהליכען קלוגען ר׳ יהושע זעליג פריינד.

דער חזן, ווי מ׳האָט אים שפּעטער גערופען, איז אָנגעקומען פון וואַשלי־קאָווע. געשטאַמט פון אַמדור און לאַהישען. זיין ערשטער אויפטריט אין בריינסק איז געווען חנוכה. ווי גוט איך געדיינקט זיין חנוכה ליכט בענשען אין אַלטען בית־המדרש. די שוהל איז געווען געפּאַקט. דער חזן איז ערשינען מיט אַ וואונדערבאַרען שיינעם כאָר פון געקליבענע זינגער, בריינסקער אינגלעך ווען ער האָט ענדעקט אין דער קורצער צייט זייענדיג אין בריינסק, דאָס זיינען געווען די יאַגניקעס צוויי טייערע זיסע שטימעלעך. שמוליע לייזער טשעסליער׳ס, יואלקע דער בענדוגער און דער גאָנער.

ווען דער חזן האָט אָבגעזונגען דעם הנרות הללו איז דאָס שנעל באַרימט געוואָרען. גאַנץ שטאָט האָט געזונגען פאַר יאָרען דעם הנרות הללו. עס איז

געווען אַ גרויס פאַרגעניגען צו באַמערקען ווי די שטאָט האָט זיך געפרייט מיט זייער ערשטען חזן ר' יהושע זעליג פריינד.

דער חזן איז געוואָרען שנעל באַרימט אין שטאָט ניט נאָר מיט זיין חזנות נאָר מיט זיין שחיטה. אַ פעהיגער און שנעלער שוחט, קצבים האָבען אים פאַרגעטערט, אַלס קינסטלער אין פאַך. אַפילו די באָבע באַשע רויזע האָט אים געליבט פאַר זיין פעהיגקייט און שנעלקייט אַלס מוהל. „אַ גרינגע האַנד, קיין שום עין הרע", פלעגט זי זאָגען.

דער חזן האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט צום שטאָטישען אַלגעמיינעם לעבען. ער איז באַקאַנט געוואָרען אין גאַנצען געגענד אַרום שטאָט. מענשען פלעגען ליבען צו פאַרברייינגען מיט אים אַ פאָר שטונדען. אַ חכם, אַ איד, פלעגען אַלע זאָגען אויף אים.

זיין הויז איז שנעל געוואָרען דער צענטער פון פאַרשידענע בעלי־הבתים. זיי פלעגען ליבען צו זיצען אין דער גרויסער וואַרימער שטוב און זיך געמיט־ליך טרינקען אַ גלעזעל טהיי, וואָס איז קיין מאָל ניט אַרונטער פון טיש. דער סאַמאָוואַר האָט שטענדיג געאַרבייט. אַלע האָבען מיט פאַרגעניגען זיך צוגעהערט צו די קלוגע ווערטער פון חזן.

ווען דעם חזנ'ס קינדער זיינען צוגעוואַקסען, האָט זיך אַ נייע פריינדשאַפט ענטוויקעלט צווישען זיי מיט זייערע חדר־פריינט. זיי זיינען שטענדיג געווען דאָרט אין הויז צוזאַמען, זיך געלערענט צוזאַמען, שטודירט וועלטליכע בילדונג.

דעם חזנ'ס הויז איז שפעטער נאָך מער פאָפּולער געוואָרען ביי אַלע אַמע־ריקאַנערקעס. דאָרטען האָבען זיי געבראַכט די בריף פון זייערע מענער אין אַמעריקע, צום לעזען, און אָנצושרייבען אַ ענטפער. די חזנ'טע שרה פלעגט אַלע מאָל זאָגען צו ליבלען: „קלעפּ אַרויף אַ מאַרקע אויפ'ן בריף".

דעם חזנ'ס הויז איז ווירקליך געווען אַ צענטער פאַר יונג און אַלט. אַלע האָבען געפונען דאָרט אַ וואַרימע פריינדליכע אַטמאָספערע. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז ר' זעליג האָט ניט גע'חנפ'עט זיך צו די ראשי הקהל, איז געווען שטאָלץ ביי זיך מיט זיין פעהיגקייט, מיט זיין חכמה. ער האָט זיך אַפילו אויסגעדריקט, אַז ער וואָלט גיכער געוואָלט זיין אַ בעל מלאכה פאַר זיך איידער אַ כלי־קודש ביי בריינסקער קהילה.

ביים חזן איז שטענדיג געווען גענוג פלייש. ער פלעגט אַליין קויפען אַ שעפּסעל אָדער אַ קעלבעל, שעכטען, פאַרקויפען די פעלכל און די פלייש האָט אים געקאָסט זייער ביליג. די חזנ'טע שרה האָט שוין געזען, אַז אַנדערע

אָרימע פרויען זאָלען פון דעם געניסען. זי פלעגט איינפּאַקען פּעקעלעך מיט פליייש און לייבל פלעגט דאָס צוטראָגען די נויטיגע אָרימע פרויען.

בריינסק האָט מיט רעכט שטאָלצירט מיט איר חזן שוחט ר׳ יהושע זעליג פריינד.



ר׳ יהושע זעליג פריינד, חזן



ר׳ ישראל סיוואָוויטש

אין אַמעריקע געפינען זיך דעם חזנ׳ס צוויי זיהן. יעצט איז אויך דאָ אין ניו יאָרק זיין עלטסטער זוהן לייבל. וועגען אים אַ ספּעציעלער אַרטיקעל אין דעם בוך. אויך זיין זוהן נחמיה איז ערגעץ אין פּוילען.

## ר׳ ישראל סיוואוויטש חזן שוחט ומוהל

אין אַלע דריי פאַכען איז ר׳ ישראל סיוואוויטש געווען אַ קינסטלער. ער איז געווען א העלדישע שיינע פּערזענלעכקייט, זיך געפירט מאָדערנע, געווען געקליידעט זייער ציכטיג. אָן אמת׳ער אינטעליגענטער מענש. זיינע קינדער האָבען זיך געלערענט וועלטליכע בילדונג אין ביאַליסטאָקער גימנאַזיום, איז געווען זייער היגיעניש. נאָך דער שחיטה האָט ער זיך אַרומגעוואַשען די הענד מיט זייף. בריינסקער אידען זיינען ניט געוואוינט געווען דערצו, האָבען אין דער שטיל געהאַט תרעומות אויף אים. דאָס פאָלק האָט אים גראַדע זייער געליבט.

שפּעטער פאָרט ער אַוועק אין וויבאָרג, פינלאַנד, איז דאָרט צוויי יאָר

שוחט. ער קען זיין פאַמיליע צו זיך ניט ברייגגען. קומט ער צוריק אין ברייגסק. מען וויל איבּ ניט נעמען פאַר קיין שוחט מער. דער המון אינטערעסירט זיך שוין ביי יעצטיגע צייטען אין שטאָטישע אַנגעלעגענהייטען, צווינגט די בעלי־בתים אָנצושטעלען צוריק ר׳ ישראל סיוואָוויטש אַלס שוחט.

מיט חזנות האָט ער זיך ניט אָבגעגעבען. ער האָט פיינט געהאַט די בריינסקער בעלי הבתים און פאַר זיי ניט געוואָלט זינגען.

ר׳ ישראל סיוואָוויטש באַשליסט אַוועקצופאָרען פון בריינסק. ביאַליסטאָק וויל אים צונעמען אַלס שוחט. ער באַשליסט בעסער צו פאָרען קיין אַמעריקאַ. אין קורצען נעמט ער אַריבער זיין פאַמיליע, באַשערט געווען אַז ר׳ ישראל סיוואָוויטש זאָל זיך ראַטעווען און זאָל מיט זיין פאַמיליע לעבען אין פרידען אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

ר׳ ישראל סיוואָוויטש איז יעצט אין ניו־יאָרק שוחט. ער קען נאָך ביז היינט ניט פאַרגעסען בריינסק אַלס אַ שטאָט וואָס איז געווען פון די ווייניגע אין פוילען וואָס האָט אנערקענט און געליבט אירע אמת׳ע געטרייע פירער און קהל־לייט.

ר׳ ישראל סיוואָוויטש האָט דעם שרייבער פון דעם אַרטיקל אין ניו־יאָרק ספּעציעל דערמאָנט די שיינע נאָבעלע האַנדלונג פון יעקב יענטשמאַן. ער האָט זיך קיין מאָל ניט געקריגט מיט׳ן שוחט.. אַלעמאָל אָנגענומען מיט גרעסטען דרך ארץ זיינע באַשליסע. ווען זיין פרוי, איידער זי איז אַוועקגעפאָרען קיין אַמעריקע איז געקומען באַצאָלען עטליכע רובל וואָס זי איז אים שולדיג געווען, האָט זיך יעקב יענטשמאַן ענטזאַגט ביי איר צו נעמען דאָס געלד. ער האָט איר געזאָגט אַז זי, פאָרענדיג איצט אין אַמעריקע וועט עס גיכער באַדאַרפען, זייענדיג אונטער וועגענס. דאַגעגען פלעגען זיך געפינען גראַדע פון די שיינע בריינסקער בעלי־בתים וואָס פלעגען שיקען זייערע דינסט־מיידלעך מיט עופות שחט׳ען פונקט ערב יום טוב צו ליכט בענטשען, און ווען ער האָט זיך ענטזאַגט צו שחט׳ען אַזוי שפּעט, ווייל ער איז זיכער געווען, אַז זיי דאַרפען עס ניט אויף יום טוב, זיינען די בעלי־בתים געוואָרען ברוגז און אים גע׳רודפ׳ט פאַר אַזאַ האַנדלונג.

## ר׳ אברהם הערש שוחט

געשטאַמט פון אָסטראָווע, אַ חסידישער איד מיט אַ יאַרמולקע אונטער׳ן היטעל, האָט שוין ניט געלעבט גוט מיט די קצבים. האָט ער קיין גרויסע גליקען אין בריינסק ניט געהאַט. ער האָט געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע. דערצו האָט חיים פענטמאַן דער גבאי פון חברה קדישא אים אַלע מאָל דערנידעריגט, לויט ווי ער, חיים האָט געקענט. ר׳ אברהם הערש שוחט איז דער ערשטער, וואָס האָט געוואַגט צו ערקלערען אַ סטרייק, אויב מען וועט אים ניט העכערען זיינע שכירות. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געסטרייקט נאָר אויף שבת האָט ער אַליין גע׳שחט׳ען, זיך ניט געקענט באַשליסען צו לאָזען בריינסק אָן אַ שטיקעל פלייש לכבוד שבת. דער פּראָסטער עולם האָט גראדע גענומען זיין צד, נאָר די קהל־לייט האָבען אברהם הערש׳ן געהאַסט.

אַם ענדע איז ער צוריק אַוועק געפאָרען קיין אָסטראָווע.

## חאַצקל קאַנטשיק

געשטאַמט פון טרעסטינע, אַ גוטער שוחט און אַ גוטער בעל תפילה. אין בריינסק האָט מען אויף אים געזאָגט, אַז ער איז „מיט גאָלד צוגלייך״, אַ מענש צו גאָט און לייט. וואו עטוואָס אַ סכסוך איז מען געגאַנגען צו חאצקל קאַנטשיק. ער וועט שוין אויסגלייכען און ברייגען צוריק דעם שלום בית. ער ווערט אַלע מאָל אנערקענט פון שטאָט. צו פאַרשידענע געלעגענהייטען ווערט ער געשיקט צו פאַרטרעטען בריינסק. אין דעם מענש איז געלעגען אַ וועלט מיט גוטס.

חאצקל קאַנטשיק ווערט מיט אַלעמען פון שטאָט אַרויסגעפירט צו די גאַז־קאַמערען דעם 7־טען נאָוועמבער 1942.

קדיש שוחט ווערט אויך אַרויסגעפירט צו די גאַז־קאַמערען נאָוועמבער 7־טען 1942.

עס זיינען געווען נאָך צוויי שוחטים אין בריינסק. דער אַלטער שוחט מאַגיד וועלכער פלעגט גיין צו דאָרפ׳ס אידען אין זייערע דערפער און דאָרט שחט׳ן. און דער ווישינקער שוחט וואָס איז אָנגעקומען אין בריינסק פון ווישינק ווען די אידען זיינען צוליב די פּאָגראָמען געצוואוגען געווען צו פאַרלאָזען די שטאָט. אין אָנפאַנג האָט מען אים ניט צוגעלאָזען צו דער שחיטה. שפּעטער

ווען ווישאנקער אידען האָבען זיך באַזעצט אין בריינסק האָט מען אים ער־לויבט צו שחט'ן אין שטאָט.

אויך דער ווישאנקער שוחט איז אומגעקומען אין טרעבלינקא מיט אַלע בריינסקער אידען.

עס האָבען זיך אויסגעלערענט שחיטה יענקל הערשל שוסטערס און איסער שעפסל קצב'ס זוהן נאָר מען האָט זיי ניט צוגעלאָזען צו שחיטה ווייל זיי זיינען געווען בריינסקער. עס איז געווען אַ מנהג פון אַמאָל, אַז קיין אייגענע זאָלען ניט ערלויבט ווערען צו זיין די שוחטים אין שטאָט.

צענטער קאַפּיטל

# חברה קדישא און קברות לייט

די חברה קדישא האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1820, נאָך אידער ברײנסק האָט געהאַט איר אייגענעם בית עולם.

ווי באַוואוסט האָט מען די בריינסקער מתים געפירט אָדער געטראָגן קיין באָטקע צו קבורה. דאָס רעכט האָט מען דעם מת געטאָן אין בריינסק.

ס'איז שווער צו וויסען, ווער עס זיינען געווען די ערשטע חברה קדישא לייט, ווייל אין פנקס ווערען די מענשען אָנגערופען ר' פלוני בר פלוני. עס איז אָבער באַוואוסט, אַז פון די ערשטע גבאים איז געווען ר' דוד בערלין, דאַן ר' יחיאל לייב, און דאַן וועלוול דניאל'ס, ר' עזרא, מאיר קעסטין און דער לעצטער חיים פענטמאַן.

קיין מענשען פון פאָלק האָט מען אין בריינסק ניט אַריינגענומען אַלס חברה קדישא לייט. ערשט אין דער מגפה ר"ל ווען די עקזיסטירענדע חברה האָט זיך ניט געקענט ספראַווען אַליין מיט דער שווערער אַרבייט, האָבען זיי צוגעצויגען פראָסטע פאָלקס מענשען, זיי מיטצוהעלפען. שפּעטער זיינען אַזעלכע דערוויילגע חברה קדישא לייט געוואָרען שטענדיגע מיטגלידער פון דער חברה. אָט אַזוי איז איינגעשלאָסען געוואָרען אַזעלכע אידען ווי יאָסל סטאָליער, אברהם טעוול, נחמן היטלמאַכער, זלמן ישיע.

אַזוי ווי אין אַלע שטעטלעך זיינען אויך די בריינסקער חברה קדישא אין געוויסע פעלע געווען זייער שטרייננ. זיי האָבען געזוכט צו באַקומען אַ גענויגענדע סומע געלד פון דער פאַמיליע פאַר קבורה געלד.

זייער אויסגאַבען זיינען געווען גרויס. זיי האָבען אַ געוויסען פּראָצענט אָבגעגעבען פאַר ביקור חולים. די תלמוד תורה איז אויך סובסידירט געוואָרען פון דער חברה קדישא געלדער. אויך די הכנסת כלה, דעם פאַרקאָן פון בית עולם האָט מען אַלע מאָל געדאַרפט פאַרריכטען. ס'זיינען געווען פיעלע פּראָ־טעסטען. טראָץ דעם וואָס די חברה קדישא האָט זיך איבערהויפּט געפירט ווי אַלע

אַזעלכע חברות אין די אידישע שטעט אין פוילען און רוסלאַנד, געוויס ניט ערגער.

צו די אויבען דערמאָנטע גבאים זיינען געווען פיעלע חברה לייט וואָס האָבען זיך קיינמאָל ניט ענטזאָגט צו קומען צו אַ טהרה. יעדער דור האָט געהאַט זיינע חברה קדישא לייט. דוד גימפּלס, יעקב מאיר כאַרלאפּ, שלמה



אברהם ריפּקע



יעקב פּאַטאָקער
(פּאַרשידענע חברה קדישא טיפּען)

בלק, אריה קראַטץ, בנימנקע דער שניידער, נחמן טרוס, מאָטל רימער, אברהם ריפּקע, וועלכע איז געווען דער אָפיציעלער תכריכים נייהער, צאַלקע יאָסל סטאָליערס, משה וויינער, דוד קאָפּקעס, חיים קלאַדע, וועלוול שעפּסל קצב'ס, דיאַדקע דער שלאָסער, לייזער פישל ספּישינערס, יעקב פּאַטאָקער, שמואל קאַדלובאַפּסקי, חיים לייבל, יודל וואָלקער, אברהם ווערפּיכאָווסקי, וועמען עס איז באַשערט געווען אַלס דער גרעסטער העלד אונטער שוידערליכע אומ־

שטענדען דורכצופירען זיינע טעטיגקייטען צו געבען געשטאָרבענע זייער כבוד האחרון. וועגען דעם אין שפּעטערדיגע אַרטיקלען.

עס איז געווען אַ מנהג פון חברה קדישא צו פאַסטען ערב ראש חודש שבט, גיין אויפ'ן הייליגען אָרט, צו מנחה אין אַלטען בית המדרש זאָגען יום כפּור קטן, דאַן פלעגט פאָרקומען די סעודה. יעדער גבאי האָט געמאַכט ערנסטע באַמיהונגען אַז די סעודות זאָלען זיין וואָס בעסער און שענער.

איב איר זייט געגאַנגען אין אַ ווינטערדיגען קאַלטען וואָכען טאָג אין מאַרק און געשמעקט כלערליי ריחות פון געבראָטענע גענזענס, האָט איר שוין פאַר־שטאַנען, אַז היינט איז די חברה קדישא סעודה. די פאָלקס מענשען פלעגען זיך שטאַרק ברוגז'ן פאַרוואָס די חברה קדישא פראַוועט אַזעלכע רייכע סעודות. זיי האָבען ניט געוואוסט פון די גרויסע שוועריגקייטען וואָס די חברה האָבען געהאַט ביי אַ טהרה, וואו מען האָט פיעל מאָל פשוט געדאַרפט ווערעם שאַרען פון פאַרשטאָרבענעם. געוויס האָבען זיי ניט געוואוסט און ניט געזען די נאַכטיגע לויות אין די גרעסטע פרעסט און די טיפע שנייען.

די צערעמאָניע פון ערוויילען די גבאים איז פאָרגעקומען ביי דער חברה יעדען ל"ג בעומר. דאַן איז איינגעאָרדענט געוואָרען אַ קלפי, ביי דער איב־דירעקטער וואַהל זיינען אויסגעקליבען געוואָרען די בוררים, וועלכע האָבען גע־האַט דאָס רעכט צו מאַכען די גבאים. געוויינטליך פלעגען פון יאָר צו יאָר ווערען ערווילט די זעלבע גבאים.

נאָך די ערוויילונג פון די גבאים פלעגט פאָרקומען אַ מילכיגע סעודה אָבער קיין ניינציגער ספּיריטעס האָט ניט געפעלט ביי דער מילכיגער סעודה. אַהיים פלעגען די חברה לייט גיין שוין אַביסעל בגלופינדיג. פריילעך.

שמיני עצרת פלעגען חברה באַקומען ביער מיט עפעל, אחרון של פסח וויין און ניס.

צו אַלע חברה קדישא שמחות פלעגען אידען מיטנעמען די קליינוואַרג, קינדער און אייניקלעך, זאָלען זיי אויך הנאה האָבען.

די חברה קדישא האָט אַלע מאָל דורכגעפירט איר אַרבייט. אונטער די ערגסטע און שווערסטע באַדינגונגען. זיך פאַר קיין זאַך ניט אָבגע־שטעלט. אין דער פאַרמאַכטער געטא, אונטער אַ האָגעל פון קוילען אין מלחמה שלאַכטען, זיינען די חברה קדישא געווען גרייט מיט מסירת נפש צו באַזאָרגען טהרת און לויה'ס בכבוד נאָך דעם אידישען דין.

די חברה קדישא ענדיגט זיך צוזאַמען מיט אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס

מיט'ן גאַנצען אידישען לעבען אין פוילען נאָך איר 120 יאָריגער עקזיס־טענץ דעם 7־טען נאָוועמבער, 1942.

אָפיציעל פירט איין איינציגער חברה קדישא מאַן דורך זיין מיסיע דעם 15־טען נאָוועמבער 1942, ווען ער איינער אַליין טהוט דאָס רעכט צו 70 דער־שאָסענע אידען און דאַן פאַלט ער אַליין אַ געשאָסענער אין מאַסען־קבר.

וועגען דעם אין ווייטערדיגע קאַפיטלען.

## בריינסקער קברות לייט

דער ערשטער וואָס איז באַקאַנט צו די עלטסטע בריינסקער איז איטשע קוטניק, דער קברות־מאַן, אויב איר געדיינקט איז געווען אין בריינסק אַ ווייבל קוטיכע, דער איטשע קוטניק איז געווען איר פאָטער.

אין פנקס איז פאַרשריבען, אַז ווען איטשע קוטניק איז געגאַנגען עפענען אַ קרקע אַ ביינאַכט, ווי עס איז דאַן געווען דער מנהג, האָט ער מיטגענומען אברהם בער דעם שמש אים צו לייכטען מיט אַ לאַמטערנע.

דער וואַסער האָט שוין דאַן אָנגעפילט דעם גאַנצען וועג צווישען אַלע בריקען. זיי זיינען געגאַנגען אין וואַסער, טאַפענדיג דעם וועג. זיי האָבען געדיינקט, אַז דער וואַסער איז ניט טיף, דער אייז איז נאָך געווען אין אַ טייל ערטער. איטשע קוטניק שטעלט אַ פוס און פאַלט אַריין. אברהם בער איז קוים געקומען אין שטאָט צוריק אַ האַלב טויטער. די שטאָט האָט גע־טרויערט: „אַזאַ אומגליק!". מיט צוויי טעג שפעטער האָט מען איטשע קוטניק'ס קערפער געפונען און געבראַכט צו קבורה. דאַן האָט קהל באַשטימט אַנצושטעלען אַן אַנדערען פאַר אַ קברות מאַן. גערופען האָט מען אים אַנטשע־לע באַגרעבער. אַ קליינינקער, אַ שוויגעדיגער, געווען אַ האַלב בלינדער. מיר פלעגען פאַר אים שטענדיג זיך שרעקען. אין בית־המדרש האָט ער געדאַ־ווענט אָבגעזונדערט, אַליין ביים טיש, קיינמאָל ניט געהאַט קיין שכנים לעבען אים. ביי אַ חברה קדישא סעודה איז אַנטשעלע געווען דער הויפט מחותן. פון אַלע זייטען האָט מען אים געבעטען: עסס אַנטשעל, טרינק אַנטשעל, און אַנטשעלע האָט זיך ניט געלאָזט בעטען. ער האָט געגעסען מיט אַפעטיט די געשמאַקע געבראָטענס.

אַנטשעל איז געווען אַ ספעציעלער טיפ פון אַ באַגרעבער, מאַכען אַ קרקע איז ביי אים געווען איינס, צוויי. שטענדיג איז ער אַרומגעגאַנגען מיט

אַ שטעקען, אַ לאַנגען, איז ווער געשטאָרבען איז אַנטשעלע גלייך געקומען מיט'ן שטעקען אַ מאָס נעמען פונקט ווי אימיצער וואָלט פון אים אַוועקגע־כאַפּט די אַרבייט. אין 1892, אין דער מגפה האָט ער זיך אַליין א עצה געגע־בען מיט פינף, זעקס קרקע'ס יעדען טאָג. ער פלעגט ניט אָבגעבען די קישען ביז מ'האָט אים באַצאָלט פאַר זיין אַרבייט, ווייל ער איז שוין אַ פּאָר מאָל דורכ־געפאַלען. אַנטשעלע איז אויך געשטאָרבען. אויף זיין אָרט ווערט באַשטימט הערשל פאָנץ. ער איז אויך אַ בריה, אַ טויגעוודיגער, נאָר צו אַנטשעלען קומט ער ניט. ער איז אויך אונטער שמש אין אַלטען בית־המדרש.

נאָך זיין טויט ווערט יאָסעל טרעגער באַשטימט צו זיין קברות מאַן. אויך ער איז אונטער שמש אין פועלי צדק.

## עלפטער קאַפּיטעל

# ברײנסקער בעלי תפילות

אַלע אידען האָבען געקענט דאַוונען פאַר'ן עמוד. דער טיטעל בעל תפילה האָט באַלאַנגט צו געצײלטע וואָס האָבען געקענט דאַוונען ימים נוראים פאַר'ן עמוד.

אַזעלכע זײנען געווען אין ברײנסק פיעלע.

אברהם בער דער שמש האָט געהאַט חזקה אויף שחריתים, אַנדערע האָבען געהאַט חזקה אויף מוספים. ווען אין ברײנסק זײנען צוגעקומען מער בתי מדרשים האָט מען געמוזט דינגען בעל תפילות. אַזעלכער איז געווען אין יענער צייט שלום איטשע דער מלמד. ער האָט געהאַט צוויי גוטע אַרויסהעלפער, חיליע דער בײגער, און הערצקע פוקס, וועלכער וואוינט שוין אין בראָנזוויל איבער זעכציג יאָר. איז גוט באַוואוסט אַלס גוטער ימים נוראים'דיגער בעל תפילה. מיט שלום איטשעס נוסח. ביי יעצטיגען מאָמענט, אַ בן שמונים, כאַפּט ער זיך צו צום ברעטעל אין מידוואוד דזשואיש סענטער. ער באַקלאָגט זיך, אַז די קינדער לאָזען אים ניט דאַוועגען פאַר'ן עמוד. ספּריגג וואַלי, וואו הערצקע פוקס פאַרברײנגט די זומערען ווײסען ניט אַז הערצקע פוקסעס נוסח שטאַמט פון שלום איטשען, אַבי זיי זײנען צופרידען מיט זײן נעילה דאַוונען.

זלמן שמש און בנימקע מלמד, אברהם בער'ס זוהן זײנען געווען גוטע בעל תפילות נאָר מיט אַנדערע פעהיגקײטען. משה יהודא דער שמש, דאָס איז געווען אַ מושלם. צו אַלע תפילות האָט ער זיך אויסגעטויגט, מיט זײן שײן שטימעלע האָט ער געקענט דאַוועגען פאַר'ן עמוד עטליכע טעג נאָכאַנאַנד. זײנע העלפערס, די שמולטשוקעס, די לעצטע העלפער זײנע זײנען געווען חיים הערש זלמן רוטקערס, חיים אַדעסער, בנימקעס העלפער: מענדל טאָקער און לייבל סטעלמאַך. שפּעטער אַליין געוואָרען גוטע בעל תפילות.

איטשע אָליאַרניק, אַ גוטער דאַוונער, אַ גרויסער בעל בכי. ביי זיין דאַוונען איז דער עולם פשוט צוגאַנגען פון טרערען. דאָס געוויין האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער ווייבערשער שוהל, זיך איבערגעטראָגען צו די מענער און זיך ענטוויקעלט אין איין גרויסען געבעט. מיט טיפע קרעכצען האָבען אַלע מתפללים זיך געבעטען ביים רבונו של עולם חתמנו בספר החיים. ער האָט ניט געדאַרפט קיין העלפער, אַלע דאַוונער האָבען אים מיטגעהאָלפען.

שואלקע פאַרבער, אַ שטילער האַרציגער בעל תפילה. זיין דאַוועגען אַזוי האַרציג זיס מיט אַזאַ געבעט, זיינע תפילות האָבען געמוזט אָנגענומען ווערען, אַזאַ אידען ווי שואלקע פאַרבער האָט מען ניט געקענט פאַרזאָגען.



הערצקע פוקס
שלום איטשעס משורר



פישעלע באַג ע״ה
בעל תפילה

פישעלע באַג, אַ געשמאַקער האַרציגער דאַוונער, נאָר ער האָט געשריגען איבער זיינע כוחות. זיין העלפער אביגדר קצב, אַמאָל אברהמקע קצב.

לייבל סטעלמאַך האָט זיך געהאַלטען ביי זיין רבינ׳ס שטריינגען נוסח, אַ גוטער בעל תפילה, לאַנגזאַם און באַהאַרצט. די פרויען פלעגען זיין דאַוועגען זייער ליב האָבען. זיין ברודער מענדל טאָקער האָט אים געהאָלפען.

מענדל טאָקער, אויך בנימקעס אַרויסהעלפער ווערט פון די אמת געשמאַקע בעל תפילות. די יוגענד האָט ספעציעל געליבט מענדל טאָקערס דאַוונען, האָבען אָנגעפילט דעם נייעם בית המדרש, ווען מענדל האָט געדאַוונט. מענדל האָט אַ גאַנץ יאָר שטודירט זיין דאוונען טאַקע ביי דער אַר־

בייט. לייבל, זיין ברודער האָט אים אויך געהאָלפען, אַמאָל זיין זוהן משהקע. משה וויינער, אליה גאָטליעב, חצקל שוחט, קדיש דער שוחט, דוד עזריאל'ס, יודל וואולקער, ניסל לאוויטש, הערשל זאָגעל, אריה קראַטץ, אַלטער קאָפּע־ליכעס, אברהם סאַשין, יקותיאל מארווינקער, הערשל פלאַטראַט, יואלקע פלאַטראַט, אביגדר קצב. זיינען געווען בעל תפלות.

אברהם ווערפּיכאָווסקי איז געווען דער מאָדערנער בעל תפילה, חיים לייבל גאָלדינג, סאַנעס איידים, אויך געווען פון די גאָר גוטע בעל תפילות. דערצו באַליבט אין שטאָט, אנטייל גענומען אין אַלע שטאָטישע טהעטיגקייט. די לעצטע צוויי אויבענדערמאָנטע ווערען אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקא 7־טען נאָוועמבער 1942.

צוועלעפטער קאַפּיטעל

# ברייינסקער חסידים

כמעט אַלע חסידים אין ברייינסק זיינען ניט געווען קיין ברייינסקער גע־באָרענע. נאָר פון ווייטע און נאָענטע פּוילישע שטעט און שטעטלעך.

אין 1900 זיינען געווען אין ברייינסק אַרום צוויי מנינים חסידים פון פאַרשידענע חסידישע דינאַסטיעס. זיי האָבען געהאַט פאַר זיך זייער חסידים שטיבעל. דאָרט האָט מען געמאַכט מנין שבתים און יום טובים.



שלומה הערש יענטשמאַן



יצחק קאַשעמאַכער

פון די גוט באַקאַנטע זיינען מרדכי'לע דער חסיד פון ניישטאט. דוד חזן פון טשעכענאוויצע, אבעלע פון וואלאמין, שלום איטשע מלמד פון סאַקאָלע, שלום היצל, פון דראגעטשין, זאַוול הערש פון סאָקאָלע, בן ציון מלמד פון שעדליצער געגענד, מאיר חיים, אַסימיאַטיטשער, שלומה הערש פון סאַקאלאָווע, חיים פישל מלמד פון אָרלע, קלמן משה, פון קאברינער געגענד. בלויז יעקב מרדכי איז אַ געבאָרענער ברייינסקער.

אין דער גרופּע האָבען זיך געפונען גערער, ראַדזעמינער, אַלעקסאַנדרער,
1 קאָצקער, קאָברינער און סלאָנימער. דאָך האָבען אַלע חסידים צווישען זיך
געלעבט בשלום.

די חסידים שטיבעל איז געווען דער גייסטיגער צענטער פון אַלע בריינסקער חסידים. דאָרט האָבען זיי זיך פאַרזאַמעלט שבת צום דאַווענען. פאַרנאַכט צו שלוש סעודות זיינען זיך אַלע חסידים צוזאַמענגעקומען, יעדערער האָט מיט־געבראַכט מיט זיך אַ שטיקל חלה. אין שטיבל איז שוין געווען אַ קרוטשיק נייגציגער און מען האָט אַלע צוזאַמען געזונגען זמירות, זיך צוגעהערט צו די וואונדערליכע מעשות פון גוטע אידען, וואָס האָבען זיך קיינמאָל ניט אויס־געשעפּט. מנגנים האָבען געבראַכט נייע חסידישע מאַרשען, וואָס זיי האָבען געהערט ביים רבי'ן און איינשטודירט מיט'ן עולם. קלמן משה האָט שנעל די מאַרשען איבערגענומען. דוד חסיד מיט זיין שטאַרקע שטימע, האָט אַזוי זיך געברומט דעם נייעם ניגון.

די גרויסע מלוה מלכה סעודה וואָס איז אַלע יאָר געווען אין דער נאַכט פון די ערשטע סליחות איז געווען אַ גרויסע שמחה. צו דער מלוה־מלכה האָבען די חסידישע ווייבער צוגעגרייט אַ גוטען גריץ מיט אַ שטיקעל געגזענס. די חסידישע אינגלעך האָבען דעם סאַגאַן מיט'ן הייסען קרופּניק געבראַכט אין שטיבל. און דערפאַר באַקומען אַ קאָפּיקע אַ שטיק, די חסידישע יונגעלייט האָבען די קאָפּיקע באַצאָלט מיט פאַרגעניגען צו די קליינע אינגלעך, ווייל די אַרבייט האָבען זיי אַליין געדאַרפט טאָן.

ערב פּסח ביי שמולקע איינבינדער איז געווען די גרעסטע שמחה ביים באַקען די שמורה מצה. דער זאַרעמבער מלמד האָט געקנעטען די מיירעס, אַלע האָבען געוועלגערט, נאָר אַ רעדלער האָט מען געמוזט זוכען, ווען די מצה איז שוין פאַרטיג געוואָרען, האָט מען זיך געשטעלט דאַווענען, הלל גע־זאָגט. נאָכהער שוין פּסח'דיגע בראַנפען פאַרזוכט. עס איז געגוג געווען בלויז אַ קאָפּעטשקע שפּיריטעס, אַלע זאָלען ווערען פריילעך. עס איז געווען אַ אינערליכע פרייד ביי אַזעלכע חסידישע שמחות. אַזעלכע שמחות האָבען זיי געגעבען מוטה אַ גאַנץ יאָר בייצושטיין דעם שרעקליכען דלות, וואָס האָט געהערשט ביי מערסטע פון די חסידים.

שמחת תורה'דיגע באַגייסטערונג איז געווען אומבאַשרייבליך. די גאַנצע חסידישע געמיינדע זיינען אַוועק פון שטיבל צו די חסידישע בעלי הביתטעס, אין די הייזער. דאָרטען האָבען זיי שוין געטראָפען דעם טיש געגרייט פון אַלעס

וואָס זי האָט פאַרבערייטעט פאַר יום טוב. די גוטע מאכלים זיינען שנעל פאַר־שוואונדען פון טיש. און די חסידים זיינען אויך פון דאָרט פאַרשוואונדען. זיי זיינען געגאַנגען צו אַ צווייטער חסידישער הויז און אַזוי ווייטער ביז פאַר־נאַכט. דאַן מנחה צייט האָבען שוין די חסידים מאַרשירט בגלופנדיגע צום חסידים שטיבל, מנחה געדאַווענט שוין כמעט אין דער פינסטער. דאַן דער



גינצבערג דער מלמד



אפרים דער מלמד

צוויי חסידישע אידען

מעריב, שוין מיט אַ וואָכענדיגען טרויעריגען ניגון. עס האָט זיך שוין געפיהלט דער אָנקומענדער הערבסט, מיט די קאַלטע רעגענדיגע טעג. קיין האָלץ ניטאָ, קיין וואַרימער מלבוש אויך ניטאָ. נאָך מעריב פלעגט דער קליין מרדכי׳לע אויסרופען בקול רם, אַז אַלע זאָלען אַרויפטראָגען די ליעטניקעס אויפ׳ן בוידעם און פון דאָרט אַראָפנעמען די וואַטאָווע קאַפאָטעס. חסידים האָבען שטאַרק געזיפצט, די וואַרימע קליידער זיינען שוין פון לאַנג צוריסען אויף שטיקער מיט לאַטעס אויף לאַטעס.

צייטענווייז פלעגט קומען אין בריינסק דער קאָברינער אָדער סלאָנימער רבי גאַסטראָלירען. זיי פלעגען געוויינטליך איינשטיין ביי שלומה היצל אין מויער. דאָרט פראַווען טישען. גאַנץ שטאָט פלעגט קומען בייוואוינען די חסי־דישע טישען, נאָר די הויפט מחותנים פון דער חתונה זיינען געווען די חסידים. זיי האָבען געפיהלט אַז די שמחה איז זייערע. אין אַלגעמיין האָבען די חסידים צווישען זיך געלעבט זייער פריינדליך.

די חסידישע קליינע קינדער פלעגען יום טוב האָבען אַ ספּעציעלען קלאַנ־

דייק. דאָס איז געווען ווען מען האָט געדאַרפט ברייגען איין עמער וואַסער פון אליה וואַטניק׳ס ברונעם פאַר די לויים צו באַנוצען צום דוכנען פאַר די כהנים. אברהמע זאָוול הערש׳ס איז געווען אַ לוי, שוין אַ בחור פון 18 אָדער 19 יאָר האָט ער זיך געשעמט צו טראָגען דעם עמערוואַסער אין גאַס, האָט ער געצאָלט כאַבאַר צו די קליינע חסידישע אינגלעך פאַר׳ן ברייגען וואַסער פון ברונעם. קיין געלד האָט מען יום טוב ניט געהאַט, האָט אברהמע גע־מוזט געבען אַ פעקל פאַפּיראָסען. ערשט נאָך יום טוב האָט ער די פאַפּיראָסען אויסגעלייזט פאַר צוויי קאָפּיקעס.

די חסידישע קינדער האָבען שפּעטער שוין זיך אינטערעסירט אין אַלע קהל׳שע טהעטיגקייטען. זיי האָבען זיך שנעל אָריענטירט אין פּאָליטיק, האָבען אַרויסגעשטעלט קאַנדידאַטען צום שטאָט־ראַטה און געוואוסט ווי אַזוי צו ערוויילען זייערע קאַנדידאַטען.

דורך די טעטיגקייט פון די אינגערע חסידים צוזאַמען מיט די נייע צוגע־קומענע פון שכנישע שטעט זיינען זיי געוואָרען טעטיג אויף פאַרשידענע גע־ביטען אין „השומר השבת״, האָבען גוט באַוואַכט די הינטער טירען פון קאַנ־דיטערייען, אַז קיין יונגערמאַן זאָל זיך דאָרט ניט אַרייַנכאַפּען דורך דער הינ־טער טיר שבת. בן ציון דעם זארעמבערס איז געווען דער יעניגער, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו העלפען דעם רבונו של עולם אויפפּאַסען אויף אידישע קינדער, זיי זאָלען ניט אַראָב פון גלייכען וועג, זאָלען חלילה ניט מאַכען קיין אידישע קאָנצערטען אָדער טריאַטער פאָרשטעלונגען שבת, פון די אמת׳ע גאָט׳ס סטראַפּטשעס.

לעצטענס האָט זיך די לאַגע געביטען. נייערע מענשען קומען אָן אין די חסידישע רייען. אידען באַקליידען זיך מיט אַ שמאָלע היטעלע און ווערען חסידים, פאָרען קיין גער, קומען צוריק גוט איינגעשטודירט אין דער אגודה באַוועגונג. קיין נייע חסידישע ניגונים אינטערעסירט זיי שוין ניט, ווערען זיי אינטערעסירט אין די טעגליכע אגודה צייטונג, וואָהל אַגיטאַציעס. די פּאָ־ליטישע טעטיגקייט פון די חסידים ברייגגט דערצו, אַז פיעלע אין שטאָט זיי־נען שטאַרק בייז אויף די חסידאַקעס. מזרח וואַנט אידען און פרייע זיינען פאַראייניגט אין זייער שנאה צו די חסידישע פּאָליטיקער. נאָר זיי קענען זיך ניט העלפען. די חסידים האָבען שוין אַן אייגענע חסידים שטיבל. דאָרט איז דער צענטער פון זייער טעטיגקייט. זיי דאַרפען מער ניט זאָרגען פאַר קיין דירה געלד צו באַצאָלען.

צווישען די פּאָליטיש באַוואוסטזיניגע חסידים זיינען געווען די פּיער ברי־דער קאָנאָפּיאַטעס, ישראל יעקב, מאַטעס, אהרן שמואל, קלאָדקע, יצחק פּינ־קעלשטיין, אַלטער גאָטליעב, בן ציון און אַנדערע.



בן ציון זאַרעמבער און פרוי שבתי ווערפּיכאָווסקי און פרוי

דעם 9־טען סעפּטעמבער 1939, ווען די נאַציס באָמבאַרדירען בריינסק ווערט די חסידים שטיבל פאַרברענט פון צינד־באָמבעס. די חסידים געטרייע צו זייער טראַדיציע, אָרדענען איין זייער מנין ביי יעקב יענטשמאַן אין שטוב. אין דער צייט פון דער סאָוועטישער הערשאַפט און שפּעטער אין דער געטאָ האָבען זיי אָנגעהאַלטען דעם מנין.

דער חסידישער עלעמענט האָט זיך ניט געוואָלט אויסמישען מיט'ן מתנגדישען זאָגאַר אין געטאָ.

דעם חסידיזם מיט אַלע זיינע אָנהייגער אין בריינסק ענדיגט זיך גלייך מיט אַלע אידישע רעליגיעזע און פרייע אינסטיטוציעס, דעם 7־טען נאָוועמבער 1942 מיט אַרויספירונג קיין טרעבלינקאָ צו די גאַז קאַמערען אין די קאַלך־אויוועגס.

## דרייצענטער קאַפּיטעל

# חברה ש״ס און חברה משניות

די חברה ש״ס איז געגרינדעט געוואָרען אין די צייטען פון ר׳ שאול דענענבורגער, דער דריטער רב פון ברײנסק. די פאַקטען ווערען באַשטעטיגט פון אויפשריפטען אויף אַלטע ספרים, וואָס זיינען געשענקט געוואָרען פאַר חברה ש״ס נאָך דעם נאָמען פון אַ פאַרשטאָרבענעם אין יאָר 1865.

עס איז לעצטענס געוואָרען פאָפּולער דער דף יומי, וואו אַלע שטעט און שטעטלעך האָבען יעדען טאָג געלערענט דעם בלאַט גמרא. גאַנץ פּוילען האָט געלערענט דעם זעלבען דף אין דעם זעלבען טאָג. דער סיום פון אַ מסיכתא איז געווען אַן אַלגעמיינער. אין אַלע שטעטלעך איז דער סיום געפּייערט געוואָרען דעם זעלבען טאָג.

די לערער פון טעגליכען בלאַט גמרא זיינען געווען אין אַלטען בית־המדרש. הרב צוקערמאַן, אין נייעם בית־המדרש, הרב ר׳ חיים לייב ליעוו, הערשל סטאָליערס איידעם. אין דריטען בית המדרש, ר׳ מאיר קעסטין. אין פּועל צדק, ר׳ שלומה קאַנטשיק. אין חסידים שטיבל, הרב ר׳ אברהם יעקב סעקאַרעוויטש. צו די טישען זיינען געוויינטליך געקומען אידען לומדים און האָבען הנאה געהאַט פון לערנען און פון די לעהרער וואָס זיינען געווען נאָך גרעסערע לומדים.

אין די צייטען פון דער ערשטער דייטשער אקופּאַציע געדיינק איך די חברה ש״ס אָנגעפירט פון עזרא׳ן און חיים סטאָליארטשיק. ביים טיש פלעגען שטיין עטליכע צענדליג מענשען זיך צוהערען. נאָכ׳ן לערנען פלעגט אהרן וועלוול דער בעקער דערציילען די נייעס פון צייטונג, אַלע האָבען זיך צוגעהערט. אויך די לומדים האָבען זיך ניט אויפגעהויבען פון די ערטער. דער אהרן וועלוול האָט געהאַט אַ קראַפט צו דערציילען נייעס, כאָטש ער פלעגט אַביסל אונטערפּאָנפען. פלוצלונג האָט איינער אַ זאָג געטאָן: ס׳איז שוין באַלד אַכט

אַזייגער און מ׳וועט ניט טאָרען גיין אין גאַס. צייט צו דאַווענען מעריב און גיין אַהיים. ס׳האָבען זיך אַמאָל געפונען לייטע, וואָס האָבען צוגעשלאָפען ביים לערנען, אָבער קיין מאָל ניט געשלאָפען ביים סיום. אַ שאָד אַ גלעזעל געווען.

די חברה משניות איז שוין באַשטאַנען פון אַנאַנדער קלאַס אידען. דאָ האָט מען באַגעגענט סתם אידען, וואָס האָבען אַליין ניט געקענט לערנען, זיינען זיי געזעסען, זיך צוגעהערט צו די לערער. מאַנכע האָבען טאַקע געקענט די אַרבייט און אַנדערע שוין ניט אַזוי. דער עולם איז אָבער געווען צופרידען.

די חברה משניות לעהרער זיינען געווען ר׳ משה יהודא, אין אַלטען בית המדרש. אין נייעם בית המדרש, חיים פענטמאַן. פון וואַנעט עס האָט זיך גענומען ביי אים תורה איז ניט באַוואוסט. אין דריטען בית המדרש ר׳ שמואל קרוק. אין פועל צדק, יאָסל טרעגער, אין חסידים שטיבל אברהם מאָטל קאנאפיאטע, אין שניידערשען בית המדרש איז ניט געווען קיין חברה, אָבער מ׳האָט געקענט טרעפען חנא קאַשטאַן אין אַלטען בית המדרש ביים חברה ש״ס. מרדכי אַסקאָרד איז געווען ביים טיש פון חברה משניות אויך אין אַלטען בית המדרש.

די אַלע חברה׳ס זיינען געווען זייער פּאָפּולער, קיינער האָט ניט געפעלט, עס איז געווען אַ פליכט וואָס יעדערער האָט גערן ערפילט. די צוויי חברות זיינען געווען טעטיג אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, אויך אונטער דעם סאָ־וועטישען רעזשים. בלויז אין צוויי בתי מדרשים. אין די גאַנז קאַמערען פון טרעבלינקאַ זיינען אומגעקומען אַלע תורה־אידען, די למדנים, קיינער פון זיי איז ניט ניצול געוואָרען.

פערצענטער קאַפּיטעל

# תלמוד תורה ב׳בריינסק

אין פנקס פון דער חברה קדישא געפינען זיך ליסטען פון סובסידיעס פאַר דער תלמוד תורה פון יאָר 1861.

דאָס ציינט קלאָר אַז שוין דאַן איז געווען אין בריינסק אַ תלמוד תורה, לעצטענס איז געווען איינגעפירט, אַז די חברה קדישא האָט בייגעשטייערט 20 פּראָצענט פון זייערע איננאַמען פאַר דער שטאָטישער תלמוד תורה. געוויינ־ ליך איז דער גבאי ראשון פון חברה קדישא געווען דער פאַקטישער בעל־ הבית איבער דער תלמוד תורה.

אַזוי ווי אין אַלע פּוילישע שטעטלעך האָט דער אידישער אינגעל אין בריינסק באַקומען זיין ערציהונג ביי פּריוואַטע מלמדים. יעדער אָרימאַן האָט פון די לעצטע גראָשענס זיינע געצאָלט שכר למוד.

עס זיינען אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבען פּשוט ניט געקענט געבען קיין גראָשען פאַר רבי געלד. די מלמדים זייענדיג אַליין גרויסע אָרימע לייט האָבען מיט אַזעלכע אָרימע קינדער ניט געקענט לערנען אומזיסט. אום ניט צו דערלאָזען, אַז אַזעלכע אָרימע קינדער זאָלען ניט קענען דאַוונען, איז די תלמוד תורה געשאַפען געוואָרען. דאָס איז געווען דער פרייער חדר פאַר די אָרימע קינדער.

די עלטערען פון אַזעלכע קינדער האָבען זיך געמוזט צופרידען שטעלען מיט די תלמוד תורה ערציהונג, וואָס זיי האָבען באַקומען געוויס ניט געקענט זאָגען קיין דעות איבער דער פירונג פון דעם קהל׳שען חדר. ווען זיי וואָלטען ניט צופרידען געווען וואָלטען זיי סיי ווי סיי ניט געקענט פּראָטעסטירען. זיכער וואָלט מען זיך צו זיי ניט צוגעהערט. די תלמוד תורה איז געווען אין איינער פון די שטיבלעך אין אַלטען בית־המדרש. דאָרט וואו עס איז געווען דעם רב׳ס שטיבעל.

דער תלמוד תורה מלמד איז געווען דער אָרימסטער פון אַלע מלמדים. די גרעסטע צרות האָט ער געליטען פון זיינע פרייע תלמידים. מערסטע פון זיי יתומים אָדער וועמעס פאָטערס זיינען געווען אָרימע דערשלאָגענע מענטשן האָבען זיך ניט אינטערעסירט אין זייערע קינדערשע ערציהונג.

די אינגלעך פלעגען זיך פיהלען פריי אָבצוטאָן דעם רבי'ן פאַרשידענע שטוקעס. דערפאַר האָט דער תלמוד תורה מלמד געשפּיגען מיט דער גאַל. איין זאַך איז פאַר אים געווען זיכער, זיינע שכירות האָט ער באַקומען יעדער וואָך און ניט געדאַרפט וואַרטען, ווען די אינגלעך וועלען ברייגגען רבי־געלד.

דאָס געלט וואָס עס האָט זיך גענויטיגט איז געשאַפן געוואָרן פון זאַמ־לונגען פורים, חנוכה, חול המועד. ערב יום כפור פלעגט די פּאָליוועגע שיסעלע מיט אַ גרויסען צעטל געדרוקט מיט ספר תורה שריפט: תלמוד תורה ב'בריינסק פראָמינענט אַריסגעשטעלט ווערען אויפ'ן טיש.

צווישען די קינדער איז דער נאָמען תלמוד תורה אינגעל געווען פאַר־רעכענט פאַר אַ גרויסע שאַנדע. דאָך האָט מען פאַר תלמוד תורה קינדער רחמנות געהאַט, ווייל אַלע האָבען געוואוסט אַז אַזאַ קינד לײדט פון זיין רבי'ן שרעקליכע שמיץ און קלעפּ, און קיינער נעמט זיך פאַר זיי ניט אָן.

אין יאָר 1911 ווערט אין בריינסק אויפגעבויט אַ ספּעציעלע הויז, אַ מאָדערנע געביידע פאַר דער תלמוד תורה. יאָסקע מנוחה'ס ווערט דער גבאי פון תלמוד תורה. דער חברה קדישא גבאי ווערט באַזייטיגט פון זיין דעה איבער די תלמוד תורה. אויף דער געביידע ווערט אַרויפגעצויגען אַ שילד חדר ציבורי (דאָס הייסט פאָלקס־חדר) ניט מער תלמוד תורה. דער נאָמען תלמוד תורה איז אין בריינסק געווען אַ באַליידיגונג פאַר די עלטערען און די קינדער.

אין דעם חדר ציבורי האָבען זיך שוין געפונען עטליכע קינדער פון פאַר־שידענע גרופּעס, אַלע האָבען זיך געלערענט פון איין מלמד.

איין זאַך איז זיכער, אַז אין די צייטען פון דער קאַנטאָניסטען איז קיין תלמוד תורה ניט געווען אין בריינסק. ווייל קיין מוטער וואָלט ניט געשיקט איר קינד צו דער תלמוד תורה. ער וואָלט זיכער פון די כאַפּערס צוגענומען געוואָרען פאַר אַ ניקאָלייעווסקין סאָלדאַט.

נאָך דער צייט פון די קאַנטאָניסטען איז די תלמוד תורה געגרינדעט געוואָרען און איז אָנגעהאַלטען געוואָרען אין אַלע צייטען. אָט אַזוי האָט

בריינסק געזאָרגט פאַר אירע אָרימע קינדער צו באַקומען אַביסל אידישע ער־ציהונג, נאָך די באַגריפען פון יעדען דור.

אין די לעצטע יאָרען האָט די תלמוד תורה אָנגענומען אַ פאָלקס־כאַ־ראַקטער. פיעלע אידישע קינדער, אָרימע, רייכע האָבען דאָרט געלערענט. זיי זיינען געוואָרען אונטעררריכטעט פון מאָדערנע לערערס און האָבען דאָרט אויך באַקומען וועלטליכע ערציהונג. יוסף זייפמאַן, הערשל וואַסער, חיים קלאָדקע זיינען געווען די אידישע לערער. רובינשטיין, געווען דער לערער פאַר וועלט־ליכע למודים.

דאָך האָט בריינסק געטייטעלט מיט די פינגער אויף אַזעלכע קינדער, דאָס זיינען „תלמוד תורה קינדער".

אין 1939, ווען די סאָוויעטען רעגירונג קומט אַריין אין שטאָט ווערען אַלע חדרים און תלמוד תורות אויפגעגעבען. מאָדערנע שהלען ווערען איינגע־פירט פאַר אַלע קינדער פון שטאָט.

## פופצענטער קאַפּיטעל

# לינת הצדק בקור חולים אין ברײנסק

דיזע חברה איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1893, חול המועד פסח, דורך יעקב מאיר כארלאָפּ, דוד מילנער און יאָסל דובינער. מ׳האָט דעם יאָסל אויך גערופן יאָסל קאַסאָוויצקי אָדער יאָסל דער רופא, און אַבעלע חסיד. אין דעם יאָר זײנען געװען פיעל קראַנקהײטען אין שטאָט. די תקנות פון דער חברה באַשטײען פון העלפען אַ קראַנקען מיט דאָקטאָר, מעדיצין כלים און גײן צו די קראַנקע מבקר חולה זײן.

די הכנסת פון דער חברה זײנען באַשטאַנען ערשטענס פון װאכענטליכע זאַמלונגען איבער די הײזער פון שטאָט. שלמה בלק פלעגט גײן מיט דער פּושקע. אויף דער פּושקע איז געװען אַ װײסער פּאַפּיר מיט׳ן אויפשריפט „לינת הצדק ובקור חולים ב׳ברײנסק״.

אין יעדען קיך איז געװען אַ פּושקע פון דער חברה. יעדער פרוי האָט פאַר ליכט בענשען דאַרט אַרײנגעװאָרפען אַ מטבעה. ערב יום כפור, אַ טעלער אין די שוהלען, אויף חתונות און ברית׳ען פלעגט מען אויך שטעלען אַ טעלער.

פון די געזאַמעלטע געלדער האָט מען געדאַרפט באַזאָרגען אַן אָרימען קראַנקען מיט דאָקטאָר און מעדיצין אָדער דעם פעלדשער פּראַזשמען און אַמאָל אויך באַצאָלען באַשע רױזען דער באָבע פאַר אָרימע געװינערינס. מ׳האָט אויך געמוזט אָנגרײטען מאַלינאװע סאָק צום שװיצען, כליב, װאַנעס, פּענכערס, גראַדניקעס, א. ז. װ.

װען אימיצער האָט זיך גענויטיגט אין אַ דאָקטאָר, איז מען געקומען צו דוד מילנער נאָך אַ קװיטעל. ער האָט אויך געגעבען אַ קװיטעל צום אַפּטײ־קער. די כלים האָבען זיך געפונען ביי אַבעלען. ער האָט געגעבען די כלים, נאָר װען מען האָט געגעבען אַ משכון. דער בעסטער משכון איז געװען אַ יום־כפור׳דיגען מחזור. אַזוי װי די כלים האָט מען ניט צוריק געבראַכט אין צײט, פלעגען שלומה אפרים און אברהם מאַקאָפּסקי אַרויסגײן אין שטאָט, צוזאַמען־

ברייגגען די כלים צוריק צו אַבעלען. די מאַלינאָווע סאָק איז געווען ביי פּרו־מעלען. ווען עס איז געקומען צו אַ לינה, פלעגען די רייכערע ניט גיין, נאָר דינגען אַ מענשען דערצו. מערסטענס פלעגען זיי דינגען שעפּסל טרעגער אָדער מיכאָלקע טרעגער. דאָס איז געווען אַ שטיקל פּרנסה פאַר די צוויי אָרימעלייט.

שעפּסל טרעגער פלעגט קומען צום קראַנקען זיצען די נאַכט, זייענדיג פאַרמאַטערט פון טאָג, שלעפּען אויף די פּלייצעס שווערע פעק, פלעגט ער טאַקע שנעל אַנטשלאָפן ווערען, אויפשטיין פינף פאַרטאָג, אַרומראַמען אַביסעל דעם קראַנקען, און צו דער זעלבער צייט אָברוימען דעם טיש. די סאָק פלעגט ער אויסטרינקען, צובייסען אַ קיכל אָדער אַן עפּעל, אָדער אַ ביסעל זיסע טיי און אַ גוטען טאָג, צוּאווינשען דעם קראַנקען אַ רפואה שלמה. דער קראַנקער האָט פון דעם ניט געקענט צופיל געניסען, האָבען חברה געמאַכט אַ נייע תקנה, אַז מ׳מוז אַליין גיין צו אַ לינה, ניט דינגען קיינעם. די מיטגלידער פון דער חברה זיינען געווען כמעט גאַנץ שטאָט, מענער און פרויען.

שבת פּרשה וירא האָט חברה געמאַכט אַ קידוש ביי אַברהם שקאָפּ אין מויער, דער רב פלעגט רעדען אַ פּאָר ווערטער פון דער פּרשה. דער עולם פלעגט נעמען די גוטע לעקעך און טונקען אין שטאַרקען שנאַפּס. מרדכי הערש דער מלמד און אריה קראַץ זיינען געווען ספּעציאַליסטען אויף טונקען לעקעך אין בראַנפען.

פאַרשטייט זיך, אַז פרייטיג פאַר׳ן קידוש איז מען געגאַנגען צו אַלעמען צונויפנעמען צוואַנציג גראָשען צושטייער פאַר׳ן קידוש.

פורים אָדער חנוכה פלעגען יעקב־מאיר כאַרלאַפּ, ירוחם גאָלדבערג, מיט דוד פּאָדראַטשיק אַליין גיין איבער׳ן שטאָט זאַמלען אַ פּאָר רובל פאַר׳ן בקור חולים. פונדעסטוועגען איז אַלע מאָל געווען אַ דעפיציט. יעדען ערשטען פלעגט פראַזשמער ברענגען אַ 50 קוויטלעך, באַנקעס, פּיאַווקעס, בענדאַזשען, קליסטירען. דר. טראשקעוויטש פלעגט ברייגגען קוויטלעך פון ערנסטע קראַנקע. באַשע רויזע פלעגט ברייגגען עטליכע קימפּעטאָרינס, אייניגע ברית׳ן. דער אַפּטייקער פלעגט ברייגגען קוויטלעך פאַר ריצענאייל, פּראָשקעס כינע, שוואַרצע זאַלב, באָראָווע וואַסער, צעפּלעך, קאַנפעראָווע שפּירט. יאָסל קאסעוויצקי פלעגט ברייגגען אַ פּאָר קוויטלעך פאַר אויסגעוויכניעטע פינגער, צונויפשטעלען אַ צובראָכענע פוס אָדער לאַפּעסירין אַ פּאָר העלדזלעך ביי קינדער. דער יאָסל איז געווען אַ ספּעציאַליסט פאַר אַזעלכע זאַכען, אויסלאַפּיסירען אַ קינדישע העלדזל האָט קיינער ניט געקענט אַזוי ווי יאָסל דער פעלדשער. אַ וואונדער־

לינת הצדק פערוואַלטונג אין בריינסק




אונטערשטע רייע : אייזיק פאַכטער, ביינוש אָקאָן
צווייטע רייע : הערש אַוואַל, מרדכי גאָלדע, יאַנקל פאַטאָקער, חיים לייב גאָלדע און משה פאַטינקע
דריטע רייע : חייקל ראַכאָווין, אליה יענטשמאַן, אַלטער גליק און יעקב פריבוט
אויבערשטע רייע : זכריה אָסקאַרט, אַלטער סאַפּירשטיין, שמעון דוד פריבוט און אליה גרשון פערלמאַן

באַרער מענש געווען דער יאָסל דובינער. ער האָט געהאַט דריי נעמען: יאָסל דובינער, יאָסל קאַסאָוויצקי און יאָסל דער פעלדשער. די אַרבייט איז אָנגע־גאַנגען אָן פניות, אַ אמת׳ע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע געווען דער בקור חולים.

אין 1915, ווען די דייטשען פאַרנעמען בריינסק, פאַרמערען זיך די קראַנקהייטען 300 פּראָצענט. די איינגאַמע פאַרקלענערט, מ׳רופט אַ פאַרזאַמ־לונג, עס קומען נייע מענשען, יונגערע, אשר ניימאַן, יצחק מרדכי וואַסער, הערשל הורוויץ, חנה שוואַרץ, ר׳ משה מרדכי בן הרב ר׳ שמעון שקאָפּ, און איך. מיר באַשליסען צו אַרבייטען ווייטער אין בקור חולים, נאָר צו די אַלטע איינגאַמען צוגעבען מער, געשאַפען דורך מאָדערנע מיטלען, ווי איינאָרדענען ספּעקטאַקלען, פאָרלעזונגען, קאָנצערטען, מיט׳ן אָנטייל פון ביאַליסטאָקער אידישער אַמאַטאָרען טרופּע. עס ווערט געשאַפען געלד, קראַנקהייטען ווערען וואָס מער און ערנסטער. עס איז געווען דייטשע אָקופּאַציע, ווייניג עסען, קיין האָלץ צו האַלטען די הייזער וואַרים, דער רעזולטאַט, — הונגער, טיפוס, דיפטעריט ווערען אַלץ אָפטער אין שטאָט.

אין 1918, ווען די דייטשען פאַרלאָזען די שטאָט דאַרפען פיעלע פון בריינסק אַנטלויפען צוליב פּאָליטישע אָדער אַנדערע אורזאַכען. דעם רב׳ס זוהן פאָרט אַוועק אין גראָדנע, קומען צו נייע מענשען און אַרבייטען ווידער געטריי. די טהעטיגסטע פון די לעצטע צייטען זיינען שבתי חאָמסקי, דער קאַדולבאַפּקער רימער, חיים לייב גאָלדינג, ר׳ חיים־לייב ליעוו, ביינוש אָקאָן, מאָטיע אבא היטלמאַכערס איידים און עקיבא סקורניק. די חברה באַזיצט פאַרשידענע מעדיקאַמענטען און כלים. דאָס האָט פאַרזאָרגט שבתי חאָמסקי, דר. קאַמיניעצקי און זיין פרוי, ביידע גוטע דאָקטוירים. די חברה האָט אַראַנ־זשירט לעקציעס ביי וועלכע מ׳האָט געלערנט מענשען היגיענישע ריינקייט.

ביי דער ערשטער לופט אַטאַקע אויף בריינסק דעם 7־טען סעפּטעמבער 1939 ווערען פאַרברענט אַלע כלים, ביכער און מעדיקאַמענטען פון בקור חולים און לינת הצדק דבריינסק. אַט אַזוי ענדיגט זיך די שענסטע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע נאָך דריי יאָר פאַר דעם אונטערגאַנג פון דער גאַנצער אידישער קהילה.

## זעכצענטער קאַפּיטעל

# הכנסת אורחים – הכנסת כלה – גמילות חסדים

אין בריינסק זיינען געווען 2 הכנסת אורחים שטיבלעך: ביי בנימקע דעם מלמד, פאַר געהויבענע געסט, ווי אַ מגיד, אַ משולח פון אַ ישיבה אָדער פון אַ מושב זקנים אין ירושלים. אַזאַ אורח איז געווען ביי בנימקע מלמד. ביי אים איז געווען אַ ספּעציעלער צימער מיט פינף בעטען מיט שטרויענע קישענס און וואַטאָווע קאָלדרעס.

ניט אַזוי שנעל האָט בנימקע אַריינגעלאָזען דעם אורח. ערשטענס האָט דער אורח געדאַרפט זיין לייטיש געקליידעט. צווייטענס האָט ער געמוזט צייגען זיין צושריפט, ווער ער איז. פאַר וועלכען צוועק ער פאָהרט אַרום. ער האָט אויך געמוזט האָבען זיין פּאַספּאָרט, צו צייגען אַז ער איז אַ כשר׳ער, ניט חלילה פון די וועלכע זיינען געכאַפּט אין סאָציאַליזמוס. ער האָט געמוזט זאָגען באַשטימט, ווען ער פאָרט אַוועק, ווען בנימקע איז ניט געווען אין הויז האָט חנה ריבה געפאָדערט די אַלע באַדינגונגען זאָלען דורכגעפירט ווערען אַניט האָט זי ניט אַריינגעלאָזט אין שטוב. מסתמא האָט זי שוין פון בנימקען געכאַפּט אַ פאָרציע פאַר ניט זיין פּינקטלעך. דאָך פלעגט בנימקע קרעכצען: „אַלע קיין בריינסק, נאָר קיין בריינסק. פון דער גאַנצער וועלט קומט מען נאָר קיין בריינסק״. זיינע שכירות זיינען געווען איין רובל אַ מאָנאַט.

דער צווייטער הכנסת אורחים איז געווען אין הקדש. דאָרט איז געווען פאַר די פּראָסטע אידען, וואַנדערנדע אָרימע לייט, וואָס פלעגען בעטלען אין די הייזער און באַקומען אַ פּרוטה. מערסטע פון זיי זיינען געווען אָפּגעריסענע און שמוציגע, פאַר אָט די לייט איז געווען דער הקדש. דאָרט האָט געהערשט אַנטשל דער אונטער־שמש אָדער דער קברן. דאָרט זיינען אויך געווען בעטען מיט שטרויענע שעניקעס נאָר פאַרעלטערט און פאַרדומפּען. ווען די אָרימע לייט זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט זייער אַרבייט אין אַ טאָג אָדער צוויי

האָבען זיי געמוזט אַוועקפאָרען, אַז ניט האָבען זיי ניט באַקומען פון משה יהודה׳ן קיין צעטל אויף שבת. פלעגען זיי דאָנערשטאָג איינקאַסירען די פרוטות ביי נחמן היטעל־מאַכער און באַקומען די פאָר זעקסערלעך און פאָרען ווייטער.

די פרוטה, דאָס איז געווען אַ בריינסקער מטבע. אַזאַ טאָוועלע מיט אַ סטעמפּל „פרוטה דבריינסק". דער אָרימאַן איז געקומען צו נחמן היטעל־מאַכער און זיך געקויפט ניינציג פרוטות פאַר דרייסיג גראָשען. אָט מיט דעם קאַפּיטאַל איז דער אָרימאַן אַוועק איבער די הייזער בעטען נדבות. אַ בעל־הביתטע פלעגט אים געבען אַ גראָשען און בעטען צוויי פרוטות רעשטע. אַ רייכערע פלעגט בעטען איין פרוטה רעשטע, ווען אַזאַ אָרימאַן האָט באַקומען אַ גראָשען און ניט געדאַרפט געבען קיין רעשטע איז ער געווען אין זיבעטען הימעל.

ס׳האָט אָבער אַמאָל פּאַסירט, אַז די פרוטה דבריינסק האָט פאַרפלייצט די שטאָט. אָרימע לייט זיינען ניט געקומען צו נחמן היטעל־מאַכער נאָך פרוטות און האָבען געהאַט גענוג פרוטות. דער שרייבער פון דעם אַרטיקעל איז זיך יעצט מודה אַז ער האָט דאָס פאַראורזאַכט די אינפלאַציע, ווייל ער האָט פשוט זייענדיג ביי זיין פעטער נחמן היטעל־מאַכער געקריגען דעם סטעמפּל. אָבגעסטעמפּלט פרוטות און אַוועקגעגעבען צו אָרימע לייט ביליג לויט׳ן קורס פון צעהן פאַר אַ גראָשען. ווער עס האָט געליטען דעם שאָדען, ווייס ער ניט. ווייל נחמן היטעל־מאַכער איז געווען באַגליבט פאַר זיין הער־ליכקייט. האָט קהל געמוזט אויסצאָלען די אָרימע לייט לויט׳ן אָפיציעלען קורס דריי פאַר אַ גראָשען. נחמן האָט זיך באַקלאָגט, אַז אימיצער מאַכט נאָך די פרוטות, טאָמער האָבען אַזעלכע אָרימע לייט נישט געוואָלט אַוועקפאָרען פון בריינסק פאַר שבת, האָבען זיך געפונען לצים וואָס האָבען נאָכגעמאַכט משה יהודה׳ס צעטעלעך אויף שבת. אַזוי האָט פּאַסירט, אַז ביי דעם זעלבען בעל־הבית זיינען געווען צוויי אורחים אויף שבת. איינער דער אמת׳ער און דער צווייטער דער נאָכגעמאַכטער. דער בעל־הבית האָט זיך גע׳חידוש׳ט, סטייטש, אים אַריינגעשיקט צוויי אורחים אויף שבת, פאַרפאַלען, אַז משה יהודה האָט געשיקט, איז ניטאָ קיין טענות. אברהם משה בערטשעס איז געווען דער נאָכמאַכער פון משה יהודה׳ס צעטעלעך.

פאַר אַזעלכע אורחים איז געווען דער הקדש באַשטימט. דער גבאי פון הכנסת אורחים איז געווען אברהם ווינער. די אויסגאַבען זיינען געווען

נישטיגע. צו באַהייצען דעם הקדש, וואָס איז געווען די טהרה שטיבל זיינען די אורחים געגאַנגען בעטען אַ פּאָר שטיקלעך האָלץ צו די שכנים, צו ביילע פייגע׳ן, צו זיסלען, צו שאַמע דעם וואַטניק, צו יענקל זאַוול׳ס אָדער צו אהרן וועלוועלעכע דער בעקערקע.

אַנדערע פלעגען פּשוט צינעמען ערגעץ אַ פּאַרקאַן אָדער גאָר אָבגנב׳ענען אַ פּאָר שטיקער האָלץ פון בית המדרש און אַזוי זיינען זיי געשלאָפען אין הקדש אין דער וואַרעם.

אין די מלחמה יאָרען 1914 און ווייטער, קומען מער ניט קיין אורחים, ווערט דער ערשטקלאַסיגער הכנסת אורחים פאַרמאַכט. די וואָס פלעגען יאָ קו־מען האָבען אַלע אויסגעזען, אַז זיי באַלאַנגען צום צווייטען קלאַס אורחים. אַזוי איז דער הקדש אָנגעהאַלטען געוואָרען. שפּעטער איז איינגעפירט געוואָרען ביי יענקל ברעזשניצער אַן הכנסת אורחים פאַר בעסערע אורחים.

אין דער מלחמה פון 1939, ווען בריינסק ווערט באַשאָטען מיט באָמבעס ווערט די שטאָט פאַרברענט און אויך דער הקדש. דאָרט האָבען זיך געפונען אַן אָרימאַן מיט צוויי קליינע קינדער. זיי זיינען אומגעקומען. מען וויים ניט ווער זיי זיינען געווען. אַזוי האָט זיך געענדיגט דער בריינסקער הכנסת אורחים מיט צוויי יאָר פריער ווי דאָס גאַנצע אידישע באַפעלקערונג איז אומגעקומען.

## הכנסת כלה אין בריינסק

ביז היינט וויים איך ניט, ווער ס׳זיינען געווען די גבאים אָדער גבאי׳טעס פון הכנסת כלה. נאָר אַז מ׳האָט געדאַרפט חתונה מאַכן אַן אָרימע כלה, האָט שוין עמיצער געזאָרגט אַז די כלה זאָל ניט פאַרשעמט ווערען.

גרשון־בער דער שדכן האָט נאָר געדאַרפט געפינען אַ פּאָרל. די איבעריגע האָט מען שוין באַזאָרגט.

אַלס אינגעל האָב איך באַמערקט אַז לייבל סטיעלמאַך מיט דוד שמידן, אָדער ציוויע די רימערקע מיט רחל׳ען פון באָטקע גייען אַרום אין שטאָט און זאַמלען פאַר אַן אָרימע כלה חתונה־שטייער. אויך ריקל ביבער און יאָכע וויק, חייה יענקל חוקרס, מיט שציאפּטשיכען פלעגן אויך גיין זאַמלען פאַר׳ן צוועק. אַזעלכע חתונות זיינען געווען ביי איטשע גאַרבאַטער, זלמן דעם רב׳ס, אַנטשעל באַגרעבערס טאָכטער, אום ניט פאַרשעמען אַן אָרימע כלה האָט מען געשאַפען בעטגעוואַנד. באַשטעלט כלי־זמר און נאָך געבראַכט שלומה אפרים בדחן צו באַזעצען אַזאַ כלה. שפּרינצע די בעטערקע פלעגט שוין דאַן וויסען

וועמען מ׳דאַרף בעטען צו אַזאַ חתונה, פון פערציג יאָריגע פּראַקטיק אַלס בע־טערקע.

אַז גוטמאַן קלעזמער האָט געשפּילט צו אַזאַ חתונה פרעגט שוין ניט, דאָס פידעלע האָט גערעדט צו אַלעמענס הערצער. ניט געשפּילט נאָר געוויינט מיט טרערען.

די חברה האָט זיך געשאַפען פון זיך אַליין. אין די צייטען פון מגפה, אין יאָר 1892. דאַן האָט שטאָט חתונה געמאַכט איטשע דעם גאַרב מיט דער זניידעקטשיכען פאַר אַ סגולה אָבצושטעלען די מגפה. איז שוין דער הכנסת כלה געבליבען אַלס שטענדיגע אינסטיטוציע.

די שדכנות־געלד וואָס גרשון בער האָט באַקומען פאַר אַזאַ שידוך איז באַשטאַנען אָנוועזענד צו זיין ביי דער חתונה, און כאַפּען אַ גוטען חתונה מאָלצייט. משה אהרן שדכן איז געוועזן אַ שטאַרקער קאָנקורענט צו גרשון בער שדכן. אָבער ער האָט קיינמאָל ניט באַוויזען אים בייצוקומען.

דער שטאָלצער דערגרייכונג פון גרשון בער׳ס קאַריערע איז געוועזן, ווען ער האָט חתונה געמאַכט חינקע־בראָך. דאָס איז געווען אַ מויד פון אַ יאָר 50, זעקס פוס הויך. עס איז געווען אַ גרויסע שמחה צו חינקע בראָך׳ס חתונה מיט אַ חתן ערגעץ פון קיעווער גובערניע, 22 יאָר אַלט. ציוויע רימערקע, רחל באַשע־סימעס האָבען געטאַנצט. מרדכי הערש מלמד און אַלע פון חנאַלע פאַר־בעס משפחה זיינען געווען מחותנים. אַלעס איז געווען גרויסאַרטיג. גרשון־בער האָט זיך געפיהלט דער אומבאַזיגטער ערפאָלגרייכער שדכן. נדן איז געשאַפען געוואָרען. דער חתן האָט באַקומען אַ נייע פּאַלטע (אויבעררעק).

ליידער איז די שמחה שנעל צושטערט געוואָרען, ווייל דער חתן איז שנעל פאַרפאַלען געוואָרען צוזאַמען מיט׳ן נדן און מיט דעם נייעם אויבעררעק, און חינקע בראָך בלייבט אַן אייביגע עגונה.

## גמילת חסדים דבריינסק

אַזוי איז גערופען געוואָרען די חברה. געגרינדעט איז זי געוואָרען אין 1863 נאָך דעם פּוילישען מאַטיעזש (אויפשטאַנד). די עקאָנאָמישע לאַגע איז דאַן געווען אַזאַ, אַז אידען האָבען אָנגעפאַנגען איינצואָרדענען קרעמלעך. האַנד־ווערקער האָבען געדאַרפט צוגרייטען האָלץ, ספּעציעל די טאָקאַרעס. טאָקערריי איז דאַן געווען זייער ענטוויקעלט. אַלע פויערים האָבען געדאַרפט האָבען רעד־לעך צו שפּינען זייערע פלאַקס.

וואו צו כאַפּען אַ גמילות חסד איז ניט געווען. ווער וועט באָרגען אַ קבצן אַ פּאָר רובל? איז דאַן פון יענע קהל־לייט געשאַפען געוואָרען אַזאַ אינסטיטוציע, וואו מ׳קען באָרגען געלד אויף אַ משכן. האָט מען צו ר׳ דוד׳ן אַריינגעטראָגען אַ פּאָר אוירינגלעך. אַ פינגערל, אַ 7 שנירעלדיגען פּערל, האַלז־באַנד, אָדער אַ גוטען זייגער האָט מען באַקומען צו לייהען פון פינף ביז צעהן רובעל. די אנלייהערס האָבען געדאַרפט ברייננגען יעדער וואָך 30 גראָשען. דאָס איז געפאַלען זייער שווער. די אָרימע לייט וואָס האָבען געליהען, האָבען זיך געשעמט צו גיין אַלע וואָך צו ר׳ דוד׳ן. און די בני בית פון ר׳ דוד׳ן האָבען ניט געוואָלט אַז די קבצנים זאָלען אַלע וואָך זיין זייערע באַזוכער. איז געמאַכט געוואָרען אַ תקנה, אַז יעדערער קען מיט איין מאָל צוריקברייננגען די פינף רובל און אויסלייזען דעם משכן. דאָס איז געווען נאָך שווערער פאַר דעם אָרימען אַרבייטער, דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער משכן איז געבליבען פאַרלייגט. שפּעטער איז עזרא גאָלדבערג געוואָרען דער ממונה אויף די משכנות. ווען אַ קינד איז ביי וועמען קראַנק געוואָרען,מ׳האָט געדאַרפט אַ פּאָר רובל פאַר׳ן פעלדשער, איז מען ווידער געקומען מיט עפּעס אַ משכן. ר׳ עזרא באַטראַכט דעם משכן. עס איז נעבעך גאָר ניט ווערט. ער קרעכצט, אָבער ער גיט פינף רובל.

די געלד פאַר דער אינסטיטוציע איז געשאַפען געוואָרען פון פושקע געלד. שטאָטישע זאַמלונגען פון ערב יום כפור קערות. אַ פּאָליוועגע שיסעלע מיט׳ן צעטל „גמילות חסדים ב׳בריינסק״. די חברה קדישא האָט נעבעך געמוזט געבען אַ טייל פון זייערע איינגאַמע פאַר׳ן צוועק.

שטאַרק פּאָפּולער איז די אינסטיטוציע ניט געווען. מ׳האָט זיך געשעמט צו גיין לייהען. ווען אימיצענס אַ משכן איז געווען פאַרזעצט, האָט מען זיך געפיהלט זייער ערנידעריגט. מיט די יאָרען זיינען געבליבען פיעל משכנות ביי די גמילות חסדים בעאַמטע. ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשען זיינען אַריין אין בריינסק איז געוואָרען אויס גמילות חסדים. די דייטשע סאָלדאַטען האָבען דערשנאפּט די משכנות און האָבען אַלעס צוגענומען צו זיך. קיינער האָט ניט אויסגעזאָגט, אַז ס׳איז געווען זיין משכן. אַלע האָבען זיך געשעמט. דאָס איז געווען די ענדע פון גמילות חסדים ב׳בריינסק.

אָבער עס קומט נאָך אַמאָל אַזאַ אינסטיטוציע מיט מער אָרדנונג אויף אַ בעסערען, אַנשטענדיגערען אופן. וועגען דעם אין אַנדערע קאַפּיטלען.

זיבעצענטער קאַפּיטעל

# חברות תהילים, תפארת בחורים, חייטים, אהבת אחים, און תקון ספרים

ווי עס איז באַקאַנט פון פריערדיגען אַרטיקל האָבען די ברייסקער לומדים געהאַט זייער חברה ש"ס. די אַנדערע ניט אַזוינע לומדים האָבען געהאַט זייער חברה משניות.

דער פּראָסטער עולם וואָס איז געווען ווייט פון אַלע זאַכען, האָט זיך געטייטיגט אין עפּעס אַ גייסטיגע אַרבייט. דער תהילים האָט די דאָזיגע פאַר־לאַנגען דערפילט. דאָ ביים תהילים האָט ער זיך אויך געפילט מיט אַלעמען גלייך. אין תהילים האָט ער אַריינגעטייטשט וואָס ער האָט נאָר געוואָלט. דאָס זיינען געווען זיינע תפילות צו גאָט. זיינע דאַנקען פאַר אַלעס.

עס איז שווער פעסטצושטעלען, ווען די חברה תהילים איז געגרינדעט געוואָרען. זיכער עקזיסטירט חברה תהילים שוין אַ לאַנגע צייט. מען דער־ציילט, אַז חברה תהילים האָט געשענקט אַ לייכטער פאַר'ן אַלטען בית־המדרש, וואָס האָט געהאַט פיר און צוואַנציג ליכט און האָבען געברענט פון פרייטאָג ליכט בענשען ביז שבת פאַרטאָג. דאַן פלעגען פון זיך אַליין אַנצינדען די צווייטע רייע ליכט. אַזוי אַרום איז שבת פאַרטאָג, ווינטער צייט געווען די בעסטע צייט צו זאָגען תהילים אין שוהל ביי דעם גרויסען לייכטער. די צייטען פון תהילים זאָגען זיינען אויך געווען לויט זייערע תקנות: ז' אדר, משה רבינו'ס יאָרצייט, שבועות, הושענה רבה, און זומער־שבתים פאַרנאַכט פאַר אשרי תמימי דרך. די חברה תהילים זיינען געווען געקומען צו אַ בר מנן זאָגען תהילים.

דער אָנפירער און גבאי איז פאַר אונזערע צייטען געווען אברהם פאָר־צעליניק. אָט דער פאָרצעלייניק איז גאָר געווען באַליבט ביי אַלעמען פאַר זיין באַקען די רעטשינע קוגעלעך און די אונליקעס, וואָס האָבען געהאַט טעם גן־עדן.

אונטער זיין גבאות איז די חברה תהילים געפירט געוואָרען אין אַלע תקנות, אָפּגעהיט געוואָרען פּינקטליך. אין אַלע שוהלען איז ער געקומען זעהן ווי עס גייט צו דאָס תהילים זאָגען. עס איז געווען באַשטימט, ווער עס דאַרף און וואו מ׳דאַרף זאָגען תהילים פאַר׳ן עמוד.

פאַר זיך האָט ער געהאַלטען דעם אַלטען בית־המדרש. פישל ספישינער האָט געהאַט די חזקה אין נייעם בית־המדרש. נאָך אים לאזער פיליפּאָווסקי, אין דער מערווינקער אין דריטען בית־המדרש, די שמולטשיקעס, נאַכער אשר טיקאצקי; אין פועל־צדק, יואלקע שוסטער; אין שניידערשען בית־המדרש, בנימקע אָדער קאָפּרוטקע; ביי די חסידים, קלמן משה. ס׳זיינען געווען שוהל־גבאים ווי לייבל סטעלמאַך, דוד עזריאל׳ס, מרדכי אייזיק אָבער אברהם פאָר־צעלייניק איז געווען דער הויפּט־גבאי. אחרון של פסח, ביי חברה תהילים, איז געווען ווייך, ניס, שמיני עצרת — קוואָס מיט עפּעל.

אַז אברהם פאָרצעלייניק האָט פאַרגעבראַכט אויסצוקלייבען אַ נייעם גבאי האָט מען געענטפערט: געזונט זאָלט איר זיין, און איר זייט דער גבאי פון חברה תהילים. ביי זיין טויט האָט ער באַקומען אַ שיינע לויה. הרב אברהם יעקב סעקערעוויץ האָט אים מספיד געווען. ליפּע פאָרצעלייניק, אברהם׳ס זון נעמט איבער די גבאות פון זיין פאָטער, שוין אַ מאָדערנער איד, אָהן אַ באָרד. אין מאַרק איז ער אינטערעסירט אין זאָגען מבינות אויף אַ פערדל אָבער אַ גוטער גבאי פון חברה תהילים איז ער געווען. צו די יום־טוב׳דיגע שמחות האָט ער צגעגעבען אַ ביסל בראָנפען.

די חברה תהילים איז אָנגעגאַנגען אויך אין מלחמה יאָרען, ביי דער סאָוועט־טישער הערשאַפט. האָט ליפּע, ניט געקוקט, געשיקט אידען צו זאָגען תהילים ביי אַ בר מנן. מיט פסוקים פון תהילים איז ליפּא צוזאַמען מיט אַלע געגאַנגען אין טרעבלינקע׳ר גאַז־קאַמערען, דעם 7־טען נאָוועמבער, 1942.

אין פאַרטיזאַנער אָטריאַד, אין בריינסקער וואַלד האָט הערשל שפּאַק, דער עלטסטער איד אָנגעפירט מיט׳ן תהילים. שטילערהייט האָט ער דערמאָנט אין די פריערדיגע גבאים פאַר אים, ליפּע און אברהם פאָרצעלייניק.

## חברה תפארת בחורים

דאָס איז געווען אַ חברה פון בחורים. די אַרבייטער יוגענד, די גרינדערס אברהם בראָדער, חיים אָדעסער, מאָטל שוסטער, שיע דער אַפריקאַנער, פּאַלעק

דער שניידער, אַלטער משה נוסיכעס, אַלטער משה אהרן דעם קצב׳ס און נאָך אַזעלכע יונגע לייט. אין 1890 שרייבען די תפארת בחורים אַן אייגענע ספר־תורה. זיי האָבען מנין אַלע שבת אין פאַרשידענע הייזער, ביי בנימין לייב דעם שניידער, ביי אַלטער ארקעס, נאָכהער ביי משה סוסעל, נאָך פאַר די צייטען פון יענקל זלמן אברהמ׳ס.

אַלע שבת האָט געדאַווענט אן אַנדער בחור פאַר׳ן עמוד. אַזוי זיינען אַרויסגעקומען שפּעטער פון זיי גוטע בעלי תפילות. עס איז קיין שבת ניט פאַרמיטען געוואָרען צו האָבען מנין. אהרן טשעשליער איז געווען דער זמירות זינגער. אַבעלע חסיד האָט געהאַט אַ גרויסע ליבע פאַר דער חברה. ער האָט זיי קיין מוסר ניט געזאָגט. ער איז געווען פריינדליך מיט די בחורים. מ׳האָט זיך צו אים צוגעוואוינט. האָט אימיצער געוואָלט מאַכען שפּאַס פון אַבעלען, האָט עס אים נאָכהער שטאַרק פאַרדראָסען, ווייל די יונגע בחורים האָבען אים באַשטראָפט דערפאַר. ווינטער, פרייטאָג־צו־נאַכט, זומער שבת בייטאָג האָט מען געלערענט די פרשה. עס איז געווען דער סאַלאַנטער בחור, אַ תלמיד פון דער ישיבה. דאַן הרב ר׳ חיים לייב ליעוו. אַלע בחורים פלעגען קומען אים הערען.

די גבאים זיינען געווילט געוואָרען ביז דער חתונה. האָט אַ גבאי חתונה געהאַט, האָט מען געמוזט מאַכען אַן אַנדער גבאי. די צאָל בחורים צום דאַווענען דערגרייכט ביז 150. אַברהם ווערפּיכאָווסקי ווערט אין יאָר 1913 צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט, ווערט אַלטער טרוס גבאי אויף זיין אָרט. דאַן קומט די וועלט־מלחמה און די תפארת בחורים לייזט זיך אויף. אין אַ קורצער צייט קומט ווער־פּיכאָווסקי צוריק פון מלחמה און די תפארת בחורים לעבט אויף. מיר אָרגאַני־זירען שוין אָבענד־קורסען, מיט וועלכע עס אינטערעסירען זיך די אינטע־ליגענץ פון שטאָט. די קורסען זיינען פאַרשידענע. די פרשה לערענט הרב אַלשוואַנק, משנה לערענט מיט אונז הרב ר׳ חיים לייב ליעוו, הערשל סטאָליער׳ס אידעם. אידישע געשיכטע פון גרעץ, צימבאַל, תנ״ך און היסטאָריע־וועלטלעכע, חיים הערש בריינסקי. מיר באַקומען אַן ערלויבעניש אויף די קורסען דורך די מיה פון הרב ר׳ שמעון שקאָפּ.

די צייט איז אָבער געווען ניט צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ טעטיגקייט. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט זוכט מער און מער מענשען אויף צוואַנגס־אַרבייט. מיר ווערען פאַרראַטען. אַ שבת ביים דאַווענען ווערט די שטוב אַרומגערינגעלט, מ׳וויל אונז פאַרבעטען אויף אַרבייט. עס איז די זשאַנדאַרען ניט געלונגען. מיר פאַר־מאַכען די טירען און לאָזען זיך אַוועק דורך אונטער טירען. קיינעם האָט מען

ניט געכאַפּט. די זשאַנדאַרען זיינען געבליבען ווי נאַראָנים ביי דער אָפּגעלייי־דיגטער שטוב.

אָט דער מנין איז געווען דער לעצטער צוזאַמענקום פון דער חברה תפארת בחורים אין בריינסק.

## חברה חייטים

לויט זייער פנקס איז די חברה געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1858.

ביז יענער צייט זיינען אין בריינסק געווען שניידערס נאָר ניט אָרגאַני־זירט אין חברות.

איר האָט געוויס געהערט, אַז אַמאָליגע צייטען פלעגען שניידערס אַוועק־גיין אין דאָרף און מיטנעמען זייערע לערן־אינגלעך. שבת נאָך הבדלה פלעגען זיי שוין גיין מיט די פּעק און קומען צוריק פרייטאָג צו ליכט בענשען.

עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגען קומען צופאָרען פרייטאָג מיט בריקעס, אַזעלכע פריצישע שניידערס ווי אליה דוד, בישקע, זלמן אברהם, אליה דוד איז געווען דער קינסטלער. פלעגט פאָרן פון פריצטע צו פריצטע, אויסשטיך פאַרשידענע משוגעת׳ן פון זיי. בישקע פלעגט נייען פאַר פריצים און גלחים. זלמן אברהם, איז אויך געווען אַ פריצישער שניידער. דאָס זיינען געווען די יחסנים.

עס זיינען אָבער געווען אַנדערע, ווי קאָקיצע, בנימקע, יעקב יאָסל, בנימין־לייב, די שמולטשוקעס, שפּעטער זושע, משה הערש סאַנעס, אָט די פלעגען נעבעך גיין צו פוס אויסמעסטען דערפער 20 קילאָמעטער ווייט פון בריינסק.

לויט׳ן דעקרעט פון 1858, אַז מייסטערס מיט רעמעסלינע ־רעכט טאָרען ניט גענומען ווערען פאַר סאָלדאַטען, איז געשאַפען געוואָרען אַ צעך. דער צעך האָט באַקומען רעכט צו באַשטראָפען אַלע, וואָס האָבען ניט געפאָלגט די תקנות פון צעך. אַזוי ווי די לערען־אינגלעך פון די שניידערשע בעלי מלאכות זיינען געווען די ערשטע קרבנות צו גיין דינען, האָט דער צעך באַקומען פיעל מאַכט. ווען דער צעך האָט באַשטעטיגט, אַז אַ לערן־אינגעל איז אַ מייסטער, האָט מען אים ניט געקענט נעמען. קהל איז שטאַרק ברוגז געווען, ווייל ווען זיי האָבען באַשטימט געוויסע יונגע לייט צו געהן דינען אנשטאט זייערע קינדער. האָט דער צעך זייערע פלענער צושטערט. זיינען טאַקע אַלע שניידערס און לערן־אינגלעך געוואָרען גוטע מיטגלידער אין צעך. האָבען געשאַפען אַ מנין צום

דאַוונען אויפ׳ן בוידעם־שטיבעל אין נייעם בית־המדרש. די צעך בעלי־הבתים האָבען געלעבט אַ טאָג. מערסטע פלעגען פאַרברייגען ביי מנוחה׳ן אין שענק. די לערן־אינגלעך זיינען געווען שטילע כדי צו זיין באַשיצט פון סאָל־דאַטשינע. האָבען באַקומען וויניג עסען, האָבען געמוזט טאָן אַלע אַרבייט, וואָס מען האָט זיי געהייסען טאָן. צווישען די ערשטע בריינסקער וואָס זיינען געפאָרען קיין אַמעריקאַ וועט איר געפינען מייסטענס אַזעלכע יונגע לייט, וואָס האָבען פשוט ניט געקענט אַריבערטראָגען מער די קעסט וואָס זיי האָבען באַקומען ביי זייערע צעך מייסטערס.

אין יאָר 1887 ווערט דער צעך פאַנאַנדערגעלאָזען, אָבער די חברה חייטים — דאָס איז געווען דער נאָמען פון צעך — איז פאַרבליבען ביים מנין. פון דעם איז שפעטער אַרויסגעוואַקסן דער שניידערשער בית־המדרש. דאַן איז די חברה חייטים אויפגעגעבען געוואָרען. בנימקע שניידער האָט דעם פנקס פון דער חברה חייטים אָפגעהיט ווי דאָס אויג פון קאָפּ.

דער שניידערשער בית־המדרש, וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון חברה חייטים ווערט דעם 7־טען סעפּטעמבער 1939 פאַרברענט פון דייטשע עאָ־פּלאַנען באָמבעס צוזאַמען מיט אַ גרויסען טייל פון שטאָט.

## חברה אהבת־אחים דבריינסק

די חברה איז געגרינדעט געוואָרען אין 1896 דורך אַ גרופּע בעלי־מלאכות. דער צוועק פון דער חברה איז געווען געגענזייטיגע הילף צו אַ מעמבער אין צייט פון קראַנקהייט אָדער ר״ל טויטן־פּעלע.

די הויפּט אָנפירער זיינען געווען מרדכי אָסקאַרט, מרדכי פורמאַן, חיים אָדעסער, בערטשע דער שטעפּער, אריה קראַץ, מאָטל שוסטער. איר ערשטער בוכהאַלטער איז געווען יוסף קאַסאָוויצקי, ניט קיין באַצאָלטער געוויינטליך. זייערע תקנות האָבען געלויטעט, אַז ווען אַ מיטגליד ווערט קראַנק זאָל זיין פּרוי באַקומען פון חברה דריי רובל אַ וואָך. ווען אַ מיטגליד זאָל שטאַרבען ר״ל זאָל יעדער קינד פון מיטגליד ביז 16 יאָר באַקומען אַ האַלבן רובל אַ וואָך.

די איינגאַמע פאַר דער חברה איז באַשטאַנען פון וואָכער, אַ זעקסער אַ וואָך. דער דזשעשאָנטניקל פלעגט גיין אַלע וואָך צו די מיטגלידער מיט אַ בוך. ער פלעגט מאַכען אין בוך אַ קייקעלע פאַר יעדען זעקסער וואָס ער האָט באַקומען.

חנוכה פלעגען גיין בעלי־בתים איבער'ן שטאָט מאַכען זאַמלונגען פאַר דער חברה. אריה, מרדכי פורמאַן, חנא קאַשטאַן, אברהמע בראדער פלעגען אין איין טאָג דורכשפּאַצירען די שטאָט און אַריינעמען נאָך אַביסעל זעק־סעלעך.





מרדכי פוהרמאַן — בערטשע דער שטעפּער

גרינדער פון אהבת־אחים

פורים נאָך דער סעודה פלעגט אַיינגעאָרדענט ווערען אַ פורים־שפּיל. די קרעפטען זיינען באַשטאַנען פון אַזעלכע באַרימטע אַקטיאָרען ווי אַלטער קאַפּיליעכעס, יענקל פידעל, חיים יאָבזאַק, גאַווורילקע דער שוסטער. די פאַר־שטעלונגען פלעגען פאָרקומען ביי אברהם שקאָפּ אין מויער אָדער ביי שציאָפּקען אין מויער. אריה און מרדכי פורמאַן פלעגען אַ גאַנצען טאָג פאַרקויפען די בילעטען. פּלאַץ איז געווען פאַר 200. בילעטען פלעגט מען פאַרקויפען 300 אָדער מער. אַז די פּני פון שטאָט, וואָס פלעגען קויפען בילעטען זאָלען טאַקע קומען אַליין צו די פאָרשטעלונגען, דאָס האָט זיך קיינעם ניט גע'חלומ'ט. נו, זיינען טאַקע אַלע געקומען צו דער מכירת יוסף שפּיל. פרעגט שוין ניט, וואָס עס האָט זיך געטאָן דאָרט. טאָמער האָבען די קאָמיטע ניט געוואָלט מער אַריינלאָזען קיין מענשען האָט מען געמאַכט סקאַנדאַלען. די אַקטיאָרען וואָס האָבען איינגעלאַדען זייער גאַנצע משפחה, האָבען זיך ענטזאגט צו שפּילען אויב מ'וועט ניט אַריינלאָזען זייערע פריינד. אַז מ'איז שוין פאַרטיג געוואָרען מיט'ן עולם, ווי עס איז איינגעזעצט זיך, איז זיך מישב חייקעלע די קצב'טע

און חלשט אַוועק. ווידער אַ טומעל, ס'נעמט אַ לאַנגע צייט ביז מען באַרו־היגט זיך. מאַכט זיך ווידער אַ געשיכטע, אַ טיש אויף וועלכען עס זיינען געשטאַנען אַ פינף און צוואנציג ווייבער, צוברעכט זיך, ווידער געשרייען, ווידער חלש'ן. ענדליך ווערט די פאַרשטעלונג דורכגעפירט און דער עולם איז צופרי־דען.

פורים בייטאָג פלעגען די פורים־שפילער אַרומגיין אין שטאָט צו בעלי־הבתים אָפזינגען אַ שטיקעל און באַקומען אַ זעקסערל. די איינגאַמען זיינען געווען פאַר דער חברה אהבת אחים. שבת פ' ויחי מאַכט די חברה אַ קידוש ביי אברהם שקאָפּ אין מויער. די געסט צום קידוש קומען אין גרופּעסוויז. ערשטענס קומט די גרופּע פון דריטען בית־המדרש. אָט קומט מען פון אַלטען בית־המדרש און אַזוי ווייטער. בראָנפען מיט לעקעך ווערט פאַרשוואונדען אַזוי שנעל ווי מען דערלאַנגט צום טיש. צומאָרגענס צורעכנט מען זיך. ס'מאַכט זיך אַמאָל, אַז דער דעפיציט פון קידוש איז אַזוי גרויס, אַז מ'וועט דאַרפען פאַר־נוצען אַ סך זעקסערלעך צו דעקען דעם דעפיציט.

די גרויסע עמיגראַציע האָט אַוועקגענומען אַלע יונגע לייט פון שטאָט. די וועלט־מלחמה אין 1914, די דייטשע אָקופּאַציע האָט צושטערט אַלע אידישע חברות.

## חברה תיקון ספרים בבריינסק

די חברה האָט געהאַט אַ אייגענעם זיגל. יעדער ספר וואָס איז אַרויס פון איינבינדער איז געשטעמפּעלט געוואָרען מיט'ן חתימה פון תיקון ספרים, אויך צו וועלכען בית־המדרש דער ספר האָט באַלאַנגט.

די חברה האָט אויפגעפּאַסט, אַז אַלע צוריסענע ספרים אין אַלע שוהלען זאָלען פאַררעפּט ווערען.

די איינגאַמע פאַר דער אַרבייט איז באַשטאַנען פון אַ פּושקע זאַמלונג. יעדען דאָנערשטאָג פלעגט שלומה בלק גיין איבער'ן שטאָט מיט דער פּושקע „חברה תיקון ספרים בבריינסק". ס'האָט פּאַסירט, אַז ס'איז ניט געווען גענוג געלד, האָבען די גבאים צוגעלייגט פון בית־המדרש געלד. די גבאים פון דער חברה זיינען געווען: יעקב מאיר כאַרלאַפּ, חנא'לע פאַרבער, אברהם ווינער, אברהם פּולשאַנסקי.

דער פאַרריכטען פון אָט די ספרים איז געווען דער הויפּט קוואַל פון הכנסה פאַר דעם שטאָטישען איינבינדער. עס זיינען געווען שמואלקע איינ־

בינדער, איטשע גאַרבאַטער, זייער אַ גוטער פאַכמאַן. לעצטענס איז געווען מאַטעס ליס, איינבינדער. דעם זאַרעמבער מלמד'ס אײדעם. ער האָט געפירט ביידע, די גבאות פון תיקון ספרים און טאַקע פאַרריכט די ספרים. די גבאים פון די בתי־מדרשים האָבען אים מיטגעהאָלפען..

אָט דער איינבינדער, מאַטעס ליס איז דערשאָסען געוואָרען פון די דייטשען צוזאַמען מיט זיין עלטערען זון דעם 25־טען דזשון 1941. דאָס איז געווען אין מיטען גאַס, כדי אָפּצושרעקען די באַפעלקערונג.

נאָך דעם אומקומען פון דער בריינסקער אידישער באַפעלקערונג זיינען אַלע אידישע ספרים פון די שוהלען עפענטליך פאַרברענט געוואָרען אין מאַרק.

דאָס איז געווען די ענדע פון דער חברה תיקון ספרים.

## אַכצענטער קאַפּיטעל

# שמשים און אונטער־שמשים

לויט די בתי מדרשים וואו זיי האָבן פאַרנומען די שטעלעס:

אברהם בער דער *שמש*, צווייטער נאָמען וורע‏אַנע. ער איז געווען *שמש* אין נייעם בית־המדרש, דאָך איז ער געווען דער אָפיציעלער שטאָט־שמש ביים רב און קהל.

אַז מען האָט געדאַרפט ווען רופען צום רב צו אַ דין תורה, האָט אברהם בער דאָס געטאָן. אַז מען האָט געדאַרפט רופען ווען צו אַ בן זכר אָדער צו אַ ברית, אָדער אויסטיילען בילעטען צו אַ חתונה האָט מען עס איבערגעגעבען צו אברהם בער׳ן. ער האָט שוין געוואוסט ווען מ׳דאַרף בעטען צו דער שמחה און ווען מען דאַרף בעטען צו זיצען אין דער היים. ער האָט קיינמאָל קיין טעות ניט געמאַכט. צו אַ יאָרצייט האָט אברהם בער אָנגעצייגט מיט׳ן פינגער, וואו דער קבר געפינט זיך. ער פלעגט רופען אַלע פאַרנאַכט אין שוהל אַריין. זיך אָוועקשטעלען אין מיטען מאַרק און מיט זיין דינע, אָבער קלינגענדיגע שטימע אַ געשריי טאָן „אין שול אַריין” און איז געגאַנגען ווייטער. אברהם בער פלעגט פירען דעם רב אין שוהל און אויך פרייטאָג אין מרחץ. ער איז געווען דעם רב׳ס בעל יועץ. זייער אַ קלוגער מענש געווען מיט אַ גוטען חוש פאַר הומאָר.

*שעפסל קצב* איז געקומען צום רב זיך באַקלאָגען, אַז אפרים קיווע דער קצב האָט אים געשלאָגען. זאָגט אברהם בער צום רב: „רבי, מען דאַרף גיין זעהן וואָס אפרים קיווע מאַכט”. זיינע שכירות קליינע, אַ בעל מטופל, האָט געהאַט אַנדערע פרנסות, געווען אַ מצבה קריצער.

פון אברהם בער׳ן זיינען דאָ אין אַמעריקע, אַרגענטינע, פּאַלעסטינע, אייניקלעך און אור־אייניקלעך. סעם באקער, דער וויכטיגסטער טוער פון ברייני־סקער רעליף, וועלכער וואוינט איז אַטלאַנטא, איז אברהם בער *שמש׳ס* אייניקעל.

נאָך זיין טויט פאַרנעמט זיין שטעלע אין נייעם בית־המדרש מאַרקעל, כאָטש ער האָט זיך ניט געטויגט צו דער אַרבייט, מסתמא האָט ער געהאַט אַ גוטען צד. ווען ער פלעגט גיין נאָך חנוכה געלד, פלעגט ער אין יעדער הויז פאַר־ברייגגען שטונדען, אַזוי אַז ביז פסח איז ער קוים פאַרטיג געוואָרען מיט דעם. נאָך זיין טויט ווערט מיכל דוד גראַניצע שמש. זיין יחוס איז, ער איז אברהם בער'ס איידעם, נאָר ער איז אַ צו שטילער איד. אַליין איז ער געווען אַ וואַלד סוחר, האָט ניט געקענט אויסשטעלען קיין האַנד. האָט ער טאַקע געליטען דחקות, ווייל בריינסקער אידען גיבען ניט, אַז מען האָט ניט שטאַרק געמאָנט. נאָך זיין טויט ווערט ר' נחום סקורניק שמש. אויך ער, אַ געוועזענער מעהל־שענקער טויג זיך ניט אויס צו שמשות. ער האָט אָבער געהאַט אַ מעלה, וואָס ער האָט זיך יאָ געטויגט צו אַ שנאַפּס. ביי אַ שמחה האָט ער זיך פשוט מחיה געווען. חברה פלעגען אים צושאַרען: ר' נחום, מאַכט נאָך אַ שנאַפּס. צו זיין שמשות האָט אים אַרויסגעהאָלפען חיים לייבל סאַנעס איידעם. ר' נחום האָט אים דאָס ערלויבט.

דאָס זיינען געווען די שמשים פון נייעם בית־המדרש.

אין אַלטען בית־המדרש:

משה יהודא שמש, ווער האָט אים ניט געקענט, און וועמען האָט משה יהודא ניט געקענט. ער האָט געוואוסט פון אַלע שווערע הערצער, אַלע יאָר־צייטען. דעם טאָג, דעם פלאַץ, וואו, ווער עס איז באַגראָבען, און לעבען וועמען, אַלעס האָט משה יהודא געוואוסט אויפ'ן קאָפּ. ער איז געווען דער בית־דין־שמש נאָך אברהם בער'ס טויט. האָט קיינעם ניט גע'חנפ'עט. זיין רופען אין שול איז אויך געווען גרויסאַרטיג. ער האָט געוואוסט יעדען איינעם, ווי זיין פאָטער האָט געהייסען. ער האָט קיינעם ניט גענאַרפט פרעגען. ר"ח אלול אויפ'ן בית־עולם איז משה יהודא געווען ממש אַ נויטווענדיגקייט. אָן אים האָבען פרויען און מאַנכע מענער נעבעך באַקלאָגט פרעמדע קברים. ער פלעגט אָפּהיטען צו מאַכען אל מלא רחמים. די לייטע וועמעס קינדער זיינען שוין געווען ערגעץ צופאָרען אין אַמעריקע, ניט צוליב געצאָלט. ער איז געווען אַ וואונדערבאַרער בעל תפילה. און דערצו אַ קלוגער איד. פאַר אַלעמען האָט ער געהאַט אַ שמייכעל. ער איז געווען שמש אַרום 55 יאָר. ביי אַ ברית פלעגט ער אַרויסטרייבען די אָנגעלאָפענע קינדער, זיי וואָרנען אַז מ'וועט זיי עפּעס טאָן, פלעגען זיי אַרויסלויפען און זיך צוהאַלטען ביי די הייזלעך. אין 1937 ווערט דער גוטמוטיגער משה יהודא באַפאַלען פון אַ באַנדע פוילישע

נאַראָדאָווצעס, ווערט צשלאָגען און צוהרג'עט. משה יהודא קרענקט אָפּ אַ לאַנגע צייט, גייט אַרום מיט אַ באַנדאַזשירטען קאָפּ. משה יהודא ווערט צוזאַמען מיט'ן רב און מיט אַלע בריינסקער אידען, אַלס 87 יאָריגער זקן אַרויסגעפירט אויף קידוש השם אין טרעבלינקער גאַז־קאַמערען דעם 7־טען נאָוועמבער 1942.

אונטער־שמשים אין אַלטען בית־המדרש זיינען געווען: אַנטשעלע באַ־גרעבער, נאַכהער הערשל פּאַנץ. צו ברית'ן און צו חתונות האָבען זיי זיך ביידע געטויגט. זיי האָבען ביידע אָפּגעהיט די יום־טוב־געלד אָדער חנוכה־געלד. אַלע פרייטאָג אויסגעקערט דעם בית־המדרש, אויסגעווישט די לאָמפּען, און מאָנטאָג נאָכ'ן מאַרק אַרומגעקערט לעבען בית־המדרש. ווינטער אויסגעהייצט דעם גרויסען אויוועו. דאָס האָבען זיי גראַדע געטאָן זייער גוט, ווייל עס וואָלטען געווען צו פיל קריטיק פון די שטענדיגע לעבען אויוועו זיצערס, ווען זיי וואָלטען אַמאָל די אַרבייט פאַרנאַכלעסיגט.

אין דריטען בית־המדרש:

זלמן שמש, אברהם בער'ס אײדעם, אַ גרויסער למדן און אויך אַ גוטער בעל תפילה. פאַר זיין שמשות איז ער ניט געווען צו פיל באַליבט ביי די רייכע בעלי הבתים פון דריטען בית המדרש. זלמן שמש שטאַרבט כמעט אַ יונגער מענש.

אויף זלמנ'ס אָרט קומט אָן משה אהרן וואַסער. ער האָט זיך שוין ניט באַנוגענט מיט שמשות. ער איז געווען אַ מלמד און אויך אַ קליעקטאָר. דאָס הייסט, פאַרקויפט צעטלען צו די לאָטערייען. דאָך איז ער געווען פון די גרויסע אָרימע לייט. אַרום אים האָבען זיך שטענדיג גרופּירט אידען למדנים. נאָך זיין טויט ווערט שמואל קרוק. פיניע שטעפּערס, שמש. שמואל קרוק איז געווען אַ מגיד. זיך גערופען אויף די געדרוקטע מודעות הרב ר' שמואל קרוק מבריינסק. ער האָט זיך ריכטיג צוגעפּאַסט צו די גבירים פון דריטען בית־המדרש. ער איז אויך געווען פון די ניט קליינע קבצנים. ער האָט געהאַט אַ פאַמיליע פון אַכט קינדערלעך. ער האָט זיי גערופען טאַרטאַקען. אַליין איז ער געווען אַ קליין דאַר אידעל מיט אַ שטייפען קאַפּעליוש. מ'האָט אים אין שטאָט פאָרט ליב געהאַט. אַנדערע זיינען געווען אויף אים ברוגז, ווייל די שטאָט האָט פאַר אים געדאַרפט באַצאָלען פאַר זיין אָפּעראַציע אין שפּיטאָל, וואו ער איז אָפּגעלעגען אַ פאַר מאָנאַטען.

אין 1939 ווען די סאָוועטען נעמען איבער בריינסק, געפינט זיך שמואל

קרוק אָן אַ דאַך אויפ׳ן קאָפּ, האָט ניט וואו צו זיין, פאָרט ער אַוועק מיט זיין פאַמיליע אין רוסלאַנד.

ביז היינט האָט מען פון אים ניט געהערט.

די אונטער־שמשים יואלקע דער ניקאָלייעווסקער סאָלדאַט, אַ בייזער איד, קיינמאָל ניט געלאָזען קיין קינדער זיך אַביסעל אַנוואַרעמען. דעם בית־המדרש האָט ער געהאַלטען זייער ריין. די לאָמפּען האָבען שטענדיג געבליצט. קיין צו פיל ליבע צו זיינע בעלי הבתים האָט ער ניט געהאַט. זיי פלעגען אים רופען פאָגיע. נאָך אים איז געוואָרען אברהם הענעך דער קאָמיניאַר מיט׳ן פאַמיליען נאָמען קאַץ, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט פון דענענבורג. חתונה גע־האָט אין בריינסק. ער איז געווען זייער אַ גוטער מענש. ער האָט געהאַלטען די שול ריין. ער האָט געהאַט פילע געשיכטעס צו דערציילען, האָט געזוכט וועמען צו דערציילען. אַלע האָבען געזאָגט: „אברהם הענעך, שוין געהערט די מעשה״. ער איז אַרויסגעפירט געוואָרען צו די גאַז־קאַמערען אין טרעב־לינקע דעם 7־טען נאָוועמבער 1942.

שניידערשער בית־המדרש:

דער ערשטער משה וועלוועל שמיט, מושאַנסקי שמש. אַ שטילער אַ קראַנקער, ווייניג באַוועגליכער איד, וואוינט אין בית־המדרש שטיבל, האָט ווייניג אַרבייט, און נאָך ווייניגער פּרנסה. ווען ער שטאַרבט קומט ניט קיין שמש אויף זיין פּלאַץ. אריה קראַץ, און שפּעטער אַלטער קאָפּעליכעס זיינען גבאים און אויך שמשים.

פּועלי צדק:

דער ערשטער שמש איז געווען משה־בער. דאָס איז געווען הערשל דעם סטאָליערס פאָטער. זיין נאָמען משה־בער רוצקי, לויט עלטערע אידען דער־ציילען, איז דער משה בער געווען זייער אַן אָרענטליכער איד. פון זיין שמשות האָט ער גאָר ניט געהאַט. ער האָט בלויז געדאַרפט צוקערען דעם בית־המדרש אַלע פרייטאָג.

זעליג שמש, מ׳פלעגט אים רופען זעליג קוטשמירער. זיין פאַמיליען נאָמען איז געווען קאַפּלאַנסקי. זעליג איז געווען אַ איד מיט אַ הדרת פּנים. לייטע האָבען געזאָגט, אַז זעליג קוטשמירער איז מיט יאָרען צוריק אַרומגעפאָרען אַלס חסידישער רבי איבער וואָלינער געגענד און געשריבען קמיעה׳ס. זיין גבאי איז געווען לייבע אָליענצקע. זייערע ביידענס אויסזען האָט געפּאַסט צו דעם.

פאַר'ן פועל צדק וואָס האָט זיך גערופען דער שוסטערשער בית־המדרש איז ער געווען ווי צוגעפּאַסט.

אַ גוט מוטהיגער מענשעל געווען דער זעליג קוטשמירער. ווען חברה פלעגען דערפּראָווירענע נאָכ'ן גליטשען זיך אויפ'ן טייך ערגעץ וועלען אַריינ־קומען זיך אָנוואַרעמען זיינען אַלע שולען געווען פאַר זיי געשלאָסען. אָבער ניט ביי זעליג'ן. נאָך זיינע וואָכער פלעגט ער גיין לאַנגזאַם. אָנפאַנגען מיט־וואָך. ער האָט געהאַט גוטע בעלי הבתים, גוטע צאָלערס.

זיין אונטער־שמש איז געווען יאָסל טרעגער. אַ גוטער אידעל, געהאַלטען ריין דעם בית־המדרש. נאָכ'ן טויט פון זעליג קוטשמירער ווערט יאָסל טרע־גער שמש אויף זיין אָרט. עס צייגט זיך אַרויס אַז יאָסל טרעגער, זיין צוויטער נאָמען קאַפּלאַן, איז אַ גוטער שמש, ניט קיין פוילער. ער נעמט איבער די אַרבייט צו טראָגען בילעטען אויף חתונות און ברית'ן. יאָסל טרעגער ענדיגט זיין לעבען אין די גאַז־קאַמערען פון טרעבלינקע גלייך מיט אַלע בריינסקער אידען דעם 7־טען נאָוועמבער 1942.

אין חסידים שטיבל זיינען קיינע שמשים ניט געווען. די מתפּללים האָבען אַליין געטאָן אַלע אַרבייט, שמשות, אונטער־שמשות און גבאות.

### ניינצענטער קאַפּיטעל

## בריינסקער גבאַי'טעס, זאָגערקעס

דאָס זיינען אַ ספּעציעלער טיפּ פרויען, וואָס האָבען געטאָן זייער אַרבייט צו העלפען מיט וואָס זיי האָבען נאָר געקענט די אָרימע פאַמיליעס אין שטאָט. מיר מוזען זיך באַקענען מיט די פרויען אום דאָס בילד פון אַלע שטאָטישע טעטיגקייטען זאָל דערמיט זיין פאָלשטענדיג. ספּעציעל זיינען די פרויען ווערט, אַז זייערע אַרבייט לטובת די אָרימע זאָל פאַרצייכענט ווערען לדורות.

פרומאַלע די גבאַי'טע. זי איז געווען די פרוי פון ר' נח בערמאַן. פרו־מעלע גייט אַרום פרייטאָג צו בעל־הבית'טעס, באַקומט איבעראַל אַ חלה, אַ בולקע אָדער עטליכע קיכלעך, אין שטאַרקסטען פראָסט אָדער אַ זאַווערוכע, פרומעלע טהוט איר אַרבייט. זי קלייבט אויף שבת'דיגע געבעקס. טאָמער קומט פרומעלע אַביסעל שפּעטער, ווייסען די בעל־הבית'טעס און זיי האַלטען פאַר איר דעם חלק. פרומעלע האָט שוין אירע קאָסטימערס. שטילערהייט, ניט מיט קיין טומעל, לאָזט זי איבער אין הייזער די חלות און בולקעס. זי מאַכט עס אַזוי קונציג, אַז קיינער באַמערקט ניט וואו פרומעלע איז געווען, און צו וועמען זי האָט דערלאַנגט אירע שבת'דיגע געבעקס. אָבער איר מעגט זיין זיכער, אַז אין קיין הויז האָט ניט געפעהלט אויף שבת. ווייל פרומעלע האָט פון אַלעמען און פון אַלעס געוואוסט. פרומעלע איז אויך געווען די גבאַי'טע פון חברה קדישא. אין שול איז זי די הויפּט זאָגערקע. אַלע פרויען הערען זיך צו צו איר און דאַווענען מיט. פרומעלע איז געווען איינע פון די אמת'ע נשים צדקניות. זי שטאַרבט עלענד, קינדערלאָז, האָט אַ שיינע לויה מיט אַ הספד, וועלכען זי האָט כשר פאַרדינט.

### חייה אסתר די גבאַי'טע

איר מאַן איז געווען נחמן היטל־מאַכער. אויך זי איז געווען פון דעם זעלבען סאָרט פרויען ווי פרומעלע, וואו אַ קראַנקע, אַ הונגעריגע אָדער אַ

באָרוויסע, דאָס האָט חייה אסתר געוואוסט, זיך גלייך פאַראינטערעסירט. פיעלע מאָל האָט הרב ר׳ יצחק זיוו אָדער הרב צוקערמאַן איר גערופען און באַקאַנט גע־מאַכט מיט געוויסע פעלע וואָס פאָדערען איר הילף. חייה אסתר ווייס שוין וואו מ׳קען קריגען אַ פערטעל עוף. זי מאַרשירט אַריין צו אהרן וועלוועליכען די



חייה אסתר די גבאיטע

בעקערקע. מאַניע גאָלדוואַסער אָדער צו רייזעל בלומע פּאָטינקע, שרה דער בעקערקע. אָדער גייט פון שטוב צו שטוב און זאָגט: „נעבעך, אַ אָרימע, קראַנקע קינפּעטאָרין״. זי באַקומט אַ פּאָר גראָשען און אַלעס וואָס פאָדערט זיך. טאָמער איז זי קראַנק און קען ניט גיין אַליין, מאַכט ניט אויס, זי קויפט פאַר איר געלד. זי האָט צוטרויען צו די שטענדיגע קאָסטימערס. זיי וועלען דאָס גוט מאַכען. די בעלי־הבית׳טעס ווייסען אַז חייה אסתר דאַרף געלד, מסתמא איז געוועזן נויטיג. דערביי רעכענט זי זיך ניט מיט קיינעמס פּראָ־טעסטען. טאָמער איז אימיצער ניט געוועזן אַזוי פרום, האָט חייה אסתר זיך געמאַכט ניט וויסענדיג. „ס׳איז אַ רחמנות, נעבעך אַ קראַנקע״, זאָגט זי. איר הויז איז שטענדיג געוועזן אָפען. ווער עס האָט געדאַרפט חייה אסתר׳ן איבער־געבען אַ סוד, וועגען אימיצען, אָדער סתם קומען טרינקען אַ גלעזעל טיי. פעשקע די משוגענע פלעגט גאַנץ גוט וויסען, אַז ביי חייה אסתר׳ן קען זי אַלע־מאָל אַריינקומען כאַפּען אַ גלעזעל טיי אָדער זיך צולייגען שלאָפען אין איר בעט. חייה אסתר פלעגט בלויז באַמערקען: „מ׳דאַרף שוין ווידער איבערציען די בעטגעוואַנט״. זלמן דעם רב׳ס איז אַ שטענדיגער איינגייער ביי איר אין

הויז. ער טרינקט אַ גלאָז טיי און חיה אסתר פאַרריכט אים די הויזען אָדער דעם ראָק. פרייטאָג געפינט זלמן ביי חיה אסתר'ן אַ פרישע העמד מיט זייף צו גיין אין מרחץ.

ערב שבת איז חיה אסתר פאַרנומען מיט אַ גרויסען קאָרב, גייט פון שטוב צו שטוב נאָך בולקעס. זי האָט שוין געוווּנט פאַר אַ גאַנצע וואָך שפּייז פאַר אירע קונדען. זי איז אויך פון די גבאי'טעס פון חברה קדישא. טוט די אַרבייט ביי טהרה, ראַמט אויף די שטוב, קאָכט אָפּ עפּעס אַ געקעכץ, אַז די קינדער וועלען קומען פון דער לויה זאָל כאָטש זיין אַ ביסעל וואַרעמס.

זי איז אויך די זאָגערקע אין שול. אין אַלטען בית־המדרש, אין פרויען שול, ביים פענסטער וועט איר חיה אסתר'ן געפינען מיט די ברילען זאָגען פאַר די ווייבער. ווען זי ווערט קראַנק איז איר איינציגע זאָרג, ווער וועט יעצט זאָגען פאַר די אָרימע קראַנקע? זי איז געווען עלענד, איר פריינד פייוועל דער שוסטער פלעגט צו איר ווייניג קומען נאָר מיין פאָטער מאָטיע־אַבע און די מאַמע פלעגען איר אָפּט באַזוכען. זי שטאַרבט. און דער רב מאַכט איר אַ הספד, אויך אַ כשר פאַרדינטען.

קלמן משה'כע נעמט איבער די אַרבייט. זי טהוט איר אַרבייט אויסגעצייכענט, נאָר זי רעדט אַביסעל צו פיל. דערציילט ווער ס'האָט איר געגעבען אַ פאַרברענטע בולקע און וועמען זי האָט די פאַרברענטע בולקעס אָוועקגעגעבען. געוויס אַזוינע וואָס דאַוונט ניט. חייקעלע די קצב'טע געפעלט דאָס זייער. „גוט האָט איר געטאָן, לאַנג לעבען זאָלט איר, ווי אַזוי זיי בעטען זיך די גוים אַזוי זאָלען זיי שלאָפען". ביי אַ טהרה איז זי זייער טעטיג, ניט נאָר מיט אַרבייט נאָר אויך מיט'ן מויל, טראָגט אַ שרעקליכען האַס אויף די פרייע. ביי אַ חברה קדישא סעודה געפינט זי אַלע מאָל וועמען צו באַשולדיגען און ניט טאָן די אַרבייט ריכטיג. „צו אַ טהרה זיצט איר אין דער היים, אַבי צו דער סעודה קומט איר."

קלמן משה'כע שטאַרבט אויך אַן עלענדע. ערגעץ אין שיקאַגא דאַרפען זיך געפינען אירע קינדער און אייניקלעך.

די הויכע פייגע.

זי איז ניט געווען קיין בולקע קלייבערין. איר הויפּט אַרבייט איז געווען אַ זאָגערקע אין שול. אַרום איר געפינען זיך שטענדיג אַ פאָר טוץ ווייבער און פייגע מאַכט זיי ווייגען מיט ביטערע טרערען. די הויכע פייגע איז אָבער זייער אַ פריילעכע פרוי, האָט אַ וועלט מיט גלייך ווערטלעך, מיט וויצען. מ'האָט

געמורמעלט, אַז זי איז בלויז געקומען צו אַ טהרה פון אַ יחסנ׳טע. ר״ח אלול, ווען ווייבער קומען איף קבר אבת איז די היכע פייגע געווען איפ׳ן בית־עולם באַלד נאָכ׳ן ערשטען דאַוונען. די ווייבער האָבען אָן איר ניט געקענט וויסען, וואו זייערע ליבסטע זיינען באַערדיגט. פייגע האָט שוין אַלעס געוואוסט. אָן משה יהודה דעם שמש האָט זי ניט אָנגעפאַנגען צו זאָגען, ווייל ער האָט געדאַרפט מאַכען די הזכרה. ערשט נאָך דער הזכרה ווערט די הויכע פייגע טעטיג. אַ ים מיט תחינות און טרערען. זי האָט געוואוסט פון אַלע שווערע הערצער, האָט אין די תחינות אירע אַריינגעטראָפען צו בעטען פונקט וואָס די ווייבער האָבען געוואָלט בעטען. זי האָט געוואוסט ווער עס דאַרף נעבעך האָבען אַ רפואה שלמה. ווער עס דאַרף חתונה מאַכען אַ טאָכטער אָדער ועמעס זון דאַרף שטיין צום פריזיוו. מ׳האָט איר גאָר ניט געדאַרפט זאָגען. אַלעס האָט זי געוואוסט.

זי איז געווען גרייט מיט אַ וויץ. ווען זי האָט געזען אַז אַ פרוי, ניט קע־נענדיג זיך דערוואַרטען אויף איר, האָט דערווייל אָנגעפאַנגען צו וויינען ביי אַ קבר. פלעגט זי אַ זאָג טאָן צו משה יהודה׳ן: „זעה נאָר משה יהודה ווי זי באַוויינט אַ פרעמדען קבר״. צו אַ יאָרצייט איז מען אויך ניט געגאַנגען אָן דער הויכער פייגען.

די פייגע האָט געלעבט פון איינגאַמע פון אַ מויער, וואָס איז איר גע־בליבען בירושה. אין דעם מויער האָט געוואוינט אשר טיקאָצקי. אנשטאט דירה געלד ווייזט ער איר נאָר חשבונות פון רעמאָנטען און אַז זי ווערט אַביסעל ברוגז, זאָגט אשר, דער מויער איז דאָך מענדל משה היצלס. שווייגט זי שוין. זי שטאַרבט אויך אַ עלענדע. משה יהודה באַזאָרגט איר מיט אַ שיינעם אָרט, אַ שיינע לויה נאָר אָן אַ הספד.

די באָטקער מלמד׳קע קלייבט אויך שבת געבעקס, האָט אירע קונדען, זיך ניט עוסק געווען אין חברה קדישא אַרבייט. זי האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דעם, וואָס זומער אין מאַרק־טאָג פלעגט זי אַרומטראָגען קאַלטע וואַסער, יע־דען געבען צו דערפרישען זיך מיט אַ קאַלטען טרונק, נאָר אידען פלעגט זי דערמאָנען צו מאַכען שהכל.

די לעצטע צוויי גבאי׳טעס זיינען געווען אַלטערקע דעם אָדישאווער׳ס וויב און פרומקע יענקל ברעזשניצער׳ס צווייטע וויב. ביי דער פרומקען פלעגען נעכטיגען פרעמדע אָרימע לייט, ניט נעמען קיין געלד ביי קיינעם פאַר דעם.ביידע האָבען זיך באַטייליגט מיט העלפען אַלע, וואָס האָבען זיך גענויטיגט.

פלעגען אויך אַרומגיין נאָך בולקעס און האָבן געהאַט זייערע קאָסטימערס צו פאַנאַנדערטיילן. דיביידע פרויען ווערן אַרויסגעפירט צו די גאַז־קאַמערן צוזאַמען מיט אַלעמען דעם 7־טען נאָוועמבער 1942.

ס׳דאַרפען נאָך דערמאָנט ווערן די פאָלגענדע פרויען: ביילע פייגע, ערשל שוסטער׳ס ווייב. ביי איר איז געווען אַ הויז, וואו יעדער הונגעריגער איז פון דאָרט אַרויסגעקומען זאַט. די קאַדלובאָווקער רימערקע האָט געענדיגט מיט איר מאַן און קינדער אין די גאַז־קאַמערן צוזאַמען מיט אַלע אידען.

ס׳זיינען געווען אַנדערע זאָגערקעס, אביכע די גבאי׳טע. רחל שלומה מאַ־אַלעסכער׳ס וועלכע איז ניט נאָר געווען אַ זאָגערקע נאָר אַ גרויסע בעלת צדקה. אין אַלעס האָט זי מיטגעהאָלפען. זי ווערט אָבער פאַרראַטען מיט נאָך צוויי און זיבעציג אידען. זי ווערט דערשאָסען דעם 15־טען נאָוועמבער 1942, ווערט באַערדיגט אין ברודער־קבר אויפ׳ן בריינסקער בית־עולם.

זיסעלע יענקל זלמן אברהמ׳ס און רחקע פון בענדוגע זיינען אויך באַרימט געווען אַלס גוטע זאָגערקעס. ווייבער האָבן געזאָגט, אַז ביי זיי פערלט פון מויל.

צוואנציקטער קאַפּיטעל

# עמיגראַציע

די אורזאַכע וואָס האָבען געטריבען ברייינסקער אידען צו עמיגרירען זיי־נען געווען פאַרשידענע. ברייינסק האָט זיך געהאַלטען אין ענטוויקלען צו אַ שטאָט מיט אַ באַדייטענדע אידישע באַפעלקערונג.

דאָך זיינען אַלע מאָל געווען באַשטימטע אורזאַכען, וואָס האָבען געפירט, אַז ברייינסקער זאָלען זיך אַוועקלאָזען אין וויטע מקומות, עמיגרירען.

דער ערשטער שטויס, וואָס האָט געפירט דערצו איז געווען אין די צייטען פון דער קאַנטאָניסטישער גזרה. עס האָבען זיך דאָן געפונען אין ברייינסק יונגע בחורים, מוטיגע. זיי האָבען זיך שטאַרק געשראָקען מען זאָל זיי ניט כאַפּען און אָפּגעבען פאַר ניקאָלייעווסקע סאָלדאַטען. מערסטענס זיינען עס געווען אָרימע יונגען אָן פּראָטעקציע. אין שטאָט זיינען זיי ניט געווען זיכער. האָבען זיי זיך פּשוט אַרויסגעריסען פון ברייינסק און געמאַכט פּליטה.

אַזעלכע יונגע לייט פלעגען צו פוס זיך דערשלעפען קיין בריסק. דאָרטען פלעגען קומען וואָלינער סוחרים מיט זייערע פערד און וועגען. די בחורים פלעגען זיך אָנדינגען ביי די סוחרים אַלס טרייבערס. מיט דער האָפנונג, אַז קומענדיג ערגעץ אין וואָלין וועלען זיי זיך קענען אַרויסכאַפּען צום עסטרייכישען גרעניץ.

בראָד איז דאָן געווען זייער פּאָפּולער אַלס די גרענעץ שטאָט צווישען רוסלאַנד און עסטרייך. אָבער ניט אַלע איז געלונגען דורכצופירען די פּלענער. ווייל אין וואָלין פלעגען אַזעלכע פרעמדע בחורים געכאַפּט ווערען פאַר זייערע אייגענע שטאָטישע רעקרוטען. אָדער די זעלבע סוחרים פלעגען זיי איבער־געבען צו די כאַפּערס און אַזוי אַרום באַפרייט זייערע אייגענע יונגע לייט פון סלוזשבע.

אייניגע האָבען דאָך באַוויזען זיך אַריבערצוכאַפּען דעם גרענעץ און זיינען

דאָן אָנגעקומען נאָך פיעל שוועריגקייטען צו די ברעגען פון אַמעריקע אָדער אַנדערע ווייטע לענדער.

אין יאָר 1851 האָט מען אין בריינסק גערעדט, אַז איינער מיט'ן נאָמען פאליק געפינט זיך ערגעץ אין סטאמבול, טערקיי.

עס איז געווען אַנדערע אורזאַכען, וואָס האָט געטריבען מענשען צו עמיגרירען, טאָמער האָבען געוויסע מענשען זיך מיט עפּעס פאַרזינדיגט פאַר גאָט אָדער פאַר לייטען, איז פאַר זיי שוין געווען בלויז איין וועג אָפען — עמיגראַציע.

די פאָלגענדע געשיכטע וועט געבען אַביסעל אַ באַגריף וועגען אַזעלכע עמיגראַנטען.

אין יאָר 1937 קומט צופאָרען אין בריינסק אַ דעלעגאַט פון וואַרשע־ווער פּאַלעסטינע אַמט. ער שטעלט זיך פאָר פאַר אַ יורידישען פאַרטרעטער פון פּאַלעסטינער ירושות־אַמט. ער דערציילט פאַר דער בריינסקער קהילה, אַז אין יאָר 1930 איז אין ירושלים געשטאָרבען אַ פרוי מיט'ן נאָמען ליבע אדעססער. זי שטאַמט פון בריינסק. זי האָט פאַרלאָזען בריינסק אין יאָר 1861, ווייל אַלס מיידעל האָט זי געבאָרען אַן אומגעזעצליך קינד. אירע קרובים האָבען איר דאַן אַוועקגעשיקט קיין פּאַלעסטינע צו פאַרדעקען די שאַנדע פאַר דער משפחה.

די פרוי איז געשטאָרבען אין אַ מושב זקנים אין ירושלים, קיין קינדער זיינען פון איר ניט געבליבען. זי איז געווען אַ רייכע, האָט געהאַט אַ גרויסען פּרדס. אין איר צוואה האָט זי אַלעס אָפּגעשריבען פאַר אירע קרובים אין בריינסק, גראָדנער גובערניע.

ער איז דערום געקומען אַהער אויסצוגעפינען די קרובים פון דער ליבע אדעסער. קיינער אין בריינסק האָט אין 1937 ניט געוואוסט און ניט גע־דיינקט וועער זי איז געווען אָדער וועער עס זיינען אירע קרובים אין בריינסק אָדער אין אַנדערע לענדער. אייניגע האָבען זיך גראַדע יאָ געמאָלדען צו דער ירושה נאָר אָן באַשטימטע באַווייזע. דריי טעג האָבען מיר אין בריינסק געפירט אַן אונטערזוכונג, זיך געפרעגט און נאָכגעפאָרשט ספּעציעל ביי די אַלטע לייט אין שטאָט.

די עלטסטע אין בריינסק איז דאַן געווען ליבע זילבערשטיין, יענקל וואַסער־טרעגערס פרוי, 93 יאָר אַלט. די אַלטע ליבע איז אָבער ניט געווען אימשטאַנד זיך צו דערמאָנען פון אַזאַ פאַל. זי האָט געשטאַמעלט, פאַרקנייטשט

דעם 93־יאָריגען שטערען אירען, וואָס איז שוין אַזוי אויך געווען פון אַלט־קייט צוקנייטשט, נאָר קיין באַשטימטעס האָט מען פון איר ניט געקענט אַרויס־קריגען, ווער די פרוי איז געווען.

נאָך אַ פאַלשטענדיגע אונטערזוכונג איז דער פאַלעסטינער פאַרטרעטער פון ירושות־אַמט אַוועקגעפאָרען מיט גאָרניט.

דאָס צייגט, אַז אין יאָר 1861 האָט מען שוין געוואוסט אין בריינסק פון עמיגראַציע. און זיך באַנוצט מיט דעם ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען.

עס איז באַוואוסט, אַז אין 1867 איז אַוועקגעפאָרען פון בריינסק דעם מילכיגען שניידערס אַ פעטער. ערשט מיט יאָרען שפּעטער — 1873 איז גע־קומען פון אים אַ בריף פון אַמעריקאַ.

אין די יאָרען פון 1875 ביז 1880 זיינען פילע בריינסקער אַוועקגעפאָרען קיין אַמעריקאַ. שלומה באַלבאָד האָט שוין דאַן געהאַט אַריבערגענומען צו זיך עטליכע פון זיינע קרובים.

אברהמע דער היטעל־מאַכער און דוד פראַגער זיינען געווען פון די בריינסקער עמיגראַנטען אין יענער צייט.

אַ בריינסקער אימיגראַנט אין ניו־יאָרק אין שבת׳דיקע מלבושים אין די 90ער יאָרען



אַלטער יאָקל איטשיכעס

פון יאָר 1880 פאַנגט זיך אָן אַ גרעסערע עמיגראַציע. ספּעציעל פון שניידער־פאַך. וואַרשיינליך איז דאַן אין שניידער־פאַך געווען זייער שלעכט.

פון די עמיגראַנטען געפינען מיר דאַן שמעון ווילק, יענקל מרדכי דעם חסיד'ס ברודער, אברהמע יענקל סאַנקעס, אברהמע קאַרטאָפּליע, אַלטער יאָקל איטשיכעס, יאשע הערש בריינסקי, די קינדער פון זאַוול פוקס, הערצקע פוקס, דאַן זיין ברודער יענקל פוקס. אין די צעהן יאָר ביז 1890 זייַנען שוין אין ניו־יאָרק דאָ אַ גרויסע צאָל בריינסקער לאַנדסלייט, ס'איז שוין אויך פאַראַן אַ בריינסקער קאָלאָניע ערגעץ אין דער איסט סייד פון ניו־יאָרק.

אין יאָר 1894 געפינען זיך שוין אין ניו־יאָרק צוויי בריינסקער סאָסייעטיס. די ערשטע ווערט אָנגערופען די אַלטע בריינסקער סאָסייעטי.

די צאָל עמיגראַנטען, וואָס פאַרלאָזען בריינסק ווערט גרעסער. נייע עמיגראַנטען און פאַמיליעס פון פריערדיגע עמיגראַנטען, וואָס קומען נאָך אַמעריקאַ צו זייערע מענער.

דער כאַראַקטער פון דער עמיגראַציע ביז 1905 איז געווען בלויז אַן עקאָנאָמישער. ניט געווען פשוט קיין ביסען ברויט, האָט מען זיך אָוועקגעלאָזען אין ווייטע לענדער, דורך שווערע אַרבייט צו פאַרדינען פאַר זיך און פאַר דער משפחה פרנסה.

פאָליטישע עמיגראַציע: —

אַ נייער שטראָם פון בריינסקער אידען פאַרלאָזען די היים, שוין ניט אַזוי צוליב פרנסה, נאָר צוליב פאָליטישע אורזאַכען.

עס פאַנגט זיך אָן אין יאָר 1904, ווען די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה איז אין פולען ברען. און באַלד די רעוואָלוציע פון 1905.

צווישען די עמיגראַנטען געפינען מיר שוין ניט קיין אַרבייטער נאָר יונגעלייט פון אַלערליי קלאַסען, קינדער פון קליינע סוחרים. אינטעליגענטישע געלערענטע קינדער, פאַר וועמען עס ווערט היינג אין רוסלאַנד צוליב פאָליטישע פאַרבינדונגען. פון אַזעלכע עמיגראַנטען געפינען מיר אַלטער דער שרייבער, משה היצל ראָסע, בלומע מישורעק, יאָסל מישליבאָווסקי, חיים באַקער, שמואל לייב בערל לייבישעס, חיים גאָלד, איטשע רוטקער, יודל שלומה הערש'ס, בנימין זעלווין, דעם מאָסקוווער'ס זוהן, בנימקע דער פּראָצענטניצקעס און פילע אַנדערע.

זאַגאַר ברוך קאָהען, ברוך דעם רב'ס איז שוין געפאָרען אין אַמעריקאַ נאָך אין יאָר 1901. פון דעם מיידענער פאָרען אַוועק קינדער און זיי באַזעצען זיך אין שיקאגא.

אין 1906 נאָך דעם ווי די האָפנונגען פאַר אַ פרייע רוסלאַנד זיינען צו־

שטערט געוואָרען, איז שוין בריינסק כמעט לידיג. די יוגענד איז זיך שוין צופאָרען.

פון יאָר 1906 ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען נאָך פילע בריינסקער אַוועקגעפאָרען, ספּעציעל די יוגענד, וואָס זיינען צוגעוואַקסען אין דער צייט. האָבען מאַסענווייז פאַרלאָזען בריינסק. צווישען אַזעלכע געפינען מיר וויליאַם קאָהען, שואלקע קאַשטאַן, אברהם משה בערטשעס, יענקל דעם קאַשניקס, און זיין ברודער אַלטער יצחק דעם קאשניקס זוהן. עטליכע פון דאַמעניוווע, שלומה וואָלפקעס צוויי זיהן, לאַזער דעם חזנ׳ס, דעם פלאָנעווערס צוויי זיהן, סעם ווערפּ און זיין ברודער לואיס ווערפּ.

פון דער יוגענד וואָס זיינען אָנגעקומען אין ניו־יאָרק אין דער פּעריאָדע, גרינדעט זיך די דריטע בריינסקער סאָסייעטי מיט׳ן נאָמען בריינסקער יאָנג מענס. און די פריערדיגעביידע עקזיסטירענדע סאָסייעטיס רופען זיך שוין די „אַלטע", די ערשטע בריינסקער סאָסייעטי רופט מען שוין „גאָר די אַלטע".

די לעצטע עמיגראַציע פון בריינסקער אידען איז שוין פאָרגעקומען נאָכדעם ווי די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיגט.

די עמיגראַציע איז באַשטאַנען מערסטענס פון קרובים פון אַמעריקאַנער בירגער, וואָס האָבען באַקומען פאַר זיי וויזעס. ווייל די טהירען פאַר גרויסע עמיגראַציע זיינען שוין געווען געשלאָסען. בלויז געוויסע פּריווילעגירטע האָ־בען דאַן געקענט פאָרען. פון די ערשטע זיינען געווען נתן זעלווין, דער מאָסקווער, געקומען צו זיינע קינדער. יענקל בעקער׳ס פון די שמולטשוקעס צוויי זיהן. זיידל זאַלעפסקי, נאָסקע קצב׳ס זוהן. שיע דעם ריהמערס קינדער, אריה לייב דעם היטל־מאַכער׳ס פּרוי און קינדער, הערשל סטאָליאַרס זוהן, פישל רוצקי, נח שטיינבערג און פיעל אַנדערע. אייניגע פון די אָנגעקומענע האָבען אין קורצען אַריבערגענומען צו זיך זייערע אייגענע קרובים. אַנדערע האָבען געהאָלפען קרובים אַוועקצופאָרען אין אַרגענטינע אָדער אַפריקאַ וואו עס איז ניט געווען קיין קוואטע־געזעצען. עס מוז באַמערקט ווערען, אַז פיעלע פון די עמיגראַנטען האָבען וויניג געטאָן אַרויסצונעמען פון בריינסק זייערע משפחות. פיעל מער וואָלטען אַזוי אַרום געראַטעוועט געוואָרען פון גאַז־קאַמערען.

אַנדערע זיינען געפאָרען אין יאהאַניסבערג, אַפריקא, דאָרט געפינען זיך יעצט הינדע סאַשין, ברכה ווינער, חנה סמורזשיק, יאָספּע סקורניק, פּיעקוצקי.

אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינא געפינען זיך חיים קעסטין, שמואלקע

צוכטליער, גאלדינגס, זאַגעל און הערשל סטאָליערס קינדער, די רוצקיס און פיעל אַנדערע בריינסקער.

אויך אין קובא געפינען זיך עטליכע בריינסקער.

אין פאַלעסטינע זיינען אָנגעקומען פיעלע לאַנדסלייט פון בריינסק. אַ גרויסע טייל זיינען געווען פון די פוילישע קיבוצים, וואָס האָבען זיך דאָרט צוגעגרייט צו פיאָנערען אַרבייט. אַנדערע עלטערע זיינען אויך דאָרט אַוועקגעפאָרען. דאָרט געפינען זיך יוסף חיים העפטמאַן, גינצבערג דער מלמד מיט זיינע קינדער, חנא קאשטאנס טאָכטער, אסתר יענטשמאַן, און פיעל אַנדערע.

די עמיגראַציע האָט אָנגעהאַלטען אַכצען יאָר ביז דעם אָנפאַנג פון יאָר 1939. בריינסקער האָבען זיך באַנוצט מיט אַלע געלעגענהייטען, וואָס זיינען געווען מעגליך און עמיגרירט. ביסלעכווייז זיינען אַלע מעגליכקייטען פאַרקלענערט געוואָרען. די עמיגראַציע קיין אַמעריקא איז געוואָרען אוממעגליך. ס׳זיינען אויך געוואָרען שווערעגקייטען פון פוילען אַרויסצופאָרען, פונדעסטוועגען האָבען זיך לאַנדסלייט דורכגעריסען דורך יעדער קליינער עפענונג אין פאַרשידענע לענדער.

ביים אָנפאַנג פון דער מלחמה זיינען שוין אַלע טירען פון עמיגראַציע געווען פאַרשלאָסען.

בלויז איין טהיר איז געבליבען אָפען — די טהיר, וואָס האָט געפירט צו טרעבלינקא צו גאַז־קאַמערען, צו קרעמאַטאריומס, צום פאַלשטענדיגען אונטערגאַנג פון אַלעס און אַלעמען, וואָס זיינען געבליבען אין בריינסק.

### איין און צוואנציגסטער קאַפּיטל

## מגפות און שרפות אין ברײנסק

דער לעבען אין ברײנסק איז געווען זייער אָרים. די באַפעלקערונג האָט געוואוינט אין ענגשאַפט. הייזער זיינען ניט געריייניגט געוואָרען פון פסח צו פסח, איז דען אַ וואונדער אַז פון צייט צו צייט זיינען פאָרגעקומען מגפות? אין 1844 אין אָדר האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ מגפה. די גרעסטע צאָל קרבנות זיינען געווען קליינע און ערוואַקסענע קינדער. מערסטע קינדער זיינען גע־האַלטען געוואָרען פאַרבאָרגען אין שטוב, ווייל מ'האָט מורא געהאַט, זיי זאָלען ניט געכאַפּט ווערען פאַר רעקרוטען. זיינען זיי טאַקע געווען די ערשטע צו פאַלען אַלס קרבנות. דער ישוב איז געוואָרען ליידיג, דער בית־עולם — אָנ־געפילט אין די זעקס מאָנאַטען ביז אָרום אלול צייט. די מיטלען וואָס די שטאָט האָט אָנגענומען די מגפה אָפּצושטעלען, זיינען באַשטאַנען פון פאַסטען, תהילים זאָגען, רויכערען אין גאַס אַלטע שמות און הושענא ריטלעך. מען דערציילט, אַז די וואַסערען פון טייך, וואָס זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרען ביי די סטאַוועס פון וואַסער מיהל, זיינען געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער מגפה, אָבער מען האָט ניט ערלויבט די סטאַווס צו עפענען צוליב די מיהלען, וואָס וואָלטען זיך געמוזט אָפּשטעלען. ענדליך האָט מען אַרויסגעגנב'עט די סטאַווס. אין דאָרף קאַרפּיע האָט זיך די וואַסער אַוועקגעטראָגען, אָבער די מגפה איז אָנגעקומען מיט'ן וואַסער קיין טשעכענאָוועצ. עס ווערט דער־ציילט, אַז הרב ר' יודל חריף האָט אויסגערופען יום כפור צו כל נדרי, אַז קיינער טאָר ניט פאַסטען דעם יום כפור צוליב דעם אָפּגעשוואַכטען צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג.

אין 1852 האָט אַ מגפה געהערשט מערסטענס צווישען קליינע קינדער. לויט מען דערציילט, איז דאָן געווען אַ הונגער. מ'האָט געגעסען מאַמעליגע, מ'האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי צו קאָכען, האָט מען עס געגעסען רויה, זיינען געווען פיל בויך־קראַנקהייטען מיט פיעלע טויטענפעלע. די מגפה האָט זיך

געצויגען ביז 1854. דאַן איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ פאַרבאָט אין שטאָט, אַז מ׳טאָר ניט עסען קיין מאַמעליגע. זעלבסטפאַרשטענדליך זיינען די גרעסטע צאָל קינדערשע קרבנות געווען פון דער אָרימער באַפעלקערונג. די רייכערע האָבען געהאַט וואָס צו עסען, זיינען זיי ניט געווען אויסגעשטעלט צו דער מגפה געפאַר. די ערשטע מגפה האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד פון אָרים און רייך. אַלע האָבען גלייך געליטען פון דעם.

אין 1852, — צוליב דער מגפה ווערט אַ נויטווענדיגקייט צו קויפען אַ צווייטען בית עולם. אָט אַזוי איז דער נייער בית־עולם געקויפט געוואָרען אויף ברעזשניצער וועג פון דעם קריסט מאַרושעווסקי. אין 1892 איז ווידער פאָרגעקומען אַ מגפה דיפטעריט, וועלכעס קינד ס׳האָט באַקומען דיפטעריט האָט מען געוואוסט, אַז ס׳וועט שטאַרבען. ס׳איז שרעקליך געווען. די לויה׳ס האָט מען געמאַכט ביינאַכט, ניט אויסגעזאָגט ווער ס׳איז געשטאָרבען. אַביסעל שפּעטער ווערט שוין די מגפה איבערגעטראָגען צו עלטערע מענשען. ס׳האָט זיך דאַן געגרינדעט אַ רעטונגס אַרבייט. לייטע זיינען באַלד געקומען איינרייבען דעם קראַנקען מיט שפּיריט.

די גרינדער פון דער הילף־אַרבייט זיינען געווען שייקע מיט זיין ברודער קעסילקע מוליער. די חברה קדישא מאַכט דאַן אַ מאַניפעסט, זי נעמט אַריין פראָסטע אידען צו העלפען אין דער אַרבייט צו ברייגגען צו קבורה די פאַר־שטאָרבענע. אָט אַזוי האָבען זיך אַריינגעריסען פאָלקס־אידען אין דער חברה קדישא. זיי זיינען שוין דאָרט געבליבען אַלס חברה־לייט. דאַן איז אָרגאַני־זירט געוואָרען אין נייעם בית המדרש אַ שפּיטאָל. כאָטש קיינער איז פון שפּי־טאָל מער ניט אַרויס קיין לעבעדיגער. די קאַנאַלען האָט מען געשמירט מיט קראַבאָל, די סטאַווען האָט מען געעפענט איבעראַל, אין טשעכענאוצע און סימיאָטיטש און באָטקע. געלאָזען די וואַסערען אָפּלויפען.

די פיערטע מגפה איז געווען אין 1915, ווען די דייטשע סאָלדאָטען זיי־נען אַריין אין שטאָט. עס האָבען זיך געוואַלגערט געפייגערטע פערד אין די גאַסען, פאַרבלוטיגטע מלבושים פון געפאַלענע סאָלדאָטען, הרוגים איבעראַל. מחנות פליגען און ווערעם האָבען געטאָן זייער אַרבייט. מ׳הערט אַז אין ביעלסק פאַלען שוין קרבנות פון דער מגפה. אין בריינסק פאַלט צום ערשטען ישראלקאלעס אַ מיידעל. אַלטער, לייבל סטיעלמאכ׳ס זוהן, לייזער גאָדזשיבערס ווייב, אַ מאַמע פון פיער קינדער, און נאָך צענדליגער מענשען.

דער דייטש קעמפט; ער איזאָלירט, קיין הילף גיט ער ניט, נאָר ער סמ'ט די אָנגעגריפענע. מ'שרייט ניט, מען האָט מורא פאַר די דייטשע סאַני־טאַרען מיט די גיפט. עס ווערט שטיל אין שטאָט. אַלע מגפות וועלען בלייבען אין שטענדיגען זכרון פון בריינסקער אידען.

שריפות: —

פון די גרעסטע שרפות אין שטאָט דאַרף דערמאנט ווערען די פאָלגענדע:
אין 1868 אין חודש שבט, ווען אַלעס איז שטאַרק פאַרפרוירען איז אויסגע־בראָכען אַ פייער ביי נחום איטעלדס, אַלטער איטעלדס פאָטער. דער פייער האָט אָפגעווישט די גאַנצע גאָס ביז'ן הקדש. קיין רעטונג איז ניט געווען. אַלע וואָסערען זיינען געווען איינגעפראָרען, זאָגאַר די ברונימער. די אומגליק־ליכע נשרפים זיינען ווי עס איז פון שטאָט געהאָלפען געוואָרען. פיעלע האָבען זיך צוריק אויפגעבויעט אין אַ פאָר יאָר צייט. די אופראַווע האָט געגעבען האָלץ אומזיסט. מיט פינף יאָר שפעטער איז אַ פייער אויסגעבראָכען ביי לייזער גדליה שניידער. די שולד האָט מען דאַן געוואָרפען אויף די כוויטעס, אַזאַ חברה אונטערוועלטניקעס געווען. ווייל לייזער גדליה'ס האָט דערציילט, אַז זיי האָבען פאַרברענט די הייזער פון נחום איטעלד, ווייל זייערער אַ ברודער איז געכאַפט געוואָרען פאַר אַ סאָלדאַט. קהל האָט געזאַמעלט אונטערשריפטען און די כוויטעס זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין סיביר.

פונקט ל"ג בעומר, 12 אַזייגער בייטאָג אין 1876 האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרפה ביי מרדכי פוהרמאַן אין אַ שטעלכל. פון דעם קליינעם פייער איז דער גאַנצער קרענצל הייזער ביז חיים בוראק'ס הויז כמעט אַ האַלבע שטאָט דאַן אָפגעווישט געוואָרען. צום גליק זיינען ניט געווען קיין מענשליכע קרבנות. אין דער שרפה האָבען זיך די שכנישע שטעט וואַרעם אָפגערופען. מ'האָט געבראַכט פוהרען מיט אַלטע מלבושים, ברויט און קאַרטאָפעל. שפעטער האָט מען געהאָלפען אַלע נשרפים, וואָס האָבען זיך ביסלעכוויין איבערגעבויעט. ביים איבערבויען האָבען האָט פאַסירט געשלעגען פאַר די גרענעצען פון די הייזער, מ'האָט זיך גע'ממית'ט פאַר אַ צאָל ערד. טאָג און נאַכט געווען ביים רב מיט דיני־תורות. אברהם בער שמש איז פאַרמאַטערט געוואָרען צו רופען די אַלע בעלי בתים צום רב.

אין 1909 ברענט אָפּ וואָלקאָסטאָווסקי'ס פאַבריק, און אַרום דריי טויג מיידלעך בלייבען אָן באַשעפטיגונג. ס'איז געווען גרויס שרעק ביים פייער פון יענקל שמעונ'ס הויז. די לאַגע איז געווען ערנסט. אַ רייהע הייזער

פון האַלץ, איינע לעבען די אַנדערע. ס'איז געווען אַ געפאַר אַז די שטאָט וועט אַרונטער. אידען באַווייזען העלדישקייט. באַזונדער, הרב ר' שמעון שקאָפּ ברייננט אַלע ישיבה לייט און צוזאַמען ווערט די געפאַר אָפּגעשטעלט. דערצו איז שוין דאַן געווען שפּריצעס, כאָטש ניט יעדער האָט געהאַט די זכיה צו העלפען פּאַמפּעווען, האָט מען גענוצט עמערס וואַסער.

ווען עס האָט געברענט ביי מענדל טאָקער אָדער ביי איטשע אָרליאַרניק האָבען די שפּריצעס ניט געאַרבייט, עפּעס קאַליע געוואָרען. מ'זאָגט אַז אַנטי־סעמיטיזם האָט שוין דאַן געאַרבייט, נאָר מ'האָט זיך אויף די שפּריצעס ניט פאַרלאָזט.

דעם 16־טען סעפּטעמבער 1939 ווערט בריינסק פאַרוואַרפען מיט צינד־באָמבעס פון די דייטשע עראָפּלאַנען. אַלע עקען שטאָט ווערען איינגעוויקעלט אין פייער. 32 קרבנות זיינען געפאַלען אין די פייערען.

מערקווירדיג ווי דער פייער האָט ניט אָנגערירט קיין קריסטליכע געגענ־דען נאָר בלויז אידישע. דאָס איז געווען דער אָנזאָג אויפ'ן גורל פון דער אידישער באַפעלקערונג.

צווייט און צוואנציקסטער קאַפּיטעל

# בריינסק אין 1905 — אָנפאַנג פון צוזאַמענברוך פון צאַריזם

אין יאָר 1905 איז די רעוואָלוציע שוין געווען אין רוסלאַנד. אין אַלע גרויסע שטעט זיינען געווען באַדייטענדע אַרבייטער־קאַמפּען, טעראָריסטישע אַקטען אַנטקעגען די פּאָליצייסקע זעלבסטהערשער זיינען אין די שטעט דורכ־געפירט געוואָרען. דעם זעלבען גורל האָבען אויך געהאַט גובערנאַטאָרען און זאַגאַר מיניסטאָרען, ווי סטאָליפּין זיינען פון באָמבעס צוריסען געוואָרען.

אין בריינסק האָט מען פון די נייעסען געהערט פון די צייטונגען וואָס פלעגען זיך שוין דאַן געפינען ביי אַזעלכע לייט ווי אברהם פולשאַנסקי און יאָשע ליבאָשיץ. פישעלע באַג געהאַט האָט די חזקה צו זיין דער ערשטער צו לעזען דעם „הצפירה”. די טעגליכע צייטונגען זיינען געלעזען געוואָרען פון אַלעמען. אין בית־המדרש, אין די הייזער, אין די גאַסען, אויף די אָפענע בריקלעך, ספּעציעל ביי אברהמע גאָלד, זיינען שטענדיג געווען קרייזען מענ־שען, וואָס האָבען געלעזען די צייטונגען. די צייטונגען זיינען אַרומגעגאַנגען פון האַנד צו האַנד, ביז זיי זיינען צוקראָכען געוואָרען.

דאָרט האָט מען געלעזען וואָס עס טוט זיך אין די גרויסע שטעט. מאָדנע נייעס איז דאָרט געווען. פון דעמאָנסטראַציעס קעגען דער מלוכה, פון סטרייקס אין גרויסע פאַבריקען. בריינסק האָט געלעזען די נייעס און זיך געקלערט, אַז דאָ וועט דאָס ניט פּאָרקומען. ניטאָ קיין פאַבריקען אין שטאָט. ניטאָ קיין אַרבייטער אין בריינסק. וואלקאסטאוסקיס יאַקען פאַבריק? דאָרט אַרבייטען נאָר מיידלעך. די שניידער, שוסטער און סטאָליאַרעס זיינען מערסטענס לערן־אינגלעך, וואָס אַרבייטען אויף׳ן זמן. אין ירוחמ׳ס קאַכליאַרנע ארבייטען בלויז פּויערים. וואָס ווייסען זיי פון אַזעלכע זאַכען? אָבער גראַדע די שניידער בעלי־הבתים האָבען זיך עפּעס באַקלאָגט, אַז זייערע בחורים ווערען פאַרפאַלען אין מיטען טאָג, ווער ווייסט וואו זיי גייען ערגעץ אַוועק?

עס קומען שוין פּאָר סטרייקען אין בריינסק. אַרבייטער טאַקע פון די קליי־נע מעלקאָסאָבסטוועניקעס שטעלען אָפּ די אַרבייט, ווילען מער געלד, לאָזט מען זיי סטרייקען און מען אַרבייט אַליין גאַנצע נעכט, אַרויסצוזענדיגען די אָנגעפּאַנגענע אַרבייט. ווערען חברה אומרוהיג, כאַפּען זיך אַריין צו די בעלי־הבתים, סטראַשען מיט קלעפּ און געווינען קליינע הוספות.

די אינטעליגענטע בחורים האָבען איינגעפירט אַ ביבליאָטעק ביי משה היצל מענדל׳ס אויפ׳ן בוידעם. דאָרט קומען יונגע בחורים און מיידלעך נעמען ביכער צום לעזען. די אָנפירערס פון דער ביבליאָטעק, יאָסל שמעון רימערס, משה היצל, חיים באַקער, שמואל לייב בעריל לייבישעס, יודל דער לערער, יטשע דער רוטקער, אויך אַ לערער, מערסטענס ניט קיין אַרבייטער־קינדער.

עס ענטוויקעלט זיך דער „בונד״ צווישען די אַרבייטער. עס קומען אַראָפּ פון גרויסע שטעט רעדנערס פּאַר קליינע קרוזשאקען, בלויז. ביי באַשע סימעס טאָכטער אויפ׳ן בוידעם קומען פּאָר אָפּטע קליינע פאַרזאַמלונגען. אַר־בייטער און אינטעליגענטען קומען צוזאַמען צו די געהיימע זיצונגען.

עס גרופּירט זיך איין אַנאַרכיסטישע קרייז אָנגעפירט פון דוד יאָקעס — גראַדע פון די רייכע קינדער. אַלטער סנאָפּ, שלומה אָקס׳ זוהן, מאיר שלום אהרן וועלוול׳ס זיינען שוין באַוואוסט אַלס אַנאַרכיסטען. הערשל דער וועבער שטייט אויך צו צו דער אַנאַרכיסטישער גרופּע.

די ציוניסטישע באַוועגונג איז אויך געוואָרען באַדייטענד. יאָשע ליבאשיץ, אַלטער איטשע שאַפּירא׳ס, משה חייקין, משה הערצקע, זיינען געווען די טע־טיגסטע ציוניסטען, זאָגאַר אוגאַנדא פּאַטריאָטען זיינען איניגע געוואָרען.

די פאַרשידענע פּאַרטייען פריידיגען זייערע אידייען. די בונדישע גרופּע פריידיגט קולטורעלע אויטאָנאָמיע. (אַזאַ פּרעמדער וואָרט אין בריינסק.) סאָציאַ־ליזם, גלייכע געהיימע דירעקטע וואַהלען. קלאַסען־קאַמף. די אַנאַרכיסטען גלויבען אין עקספּאפּעראַציע. זיי פריידיגען ניט, נאָר זיי פּראַקטיצירען דאָס טאַקע. מיט געוועהר אין די הענד באַפאַלט מען און מען נעמט צו וואָס מען קען, דאָס הייסט עקספּראָפּעראַציע. די בונדיסטען זאָגען, מען זאָל זיי ניט געבען קיין גראָשען, ווייל זיי גלויבען ניט אין עקספּראָפּעראַציע. קומען די אַנאַר־כיסטען אָבער שטענדיג מיט געוועהר אין די הענד. מען גיט זיי ניט, זיי נעמען אַליין. עס קומען פּאָר סצענעס צווישען די אָנהיינגער פוןביידע צדדים, וואָס האָבען זיך אַלע מאָל פאַרגרעסערט.

עס באַווייזט זיך א נייע מאָדנע אידישע צייטונג „דער וועקער״. עפּעס

אַ מאָדנע שפּראַך, ווערט דאָרט באַנוצט. אַ פרעמדע שפּראַך ניט קיין פּאַר־שטענדליכע צו בריינסקער אידען. דאָרט רעדט זיך אויך פון קולטורעלע אי־דישע אויטאָנאָמיע פון געהיימע דירעקטע וואַהלען. מען וואונדערט זיך, וואָס די מלוכה ערלויבט אַזעלכע צייטונגען, דאָך לעזט מען דעם „וועקער".

די אַרבייטער קענען זיך ניט דערוואַרטען אויפ'ן „וועקער". די אינטע־ליגענטע בחורים לעזען דעם „וועקער" מיט אינטערעס, לערנען די אַרבייטער צו פאַרשטיין די שווערע ווערטער, די פרעמדע און נייע געדאַנקען.

עס קומען אַראָפּ רעדנער אין געהיימע פּלעצער. אַביסעל שפּעטער פאַר־נעמען די ארבייטער דעם פועלי צדק, פאַרשליסען די טהיר און האַלטען דאָרט אין בית־המדרש אָפּ אַ פאַרזאַמלונג. פייערדיגע רעדעס. בחורים און מיידלעך שרייען: „עס לעבע דער פּראָלעטאַריאַט, עס לעבע די רוסישע רע־וואָלוציע". אַלע פאָדערען די באַפרייאונג פון אַרבייטער־קלאַס, פאָדערען אַכט שונדענדיגען אַרבייטס־טאָג. נאָך דער פאַרזאַמלונג קומט פאַר אַ דעמאָנסטראַ־ציע אין גאַס. נייע לידער ווערען געזונגען אין גאַס.

אויף מאָרגען, פרעגט שוין ניט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין בריינסק. יעדער האָט דערציילט אַן אַנדער געשיכטע, וואָס ער האָט נעכטען געהערט פון די פרעמדע רעדנער אין די שוואַרצע בלוזעס.

זעליג קוטשמירער, דער שמש פון פועל צדק איז פון אַלעמען באַשולדיגט געוואָרען, אַז צוליב אים, וואָס ער האָט ניט אַרויסגעטריבען די חברה איז געקומען אַ צרה אויפ'ן שטאָט.

יאָסל סטאָליער שרייט: אַכט קרענק וועל איך זיי געבען ניט קיין אַכט שעה אַרבייט. שיע צאַלקעס, דער קוואַסניק קען ניט שלאָפען. עפּעס זאָגט אים דאָס האַרץ, אַז קיין גוטעס פון דעם וועט שוין ניט אַרויסקומען. ער וואָלט שוין געוואָלט זעהען ווי מ'וועט די חברה אַריינצימבלען די ריכטיגע שמיץ, וועט שוין ווערען אַן ענדע פון דער נייער אָנשיקעניש.

קיין ענדע פון דער אָנשיקעניש ווערט ניט. די באַוועגונג ווערט גרעסער. די שטאָט ווערט פאַרפלייצט מיט אומלעגאַלע ליטעראַטור, בראָשור־בלעטער, פּראָקלאַמאַציעס, אויפרופען צו סטרייקען, צו קעמפען געגען צאַר, געגען רעאַקציע, פאַר פרייהייט, און גלייכהייט, פאַר אַכט שטונדען אַרבייט. די אומשולדיגע ביבליאָטעק ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ ניט לעגאַלע. דאָרט גע־פינען זיך שוין זאַפּאַסען מיט ביכער, בראָשורקעס. אַפילו אַ רעוואָלווער איז ערגעץ געווען פאַרשטעקט. פאַרזאַמלונגען אין די בתי־מדרשים ווערען דורכ־

געפירט אָפּטער. נאַכטיגע דעמאָנסטראַציעס, מאַסאָווע פאַרזאַמלונגען אין וואַלד, ביים קומאנט, אונטער׳ן ווינט־מיהל. מען הויבט אָן צוצוגרייטען זעלבסט־שוץ, מ׳שאַפט געלד פאַר דעם צוועק. אַז מען גיט ניט מיט גוטען, נעמט מען מיט בייזען. איניגע שטעלען זיך דאַגעגען, כאַפּען די ריכטיגע קלעפּ. אַנדערע קומען אָפּ מיט צובראָכענע שויבען. אַנדערע קריגען אַ וואַרנונג זיך ניט צו צייגען אין גאַס. מיט איין וואָרט, די רעוואָלוציע האָט דערגרייכט בריינסק. עס באַווייזען זיך אין בריינסק צוועלעף פּאָליציאַנטען מיט שטיכעס אויף די שווערדען ווי טשוועקעס. מ׳רופט די פּאָליציאַנטען דערפאַר טשוועקעס. מ׳לויפט צו דער פּאָליציי מסר׳ן, כאַפּען די לייטע נאָך גרעסערע קלעפּ, און האָבען שוין מורא צו רעדען. די רעאַקציע ווערט שטאַרקער. מ׳הערט שוין פון פּאָגראָמען אין ביאַליסטאָק און אין אַנדערע שטעט.

אין בריינסק באַווייזט זיך אַ נייער פּריסטאַוו אַנדרייעוו. מען פאַנגט אָן אַרעסטען. אַ גרופּע אַנאַרכיסטען פאַרען קיין ווישאָנק מאַכען אַ שטיקעל אַר־בייט, ווערען זיי פון וועמען פאַרראַטען, און דוד יאָקע׳ס, הערשל, דער וועבער, מאיר שלום, אהרן וועלוול׳ס, באַקומען אַ צייט טורמע. די שטילע בריינסקער גאַסען ווערען שטאַרק באַוואַכט פון טשוועקעס (פּאָליציאַנטען).

עס קומט דער טאָג פון דער באַרימטער קאָנסטיטוציע. אַלע פרייען זיך. די אַלטע לייט זאָגען, עס וועט זיך גוט ניט ענדיגען. זיי האָבען געהאַט רעכט. די רעאַקציע ווערט שרעקליכער. מאַסען אַרעסטען, עס בלייבט קיין ברירה ניט. מ׳מוז אַפּציהען. יאָסל שמעון רימערס, משה היצל, אַלטער סנאָפּ זיינען שוין אַוועקגעפאָרען. קיינער וויל מער ניט פאַרבלייבען, ס׳פאַנגט זיך אָן אַ מאַסען עמיגראַציע. קיין וויזעס האָט מען ניט געדאַרפט, קיין אַפידייוויטס אויך ניט. זיך דורכגערעדט מיט סאַנען אָדער פישעל ספּישינערס, מ׳באַקט שוין סוכאַרעס געטונקט אין ביער. די אַלטע מאַמעס מיט רויטע פאַרוויינטע אויגען בעטען זיך ביי זייערע קינדער: שרייב כאָטש אַמאָל אַ בריף.

די רעוואָלוציאָנערע יאָטען ווערען ווייך אַנטקעגען דער מאַמעס טרערען און ביי זיי שטיקט אין האַלז, אַ טרער אין אויג, און זיי פאָרען אַוועק. שנעל שיקען זיי נאָך זייערע פריינד. ענדע 1906 ווערט שוין בריינסק ליידיג, ניטאָ מער קיין יוגענד. ניטאָ מער די לעבעדיגע פרייליכע יוגענד. בריינסק בייגקט נאָך אירע קינדער. די ביבליאָטעק פאַרמאַכט, נישטאָ ווער ס׳זאָל לעזען אַ בוך. אַזעלכע לייט ווי שעפסל קצב און שיע צאַלקעס זיינען גליקליך. פריי איז געוואָרען פאַר זיי און זייערס גלייכען.

דאָס האָט אָבער אָנגעהאַלטען ניט לאַנג. אַברהם בעקער איז גערעכט געווען: „עס איז ווי אַ קרענק. עס וועט מוזען קומען, ס׳קען ניט אויסמיידען״.

צווישען די גוט באַוואוסטע יוגענד אין דער באַוועגונג האָבען זיך גע־פונען די פאָלגענדע: דער מאָסקווער׳ס קינדער, חנה שיינע, נאָסקע קצב׳ס טעכטער, חיה יענטיטשקעס, אברהם בעקערס זוהן, דער מאַרקאַנערקערס זוהן, נאָסקע, קלמן־משה׳ס זוהן, גאוורילקע דער שמיט, שעפסל איטשע אַרליארניקס, פרויטשע שיע מוליערס, אברהם קראַץ, דער גראַגער, פון די בו־ראַקעס צוויי זיהן. בעלקע אַלטע קצב׳ס, קיילע מרדכי פוהרמאַנ׳ס, בערל אריה׳ס זיהן. גראַף קעלערס זיהן, אַלטער קאָפעליכעס, קאָליענדיקס, שואלקע פאַטאָקער און פיעל אַנדערע, וואָס מיר איז שווער צו געדיינקען.

## דריי און צוואנציקסטער קאַפּיטעל

# אידישע פרנסות אין ברײנסק ביז ערשטער וועלט־מלחמה

ביז דער צייט פון פוילישען אויפשטאַנד און אַביסעל שפּעטער זיינען אין די דערפער אַרום ברײנסק געווען אַ באַדייטענדע צאָל אידישע פאַמיליעס. די דאָזיגע דאָרף איינוואוינער האָבען זיך מפרנס געווען פון די פּריצים. זיי האָבען געהאַלטען אין אַרענדע פאַכטען, קרעטשמעס. די אידען זיינען געווען אונטערוואָרפען צום פּריץ. ווייל ביי דער קלענסטער געלעגענהייט האָט דער פּריץ זיין אידישען ארענדאַר אַרויסגעוואָרפען און אים געלאָזען אָן פּרנסה.

די אידען, זיך אָנצוהאַלטען אין די פּרנסות האָבען געמוזט זיין אונטער־טהעניג צום פּריץ, אים חנפ׳ענען. אויסשטיין פאַרשידענע נאַרישע און ווילדע שטיק. זיי זיינען געווען וואָס מ׳רופט מה יפית אידען. דערפאַר האָבען זיי געהאַט פאַרשידענע טובות פון די פּריצים.

מעלע פון אַלעקשאַן איז געווען ספּעציעל באַליבט ביים האדישאווער פּאָפּ „בורסע", האָט ער פון בורסען באַקומען זיינע אָפּגעטראָגענע לאַנגע ברייטע קאַפּאָטעס. מעליכע האָט די פּאָפּסקע ברייטע אַרבעל שמעלער געמאַכט, און מעלע האָט שטאָלצירט מיט דער שיינער קאַפּאָטע, טראָגענדיג די פּאָפּסקע מלבושים יעדען שבת.

פיעלע האָבען געהאַט פּרנסה פון די קרעטשמעס און פאַכטען, האָבען זיך געלעבט רוהיג. האָבען אַריינגענומען מלמדים צו לערנען מיט זייערע קינדער אידישקייט. האָבען חתונה געמאַכט קינדער, געגעבען גוטע נדנ׳ס, ווי נתן לייזער פון זאַלוסקע, איצל דאמינאוועך, יקותיאל מאַרווינקער, די מיעניער, אליה נתן גלעזער. ווען די משפּחות האָבען זיך פאַרגרעסערט, האָבען שוין די צוגע־קומענע ניט געהאַט קיין מעגליכקייטען פאַר פּרנסה, האָבען זיך אָנגעלכע ביס־לעכווייז אַריינגעצויגען אין ברײנסק. אין שטאָט האָבען זיי זיך גענומען צו פאַרשידענע פּרנסות. עס זיינען אַזוי געוואָרען אין ברײנסק קרעטשמעס.

מנוחה׳ס, דבורה׳ס, לייזער סאָטניק, הערצקע וועלוול׳ס, ביער ברויערייען, יאָסל בעניע, מארעם לאה, יחיאל לייב׳ס גאַרבאַרניע, לייזער שעפּסל׳ס וואַסער־מיהל. דוד גימפּל׳ס וויעטראַק, הערשל איטעלד האָט געעפּענט אַ שניט־קראָם.
פון די בעלי־מלאכות זיינען אַזוי געווען שניידער׳ס, בישקע, בנימקע דער שניי־דער, יעקב יאָסל, אליה דוד דער דאַמסקער שניידער, שמעון דוד דער סטאָ־ליער, שפּעטער זיינען צוגעקומען נאָך שניידער, שוסטער, סטאָליארעס, גלע־זערס. מערסטע פון די יוגענד וואָס האָבען זיך אויסגעלערנט די אַרבייט אַלס געוועזענע לערן־אינגלעך, זיינען געוואָרען זעלבסטשטענדיגע אַרבייטער און געאַרבייט פאַר זיך.

איינינגע האָבען זיך גענומען צו האַנדעל. געלעבט פון מאַרק יעדען מאָנ־טאָג, ווען פויערים האָבען געבראַכט פאַרשידענע דאָרף־פּראָדוקטען צום פאַר־קויפען. אַנדערע האָבען ביט געוואַרט ביז דער פויער וועט ברייגגען צום מאַרק זיינע פּראָדוקטען. זיי זיינען אַוועק אַלע מאָל אין דערפער און דאָרט פון די פויערים אָפּגעקויפט זייערע פּראָדוקטען. אַרבייטער זיינען אויך אַוועק אין דאָרף, דאָרט באַקומען אַרבייט ביי די רייכערע פויערים. פאַר דער אַרבייט האָבען זיי געבראַכט אין שטאָט די פּראָדוקטען, וואָס זיי האָבען מערסטענס באַקומען אַלס געצאָלט. עס פאַרקויפט אין שטאָט. עס ווערען פאַרגרעסערט די צאָל שטאָטישע קראָמען און קרעמלעך. יעדער אָפּענע טהיר האָט שוין אַ קראָם. עס קומען צו שניט־קראָמען, אייזען קראָמען. וועלוול דניאל׳ס, און גאָטליעב׳ס. עס ווערען הורטאוונע סוחרים, ווי עזרא גאָלדבערג, פאַבריק פון וואַטע ביי אליה וואַטניק׳ן.

די שניידערס, שוסטערס, סטאָליארעס, טאָקארעס, שמידען, היטל־מאַ־כערס, אַרבייטען אויס זייערע אַרטיקלען פאַר דעם גאַנצען געגענד אַרום בריינסק. זיי צופירען די סחורות צו די ירידים פון אַנדערע שטעט. עס איז געווען אַ געוויינליכע זאַך צו באַמערקען ווי די בעלי־מלאכות פלעגען איינפּאַקען אין גרויסע וועגענער מלבושים, שיך, רעדלעך, טישלעך, און רעדער צו ווע־גענער, דאָס אַוועקצופירען צו די ירידים.

אין בריינסק איז געווען ענטוויקעלט די פאַרבעריי. די פּרנסה איז אי־בערגעגאַנגען פון פאָטער צו קינדער. מאָטקע פאַרבער, אַלטער פאַרבער, שמעון פאַרבער, יענקל שמעונ׳ס, חנא׳לע פאַרבער, אברהם מאיר, עלקע ריבה, אייזיקל פון בענדוגע.

עס זיינען געווען קאַשע מאַכערס, חיים פּישל מלמד, שפּעטער זיין זוהן

יצחק קאַשניק, און מאָטיע. מערקווירדיג,ביידע קאַשניקעס פון בריינסק האָבען אויך געהאַט פאַר פסח שאָוואַלניעס פאַר מצה בעקערייען.

שפּעטער ווען באַהנען האָבען זיך געבויעט, האָט מען געדאַרפט צושטע־לען צו די פאָדריאַטשיקעס קלענער אונטערצוליגען אונטער די רעלסען „וואַיטקעס", האָט זיך ענטוויקעלט אַ מסחר פון וואָיטקעס. איטשע ראָזענבוים, שמולקע סלאָוועס, שלומה היצל ראָסע, בענצל דער שוסטער האָט זיך אויך גענומען צו האַנדלען מיט וואָיטקעס. ער פלעגט שטענדיג אַרומטראָגען אין קעשענע אַ צוויפגעלייגטען מעטער און געהאַנדעלט. דער מסחר האָט פלוצ־לונג געקראַכט. בענצל לאָזט איבער די וואָיטקעס און פאָרט קיין אַמעריקאַ. די איבריגע קענען ניט באַצאָלען די חובות.

ס'זיינען געווען פרנסות דאָרפס־גייער. דאָרפ'ס פאָרער. שלמה מאַכער, זיין זוהן משה יאָסל. עס קומען צו אַנדערע דאָרפ'ס פאָרער, בערל זאַוול'ס, שלומה וואָלפקע'ס. זיי קויפען אַלעס אין דאָרף און ברייגען עס אין שטאָט פאַרקויפען.

פרויען זיינען אויך געוואָרען דאָרפס־גייער. פלעגען זיך פאַרטאָג אָוועק־לאָזען אין די דערפער צופוס אַרום צעהן קילאָמעטער. ביינאַכט קומען צוריק, ברייגען עפעס צו פאַרקויפען. אַנדערע פרויען האָבען זיך באַשעפטיגט מיט אַרויסשטעלען טישלעך אין מאַרק, פאַרטאָג פלעגען שוין די טישלעך מיט פאַר־שידענע סחורות צושטעלט ווערען אין מאַרק. דאָרט האָבען זיי פאַרקויפט זייף, טיכלעך, זאָגאַר ערדענע טעפּ פלעגען ווערען אויסגעשטעלט.

די געפאַר פון די דאָרפס־גייער און דאָרפס־פאָרער איז געווען גרויס. פיעל מאָל זיינען אַזעלכע אידען פאָרענדיג פון די דערפער אָדער פון ירידים באַ־פאַלען געוואָרען פון באַנדיטען, ערמאָרדעט און באַרויבט געוואָרען. אַזוי איז דוד חסיד, וואָס פלעגט אַרומטראָגען אין די דערפער טיכעלעך, קעמעלעך, סטיינגעס און נאָדלען, ביים דאָרף קורטשין באַרויבט און ערמאָרדעט געוואָרען.

עלבער שוסטער ווערט באַרויבט און ערמאָרדעט פאָרענדיג פון יאַריד אין פעטשאָנקע; גוטמאַן קצב ווערט ערמאָרדעט און באַרויבט הינטערוועגענס אין יאָר 1901. שאַמע וואַטניק ווערט ערמאָרדעט פאָרענדיג צוריק פון ביאַליסטאָק דורך פיעטקעווער וואַלד. נאָטשע קאַלניצער ווערט ביי דער זעלבער געלעגענהייט אַ שטענדיגער קאַליקע.

סאַדאָווניקעס, — דער ערשטער אין בריינסק, ישיע פאָץ, קויפט אָפּ ביי די פריצים די גאַנצע פרוכט פון סאָד. באַצאָלט דערפאַר אָנפאַנג זומער און וואַרט

אויף אַ גערעטעניש. דערצו דאַרף ער אַליין היטען די צייטיגע פרוכט, מען זאָל זיי ניט אַרונטערנעמען ביינאַכט.

הענטשע דינגט אָפּ די גערטנער און פאַרקויפט אין שטאָט אַביסל שציפּ־יאָר רעטעכלעך, נאָר די אוגערקעס ווערען איבערנאַכט פאַרלאָרען.

פאַבריקאַציע — אין בריינסק זיינען געווען אַ קליינע צאָל פאַבריקען. זיי האָבען זיך אָבער ניט גערופען קיין פאַבריקען. זיי זיינען ניט אנערקענט גע־וואָרען. כאָטש די אונטערנעמונגען זיינען געווען גרויסע. די סחורות צושיקט אין גאַנץ רוסלאַנד.

חנה זאַבלודאָפסקי האָט געהאַט אַ וועבעריי. ביי אברהם שקאָפּ אויפ׳ן בוידעם איז געווען די פאַבריק, וואָס האָט אויסגעאַרבייט סחורה. דאָרט זיינען געווען באַשעפטיגט עטליכע אַרבייטער אויסער די אייגענע פאַמיליע. הערשל דער וועבער איז געווען דער מייסטער דאָרט אין פאַבריק. אין 1905 האָט הערשל וועבער דורכגעפירט אַ גרויסען סטרייק אין דער וועבעריי. פאַר וואָס די פאַבריק איז גערופען אויף אַ פרוי׳ס נאָמען? וויס איך ניט. נאָר חנה איז געווען די פירערין פון דער פאַבריק מיט איר טאָכטער וואָס איז געקו־מען צוריק פון ענגלאַנד און באַקומען דעם צונאָמען ענגלישער פערד.

לייבל פאַסיקמאַכער, אַזוי האָט מען אים גערופען אין בריינסק. ביי אים אין דער גרויסער שטוב איז געווען אַ גרויסער פאַבריק, וואו עס זיינען אויס־געאַרבייט געוואָרען לעדערנע פאַסעקעס. די פאַסעקעס זיינען אָפּגעשיקט גע־וואָרען איבער גאַנץ רוסלאַנד. אַלע קינדער זיינען געווען באַשעפטיגט דאָרט. זיין ברודער לאָזער דער פאַסיק־מאַכער איז געווען דער הויפּט אָנפירער פון געשעפט. לייבל, אַ בעל־הבתישע סוחר, אַ קלוגער איד געווען, זיך ניט געמישט אין שטאָטישע זאַכען, כאָטש אַלע האָבען געזוכט זיין עצה. ער איז אָבער געווען פאַרנומען, שטענדיג אַרומגעפאָרען.

שפּעטער, ווען לייבל׳ס קינדער זיינען געוואָרען גרעסער, געלערענטע, אינטעליגענטע, האָבען זיי שוין מיטגעהאָלפען די געשעפט־פירונג. לאָזער עפענט אויף פאַר זיך דעם געשעפט און ס׳איז שוין דאָ אין בריינסק צוויי פאַסיק־מאַ־כערס. לאָזערס אינגלעך, יאָסל, ספּעציעל זייער אַ פעהיגער בחור האָט גע־האָלפען אין טאַטענ׳ס געשעפט. דער יאָסל איז שוין געווען אַ היינט־וועל־טיגער יונגערמאַן, אינטערעסירט זיך אין שטאָטישע ענינים. ער באַצאָלט שפּע־טער מיט זיין לעבען פאַר זיין טהעטיגקייט.

וואָלקאָסטאָפּסקי׳ס יאַקען פֿאַבריק. ניסקע ברוידע. (ניסקע מיט די באָט־שאַנעס) האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, אַריינגענומען אין בריינסק דעם איי־דעם אַלטער. אַלטער ברייגגט אַראָפּ אַ מאַשין צו מאַכען סחורה פֿאַר יאַקען אָדער וואַרימע לייבלעך. בריינסק לויפֿט קוקען אין די פֿענסטער, וואו מען זעהט אַ מאַשין אָנגעטאָן מיט אַזאַ לאַנגען לייבעל ווי אַ העמד, דרייט זיך, און שטייט אויפֿ׳ן זעלבען אָרט, נאָר די העמד ווערט אַלע מאָל גרעסער.

ביסלעכווייז ברייגגט אַלטער וואָלקאָסטאַווסקי אַראָפּ נאָך מאַשינען. די אָנפֿראַגע אויף די סחורה איז גרויס. דער פּלאַץ ביי לייזער קצב ווערט צו קליין פֿאַר דער אונטערנעמונג. ער עפֿענט אויף אַ גאַנצע געביידע, וואו עס זיינען שוין באַשעפֿטיגט אַרום 30 אָדער 40 מיידלעך. זיי פֿאַרדינען גראָדע זייער גוט, זיינען צופֿרידען, וואָס זיי דאַרפֿען ניט חיבען ערגעץ ווייט פֿון דער היים. וואָס מערסטע וואָלטען געוועזן געצוואונגען צו טאָן. משה הערצקע ווערט דער בוכהאַלטער.

אַלטער וואָלקאָסטאָפּסקי ווערט שוין אָנגערופֿען אין בריינסק דער פֿאַברי־קאַנט. זיין אונטערנעמונג איז אנערקענט אַלס פֿאַבריק. פּאַסירט אָבער, אַז די פֿאַבריק ווערט געגצליך פֿאַרברענט און פֿערציג מענשען פֿאַרלירען זייער מעגליכקייט צו פֿאַרדינען אַ פֿאַר רובל. דאָס העלפֿט צו פֿאַרגערען די אידישע עקאָנאָמישע לאַגע.

געווען אין בריינסק אַ קאַכליעס פֿאַבריק. ירוחם קאכליארניק איז געווען דער אייגענטימער פֿון דער פֿאַבריק. דאָרט זיינען געווען באַשעפֿטיגט קריסטען, בלויז איין אַרבייטער איז געווען אַ איד, דאָס איז געווען חיים גרשון׳ס אַ זוהן, האָט ער געמוזט אַוועקפֿאָרען אין אַמעריקאַ. וואַרשיינליך האָט ער ניט געהאַט קיין צו גרויסע גליקען, אַרבייטענדיג ביי ירוחם קאכליארניק.

מסחר. ווי באַוואוסט איז אין יעדן הויז געווען אַ קראָם. מען האָט אָבער געדאַרפֿט האָבען אַ פּאַטענט צו האַלטען אַ קראָם. קיין געלד פֿאַר אַ פּאַטענט האָט קיינער ניט געהאַט. האָט מען ניט געקויפֿט, אָדער מען האָט געקויפֿט אַ פּאַטענט פֿאַר אַ קליין קרעמעל ווען מען האָט געדאַרפֿט האָבען אַ פּאַטענט פֿאַר אַ גרעסערען געשעפֿט.

פֿון די פּאַטענטען האָבען בריינסקער קרעמערס געהאַט גרויסע צרות. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט גראָדנע אַראָפּשיקען אַ מענשען צו אונטערזוכען די פּאַטענטען לאַגע. ער האָט זיך גערופֿען דער רעוויזאָר. ווען דער רעוויזאָר איז נאָך געווען אויפֿ׳ן וועג צו בריינסק האָט שוין גאַנץ שטאָט געוואוסט

אַז דער רעװיזאָר קומט. קרעמער האָבען פאַרשטעקט זייערע סחורות ביי שכנים אונטער־די בעטען.

ביי בנימקע מלמד איז געװען אַ ענגלישע װאָגשאָל. פאַר האַלטען אַזאַ שאָל האָט מען געדאַרפט האָבען אַ פאַטענט. פאַרװאָס בנימקע מלמד האָט געדאַרפט האָבען אַזאַ שאָל װייס איך ניט. נאָר אַז דער רעװיזאָר איז געפאָרען קיין בריינסק האָבען די חדר אינגלעך געפירט די ענגלישע שאָל אויף די רעדלעך און עס באַהאַלטען אין באָד.

דער רעװיזאָר װערט באַגלייט פון אוראַדניק און זלמן ישיע אַלס דעסאַטניק, צוזאַמען מיט אברהם הערשקע דעם מעל שענקער אַלס סחורה עקספערט. ביי אברהם הערשקען האָט מען די פאַטענטען געדאַרפט קויפען. ער האָט דערפון געהאַט אַ געװיסען פראָצענט.

אברהם הערשקע האָט חלילה קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. אַז דער רעװיזאָר פלעגט שרייען, אַז די סחורה איז װאָלעגע און ס׳פאָדערט זיך אַ גרע־סערער פאַטענט, פלעגט אברהם הערשקע מיט זיין אידישען רוסיש איבער־צייגען אַז דאָס איז קאָרטענע. דער קרעמער, זלמן ישיע און אברהם הערשקע זיינען געשטאַנען פאַר׳ן רעװיזאָר אָן אַ היטעל אין דער גרעסטער טויט־שרעק. דער אוראַדניק האָט גאָר ניט גערעדט. װייל מיט אים האָט מען שוין פריער גערעדט...

כאַראַקטעריסטיש זיינען געװען געװיסע פאַמיליעס, װאָס האָבען געהאַט די פאָלגענדע פרנסות: פיש פאַרקויפט, גענז געפאַשעט און גע׳שחט׳ען, די פלייש פאַרקויפט. די שמאַלץ אויספרעגלען אויף פסח און דאָס פאַרקויפען, הע־רינג געװיינזשעט, אויפגעקויפט אַלערליי תבואות ביים מאַרק און עס פאַר־קויפט צו די גרעסערע סוחרים. נאָכ׳ן מאַרק פלעגט מען דאַרפען אַלע בעבלעך, װאָס מ׳האָט געקויפט פון די פויערים איבערקלייבען. צוקראָװע באַזונדער, גע־פינטעלטע באַזונדער, שליאַפּאַקעס באַזונדער. אַלע קינדער אין הויז האָבען זיך מאַנטאָג ביינאַכט עוסק געװען מיט דער אַרבייט, װייל אַז זלמן קאַץ, דער סוחר האָט חלילה געפונען די בעבלעך אויסגעמישט האָט ער שוין ניט געװאָלט באַצאָלען דעם פולען פרייז. פון דעם אַלעמען איז אָבער ניט געװען גענוג אויף פרנסה פאַר דער גרויסער פאַמיליע האָט חנה שלומה הערש׳ס, דזשו־ליוס קאָהען׳ס מוטער געבאַקען ברויט. אַלע טאָג אַ געבעקל ראַזעװע ברויט. אַליין געקנעטען די גרויסע דייזשעס טייג, פון דעם אַלעמען האָט יודל נעבעך געמוזט ברייגען צו חיים גרשונ׳ס דעם מלמד אַ גרויסען לעבל ברויט פאַר

מלמדות צו באַצאָלען, ווייל קיין אַנדערע געלד איז ניט געווען דעם מלמד צו באַצאָלען.

**ביער קראָמען.** געווען עטליכע אַזעלכע געשעפטען. ביסלעכווייז זיינען געוואָרען מער ביער קראָמען ווי טרינקער. די קרעמער האָבען ספּעציעל גע־ליטען פון די אַקטציזניקעס וואָס פלעגען אַלע מאָל זוכען, צי אין די ביער קראָמען ווערט פאַרקויפט בראַנפען.

**מלמדים.** עס זיינען געווען אַ באַדייטענדע צאָל פאַמיליעס וועמעס פּראָ־פעסיעס איז געווען מלמדות.

אַ געוויסע צאָל יונגע לייט אָדער ברייסקער אײדעמס וואָס האָבען אין די ערשטע פּאָר יאָר אויפגעגעסען דעם נדן און דער שווער האָט ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט געבען אַ צווייטען נדן, האָבען זיי ניט געהאַט וואָס צו טאָן. קיין פאַכלייט זיינען זיי ניט געווען, צו מסחר זיך ניט געטויגט, האָבען אַזעלכע יונגעלייט צוזאַמענגעשטעלט אַ צעהן אינגלעך און געמאַכט אַ חדר, געלערענט מיט זיי. ביסלעכווייז זיינען אַזעלכע געוואָרען שטענדיגע מלמדים.

כמעט אַלע מלמדים זיינען געווען קבצנים. פון מלמדות האָט מען ניט געקענט מפרנס זיין קיין פאַמיליע, האָבען די מלמדישע ווייבער זיך איינ־געשפּאַנט און מיטגעהאָלפען מיט וואָס זיי האָבען נאָר געקענט צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשען. אַזוינע ווייבער האָבען צוגעהאַנדעלט אין מאַרק, געשטאַנען מיט טישלעך, געמאַכט צוקערקעס.

קיינער פון די מלמדים זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט צו זייער באַרוף. מערסטענס זיינען זיי געווען פאַרביטערטע פון דאגת פרנסה. דערצו האָבען די פרויען געיאַדעט די מענער, זיי גערופען שלימזלניקעס. האָבען די קינ־דער פון אַזעלכע דערציהער געליטען גענוג, ווייל בלויז צו די יונגע קינדער האָבען די מלמדים אויסגעלאָזט זייער ביטער געמיטה. די קינדער האָבען זיך אויסגעלערענט צו ליידען, צו קריגען קלעפּ, צו ווערען ערנידעריגט און צו שווייגען, ווייל קיין פּראָטעסטען האָבען ניט געהאָלפען. די עלטערען האָבען אַלע מאָל געגעבען דעם רבי'ן רעכט.

פיללייכט, אַ דאַנק אַזאַ ערציהונג האָבען אידען באַזעסען דעם כח צו איבערטראָגען אַזוי פיעל צרות, אַזוי פיעל דערנידערונגען און שווייגענדיג טראָגען די לאַסט פון דורות און דורות.

**גענזלעריי.** דאָס איז געווען אַ פּרנסה, וואָס בלויז געציילטע מענשען

האָבען פון איר געצויגען חיונה. דער מסחר מיט גענז איז באַשטאַנען פון אויסקויפען די גענז, וואָס די פויערים האָבען געבראַכט מאָנטאָג צום מאַרק, אָדער אויפקויפען די גענז אין די דערפער. אין סטאַדעסווייז זיי טרייבען איבער'ן שטאָט. אין קליין שגצל האָט געטריבען אַ סטאַדע פון הונדערטער גענז, וועלכע זיינען שפּעטער אָפּגעפירט געוואָרען קיין וואַרשע צו באַזאָרגען די וואַרשעווער קרעטשמעס מיט די געשמאַקע גענזלעך און פּופּעקלעך. די פּרנסה איז געלעגען אין די הענד פון איין פאַמיליע, וואַרשיינליך געווען אַ טראַסט. דער הויפּט פון דעם טראַסט איז געווען איטשע ראַשקעס. ווען זיינע זיהן, זיינען געוואָרען גרעסער האָבען זיי צוזאַמען אָנגעפירט דעם מסחר. די פּרנסה איז געווען אַ געזיכערטע, ווייל ווען מען האָט שמחת תורה פאַרקויפט אין אַלטען בית־המדרש חתן תורה אָדער חתן בראשית, האָט קיינער ניט געקענט אויסקויפען פון איטשע ראַשקעס דעם כבוד. זיינע זיהן הערשל, יאָסל, און משה אהרן האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין דעם מסחר. האָבען געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָלע אין דעם. שפּעטער איז צוגעקומען שציאָפּקע, געוואָרען אַ גרויסער קאָנקורענט. די ענדע פון דער פּרנסה איז געוואָרען, ווען איטשע ראַשקעס זיהן, האָבען אַלע עמיגרירט קיין אַמעריקע.

ס'זיינען געווען אַ פּאָר פאַמיליעס, וואָס האָבען געליהען צו קליינע פּריצים געלד צו באַצאָלען זייערע פויערים פאַר אַרבייטען דעם גאַנצען ווינטער און זומער ביז די תבואה וועט אַראָפּגענומען און פאַרקויפט ווערען.

די מערסטע אָרימע, אָבער גרויסע יחסנישע פּריצים האָבען אָבער זיך געפירט אַזוי, אַז ווען דער תבואה איז שוין פאַרקויפט געוואָרען, האָבען זיי ניט געהאַט צו באַצאָלען אַלע חובות, וואָס זיי האָבען אָנגעבאָרגט. די אידען זיינען געווען געצוואונגען צו נעמען תבואה אָדער אַנדערע פעלד־פּראָדוקטען פאַר די חובות.

צו ניי־יאָר פלעגט שוין דער שטאָלצער פּאַן אָדער פּאַניע קומען צו די אידען נאָך פרישע הלוואות, אַוועקפאָרען אין וואַרשע אָדער אין אויסלאַנד און עס פאַרטאַכלעווען.

מאיר כיליכעס מיט זיין פאַמיליע זיינען געווען אַזעלכע פּריצישע פינאַנסירען. דעם סוף וואָס זיי האָבען געהאַט, — אין די לעצטען קאַפּיטלען.

**סטאָלעריי.** די סטאָלעריי אין בריינסק איז אָנגענומען געוואָרען אַלס אַ בעל־הבתישער פאַך. דער פאַך איז געווען צוטיילט אין זאַקאַזנע און פאַרטיגע אַרבייט. יאָסל סטאָליער האָט מערסטענס געאַרבייט פאַר ירידים. אין אַ קורצע

צייט זיינען ביי יאָסל סטאָליער געוואָרען פאַרטיג טישלעך און מאָנטאָג איז ער שוין געשטאַנען אין מאַרק מיט זיי אָדער זיי געפירט צו ירידים.

הערשל סטאָליער איז געווען דער קינסטלער אין פאַך. ביי אים האָט מען באַשטעלט צו מאַכען אַ פּאָר בעטען אָדער אַ קאָמאָדע. אַז הערשל האָט באַקומען אַזאַ באַשטעלונג האָט ער איצט אָנגעפאַנגען צו טריקענען די דעמבענע ברע־טער. מיט דריי יאָר שפּעטער אַז מען האָט געפרעגט הערשלען, ווען וועלען די בעטען פאַרטיג ווערען? האָט ער געענטפערט, אַז די ברעטער זיינען נאָך נאַס. מען האָט געוואַרט, ביז הערשל האָט די אַרבייט פאַרטיג געמאַכט, דערפאַר אַז יעמאנד האָט שוין באַקומען זיין שטיקל מעבעל פון הערשלען, האָט דאָס מעבעל שוין געלעבט לעולם ועד, איז טאַקע הערשל געווען אַ קבצן. זיין פאַ־מיליע איז געווען אַ גרויסע, האָט העניה זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבייט, אַליין געפּאָלעטורט די בעסטע מעבעל, געגאַנגען מיט׳ן קעסטעל גלאָז ערגעץ אריינשטעלען אַ שויב, ווייל הערשל האָט ניט געקענט שלעפּען קיין שווערע מאַסע.

די לערען אינגלעך וואָס האָבען זיך אויסגעלערענט ביי הערשלען די אַרבייט זיינען געוואָרען אַליין גוטע מעכאַניקער. שפּעטער ווען זיינע אינגלעך זיינען געוואָרען גרעסער, האָבען זיי שוין מיטגעהאָלפען און הערשל האָט זיך אַביסעל פאַרגרינגערט זיין געמיטה. זיינע קינדער האָבען שנעל איבערגע־נומען דעם פאַך. יעצט געפינען זיי זיך צושפּרייט אין דער וועלט, דריי אין אַרגענטינע, וואו איינער איז אַ באַרימטער מעבעל־פאַבריקאַנט, וועמעס אויסאַרבייטונג ווערט צושיקט איבער גאַנץ סאוטה אַמעריקאַ. איינער אין ניו־יאָרק, וועלכער איז אויך באַוואוסט אַלס די ראַיעלסטע בוי־פירמע אין גרויס־ניו־יאָרק.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז די אַרגענטינער קינדער הערשל׳ס זיינען אינ־טערעסירט, און זיינען טהעטיג אין אַלע בריינסקער רעליף אַנגעלעגענהייטען. הערשל׳ס צוויי איידעמס אין בריינסק זיינען געווען באַרימט מיט זייער טהע־טיגקייט אין שטאָט. ר׳ חיים לייב ליעוו, אַלס דער אָרטאָדאָקסישער עסקן אין שטאָט, און אליה יענטשמאַן איז געווען דער באַרימטער פועל־ציון פירער אין שטאָט. וועגען אליה׳ס טהעטיגקייטען, זיין אַנטלויפען פון די גאַז־קאַמערען, זיין וואַלד־לעבען, און שפּעטערדיגען אומקומען — אין ווייטערדיגע קאַפּיטלען.

ווען די עמיגראַציע נאָך אַמעריקאַ האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט איז צוגעקומען נאָך אַ פרנסה. אַגענטען סאַנע, ניאַמע, פּרויטשע, שמוליע, אַלע

פיעטראסקער, זיינען געווען אַגענטען. זיי פלעגען אַריבערפירען עמיגראַנטען איבער׳ן פרייסישען גרעניץ, מערסטענס דורך וואַסערען, בלאָטעס. אַמאָל פלעגט מען אַזעלכע כאַפּען ביים גרענעץ, מערסטענס צוליב אַ דורכפאַל אָדער אַ מסירה׳לע. דאַן האָבען די אַגענטען צוזאַמען מיט די פּאַסאַזשירען געהאַט גע־ברענטע צרות, ביז עס איז פאַרשמירט געוואָרען.

פסח דער קרעמער. דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע אין בריינסק. די ריזיגע ניו־יאָרקער פינף און צעהן סענט געשעפטען האָבען, ווייזט אויס געוואוסט פון דער בריינסקער קראָם און פון איר באַרימטען פסח דער קרעמער. פסח׳ס קראָם איז געווען די גרויס פון פיער פוס ביי פיער פוס, דאָך האָט איר דאָרט אין קראָם געקענט קויפען אַלעס, וואָס איר האָט נאָר געוואָלט. עס איז געווען ממש אַ וואונדער, ווי אַזוי פסח האָט געקענט געדענקען אַלע סחורות וואָס האָבען זיך געפונען אין זיין קראָם. ביי אים האָט איר געקענט קויפען עטליכע פאַרשידענע אַרטיקלען צוזאַמען פאַר אַ גראָשען.

אַז פסח האָט געמאַכט אַ סייל, וואָס האָט אָנגעטראָפען צוויי גראָשען איז שוין פסחטשיכע אויך געווען פאַרנומען צו העלפען איר מאַן מיט דער גרויסער שפע; אַ בלייפעדער האָט פסח צושניטען אויף פיער טיילען, אַלע גלייכע. דער בעסטער קאָסטימער אויף די שטיקלעך בלייפעדער ביי פסח דעם קרעמער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם בוך. פאַר אַ גראָשען האָט ער נאָך באַקו־מען צוויי אָדער דריי אַנדערע אַרטיקלען צוזאַמען מיט׳ן שטיקל בלייפעדער.

פערד הענדלעריי איז געווען אין בריינסק אַ גרויסער מסחר. עטליכע פאַמיליעס האָבען געלעבט פון דעם האַנדעל, וואָס איז אָנגעגאַנגען מערסטענס אויף וועקסלען. דער סוחר האָט געדאַרפט בעטען גאָט פאַר׳ן פויער, ער זאָל האָבען אַ גוטע גערעטעניש צו קענען באַצאָלען דעם וועקסעלע, אָדער ער האָט געדאַרפט בעטען גאָט פאַר׳ן סוס אַז ער זאָל חלילה ניט אָוועקפגרן ביז דער וועקסעל וועט באַצאָלט ווערען.

פריצישע קראָמען. מנוחקע גאָטליעב. לעבען איר קראָם האָט מען אַלע מאָל געזעהן אַ פריצישע בריטשקע מיט פיער פערד נאַשפּיץ. דאָס האָט אַ פריץ איינגעקויפט ביי מנוחקען אין קראָם. מנוחקע׳ס פראָשע פאַנאַ האָט גע־קלונגען עפּעס ספּעציעל פריציש. אויך די פריצישע קראָמען זיינען אַלע מאָל געוואָרען שוואַכער, ווייל די פריצים האָבען פשוט ניט געהאַט אָדער ניט געוואָלט באַצאָלען זייערע חובות.

טאָקעריי. בנימין דער טאָקער. יעקב יצחק דער טאָקער, מענדעל טאָקער

יודל טאָקער, אַלטער משה נוסיכעס. דאָס איז געווען אַ פּרנסה צום מאַרק און ירידים, אַז דער סיזאָן איז ניט געראָטען, איז מען געבליבען אַ בעל־חוב ביז דעם קומענדען יאָר.

**בעלי עגלות** פּיניע גאלעס, יאָסל גאלעס, מרדכי פוהרמאַן, פּישקע פוהרמאַן, שלום סמורזשיק, לייבל פוהרמאַן, יענקל זאַוועל'ס, חיים גלאצער.

די פּרנסה איז געווען איינגעטיילט. אייניגע זיינען געפאָרען אין ביעלסק. אַנדערע אין שעפּעטאָווע צום באַן. אייניגע קיין טשעכענאוועצ, אַנדערע קיין ביאַליסטאָק אָדער צו ירידים. אייניגע פלעגען פירען פראַכט צו די שכנישע שטעטלעך.

דאָס זיינען געווען די הויפּט בריינסקער פּרנסות. אַלע מאָל זיינען צוגע־קומען מער קרעמערס, מער פאַכלייט, וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט אַרבייט. די קאָנקורענץ צווישען זיי איז שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרען.

אין יאָר 1910 האָט דער פּריסטאַוו סאָסנאָווסקי אַרויסגעטריבען כמעט אַלע אידען פון די דערפער אַרום בריינסק. געבליבען זיינען עטליכע אין רוטקע, אליעקשין, קאַלניצע, א. ז. וו.. אָט די צוגעקומענע דאָרפישע איינוואוינער האָ־בען זיך באַזעצט אין שטאָט, געבויעט הייזער, שוין אין די קריסטליכע קוואַר־טאַלען פון שטאָט בענדוגע, און פשעדמיעסטאַ. די קאָנקורענץ איז נאָך געוואָרען שטאַרקער. אין בריינסק זיינען געווען זעקס טאָקאַרעס, 9 היטעל־מאַכערס, 40 שוסטערס, זעכציג שניידערס, ניין שמידען, פינף סטאָליאַרעס, 17 בעקערס, פיער קאָמאַשען שטעפּערס, פיער גלעזערס, פיער רימערס, פערצעהן פאַרבערס, פיער קוואַסניקעס, קצבים, אין יעדער שטוב. שפּייז קראָמען, אין יעדע צווייטע הויז. 5 שניט קראָמען, אייזען קראָמען, איין גרויסע און דריי קלענערע. פינף דאָרף־פאָרערס, אָן אַ צאָל דאָרף־גייערס, הענדלערס אין מאַרק — יעדער איד און יעדער אידענע.

דאָס האָט געבראַכט אַז פיעלע זיינען אַרויסגעשטויסען געוואָרען און עמיג־רירט. לויט די פאַכען עמיגרירען די פאָלגענדע פון טאָקערס: בנימין טאקערס קינדער, יודל טאָקער, יעקב יצחק'ס קינדער, פון היטל־מאַכערס, משה דעם בלינדענס קינדער, מאָטקע היטל־מאַכער, אריה לייב, נחמן היטל־מאַכערס קינ־דער, מאָטיע אַבע איז אויך געווען אין אַמעריקאַ, נאָר ער איז צוריקגעקומען.

פון שוסטערס, משה יודל, חיים יואל'ס, אריה שוסטערס קינדער, בערל אריה'ס קינדער, אברהם בראדער מיט די קינדער. פון שניידערס, שמינע, יענקל קאַרטאָפליע, מאיר, יענקל מאיר'ס, שרויט, דוד יאָסל, די שמולטשוקעס,

בערע לייבישעס קינדער, אַלטער יאָקל איטשיכעס און פיל אַנדערע. פון די שמידען האָבען עמיגרירט נח שמיד'ס קינדער, קאָפּקעס קינדער, הערשל שמיד'ס קינדער, פסח סטאָליער. פון די בעקערס, פּענזעל דער בעקער, דער אַמעריקאַנער בעקער. איטשקע, אהרן וועלוול'ס. פון די קצבים, שלומה'לע שעפּסל קצב'ס, אַרקע קצב'ס קינדער. פון די פאַרבערס, מאָטקע פאַרבער, איטשקע שאולקע פאַרבערס. אַלטער פאַרבערס קינדער, טשאָפּקע. וועגען די לייטע אָן פאַכען אָדער קליינע קרעמער־הענדלער, וואָס זיינען אַוועקגעפאָרען, קען מען ניט שרייבען, ווייל זיי זיינען געווען אין אַ גרויסע צאָל.

די איינציגע רעטונג פאַר די אַלע איז געווען עמיגראַציע. פאַרוואָס? ווייל עס איז ניט געווען אין בריינסק קיין אינסטיטוציע צו העלפען דעם אידען, ווי אַ פאָלקס־באַנק אָדער גמילות־חסד־קאַסע. אַז מען האָט ביים יריד ניט פאַרקויפט די סחורה אָדער מ'האָט אין קראָם ניט געלייזט צום מאַרק, האָט מען געמוזט אָנקומען צום וואָכערניק, אום זיך קענען ווי עס איז דערהאַלטען ביים לעבען. ביים וואָכערניק האָט מען געקריגען צוואַנציג אָדער פינף און צוואַנציג רובל אויף וועכענטליכע אויסצאָלונגען.

עס זיינען געווען צוויי אַזעלכע אין בריינסק. דער ערשטער שמואל קעסטאלע. מ'האָט אים אויך גערופען שמואל ב'. דער צווייטער חיים לייב גאָלדינג. מ'האָט אים גערופען די ווייסע קעפּל.

שמואל ב' פלעגט באָרגען צוואַנציג רובל אויף אויסצאָלען איין רובל מיט פערציג גראָשען אַ וואָך. צעהן טעג פלעגט מען דאַרפען וואַרטען ביז שמואל ב' האָט געענדיגט זיין אונטערזוכונג, צי דער אָנלייהער וועט קענען צוריקצאָלען. מ'האָט געדאַרפט ברייגנען אַ משכן. ער האָט געגליכען משכנות פון גאָלדוואַרג. דערצו האָט מען געדאַרפט אונטערשרייבען אַ וועקסעל מיט צוויי גוטזאָגערס. אָבער שמואל ב' האָט מורא געהאַט פאַר גאָט, און פאַר יענער וועלט, האָט ער געמאַכט אַ היתר עסקא. אָט אַזוי אַרום איז שמואל ב' געווען זיכער מיט דער וועלט און מיט יענער וועלט. דאַגעגען חיים לייבל איז שוין געווען אַ לייכטערער לייהער, אָבער בריינסקער אידען האָבען שוין געהאַט גענוג צרות. די איינציגע רעטונג איז געווען צו עמיגרירען. דאָס האָט מען טאַקע געטאָן, איבערגעלאָזען אַלעס וואָס ס'איז געווען ליב און טייער, ווייב און קינדער, טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער און געפאָרען אין אַמעריקאַ.

אין 1910 איז אַביסעל לייכטער געוואָרען, ווייל אַלע קליינע הענדלער, שניידער און אַנדערע האָבען גענומען האַנדלען אויף וועקסלען. מ'האָט שוין

ניט געדאַרפט האָבען קיין קעש. מ׳האָט אונטערגעשריבען אַ וועקסל, און באַ־קומען סחורה. די וועקסלען פלעגען ווערען אויסגעשטעלט אויף צוקער׳ס באַנק אין ביעלסק. אין דעם יאָר 1912, אין דעם וועלטליכען קריזיס, ווערט בריינסק גלייך מיט אַלע שטעט. קרעדיט האָט זיך גענצליך אָפּגעשטעלט, וועקסלען פליען צוריק פּראָטעסטירטע. אויך בריינסקער וועקסלען ווערען פּראָטעסטירט. מיר מוזען באַשטימט ערקלערען, אַז בריינסקער קליינע הענד־לער און האַנטווערקער האָבען מיט זייערע לעצטע גראָשענס גוט געמאַכט זייערע חובות. גראָדע די גרעסערע סוחרים און הענדלער האָבען דאָס ניט געטאָן.

אָט אַזוי האָט דער עקאָנאָמישער לעבען אין בריינסק אויסגעזעהן ביז דער וועלט־מלחמה אין 1914.

## פיער און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# דער פּאָליטישער לעבען אין ברײנסק ביז מלחמה אויסברוך אין 1914

אין אַלגעמײן קען געזאָגט װערען, אַז אידען האָבען זיך ניט געמישט און זיך ניט אינטערעסירט אין פּאָליטיק. אָבער געליטען פון פּאָליטיק האָבען זײ געננוג אין אַלע צײטען.

דאָס איז באַװיזען געװאָרען נאָכ׳ן פּױלישען אױפשטאַנד, װען רוסלאַנד האָט אַרױפגעלײגט געלד קאָנטריבוציעס אױף די שטעט אין פּױלען, אַלס אַ שטראָף פאַר׳ן בונטעװען זיך געגען רוסלאַנד. אױף ברײנסק איז אַרױפגעלײגט געװאָרען 900 רובל. די קריסטליכע באַפעלקערונג האָט באַלד אַ גרױסע טײל דערפון אַרױפגעװאָרפען אױף אידען. זאָגאָר זײ האָבען זיך געװױס ניט באַטײליגט אין פּױלישען אױפשטאַנד. זײ האָבען פריער באַשולדיגט די אידען, אַז זײ האַלטען פאַר רוסלאַנד. װען ס׳איז געקומען צום צאָלען קאָנטריבוציע האָט מען עס פאַרלאַנגט פון די אידען. צום גליק האָט משה־היצל מענדעל׳ס די טײל שטראָף אױף אידען אַראָפּגענומען, דורך זײן קאָנטשאַפט מיט די בעאַמטע.

אין 1888 זײנען שױן געװען אין ברײנסק מאַנאַט־שריפטען, נאָכהער טעג־ליכע צײטונגען, װי „הצופה" פון פּעטערבורג, יאָסל בעניע און יאָקע זײנען געװען פון די ערשטע צו דערהאַלטען די צײטונגען. אין 1897 זײנען שױן געװען טעגליכע צײטונגען בײ לײבל װײן, און יאָשע ליבאַשיץ. אין 1902 זײנען שױן געװען אידישע צײטונגען מיט פּיעל לעזער, אין קײן קהל׳שע אַרבײט האָבען זיך קײנער ניט אינטערעסירט. װעלטליכע פּאָליטיק איז געװען װײט פון זײ.

עס זײנען געװען עטליכע פּאַטענטירטע כלל־טוערס, װי למשל יאָקע, אליה גאָטליב, איטשע גימפּלס, אברהמע בעקער. זײ האָבען שױן געװאוסט װען מ׳דאַרף אַראָפּנעמען די היטל און עפּעס דורכפירען פאַר׳ן שטאָט.

אין 1905, אונטער דעם דרוק פון פּאָליטישע געשעענישען זיינען ברייּנס־קער אידען געוואָרען מער פּאָליטיש רייף.

די יוגענד האָט ענטוויקעלט פּאָליטישע פּאַרטייען. און די עטליכע האָבען זיך נאָכהער באַנוצט מיט דער פּאָליטישער אויסבילדונג, ספּעציעל ביי די צייטען פון די וואַלען צו דער ערשטער „דומע". דער וואַהל דיסטריקט איז געווען אין ביעלסק. שטימרעכט האָבען געהאַט אין בריינסק אַרום זעכציג פּערזאָן. שטימען האָט מען געדאַרפט פאָרען קיין ביעלסק. זיינען פיער און פופ־ציג אידען געפאָרען שטימען. די איבעריגע זעקס זיינען געבליבען אין דער היים. וואַרשיינליך האָבען זיי זיך געשראָקען פאַר אָט דער נייער מאַכערייקע, האָבען זיי פלוצלונג באַקומען פאַרקילונגען און ניט געפאָרען. כאָטש פוהרען זיינען געווען פריי. דאָס האָבען באַזאָרגט אליה כאָמסקי, יאָשע ליבאשיץ, ירוחם גאָלדבערג, איטשע ראָזענבוים, און אַנדערע פאַרשטענדליכע אידען. געוויילט איז געוואָרען צוקער דער ביעלסקער באַנקיער. אַז דיוויילערס זיינען געקומען פון ביעלסק האָט שוין אהרן וועלוול דער בעקער אַלעס דערציילט.

ביים ערוויילען דעפּוטאַטען צו דער לעצטער דומע, האָבען די וואַרשע־ווער אידען אויסגעקליבען יאַגעלאָ, אַ שטיקל אַנטיסעמיט. צוליב פּאָליטיק וואָס האָט צוטיילט די וואַרשעווער אידען, דאָס האָט געפירט שפּעטער צום באָיקאָט, און אידען האָבען שוין געפיהלט, אַז זיי ווערען קרבנות, צוליב פּאָלי־טיק. אָט אַזוי האָבען בריינסקער אידען זיך אויסגעלערענט וואָס עס מיינט פּאָליטיק.

פינף און צוואנציקסטער קאַפּיטל

# דער קולטורעלער לעבען אין ברײנסק ביז ערשטער וועלט־מלחמה. דערגרייכונגען פון ברײנסקער קינדער דורך זעלבסטבילדונג

קולטורעל איז ברײנסק געווען צוריקגעשטאַנען. ס'זיינען ניט געווען קיין אינסטיטוציעס פאַר בילדונג. די מערסטע קינדער האָבען פאַרבראַכט דעם גאַנצען טאָג ביים מלמד, געלערענט פון אלף בית ביז חומש, תנ"ך. די אָרימע קינדער האָבען געמוזט אויפגעבען דעם חדר צו דרייצען יאָר אָדער נאָך פריער, ווייל זיי האָבען געמוזט העלפען זייערע עלטערען, וואָס האָבען שווער געאַרבייט ביי זייערע אייגענע ווארשטאַטען פון פאַרטאָג ביז אַ האַלבע נאַכט.

אַלעס וואָס דער אינגעל האָט זיך אויסגעלערענט ביי זיין מלמד איז געווען זיין גאנצע בילדונג. דער מלמד האָט אים געלערענט שרייבען, אָנגעפאַנגען פון אידישען אַלף בית און געענדיגט פון נאָכשרייבען אַ בריף, מערסטענס פון שמר'ס בריף־שטעלער.

בלויז קינדער פון די רייכערע זיינען געגאַנגען אין חדר נאָך בר־מצוה. די קינדער פון עלטערן, וואָס האָבען זיך געבלוטיגט און געצאָלט פון די לעצטע גראָשענס שכר־לימוד, זיינען געגאַנגען אין חדר ביז פופצען יאָר אָדער נאָך לענגער.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען דאַרף מען באַוואונדערען, וואָס די אידישע יוגענד האָט פאָרט עפּעס דערגרייכט. אמת אַז אימיצער האָט באַקומען אַ בריף פון אַמעריקאַ איז מען געגאַנגען צו געציילטע מענשען, וואָס האָבען די בריף איבערגעלעזען, ניט אַלע האָבען דאָס געקענט באַוויזען.

אַרום 1900 האָבען זיך באַוויזען אין ברײנסק לערערס, וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט לערנען אידישע בחורים און מיידלעך צו שרייבען אידיש, רו־סיש און רעכענען. עס איז אַריין אין דער מאָדע, אַז קינדער זאָלען זיך לער־נען שרייבען ביי לערערס, ניט ביי די מלמדים.

דער ערשטער לערער אין בריינסק, אַלטער דער שרייבער, הערשל שוסטערס זוהן. ער איז געווען באַריהמט פאַר זיין קאַליגראַפיע, אַ וואונדערבאַרע האַנדשריפט.



אַלטער דער שרייבער
צו 79 יאָר אין אַמעריקע



יודל דער לערער
צו 17 יאָר אין 1905 אין בריינסק

אַלטער דער שרייבער האָט ניט פאַרדינט קיין סך פון זיין לערעריי. ער איז געווען געצוואונגען צו זוכען פּרנסה. האָט ער זיך אַליין אויסגעלערענט פאָטאָגראַפיע. אין אַ קורצער צייט עפענט ער אין בריינסק די ערשטע פאָטאָגראַפיע.

זיין וואוינונג איז געווען ביי ישיע מוליער אין הויף. אין פראָנט איז געווען צוגעשלאָגען צום וואַנט אַ קאַסטען מיט אַ גלאָז פענסטער. אין דעם קאַסטען זיינען געווען אויסגעשטעלט אַלע זיינע פאָטאָגראַפישע בילדער. בילדער פון בריינסקער אידען און אידענעס, וואָס האָבען זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירען, כדי צו שיקען די בילדער צו זייערע קינדער אין אַמעריקאַ, וואָס האָבען געשיקט געלד פאַר דעם צוועק. ווען איר האָט באַמערקט אַ בריינסקער פּאָרל אין מיטען וואָך אָנגעטאָן אין שבת'דיגע מלבושים מיט אַ סידור אין האַנד, זיינט איר געווען זיכער, אַז זיי גייען צו אַלטער דעם שרייבער זיך פאָטאָגראַפירען.

צי אַלטער האָט געהאַט פּרנסה פון די ביידע פאַכען, ווייס איך ניט. אַלטער איז געווען געצוואונגען צו עמיגרירען. אין אַמעריקאַ האָט ער זיך באַזעצט אין אַטלאַנטאַ, און אַרומיגע סטייטס, וואו ער האָט אויסגעלעבט ביז אַ הויכער עלטער.

אין בריינסק איז געווען אַ לערער פּיקער. עס איז געווען אַ לערער, וואָס קיינער געדיינקט ניט זיין נאָמען, ווייל ער איז געווען באַוואוסט מיט'ן צונאָמען דער זומער־פערדל.

דער „דזשעשאנטניקל" געווען אַ שוסטער. אַ בריינסקער אידעם. פון זיין שוסטעריי האָט ער ניט געהאַט קיין פּרנסה. קיין גרויסער עקספּערט אין דער מלאכה איז ער ניט געווען. ער האָט באַזעסען אַ שיינע, קיילעכדיגע האַנד־שריפט. האָט ער זיך גענומען צו לערעריי. ער האָט געהאַט אַ סך שילערינס, איז געווען אַ פּאָפּולערער פּערזאָן, אָבער צו קיין פּרנסה איז עס ניט געקומען. שוסטעריי און לערעריי זיינען ניט גענוג צו געבען אים פּרנסה, איז ער גע־וואָרען דער דעסיאַטניק. אין בריינסק איז ער געווען באַוואוסט אַלס דער „דזשע־שאנטניקל". קיין אַנדער נאָמען איז פאַר אים ניט אנערקענט געוואָרען, נאָר יאָסל דער דזשעשאנטניקל.

עס איז געווען אַ לערער בלוימאַן, שוין פאַר שילערס און שילערינס פון העכערע בילדונג. עס זיינען אָבער געווען ווייניג סטודענטען פון דעם סאָרט.

עס זיינען געווען אין בריינסק אינטעליגענטע יונגעלייט, וואָס האָבען זיך אַליין אויסגעבילדעט אין פאַרשידענע רוסישע שטעט אין ישיבות. די עלטערען האָבען זיי געשיקט אין די שטעט צו לערנען תורה. ווען זיי זיינען געקומען אַהיים, מיט עטליכע יאָר שפּעטער, זיינען זיי געווען ניט נאָר גרויסע לערנערס, נאָר אויך וועלטליך געבילדעטע מענשען. די יונגעלייט האָבען זיך גענומען צו ווערען לערערס. איטשע רוטקער איז געווען איינער פון זיי.

יודל דער לערער, שלומה הערש'ס זוהן, איז געווען זייער באַוואוסט אין יאָר 1905 און אַ טייל פון 1906. ער האָט געלערענט מיט אידישע בחורים און מיידלעך שרייבען אידיש, העברעאיש, רוסיש און אַריפמעטיק. זיינע שיהלערס און שילערינס זיינען געווען פון ביידע קלאַסען, אָרים און רייך. ביי לייזער שאָנעס אין הויז האָט ער געלערענט רוסישע כריסטאָמאַטיע. מיט לייזער טשעס־ליער'ס מיידלעך האָט ער געלערענט שרייבען אידיש. ביי בנימין טאָקער האָט ער געלערענט אידיש שרייבען און אַביסל רוסיש מיט די אינגלעך און מייד־לעך. בנימין טאָקער האָט זיך אַליין ניט אינטערעסירט, וואָס די קינדער לערנען זיך. נאָר באַשקע האָט זיך געבעטען ביי די קינדער, אַז זיי זאָלען זיך אויסלערנען שרייבען איין אַדרעס. זי שעמט זיך אָנצוקומען צו פרעמדע מען זאָל שרייבען פאַר איר דעם אַדרעס.

יודל דער לערער פלעגט אַ פאָר מאָל אַדרעסירען געהיימע פאַרזאַמלונגען

ביים קומאַט אין וואַלד אָדער ביי פסח מילנערס וויעטראַק. די פאַרזאַמלונגען זיינען געווען געהיימע. דאָרט פלעגט יודל פאַר די אַרבייטער אויסטייטשען די וועלט פאַסירונגען אין דעם ליכט פון דעם סאָציאַליסטישען גייסט. חיים באַקער איז ניט געווען איינשטימיג מיט די פאָפולערע אויסטייטשונגען. מען דאַרף זיי לערנען מאַרקס׳׳ס מערוווערט טהעאָריע, דאָס איז וויכטיגער פון אַלעס. די יוגענד איז גראַדע געווען צופרידען פון יודל׳ס פאָפולערע רעדעס.

די פאַרזאַמלונגען זיינען אַלע געווען געהיימע, דאָך אַז יודל איז געקומען שבת פאַרנאַכט אין שוהל צו מנחה. פון אַזאַ געהיימע וואַלד פאַרזאַמלונג האָט דער בריינסקער רב ר׳ שמריהו מרגלית אים זאָפאָרט באַגעגענט און אים געזאָגט: עס פאַסט ניט פאַר דיר, פאַר דיין משפחה, דו זאָלסט זיך חבר׳ן מיט אַזעלכע חברה־לייט. ווי געוויינליך מיט זיין אמת פריינדליכע נאַטור זיך געבעטען ביי יודלען אַז ער זאָל זיך פון אַזעלכע לייטע דערווייטערען.

די אַלע בריינסקער לערערס זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער ביסעל וועלטליכע בילדונג, וואָס די יוגענד האָט באַקומען אין די ערשטע פינף יאָר פון 19־טן יאָרהונדערט. אַלע זיינען זיי געווען געטריי צו זייער מיסיע.

בריינסקער ביבליאָטעק. אין יאָר 1905 איז ביי משה היצלען אויפ׳ן בוידעם איינגעאָרדענט געוואָרען אַ ביבליאָטעק. דאָרט האָבען זיך געפונען פיעל אידישע ביכער, מענדעלי מוכר ספרים, שלום עליכם זיינען געווען זייער פאָפולער. אידישע מיידלעך זיינען געווען אָפטע באַזוכער און גוטע לעזערס פון די אידישע פאָפולערע ביכער. די מעשה־ביכלעך, וואָס זיי פלעגען פריער האָבען באַקומען פון מוכרי ספרים, האָבען זיי ניט צופרידענגעשטעלט מער. דאָ מוזען מיר דערקלערען די אינסטיטוציע, וואָס האָט געהייסען דער מוכר־ספרים. דאָס איז געווען אַ הויכער לאַנגער דאַרער איד מיט אַ קורץ בערדל. ער פלעגט קומען אין בריינסק אַלע עטליכע וואָכען, זיך אָפשטעלען אין אַלטען בית־המדרש, דאָרט, אויף אַ לאַנגען טיש פלעגט ער אויסלייגען זיין גאַנצען סטאַק פון ספרים, חומשים, סידורים, לוחות. די אידען אין בית־המדרש פלעגען זיך אָפשטעלען ביים טיש און לעזען אומגעשטערט אַלעס וואָס איז דאָרט געווען צו לעזען. דאָס איז געווען אַ סאָרט פרייע ביבליאָטעק. צייטענווייז האָט ווער געקויפט עפּעס אַ ספר. אָט דער מוכר־ספרים האָט אָבער אין געהיים געהאַט אַלע אידישע מעשה־ביכלעך צו פאַרקויפען אָדער געבען אויף פריקאַט. ווען אַלע מתפללים זיינען אַוועק, האָט דער מוכר־ספרים גענומען דעם פעקל מיט די מעשה־ביכלעך (ער האָט שוין געהאַט זיינע קונדען), און פאַרקויפט אָדער

פאַרדונגען ביז ער וועט קומען אין שטאָט אַ צווייטען מאָל. פון די ביכלעך האָט ער ווי עס איז פאַרדינט אַ פּאָר גראָשען. ביי אים זיינען אויך געווען אין געהיים, פאַרשטייט זיך, העברעאישע ביכער, אַזעלכע וואָס מען האָט ניט געקענט זעהן אין בית המדרש אויפ'ן לאַנגען טיש ביים מוכר־ספרים. ער האָט זיי געהאַלטען בסוד, פאַר יחידי סגולה.

ווען די ביבליאָטעק איז געעפענט געוואָרען זיינען די אַלע קונדען פון מוכר־ספרים'ניק געקומען נעמען ביכער. אַרבייטער און בעלי הבתישע קינ־דער האָבען פאַטראָניזירט דעם ביבליאָטעק. פון די העברעאישע ביכער זיינען געווען: מפו'ס „התועה בדרכי החיים" און „אהבת ציון" די פּאָפּולערסטע. ביס־לעכווייז איז די ביבליאָטעק פאַרגרעסערט געוואָרען מיט פאַרשידענע ביכער פאַר אַלע קלאַסען לעזער.

די הויפּט איניציאַטאָרען פון דער ביבליאָטעק זיינען געווען יאָסל מישלי־באפסקי, משה היצל ראָסע, חיים באַקער, שמואל לייב בערל לייבישעס זוהן, בלומע מישורעק און יודל דער לעהרער.



חיים באַקער ע"ה



יאָסל ליבאָווסקי

גרינדער פון ערשטען ביבליאָטעק

די עטליכע אידעאַליסטישע יונגעלייט האָבען דער ביבליאָטעק געגעבען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, האָבען געשאַפען די ביכער. די פּאָפּולאַריטעט פון דער ביבליאָטעק איז געשטיגען ביי דער באַפעלקערונג. די בעלי הבתים האָבען געזעהן אין דער ביבליאָטעק א שרעקליכען אומגליק, וואָס וועט פירען צו אפיקורסות.

עס באַוויזן זיך שוין ניט לעגאַלע ליטעראַטור. געוויינטליך אין געהיים. דאָס ווערט געגעבן צו געציילטע פּערזאָנען.

ביי ענדע 1906, ווען די גרעסטע צאָל יוגענד זיינען שוין אין בריינסק ניט געווען, האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער אַרבייט אברהם משה בערטשעס, און דאַן חנה סמורזשיק. די ביכער ווערן שוין געהאַלטען אין געהיים. חנה געדיינקט ווער עס האָט אַ בוך, קיין רעקאָרדס ווערן ניט געהאַלטען. די ביכער פאַרשטעקט אין געהיימע פּלעצער וואָס בלויז חנה ווייס פון זיי.

אין יאָר 1910 ווערט די ביבליאָטעק ווידער פּאָפּולער, אין יעדען הויז געפינען זיך די ביכער פון דער ביבליאָטעק. עס ווערט אַ גרויסער דראַנג נאָך בילדונג. די ביכער האָבן באַפרידיגט זייער דורשט צו לעזען, צו שטודירען.

אין יאָר 1917 ווערט די ביבליאָטעק באַנייט פון די פאַרשידענע פּאַרטייען, וואָס האָבן דאַן עקזיסטירט אין בריינסק, אונטער דער נאָז פון די דייטשען וואָס האָבן דאַן אקופּירט די שטאָט.

אַלעס אַ דאַנק דעם וואָס די ביכער זיינען געווען אָפּגעהיט אַלע יאָרען דורך דער איבערגעבענהייט פון יוגענדליכע בחורים און מיידלעך, און געגרינ־דעט אין יאָר 1905 פון בריינסקער יוגענד, יעצט צושפּרייט אין דער וועלט.

זייער אַן אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען זלמן ישיע דער בריף־טרעגער. ווי עס קומט אַז בריינסק זאָל האָבן אַ אידישען בריף־טרעגער, ווייס קיינער ניט.

זלמן ישיע איז געווען דער בריף־טרעגער אַ סך יאָרען, ער איז געווען אַן אַלטער איד, ער האָט ניט געקענט לייענען, ניט שרייבען, ניט קיין אידיש, קיין רוסיש געוויס ניט. דאָך האָט ער דערפילט זיין פליכט אַלס בריף־טרעגער מיט דער גרעסטער צופרידענהייט. ער האָט קיין מאָל ניט פאַרביטען די יוצרות. ווען ער האָט גענומען אַ בריף אין האַנד, האָט ער באַלד געוואוסט צו וועמען דער בריף באַלאַנגט. ער האָט געמוזט באַזיצען אַזאַ חוש, וואָס האָט אים קיין מאָל ניט גענאַרט.

ווען בריינסקער יוגענד האָט זיך אַביסעל אויסגעלערענט שרייבען, איז געוואָרען די מאָדע צו גיין אויף פּאָטשט. דאָס הייסט ערוואַרטען דעם וואָגען וואָס האָט געבראַכט די בריף פון ביעלסק. די יוגענד האָט שוין דאָרט אַליין אָפּגענומען זייערע בריף. אָבער זלמן ישיע האָט אַלע מאָל באַקומען די קאָ־פּיקע פון זיי פאַר אַ בריף, וואָס זיי האָבן אַליין אָפּגענומען.

זלמן ישיע האָט אויך געהאַט אַ צווייטע פּרנסה. ער האָט צוטראָגען די

פאָוועסטקעס. אַזוי ווי בריינסק האָט זיך ניט געמישט אין וועלטליכע זאַכען. קיין פּראָצעסען האָבען זיי קיין מאָל ניט געהאַט, זיינען פאָוועסטקעס געווען אַ זעלטענהייט.

פאַרשטייט זיך, אַז זלמן ישיע איז געווען אַ איד אַן אָרימאַן, האָט געמוזט צו אַרבייטען ביי שניידעריי, אַ ביסעל קענען ווי עס איז פאַרדינען פאַר זיינע נויטיגסטע לעבענס־מיטלען.

פון קיין טעאַטער האָט מען אין בריינסק ניט געוואוסט. די פורים־שפּי־לער וואָס איינינע לייטע, ספּעציעל פון פאַרשידענע חברות האָבען דורכגע־פירט פון הויז צו הויז פורים, איז געווען געגנוג פאַר בריינסק.

דאָך האָט זיך אין בריינסק געפונען אין די יאָרען פון 1910 עטליכע יונגעלייט, וואָס האָבען געוואגט און מיט איינינע קרעפטען דורכגעפירט אַ טעאַטער פאָרשטעלונג ביי אברהם שקאָפּ אין מויער. שלומה אפרים דער פּע־היגסטער פון דער טרופּע האָט אַליין געשפּילט פינף ראָלען אין דער פאָר־שטעלונג „שמענדריקוניע". ער האָט אַלעמען צופרידען געשטעלט. אין אַלגע־מיין איז שלומה אפרים טאַקע געווען אַ טאַלאַנטפולער בחור.

עס איז געווען אין בריינסק אַ גראַמאַפאָן. ער האָט זיך געפונען ביי שיי־קעס אײדעם. דאָס איז געווען אַ קאָסטען מיט אַ גרויסע טרובע. אין די זומער־דיגע פאַרנאַכטען ביי די פענסטער האָבען זיך בריינסקער אידענעס פאַרזאַמעלט און זיך צוגעהערט צו די האַרציגע אידישע לידער, וואָס זיי האָבען אין שטאָט קיין מאָל ניט געהערט.

מאַמעס ווענעס קינדער זיינען געווען ערגעץ אין אַמעריקע האָבען מיט די פאַרטיכער זיך געווישט די טרערען, הערענדיג אַזעלכע לידער ווי „אַ ברי־וועלע דער מאַמען זאָלסטו ניט פאַרזאַמען".

קיין קינדער־שולען זיינען אין בריינסק ניט געווען. שפּעטער האָבען זיך אין שטאָט באַוויזען צערקאָוונע שוהלען.

איינינע אידישע קינדער האָבען שוין פאַרלאָזען בריינסק, געפאָהרען זיך לערנען אין די גימנאַזיעס. געוויינטליך די רייכערע.

עס זיינען געווען אַ גרויסע צאָל בריינסקער וואָס האָבען דורך זעלבסט־בילדונג דערגרייכט זייער פיעל צווישען וועלכע עס דאַרף דערמאָנט ווערען:

## יוסף חיים העפטמאַן

דער באַרימטער פּאָעט און בעלעטריסט. נאָך אַלס קינד האָט ער אַרויסגע־צייגט גרויסע שריפטשטעלערישע פעהיגקייטען. ער האָט דאַן געלערענט ביי זיין רבי׳ן, האָט ער אים באַשריבען אַ ביסעל. דאָס איז אַריינגעפאַלען צום מלמד אין די הענט. דער רבי האָט די דאָזיגע שרייבעכטץ אַוועקגעטראָגען צו משה מאַטעס דעם שוחט, יוסף חיים׳ס פאָטער. גאַנץ בריינסק האָט געוואַרט אויף די שמיץ, וואָס יוסף חיים וועט באַקומען פאַר אַזאַ פעליעטאָן אויף זיין אייגענעם רבי׳ן, אָנצולערנען אַנדערע אינגלעך זיי זאָלען זיך ניט אַוועקלאָזען אין אַזעלכע דרכים, וואָס פּאַסען גאָר פאַר אַ מענדעלע מוכר ספרים, ניט פאַר קיין בריינסקער אינגעל. ר׳ משה מאַטעס דער גרייז־גראָהער זקן האָט עס אי־בערגעלעזען און געזאָגט: וואָס ווילט איר פון קינד, אַלעס וואָס ער האָט גע־שריבען איז חלילה ניט קיין ליגען.



יוסף חיים העפטמאַן

יוסף חיים האָט געהאַט אַ ספּעציעלע פעהיגקייט זיך אויסצולערנען פרעמ־דע שפּראַכען. אין עטליכע מאָנאַטען האָט ער שוין געשריבען און געלעזען ענגליש און פראַנצויזיש.

דער שרייבער פון דעם אַרטיקל דזשוליוס קאָהען האָט פיעל צייט פאַר־בראַכט מיט יוסף חיים׳ען. זיך לערנען צוזאַמען מיט אים. זיין פּאָעטישע נשמה איז וואַרשיינליך געווען אַ ירושה פון זיין גרויסען טאַטען ר׳ משה מאַטעס.

ער האָט געשריבען בעלעטריסטיק און פיעל פּאָעזיע. איך וועל ברייגגען עטליכע פון זיינע פּאָעטישע שאַפונגען און ווי אַזוי זיי זיינען געשאַפען געוואָרען.

איך בין געווען מיט יוסף חיימ'ען אין נייעם בית המדרש צו מנחה, וואו ער האָט געדאַרפט זאָגען קדיש נאָך זיין פאָטער. ער שטייט שמונה עשרה עפּעס צו לאַנג. דאַן זאָגט ער צו מיר: ווייסט יודל וואָס איך האָב אָנגע־שריבען שטייענדיג שמונה עשרה? און ער זינגט צו מיר אין דער שטיל:

ניין, איך דאַוון ניט יעצט מיט כונה,
כ'קען יעצט ניט גיסען קיין טרערען,
ווייל ס'שיינט אין פענסטער די לבנה,
עס דערציילען מיר עפּעס די שטערען.

כ'דערמאָן זיך אין די קינדערשע יאָרען,
ס'דערציילט מיר די נאַכט אַ געשיכטע,
און ס'ווערט מיר אין האַרצען געבאָרען
לידער און נייע געדיכטע.

מאָטיוועז אָן אָנפאַנג, אָן ענדע,
מעלאָדיען וואָס קלינגען פון וייטען,
ס'דערציילט מיר די נאַכט אַ לעגענדע
פון אַלטע פאַרגאַנגענע צייטען.

ווען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז שוין געווען אין פולען גאַנג ביים ענדע יאָר 1905, האָט יוסף חיים העפטמאַן אויפגעשריבען:

עס ברולען, ס'דונערען קאַנאָנען,
פלאַקער אויף הייליגער מוט,
פאָרווערטס מאַסען מיט די פאָנען,
ברידער, שוינט ניט אייער בלוט.

אין אָנפאַנג פון 1906, ווען פיעלע אַרעסטען זיינען געמאַכט געוואָרען. טויזענדער יונגעלייט זיינען שוין געווען פאַרשפאַרט אין די טורמעס, האָט

יוסף חיים אָנגעשריבען דאָס פאָלגענדע אַלס אַ טרייסט וואָרט צו די פּיעלע אַרעסטירטע:

„גיב מיר דיין האַנד דורך די גראַטעס פון פענסטערל,
איך דריק דיינע פינגער צום האַרצן און כ'שווער,
אַז באַלד קומען ווידער די קעמפער די מוטיגע,
צוריק מיט דאָס אַלטע און שטאַרקע געווער."

אין אַ געוויסען שבת פאַרנאַכט בין איך געווען ביי יוסף חיים'ען אין שטוב. די פינסטערניש איז שוין צוגעפאַלען. זיין מוטער האָט נאָך ניט געוואָלט אָנ־צינדען קיין ליכט, געוואָלט זיין זיכער צו האַלטען דעם שבת קודש ביז דער לעצטער מינוט. רופט זיך אָן יוסף חיים צו זיין מוטער:

נעם שוין די הבדלה
צינד שוין אָן פייער,
זאָג שוין דער גאָט פון אברהם,
אַוועק שוין דער שבת
צוריק קומט די דאגות,
אַבאַלע לייזט שוין אין קראָם.

דער אַבאַלע איז געווען אַ פרומער חסידישער איד, אַז זיין קרעמל איז געווען אָפען, האָט מען שוין געוויס געמעגט אָנצינדען ליכט שבת צו נאַכט.

די אַלע ציטאַטען זיינען פון מיין זכרון. כ'האָב עס קיין מאָל ניט איבער־געשריבען (רעדאַקטאָר).

יוסף חיים פאָרט אַוועק קיין בריסק. דאָרט ווערט ער פראָטעזשירט פון געוויסע לייטע וואָס אינטערעסירען זיך מיט זיינע פעהיגקייט. ער ווערט רע־דאַקטאָר פון צייטונגען אין וואַרשע. יעצט געפינט ער זיך אין פאַלעסטינע, איז דער פרעזידענט פון שרייבער פאַראיין אין ארץ ישראל.

ער איז אויך דער פרעזידענט פון „אירגון יוצאי בריינסק" אין תל אביב, וואָס איז טעטיג צו העלפען בריינסקער שארית־הפליטה זיך איינאָרדנען אין ארץ ישראל.

## לייב יעקב פריינד — דעם חזנ׳ס זוהן

געלערנט אין די ישיבות פון בריסק, מינסק און ווילנע, וואו ער באַקומט היתר הוראה ביי הרב הגאון ר׳ חיים עוזר גראדזשענסקי אין דער אנוועזנ־הייט פון הרב ר׳ שלום דוד ראַבינאָוויץ, מחבר פון ספר „שאולת שלום". נאָך דעם ווי ער באַקומט סמיכה, נעמט ער זיך צום לערנען אַלגעמיינע וועלטליכע בילדונג. אין דער זעלבער צייט טרעט ער אַריין אין דער קייזערליכער רוסי־שער קאָנסערוואַטאָריע אין ווילנע, וואו ער שטודירט מוזיק, טהעאָריע און זינגען. צו דער זעלבער צייט איז ער אַ מיטאַרבייטער אין דער העברעאישער צייטונג „הזמן".

נאָך אַלס קינד האָט לייבל געהאַט אַ נייגונג צו אַסטראָנאָמיע, זייענדיג אין ווילנע, ווערט ער טעטיג אויף דעם געביט. ער פירט אַ וויסענשאַפטליכע קאָרעספאָנדענץ מיט׳ן דירעקטאָר פון דער פעטערבורגער אוניווערזיטעט־אָבסערוואַטאָריום, פּראָפעסאָר סערגיי פּאַוולאָוויטש פאָן גלאַזענאַפּ. דער פּראָ־פעסאָר ווערט אינטערעסירט מיט׳ן יונגען לייבל׳ס פעהיגקייט, און ער בריינגט פאָר לייבל׳ס אַסטראָנאָמישע אַרבייט פאַר דעם ראַט פון דער רוסישער קייי־זערליכער אַסטראָנאָמישער געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט וועהלט אים אַלס מיט־גליד־קאָרעספאָנדענט. לייבל פריינד שיקט צו צו דער קייזערליכער וויסענ־שאַפטליכער אַקאַדעמיע אַ באַריכט אין וועלכען ער באַגרינדעט וויסענשאַפט־ליך „די אורזאַכע פון פאזיטיווע און נעגאַטיווע ווינקל־באַוועגונג און די טרי־גאנאָמעטרישע פונקציעס".

פּראָפעסאָר גלאַזענאַפּ האָט די דאָזיגע וויסענשאַפטליכע אָבהאַנדלונג פאָר־געלעזען פאַר דער זיצונג פון דער פהיזיק־מאטהעמאַטישע אָפטיילונג פון דער קייזערליכער אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפטען. אַלס רעזולטאַט ווערט לייבל באַ־שטימט אַלס קאָרעספאָנדענט פון דער ניקאָלייעווער הויפּט פיזיקאַלישער אָב־סערוואַרטאריום אין פעטערבורג.

לייבל׳ס דראַנג נאָך נאָך מער בילדונג פירט דערצו, אַז ער האָט זיך אַלס אַן עקסטערן צוגעגרייט צו דער דרעזדענער קעניגליכער טעכנישער האָכשולע. ער גראַדואירט די טעכנישע שולע אַלס דיפּלאָמאַטירטער אינזשעניער. ער פאַר־לאָזט דרעזדען. קומט נאָך פראַנקרייך פאַרוויטערדיגען שטודיום.. זייענדיג איין יאָר אין טולוז, פראַנקרייך, ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. ער קומט אין בריינסק. ווען די דייטשען פאַרנעמען פוילען, פאָרט לייבל אַוועק

קיין כאַרבין אין ווייטען מזרח. פון דאָרט קיין שאַנכיי. דאָרט איז ער טעטיג אַלס אינזשעניער. דאַן נעמט ער זיך צו געשעפט.

אין שאַנכיי געפינט לייבל אַן אומבאַגרעניצטען פעלד פאַר געזעלשאַפט־ליכע טעטיגקייט. ער באַפריינדעט זיך מיט די ספרדישע אידען. שפּעטער אָר־גאַניזירט ער אַן אשכנזישע געמיינדע. אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַ ליטע־ראַרישע און מוזיקאַלישע געזעלשאַפט.

לויט דעם אויפטראַג פון צענטראַלען קאָמיטעט פון ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציעס, אידישע געמיינדעס אין ווייטען מזרח, אָרגאַניזירט ער אין שאַנכיי דאָס דרוקען פון אידישע ספרים, רוסישע און העברעאישע ווערטער־ביכער, פאַר די אידען אין ווייטען מזרח, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין בוך אָדער ספר צוליב דער מלחמה.

אין 1923 באַגעגענט ער זיך מיט פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין, מיט וועמען ער פאַרברייננגט וויסענשאַפטליך דריי טעג. פּראָפעסאָר איינשטיין גיט אים אַן אויטאָגראַף אין וועלכען ער רופט לייבלען פאַך־קאָלעגע.

Nippon Yusen Kaisha



S. S. "HARUNA MARU."

_______________192

Herrn Freund, dem vielgereisten
jüdischen Genossen und Fachkollegen
zum Andenken an das Zusammen-
sein in Schanghai am 1. Januar 1923.

Albert Einstein. 1923.

פּראָפעסאָר איינשטיינס בריוו צו לייבל דעם חזנס געשריבען אויף דער יאַפּאַנישער שיף

מיט דער הילף פון אינזשעניער נאָוואָמייסקי, דער וואָס האָט באַקומען די קאָנצעסיע פון ים המלח, שיקט ער הונדערטער חלוצים פון רוסלאַנד קיין ארץ ישראל. ער אָרגאַניזירט דעם ערשטען אידישען כאָר אין שאַנכיי. עפענט צוויי סינאַגאָגעס דאָרט. שרייבט העברעאישע תפילות פאַר ספּעציעלע פייער־ליכע גאָטעס־דינסטען, צו וועלכע אַמבאַסאַדאָרען, מיניסטאָרען און אַנדערע בעאַמטע זיינען אנוועזענד. צו דער זעלבער צייט שרייבט ער וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען אין דער אָרטיגער ענגלישער פּרעסע. לייבל אונטערשטיצט אַלע אַרטיסטען, וואָס פלעגען אָנקומען אין שאַנכיי אויף זייער וועג פון רוסלאַנד צו אַנדערע לענדער. אהרן לעבעדיעוו, הער און פרוי אַרקאָ, הער און פרוי בודקין, בולמאַן, דער קונסט אַנסעמבל „זמרה" מיט אַלעס מעגליך. זיינע רעצענזיעס אין דער פּרעסע העלפט די דאָזיגע אַרטיסטען זייער פיעל.

אַלס הערן פאָרשטייער פון האַיאַס פון וויטען מזרח העלפט ער הונדערטער צו באַקומען וויזעס צו פאָרען קיין אַמעריקאַ, פּאַלעסטינע און אַנדערע לענ־דער. אויסנוצענדיג זיינע פּערזענליכע פריינדליכע באַציהונגען מיט ענגלישע און אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטען.

צוליב היטלער׳ס גזרות זיינען אין שאַנכיי אָנגעקומען 23,000 אידישע פליכטלינגע. זיי ווערען פון אים געהאָלפען מיט אַלעס מעגליכעס. פיעלע זיינען דורך זיין ראַטה און איניציאַטיווע געוואָרען זעלבסטשטענדיג אין שאַנכיי.

אין 1940, ווען ליטע, האַלב פוילען, לאַטוויע ווערט אָקופּירט פון די סאָוועטען, האָט לייבל זיך דערוואוסט, אַז אין קאָוונע געפינען זיך פיעל אידען וואָס וואָלטען געהאַט אַ מעגליכקייט צו עמיגרירען, ווען זיי באַקומען טראַנסיט וויזעס פון אירגענד וועלכע לאַנד אין גוטע באַציהונגען מיט די סאָוויעטען.

לייבל איז זיך משתדל וועגען דעם מיט זיינעם אַ פריינד, אַ יאַפּאַנעזי־שער אַדמיראַל אין שאַנכיי, וועלכער בעט דעם יאַפּאַנעזישען אַמבאַסאַדאָר צו געבען דעם יאַפּאַנישען קאָנסיל אין קאָוונע די ערלויבעניש אַרויסצוגעבען טראַנזיט וויזעס דורכצופאָרען שאַנכיי. מיט די וויזעס וועלכע זיינען אַרויס־געגעבען געוואָרען אין די טויזענטער, האָבען זיך געראַטעוועט אַלע ישיבה לייט, רבנים און ראשי ישיבות פון אַ זיכערען היטלער־טויט. פיעלע זיינען אין 1941 אָנגעקומען אין שאַנכיי, אין יאַפּאַן, אַ דאַנק די וויזעס פון קאָוונע. צוויי בריינ־סקער ישיבה בחורים זיינען אויך פון די גליקליכע, וואָס האָבען געוואונען פון די באַמיהונג פון זייער לאַנדסמאַן לייב פריינד, זעליג דעם בריינסקער חזנ׳ס זוהן.

דער גורל האָט אָבער מיטגעבראַכט, אַז דער גרויסער געלערנטער, גרוי־

סער עסקן בצרכי ציבור, דער וואָס האָט געהאָלפען אַלע נע־ונד'ניקעס זאָל אַליין ווערן אַ רעפּיודזשי.

1 מאָנאַט בעפאָר פּוירל האַרבאָר איז לייבל פריינד אָנגעקומען צוליב זיינע געשעפטען קיין מאַנילאַ, פּיליפּין אינזלען. ער איז געבליבען אין מאַנילע אַלס רעפּיודזשי דורך די גאַנצע צייט פון דער יאַפּאַנישער הערשאַפט דאָרט. ער האָט געליטען הונגער, אָן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ אין קאָנצענטראַציע לאַגערן, געקוקט דעם טויט אין די אויגען ניט איין מאָל.

ווען די זיגרייכע אַמעריקאַנער אַרמיי האָט צוריק אַריינמאַרשירט אין מאַנילאַ, ווערט לייבל גלייך טעטיג. ער אָרגאַניזירט גאָטעס־דינסט צו וועלכע טויזענטע אידישע סאָלדאַטען פון די סטייטס קומען.

אין דער צייט פון דער מלחמה האָט לייבל פאַרפאַסט אַ תפילה פאַר דעם זיעג פון די אַליאירטע אַרמייען. ער שיקט עס צו פרעזידענט טרומאַן און ווערט באַהערט מיט אַ דאַנק־בריף פון סטייט דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן.

צום ענדע פון יאָר 1947 קומט לייבל דעם חזנ'ס מיט זיין טאָכטער באַלפּוראַ קיין אַמעריקאַ, וואו ער האָפט צו באַקומען די ערלויבעניש צו מאַכען זיין היים.

דאָס איז דער רעקאָרד פון בריינסקער אינגלעך, וואָס האָבען אַלעס דער־גרייכט אַליין, דורך זעלבסט בילדונג..

(ביאָגראַפּישער סקעטש פון לייבל פריינד פערזענליך).

אברהם ברייִנסקי איז באַרימט אין סאָוויעט־רוסלאַנד אַלס קונסט מאַלער פון ערשטען ראַנג. ער האָט אויך זיין אויסבילדונג דערגרייכט דורך אייגענע מיהע אין מערסטען פון זעלבסט בילדונג.

משה זאַלוסקער, צווייטער נאָמען פאַסינקאָפסקי. יעצט באַוואוסט אין באָס־טאָן אַלס גרויסער אַדוואָקאַט, אונטער'ן נאָמען מ. פאַרסאנס, איז אויך פון דער זעלבער קאַטעגאָריע זעלבסט־געלערנטע. טראָץ דעם וואָס ער האָלט זיך פון ווייטענס פון אַלע טהעטיגקייטען פון די בריינסקער לאַנדסמאַנשאַפט.

## העשל דעם פּרוש'ס זוהן

געווען אַ גרויסער געלערענטער, שטודירט צוזאַמען מיט יוסף חיים העפּטמאַן, געווען אַ שפּראַך־קענער. זיין לערנען זיך איז פאַרגעקומען אונ־טער זייער שווערע אומשטענדען, מערסטענס האָט ער פּשוט געליטען הונגער.

אין זיין הויז איז קיין ביסען ברויט ניט געווען, דאָך האָט ער מיט דער גרעס־
טער מסירת נפש זיך אָפּגעגעבען צו בילדונג. אין די רעוואָלוציע יאָרען איז



לייבל פריינד דעם חזנס

העשל דעם פּרנסים

ער אַריינגעצויגען געוואָרען אין וואַרשע אין אַ צענטראַלען אָפּיס. ער ווערט
פון די רוסישע פּאָליציי שטאַרק גע׳רודפ׳ט. ענדליך ווערט ער אַרעסטירט
און פאַרשיקט אויף אַ לאַנגער צייט אין סיביר. ער קומט אהיים אַ צובראָ־

כענער. אַ שטילער, מען זעט אויף אים אַז דער לעבן אין סיביר האָט אים געוואַלדיק צובראָכן.

דער יונגער אינטעליגענטער צאַרטער מענש קען ניט קומען צו זיך מער. ער ווערט נאָכגעשפּיאָנירט אויף יעדן טריט. ער קען זיך מער ניט צופּאַסן צו קיין באַשעפטיגונג. ער ווערט קראַנק און שטאַרבט יונגערהייט, ניט פאַר־הייראַט.

## הרב ר׳ אברהם יצחק עדעלמאַן

דאָס איז יענקל גינזבורג׳ס זוהן. ער האָט געלערנט ביי זיין פאָטער און ביי די בעסטע בריינסקער מלמדים. ער איז געווען אַ תלמיד פון די באַ־רימטע בריינסקער, ווי יעקב מרדכי דער חסיד און בנימין דער זייגער־מאַכער.



הרב ר׳ אברהם יצחק עדעלמאַן

צו 11 יאָר קומט אַברהמטשע קיין ווסאָקע מאַזאָוויעצק. ער לערנט דאָרט ביז בר מצוה. דאַן קומט ער אָן אין דער מאקאווער ישיבה פאַר צוויי יאָר. צו פופצען יאָר איז ער שוין אין טרעסטינע און לערענט פאַר זיך. פון דאָרט קומט ער אָן קיין וואָלאָזשין אין דעם באַוואוסטען תורה־צענטער פון רוסלאַנד, וואָס ווערט אָנגעפירט פון הרב ר׳ רפאל שאַפּירא.

די וואָלאָזשינער ישיבה צוזאַמען מיט אירע פירער קומען אָן קיין מינסק ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די עלטערע בחורים צווישן

וועלכע אברהמטשע געפינט זיך ווערען געראטען פון הרב הג׳ שאַפּיראָ זיך אַוועקצולאָזען נאָך דעם דרום־רוסלאַנדישע גובערניעס.

אברהם יצחק וואָס איז שוין דאַן געווען אַ מוסמך פאָרט אַוועק מיט נאָך עטליכע יונגעלייט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. די דאָרטיגע רבנים, הרב געלמאַן און הרב שנייערסאָן האָבען די ליטווישע יונגעלייט פיעל מקרב געווען.

אין די דרום רוסישע גובערניעס האָבען זיך דאַן געפונען פיעל ליטווישע אידען, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען פון די רוסיש־דייטשע גרענעץ שטעט. חדרים זיינען פאַר די אידישע קינדער איינגעאָרדענט געוואָרען אין די גובערניעס.

אברהם יצחק עדעלמאַן ווערט פון די יעקאַטערינאָסלאַווער רבנים אָנגע־שטעלט אַלס דער הויפּט־משגיח און דירעקטאָר פון די דאָזיגע חדרים און ישיבות.

אַביסעל שפּעטער ווערט ער אַרויסגעשיקט אין די קלענערע שטעט פון יעקאַטערינאָסלאַווער און כערסאָנער גובערניעס מיט׳ן צוועק דאָרט, אין די שטעט צו גרינדען אָוונט־קורסען פאַר די יונגע אַרבייטענדע לייט, מיט׳ן נאָמען „תפארת בחורים״.

אין 1917, ווען די צאַרישע רעגירונג איז געפאַלען און דער קערענסקי־רעזשים האָט געהערשט איז ערלויבט געוואָרן די אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך גערופען „מסורת וחירות״ (טראַדיציע און פרייהייט), אברהם יצחק ווערט געשיקט אָרגאַניזירען אַזעלכע אָבטיילונגען אין ראָסטאָוו, קאַווקאַז, וואו עס איז געווען אַ גרויסע אידישע קהילה. פון ראסטאָוו איז ער געפאָרען קיין קיס־לאָוואָדסק. דאָרט זיינען געווען פיעל טויזענטער אידען, אַנגעפאָרענע פון די מלחמה־געביטען.

אברהם יצחק עדעלמאַן באַמיט זיך צו אָרגאַניזירען אַ געזעצליכע אידישע קהילה אין קיסלאָוואדסק. ער באַקומט פון אָקרוזשנאָיען סוד פון וולאַדיקאַוו־קאַז אַן ערלויבעניש דערפאַר. דורך אברהם יצחק׳ס באַמיהונגען האָט דאָקטאָר אָשעראָווסקי געגעבען אַ מתנה אַ גרויסע געביידע דאָרט. אין דער געביידע איז איינגעשטעלט און קאָנצענטרירט געוואָרען אַלע אידישע טעטיגקייטען: אַ שוהל, הכנסת אורחים און אַ גמילות חסד. אַזוי האָט די באַרימטע רוסישע קור־אָרט שטאָט קיסלאָוואדסק באַקומען דעם ערשטען אידישען צענטער פאַר אַלע אידישע אַקטיוויטעטען.

אין קאַווקאַז האָט דאַן געבושעוועט דער קאַמף צווישען די באָלשעווי־

קעס און דעניקינ׳ס אַרמייען. אַלס רעזולטאַט זיינען אַלע אידישע פירער אַרעס־טירט געוואָרען.

אברהם יצחק עדעלמאַן נעמט צו זיך נאָך אַ פּאָר גרוזינער אידען, זיי לאָזען זיך אַוועק צופוס דורך די קאַווקאַזער בערג צו אַ שטאָט פּעטראָווסק, אַ פּאָרט ביים קאַספּישען ים. פון דאָרט זיינען זיי אָנגעקומען קיין באַקו, דאַן קיין טיפליס (סטאַלינ׳ס געבורטשטאָט) פון דאָרט פאָרען זיי אָפּ קיין באַטום, מיט׳ן שוואַרצען ים צו קאָנסטאַנטינאָפּאָל, טערקיי, פון דאָרט קיין גריכענלאַנד צו איטאַליע, שפּאַניען, פון שפּאַניען קיין ניו יאָרק.

זייענדיג צוויי מאָנאַטען אין ניו־יאָרק, האָט וואוסטער, מאַסאַטשוסעטס אויפגענומען ר׳ אברהם יצחק עדעלמאַן פאַר אַ רב פון דער גרויסער שוהל שערי תורה.

מיט זעקס יאָר שפּעטער קומט הרב ר׳ אברהם יצחק עדעלמאַן קיין ניו־יאָרק צו באַקליידען די כסא הרבנות אין דער יאַגוסטאַווער שוהל אין האַרלעם, 118־טע סטריט. דער געגענד ווערט אָבער אָבער אויסגעשפּילט אַלס אַ אידישער קוואַרטאַל. ווערט הרב ר׳ אברהם יצחק עדעלמאַן רב אין דער שוהל מחזיקי הרב, 808 קאַלדוועל עוועניו, וואו ער האַלט אָן די שטעלע ביז היינטיגען טאָג.

הרב עדעלמאַן האָט דורך די צייטונגען געלעזען פון אַן אונטערנעמונג ביי די בריינסקער לאַנדסלייט, איז ער מיט זיין פרוי געקומען צו דער אונ־טערנעמונג. דאָרט האָט ער באַגעגענט זיינע יוגענד־פריינד, חברים און לאַנדס־לייט. ער שליסט זיך אָן אין די בריינסקער יאָנג מענס, און ווערט טהעטיג אין אַלע לאַנדסמאַנשאַפט אַרבייט.

ווען דער בריינסקער רעליף פאַנגט אָן זיין באַנייטע טהעטיגקייט אין ניו יאָרק, איז הרב ר׳ אברהם יצחק עדעלמאַן איינער פון די וויכטיגסטע טוער פון בריינסקער רעליף. ער גיט אַוועק פיעל פון זיין צייט פאַר דער הייליגער מיסיע צו העלפען די שארית הפליטה, טראָץ דעם וואָס ער איז שטאַרק באַשעפטיגט מיט אַנדערע קהל׳שע טהעטיגקייטען.

עס איז ווערט צו באַמערקען אַז זיין פרוי איז אויך אַ געטרייע אַרביי־טערין פאַר אַלע וויכטיגע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס. ביי זיי אין הויז איז אַ פאַרזאַמלונגס־פונקט, וואו פיעלע קומען זיך אָבערעדען פון האַרצען, בעטען אַן עצה, אָדער ווען זיי דאַרפען האָבען אימיצער זאָל זיך פאַר זיי ווענדען צו פאַרשידענע רעגירונג־אינסטיטוציעס. זיי וויסען פון אַלע נויטליידענדע אין

געגענד און טוען זייער פיעל צו העלפען די אָרימע. זיי העלפען ניט נאָר די־רעקט נאָר שאַפען פיעל הילפע דורך אַנדערע מיטלען. די וואוינונג פון הרב ר' אברהם יצחק עדעלמאַן איז ניט נאָר אַ בית ועד לחכמים נאָר אַ פּלאַץ פון הילף און שטיצע און טרייסט פאַר פיעלע נידערגעשלאָגענע אָרימע אין גע־געגנד.

זומער 1947 פאָרט הרב עדעלמאַן פאַר אַ באַזוך קיין פּאַלעסטינע צו זעהן זיך מיט זיין פאָטער. ער באַגעגענט זיך דאָרט מיט די בריינסקער לאַנדס־לייט, אינטערעסירט זיך מיט זייער לעבען, בויען און שאַפען. ער קומט צוריק קיין ניו יאָרק, גיט איבער, ביי פול באַזוכטע פאַרזאַמלונגען זיינע איינדריקען וועגען דעם נייעם שטאָלצען לעבען, וואָס ווערט געבויעט אין פּאַלעסטינע אָן מורא. מיט זיכערהייט און מיט האָפנונגען, אַז ענדליך וועט זיי געלינגען צו פאַרווירקליכען די דורות לאַנגע ערוואַרטונגען פון עם ישראל בארץ ישראל.

בריינסק דאַרף שטאָלצירען מיט אַזוינע קינדער איהרע, וואָס האָבען דערגרייכט פיעל דורך אייגענע ענערגיע, דורך אייגענעם ווילען טראָץ דער גרעסטער אָרימקייט.

דאָס איז געווען בריינסק. איהרע פיהרער. איהרע חברות. אינסטיטוציעס. איהרע קינדער, פרומע און פרייע. איהרע פריילּיכע און טרויעריגע מאָמענטען ביז דעם יאָהר 1914, ווען די גאַנצע וועלט האָט אויפגעציטערט פון אַ שאָס, וואָס איז אָבגעפּייערט געוואָרען אין באַהקאַנישען האַלב אינזעל און האָט אָבגע־קלונגען אין גאַנץ אייראָפּע. האָט זיך ענטוויקעלט און דער מלחמה 1914 וואָס מיר רופען יעצט די ערשטע וועלט־מלחמה.

ערשטער קאַפּיטעל

# מלחמה יאָהר 1914

דעם ערשטען אויגוסט 1914 זיינען אויף אַלע הייזער אין ברײנסק ערשי־נען מאָביליזאַציע נאָטיצען.

די נאָטיצען האָבען אַרויפגעיאָגט אַ שרעק אויף אַלע איינוואוינער, ספּעציעל אויף דער אידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, שפּילען זיך אָב אין שטאָט טרויעריגע סצענעס. פרויען באַגלייטען זייערע מענער, מאַמעס באַוויינען זייערע זיהן און קליינע קינדער שטייען פאַרגליווערט, ווען זייערע פאָטערס געזעגענען זיך מיט אַלע־מען איידער זיי פאָרען אָב צום פאָלק. דאָס האַרץ זאָגט זיי, אַז ניט אַלע וועלען קומען צוריק.

אין קורצען קומען אָן נאַכריכטען פון פראָנט. באַריכטען פון געפאַלענע. בערל קאָזע, מאיר יאנקל מאיר׳ס, משה, פסח דעם מילנער׳ס זוהן, חיים ליבעטשקעס זוהן, מעלע אַליעקשענער, פיניע גלעזער, אַנשעל דעם באַגרע־בער׳ס זוהן, זאַוול דעם סטאָליער׳ס זוהן חנא, און פיעל אַנדערע.

עס באַווייזען זיך פון פראָנט פאַרוואונדעטע. משה גרשון בער׳ס, מרדכי דער שערער, חיה מאָטעליכעס מאַן, און נאָך. מען דערוויסט זיך פון פיעל וואָס זיינען געפאַנגען. די קרובים פון די געפאַנגענע פרייען זיך.

די שטאָט ווערט איבערפילט מיט פיעלע היימלאָזע אידען, וואָס האָבען פאַרלאָזען די שטעט וואָס האָבען זיך געפונען ביים גרענעץ.

עס ווערט אין ברײנסק געשאַפען דערוויילעגע היימען פאַר די אָנגעקומענע, ביי באַקאַנטע, אָדער ביי וויטע קרובים, און סתם ביי אידען וואָס האָבען אָבגעגעבען אַ טייל פון זייערע וואוינונגען.

די ברײנסקער יוגענד שאַפט אַ היימלאָזען קאָמיטעט וועמעס פליכט עס ווערט צו באַזאָרגען מיט אַלעס מעגליכעס די צוגעקומענע אידען אין שטאָט. כדי צו שאַפען געלט־מיטלען פאַר דער אַרבייט, ווערט צוזאַמענגעשטעלט

אַ פאַרשטעלונג. אויך פאַרלעזונגען פון געוויסע שרייבער ווערן איינגע־אָרדענט.

די איניציאַטאָרען פון דער טהעטיגקייט זיינען געוועזן עזרא׳ס טאָכטער, נח פענטמאַן, לייבל בריינסקי, לאהקע דעם חזנ׳ס, נחמן גאָלדבערג, לעוויט, אַ דענטיסטין. זיי האָבען פיעל געהאָלפען די היימלאָזע זיך איינאָרדענען.

בריינסק ווערט פול מיט רוסישע מיליטער, צווישען זיי געפינען זיך פיעל אידען. מערסטען פון טיעף פוילען, אידען מיט בערד. עס ווערט איינ־געאָרדענט אַ כשר׳ע קיך אין חסידים שטיבעל. ביילע די מאַליעשערקע קאָכט דאָרט פאַר פערציג אידישע סאָלדאַטען.

די אַלגעמיינע שטימונג איז אַ געדריקטע. מען הערט פון בלבולים אויף אידען אין אַנדערע שטעט, וואָס זיינען ביין פראָנט.

דער קאָמענדאַנט וואָס איז דאַן געווען אין בריינסק, אַן אמת׳ער פאָג־ראָמשטשיק, וואָרענט די אידישע באַפעלקערונג געגען סאַבאָטאַזש־אַקטען. ער סטראַשעט מיט שווערע שטראָף.

עס פאַסירט אַ פּראָוואָקאַציע. ס׳איז געפאָרען אַ פוהר מיט היימלאָזע אידען פון אָסטראָלענקע קיין ביעלסק. די סאָלדאַטען וואָס האָבען באַוואַכט דעם שאָסיי רייסען איבער די טעלעפאָן דראָטען און שטעלען אָב די פוהר מיט די אידען און באַשולדיגען די אידען אין דעם סאַבאָטאַזש־אַקט. עס האַלט ביי פעלד־געריכט, מישט זיך אַריין הרב ר׳ שמעון שקאָפּ. ער איז איבער־צייגט אין די אומשולדיגקייט פון די פאַרהאַלטענע. זיי ווערען אַזוי באַפרייט פון אַ זיכערען טויט אַ דאַנק דעם פערזענליכען אינטערעס פון בריינסקער רב.

עס פאַסירט אַ צווייטער פאַל. הערשל בענדוגער ווערט פשוט משוגע, רייסט איבער אַ טעלעפאָן שטריק. דאָקטאָר דאָמאַנסקי שטעלט פעסט, אַז דער מענש איז משוגע. עס העלפט שוין ניט הרב ר׳ שמעונ׳ס אינטערווענציע. ער ווערט פאַרהאַלטען. ס׳גייען שוין אַרום קלאַנגען, אַז הערשל בענדוגער איז שוין דערשאָסען געוואָרען. מ׳האָט געזען ווי מ׳האָט אים געפירט אויף קריסט־ליכע מאָגילקעס. מיט פינף יאָר שפּעטער קומט הערשל אין בריינסק, באַפרייט דורך דער רעוואָלוציע. ער איז אַוועקגעפאָרען פון בריינסק אַלס צומישטער און קומט אַהיים אַ פאַלשטענדיגער משוגענער.

די באַפעלקערונג איז צוטיילט אין צוויי לאַגערען. אַ טייל האַלט מיט׳ן דייטש און פרייען זיך מיט זיינע זיגען, אַ צווייטער טייל האַלט מיט׳ן רוס און פרייען זיך מיט דייטשע נידערלאַגעס. אין בית המדרש קומען פאָר שטענ־

דיגע דעבאַטען צווישען די צוויי לאַגערען. אהרן וועלוול בעקער קווענט פון רוסישע מפלות. איצל וואַרטאַווניק שרייט: „איר וועט נאָך בענקען נאָכ'ן רוסישען".

בלויז אין נייעם בית־המדרש זיינען ניט פאָרגעקומען קיין דעבאַטען, ווייל דאָרט איז געווען נתן זעלווין, דער מאָסקווער, אַן אמת'ער פאַטריאָט געוועזן. ר' נתן זעלווין האָט יעצט שטאַרק אויפגעפאַסט אויף דעם עולם, אַז מ'זאָל זיך אויפשטעלען צום „הנותן תשועה". ער האָט געקוואָלען לעזענדיג אין דער נאָוואָיע ווּרעמיע די נייעס, אַז די רוסען האָבען פאַרנומען לעמבערג אין גאַליציען. אָבער דער מאָסקווער האָט שטאַרק געליטען פון די רוסישע מפלות ביי די מאַזורע אָזיערעס אין טאַנענבערג, אין פּרייסען.

ברייינסקער אידען זיינען געוואָרען גוט באַקאַנט מיט געאָגראַפיע. גע־וואוסט פון אַלע וויכטיגע פונקטען פון די קאַרפּאַטען בערג ביז צום באַל־טישען ים. זיי זיינען געוואָרען גוט באַקאַנט מיט אַלע גענעראַלען, וואָס האָבען געפירט די קאָמאַנדעס.

אַזוי האָט זיך געצויגען די צייט. יעדען מאָנאַט אַ נייער פּריזיוו. די גאַנצע יוגענט ווערט גענצליך אַריינגעצויגען אין דער אַרמיי. ס'געפינען זיך איינינע וואָס באַהאַלטען זיך, וואַרטען אויפ'ן טאָג דער דייטש זאָל אַריין אין ברייינסק, זיי זאָלען ווערען פרייע מענשען.

די שטאָט ווערט מער אָנגעפילט מיט היימלאָזע. דערצו ווערט ברייינסק אַ מיליטער־לאַגער. אין יעדער שטוב געפינען זיך סאָלדאַטען, מען זעט שוין פון וויטענס ווי פייערען באַלייכטען דעם הימעל. דער פראָנט דער־נענטערט זיך צו ברייינסק. ברייינסקער פּאַקען זיך, קלייבען זיך צו לויפען טיעף אין רוסלאַנד. די צאָל פון אַזעלכע איז אָבער זייער קליין, ווייל מ'קען קיין פערד און וואָגען ניט קריגען. פילע לויפען קיין אָרלע. מ'האָט זיך איינגערעדט אַז אָרלע דאַרף, לויט'ן שכל, ניט זיין אין געפאַר. די וואָס קומען דאָרט געפינען באַלד אויס אַז דער רעכענונג האָט ניט געטויגט, ווייל אָרלע ווערט באַלד באָמבאַרדירט, ס'פאַלען דאָרט דריי ברייינסקער קרבנות: דעם רערל דעם שמיט'ס ווייב מיט אַ טאָכטע און הערשל־יודל — חאַיעווערס ווייב.

נתן זעלווין, דער מאָסקווער אַנטלויפט פון ברייינסק צופוס. ער פאַר־מאָגט ביי זיך איין רובל, וואַרפט ער דעם רובל אַריין אין צדקה־פּושקע און לאָזט זיך אַוועק אָן אַ גראָשען, אַ נאַקעטער, אַבי ניט אַריינצופאַלען צום דייטש.

פלוצלונג קומט די נייעס: טשעכענאָווצע ברענט. ברייינסק ווערט פול

מיט טשעכענאָווצער אַנטלאָפּענע. קאָזאַקען באַווייזען זיך אין די גאַסען. זיי נעמען זיך צו דער אַרבייט צו פאַרברענען בריינסק. הרב ר׳ שמעון שקאָפּ קלייבט צוזאַמען געלד, טיילט פריי צו די קאָזאַקען. איינעם פון די קאָזאַקישע אָפיציערען געפעלט ר׳ שמעונ׳ס זייגער. הרב ר׳ שמעון שקאָפּ נעמט אַראָב זיין זייגער, גיט אים גלייך אַוועק דעם אָפיציער. בריינסק איז ניט פאַרברענט געוואָרען.

אונערוואַרטעט באַווייזט זיך אַ פייער אין מיל־גאַס. די בריקען ברענען. די אַרמיי ציהט זיך צוריק. די שטאָט בלייבט אַליין, ניטאָ קיין רוסען מער. אַ ווילדע שפּעטער הערט מען: מזל טוב, מזל טוב. אַ ווייבעל שרייט, אַז זי האָט געזען דייטשע פאָרפּאָסטענס אָנקומען. נאָך אַ פּאָר מינוטען באַווייזען זיך אין בריינסקער גאַסען דייטשען מיט מערדערישע אויגען, מיט רויטע אָנגעפרע־סענע פּיסקעס.

עס באַווייזען זיך אידישע יונגעלייט, איבערגעטאָן ציוויל, וואָס מ׳האָט געדענקט, אַז זיי זיינען שוין לאַנג ניטאָ. צי עס האָט זיך געלוינט אָב־צוגעבען מזל טוב, ווען די דייטשען זיינען אַריין, וועלען מיר זעהען ווייטער.

צווייטער קאַפּיטעל

## 38 מאָנאַטען דייטשע אָקופּאַציע אין בריינסק

דעם 14־טען סעפּטעמבער, זעקס פּאַרטאָג קומען אַריין די דייטשען אין בריינסק. זייער ערשטע אַרבייט איז צו כאַפּען מענשען צו בויען בריקען. זיי באַציהען זיך ברוטאַל צו די געכאַפּטע. צוויי מענשען ווערען געצוואונגען צו שלעפּען אַ שווערען קלאָץ. דאָס איז אוממעגליך פיזיש, באַקומען זיי די ריכטיגע קלעפּ.

די רוסען באַשיסען די דייטשע פּאָזיציע ביי קאַלניצע. בריינסק ווערט פול מיט דייטשע פאַרוואונדעטע. ס'ווערט גלייך אָנגעפילט אַ סמענטאַרזש ביין פּאָמניק אויף פשעדמיעסטאָ.

דעם צווייטען טאָג נעמען די דייטשען איינפירען אָרדנונג אין שטאָט. דער קאָמענדאַנט רעקוויזירט די מעהל ביי אַלע מעהל שיינקערס, אויך אַלע אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען ווערען רעקווירזירט. ס'פאַנגט זיך אָן אַ מגפה אין שטאָט. מען באַהאַלט פון דייטש די אָנגעגריפענע, ווייל זיי פאַרגיפטען גלייך די קראַנקע. קיין מעדיצינישע הילף גיבען זיי ניט.

ס'ווערט גערופען אַ פאַרזאַמלונג און ס'ווערט געשאַפען אַ שטאָט פאַר־וואַלטונג. ווער? איהר האָט געטראָפען. ירוחם גאָלדבערג, אליה גאָטליעב, יצחק ראָזענבוים ווערען די פאָרשטייער פון דער שטאָט פאַוואַלטונג. ס'ווערט אָרגאַניזירט אַ מיליציע פון די רעאַקציאָנערישע עלעמענטען פון שטאָט. ס'ווערט אָרגאַניזירט אַ קולטוס־געמיינדע. אַ קהילה. דער פאָרזיצער פון דער קהילה ווערט עזרא'ס איידעם, אווערבוך מיט'ן צונאָמען קאָטשינסקאַלע.

בריינסקער אידען דערפיהלען דעם טעם פון דייטשער אָקופּאַציע. עס ווערט פאַרבאָטען צו גיין אין גאַס נאָך 7 אָבענדס. מ'זיצט אין הויז אין דער פינסטער. קיין ליכט איז ניט ערלויבט; מ'כאַפּט צו אַרבייט פון דער גאַס; מ'כאַפּט פון די הייזער, פון בית־המדרש. איר ענדיגט די אַרבייט און

גייט שוין אַהיים. כאַפּט מען אייך ווידער; ביי דער אַרבייט שלאָגט מען; שפּייז ווערט וויניקער; מ׳הונגערט אין פיל הייזער. קיין אַרבייט איז ניטאָ ביי קיינעם. בעלי־מלאכות וואָס האָבן געהאַט סחורות צו פירען אין אַנדערע שטעט ווערען פאַרבאָטען צו פאָהרען. קיין רויע מאַטעריאַלען זיינען ניטאָ; די קרעמערס שטייען מיט לידיגע קראָמען.

מען פאַרטיילט ברויט קאַרטען, מעהל קאַרטען, די מעהל איז געמישט מיט עפּעס, וואָס ס׳האָט געמאַכט דאָס ברויט ביטער. מענשען שטאַרבען פון עסען דאָס ברויט. געוויסע טויטענפעלע — דעם אינקענדיגען בלעכער׳ס וויב — זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרען פון דאָקטאָר, אַז זיי זיינען געקומען פון דעם ברויט.

פרויען אָרגאַניזירען אַ דעמאָנסטראַציע צום מאַגיסטראַט, מיט׳ן ברויט אין האַנד. די אידישע פאָרשטייער שרייען צו זיי: גייט אַהיים, ווייזט אויס, אַז זיי האָבען דעם ברויט ניט געגעסען. די מערהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג ליידעט קעלט. קיין קריסט וועט ניט ברייגען קיין פוהר האָלץ אין שטאָט. און ס׳איז ניט געווען מיט וואָס צו קויפען. אויפ׳ן שאָסיי איז געלעגען האָלץ, וואָס די דייטשען האָבען געפירט צום באַן, פלעגט מען ביינאַכט אײַנשטעלען דאָס לעבען, זיך באַזאָרגען מיט אַביסעל האָלץ אום ניט דערפרוירען צו ווערען אין די הייזער. אָט אַזוי איז חיים אַדעסער דערשאָסען געוואָרען ביין נעמען צוויי שטיקלעך האָלץ.

דער טיפוס האָט זיך באַוויזען אין שטאָט. דער דאָקטאָר האָט גלייך אינפאָרמירט דער אָקופּאַציע מאַכט. מ׳נעמט אַזעלכע אין שפּיטאָל און שנעל ווערען די פּאַציענטען פאַרגיפטעט. דאָס האָט פּאַסירט מיט בניאָמקע דעם בעקער, אברהמל דער שערער און קוטיכעס מיידעל.

די שטערבליכקייט פון הונגער, קעלט, קראַנקהייטען, זיינען געוואָרען גרויס. אַלטע און יונגע פאַלען.

אַ שרעקליכער ווינטער איז געווען אין בריינסק אין 1916. די אָקופּאַציע מאַכט פאָדערט אַרבייטער, צו שיקען זיי אונטער׳ן פראָנט צו שוץ־גראָבענס. אונזערע פאָרשטייער אין מאַגיסטראַט מיט דער אידישער קולטוס געמיינדע שרעקען זיך מ׳זאָל זייערע אייגענע ניט כאַפּען. מאַכט מען אַ ליסטע ווענען צו שיקען אויף אַרבייט. געוויינטליך ווערען די אָרימע הילפלאָזע מענשען אויסגעקליבען צו דער אַרבייט. אַז מ׳פּראָטעסטירט ענטפערען זיי: וואָס

איז דער אונטערשייד, איר אַרבייט דאָך דאָ אויך, וועט איר אַרבייטען דאָרט. די ערשטע אָבטיילונג אַרבייטער וואָס זיינען אָבגעשיקט געוואָרען קיין באַראַ־נאָוויטש זיינען געווען פון די מערסטען עלענדע אינגלעך אין שטאָט. זיי זיינען געקומען צוריק אַנטלאָפענע מיט געפרוירענע הענד און פיס, צובראָכענע. דעם דזשעשאנטניקעלס אינגעל ישראל יהודא איז שוין ניט געקומען צוריק. ער איז דאָרט ערגעץ געשטאָרבען. די קראַנקע אַנטלאָפענע האָבען זיך געמוזט פאַרבאַהאַלטען, ווייל מען האָט זיי געזוכט ווידער אַוועקצונעמען צו דער אַרבייט.

די צווייטע פּאַרטי וואָס איז אָבגעשיקט געוואָרען קיין גיינאָפקע איז אויך באַשטאַנען פון אַזעלכע אָרימע אַרבייטער אינגלעך. אין דער פּאַרטי בין איך מיט מיין ברודער שלומקע געווען. אַז ס׳האָט געפעלט האָט מען גענומען פאַרהייראַטע. דאַן האָט מען גענומען פרויען, זאָגאַר אַזעלכע וועמעס מענער זיינען געווען אין דער אַרמיי. מ׳האָט געגעבען צוואַנציג מאַרק און אַוועקגע־שיקט. די וואָס זיינען אַמאָל אַנטלאָפען האָבען קיין צוואנציג מאַרק ניט באַ־קומען. „דעזערטירער" האָבען זיי אונז גערופען. איך אַליין האָב פינף מאָל דעזערטירט. מערקווירדיג, די רייכערע זיינען ניט געגאַנגען צו קיינע אַרבייט, ווייל זיי זיינען געווען אָדער דערקלערט אַלס רבנים־סטודענטען, אָדער זיי זיינען געווען פייערלעשער. אין די פייערלעשער האָט מען קיין אָרימע מענשען ניט גענומען, בלויז יחסנים. די פייערלעשער זיינען באַנוצט געוואָרען צו העלפען כאַפּען אַרבייטער. שפּעטער האָט מען פאַראָרדענט אַז די פייער־לעשער זאָלען באַנוצט ווערען צו גרוזעווען לאַסט־וועגענער. האָבען די מאַגיס־טראַט מענשען איינגעלאַדען די אָרימע יונגעלייט זיך אָנצושליסען אין די פייערלעשער. זיי האָבען זיך טאַקע ענטזאָגט פון דעם כבוד יעצט צו ווערען פייערלעשער.

צוליב דעם וואָס די שטאָטישע באַפעלקערונג איז געוואָרען צו געדיכט, האָט די מאַכט פאַראָרדענט אַרויסצושיקען אַ טייל מענשען אין דאָרף. ווידער זיינען די אַרויסגעשיקטע געווען פון דעם טייל מענשען, וואָס האָבען געוואַגט צו פּראָטעסטירען קעגען די קהל פאַרזאָרגער. ס׳געדענקט זיך, אַז זושע דער שניידער, יאַנקל ברעזשניצער, משה, שמואלקע סלאָוועס, שנעבעלע און נאָך אַזעלכע, זיינען געווען פון די אַויסגעשיקטע. אַנדערע צולויפען זיך אַליין. די אַרויסגעשיקטע ווערען אויסגעשטראָכען פון דער ברויט ליסטע. פון די פאַרשיקטע האָט מען גענומען ברייננגען צוריק אין בריינסק נאָר געשטאָרבענע.

צו קבורה. מען איז שוין געגאַנגען צו דער אַרבייט. דאָס ביטערע ברויט איז שוין זיס געוואָרען.

עס ווערט ענטוויקעלט אַ נייע פּרנסה — שמוגלעריי, דאָס הייסט אַריינ־ברענגען אין שטאָט שפּייז אָדער סחורה. שמוגלעריי איז געווען פאַרבאָטען. דאָך שמוגלען מערסטע פון די רייכערע „פּראָטעקציע" וואַהרשיינליך.

ס'איז אין בריינסק געווען יאָסקע לייזער קצב'ס. ער האָט געהאַט שטאַרקע פּראָטעקציע ביין זשאַנדאַר. אַ קליינער מיט אָפּיצירישע קורטקע, אָפּיצירישע שטיוול. הרב ר' שמעון שקאָפּ פלעגט אים רופען ר' יוסף. דער יאָסקע איז גראַדע געווען ניט קיין שלעכטער יונג. אַ גוטער ברודער. אַז הערשל זאַגעל פאַלט דורך מיט אַ פוהר מעהל קריגט עס יאָסקע צוריק אַרויס, פאַרט אַ גו־טער ברודער.

אָנפאַנג 1917 פאַנגען אָן בלאָזען נייע ווינטען. ס'ווערען פון זיך אַליין אויפגעלעבט פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס: „בונד", „ציוניסטען". די אָרגאַני־זאַציעס ווערען געגרינדעט אין געהיים. דער דייטש זאָל ניט באַמערקען. ביי ירוחם וויגאָדסקי אין שטוב ווערט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געגרינדעט, און ביי גדליה קאָזידאָוויטש ווערט אין געהיים געגרינדעט דער „בונד". עס קומען רעדנער פון לאָדזש; ס'קומען פאָר געמיינזאַמע פאַרזאַמלונגען. דער פאַרטייאישער קאַמף ווערט געפירט זייער לעבעדיג. פאַר די ציוניסטען פלעגט רעדען שנייער, ר' שמעון שקאָפּ'ס פלימעניק. פאַר'ן „בונד" — שלומקע טרוס.

ס'באַווייזען זיך אין שטאָט פּראָקלאַמאַציעס קעגען דער אָקופּירענדער מאַכט. פּראָטעסטען קעגען אַרויספיהרען ברויט און פעטס. נאָך צוועלף יאָריגען שטילשטאַנד לעבען אויף די אַלטע פּאָליטישע פּאַרטייען, אונטער דער נאָז פון דער אקופּאַציע מאַכט.

פּראָטעסטען ווערען שטאַרקער קעגען די שטאָטישע קולטור־לייט, וועלכע שיקען צוואַנגס אַרבייטער פאַר'ן דייטש. קעגען געוואַלט טהאַטען. די פּראָ־טעסטען ווירקען; מ'שיקט מער ניט קיינעם אויף צוואַנגס אַרבייט; עס הערען זיך קלאַנגען פון רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

עס קומען פון ביעלסק געהיים־אַגענטען צו פאָרשען וואָס עס גייט פאָר אין בריינסק. ביעלסקער חברים לאָזען וויסען באַצייטענס. די אקופּאַציע אַגענטען קריגען אַ וואָרנונג צו פאַרלאָזען די שטאָט אין איין שטונדע. עס ווירקט.



גרופּע פון בונד אין יאָהר 1917, אונטערן נאָז פון דער דייטשער מאַכט

די באַהאַלטענע ביכער פון דער ביבליאָטעק ווערען אַרויסגענומען. די יוגענט וויל לעזען. צייטונגען קומען פון וואַרשע מיט אידישע באַהן־בעאַמטע, ווייל קיין פּאָסט האָט ניט געפירט קיין צייטונגען.

די פאַרוואַלטונג פון לינת הצדק אַראַנזשירט אַ טעאַטער פאָרשטעלונג. דער „ווילדער מענש" פון יעקב גאָרדאָן. אייניגע שטאָטישע בחורים און מייד־לעך שפּילען די ראָלען. אין געהיים ווערען אַראָבגעבראַכט פון ביאַליסטאָק די אידישע טעאַטער־גרופּע. זיי זינגען קאָמפּליעטען:

דער דייטש וועט געבען אַלעס
אויף שבת פיש און חלות.

עס געפינען זיך שוין לייטע, וואָס גיבען די אינפאָרמאַציע צום דייטש. דער אַמטס־פאָרשטייער וויל וויסען דעם מיינונג פון דעם לידעל און פאַר־אָרדענט אַז די אַרטיסטען זאָלען שוין פאַרלאָזען בריינסק.

דער לינת הצדק און ביקור חולים זיינען זייער טהעטיג, זיי העלפען מיט מעדיקאַמענטען די קראַנקע מיט פפלעגע צו די קראַנקע זיי זאָלען זיך ערהאָלען.

אַלע וויסען שוין אַז דער דייטש איז געבליבען שטעקען ביים מאַרן אין פראַנקרייך; עס פילט זיך אַז דער דייטש וועט אין קורצען מוזען נעמען דעם וועג.

אין דער נאַכט פון 11־טען נאָוועמבער 1928 פאַרפּאַקען זיך די דייטשען און פאַרלאָזען די שטאָט. זיי לאָזען איבער האָב און גוטס. די דייטשע אָקו־פּאַציע איז געענדיגט.

עס קומען נייע ליידען פאַר בריינסקער אידען אונטער דער פּוילישער רעגירונג.

דריטער קאַפּיטעל

# ברײנסק אין אָנפאַנג פון דער פוילישער רעגירונג

די דײטשען האָבען פאַרלאָזען ברײנסק בײנאַכט. דורך דער נאַכט ווערט אָרגאַניזירט אַ צײטווײליגער בירגער־קאָמיטעט און אַ בירגער־מיליץ. אידען געפינען זיך אין קאָמיטעט, אויך אין דער מיליץ.

דער בירגער־קאָמיטעט נעמט איבער אַלע סקלאַדען מיט פאַרשידענע שפּײז און מיליטערישע אַרטיקלען, וואָס די דײטשען האָבען אין אײלעניש איבערגעלאָזען. די מיליץ האַלט וואַך איבער די מאַגאַזינען, וואָס האָבען זיך געפונען אין צערקווע. יאַחקע די קרעמערקע קומט אַלעמאָל צו אַלטער'ן און וואָרנט אים: „אַלטער, זײ אויפגעפּאסט מיט'ן ביקס."

די שטאָט געפינט זיך ווידער אין אַ געדריקטער שטימונג. מען ווײס שוין ווער עס וועט איבערנעמען די מאַכט. אויפ'ן אָרט פון די ברוטאַלע דײטשען וועלען באַלד אָנקומען פאַנאַטשקעס די לעגיאָנערען; מ'שרעקט זיך פאַר די פּאָליאַקען.

אויף מאָרגען דעם 12־טען פאָרען אַרײן אין שטאָט רײטענדיג צווײ שכור'ע פּאָליאַקען, קוזשמעס אַ זוהן פון לובישטש און אַ זשאַנצע פון רוטקער כראַביעס גיטער. אַרום זײ קלײבען זיך צוזאַמען פוילישע יוגענד. זײער רעדע איז אַ קורצע, פאַנאַוויע: מיר האָבען שוין אַן אײגענע פוילען. יעצט וועלען מיר באַקעמפּען די באָלשעוויקעס. ווער ס'וועט ניט פאָלגען וועט גײן אויף די גאַלענדזשעס (תליה).

זײ זײנען שנעל אָבגעפאָרען, ווײל עס זײנען נאָך געווען דײטשען וואָס האָבען געוואַנדערט פון טשעכענאָווצע קײן ביעלסק.

דאָקטאָר דאָמאַנסקי און דער קריסטליכער אַפּטײקער באַרוהיגען די שטאָט, אָבער אידען שרעקען זיך.

דער אידישער לעגיאָנער הערשל שײנעס צוזאַמען מיט פוילישע לעגי־

אָנערען ווערען פון דייטשען געכאַפּט און מיטגעשלעפּט קיין ביעלסק. דאָרט באַקומען זיי די ריכטיגע קלעפּ און ווערען אנטוואפענט. די דייטשען קומען באַלד צוריק אין בריינסק. דעם 2־טען טאָג חנוכה איינס בייטאָג קומען אָן אַ פוילישע מיליטערישע גרופּע, ענטוואפענען די דייטשען. דער זשאַנדאַר לעמקין ווערט דערשאָסען. די דייטשען ווערען אַרויסגעטריבען נאַקעטע. צו מאָרגענס ווערט בריינסק באַשאָסען פון צוריקטרעטענדע דייטשען. דער קאַמף געדויערט דעם גאַנצען טאָג. אין אָווענט רייסען זיך ווידער אַריין דייטשען. זיי זעהען דעם דערשאָסענעם קאַמעראַד, ווערען זיי ווילד, זיי מאָרדען, ברענען, ס'פאַלען קרבנות דער מילנער מיט'ן צונאָמען טשאַטשע, דער זוהן פון פאָליעטע־לער פאַכטער, זיין פרוי און שותף אַ סאַקאָלער איד ווערען פאַרברענט ווען זייער הויז ווערט אונטערגעצונדען. דעם אָליענצקער שוסטער'ס ברודער נאָר וואָס צוריקגעקערט זיך פון דער מלחמה ווערט דערשאָסען. בריינסק ברענט פון אַלע פיער זייטען.

הרב שמעון שקאָפּ אָרגאַניזירט גלייך אַ רעטונג אַקציע. ער ווערט פון די דייטשען באַליידיגט. עס נעמט זיך אָן פאַר'ן רב אַ דייטש מיט'ן נאָמען הערמאַן וואָס איז געווען פאַרבאַהאַלטען אין בריינסק. ר' שמעון שקאָפּ קומט אָב מיט שרעק. דאַן איז געווען אַן אומבאַשטימטע לאַגע — איין טאָג דער דייטש, איין טאָג דער פּאָליאַק. אין שטאָט, דייטשן, אויסערן שטאָט, פּאָליאַקען. אידען ווערען געכאַפּט אונטערוועגען אָדער אין דערפער, ווערען באַראַבעוועט, ס'הייסט מ'זוכט ביי זיי געווער. די געכאַפּטע אידען ווערען געפירט אין לאַפּי אָדער אין דאָרף פּיעטקעווע. דאָרט ווערען זיי געשמיסען.

דאָס וועט באַשטעטיגען סענדער כאַמסקי, וואָס האָט געקריגען 25 שמיץ. עס ווערען געמאַכט רעוויזיעס. מיין ברודער שלומקע טרוס ווערט אַרעסטירט פאַר האָבען ביי זיך דעם בונדישען אַרכיוו. דער לעגיאָניסט שטיינ־מאַן אינטערווענירט און פאַר צוויי ליטער בראָנפען ווערט מיין ברודער באַ־פרייט. פאַר פינף ליטער בראָנפען באַקומט מען אַן ערלויבעניש צו עפענען אַ בונדישען קלוב.

עס ווערט איינגעפירט אַביסעל אָרדנונג. ס'ווערט אַ מאַגיסטראַט. חיים גאָטליב איז וויצע בורמיש. אַ פּאָר אידען ווערען ראַטמענער אין דער קהילה פאַרוואַלטונג.

ס'איז ניט רוהיג. מענשען שרעקען זיך צו פאָרען אויפ'ן באַהן, מ'שניידט בערד. אין בריינסק באַוויזען זיך די האַליארטשיקעס. זייער ערשטער אַרבייט




אידישע פאָלקס שוהלע, איינעגע פון די לערערס

איז: זיי באַגעגענען אין גאַס בנימקע דעם שניידער. ער נעמט זיך אָבצו־שערען בנימקעס באָרד. ער באַקומט אָבער קלעפּ. ווייל ליפּע פאָרצעליייניק, פּרויטשע סאַנעס דערלאַנגען צוריק, זאַגאַר דער קריסטליכער רעסטאָראַטאָר טאָמשאַך העלפט געבען קלעפּ. מער גלוסט זיך ניט צו שערען אידישע בערד אין בריינסק.

אויף די וועגען אונטער'ן שטאָט איז שרעקליך. בריינסקער אידען פאָרען צו שעפּעטאָווע, ווערען זיי באַפאַלען און געשלאָגען און באַרויבט. מ'צייגט אָן אויף די שולדיגע, עס העלפט ניט.

ביסלעכווייז ווערט אַ ביסעל רוהיגער. ס'פאַנגט זיך אָן עפּעס אַ נאָר־מאַלקייט. ווידער לעבען אויף פּאָליטישע פּאַרטייען, פאַרזאַמלונגען. די ביבלי־אָטעק, ס'קומען פיעל צייטונגען. יעדער פּאָר טעג ווערט פון אַן אַנדער פּאַרטיי געגעבען פאָרשטעלונגען מיט אייגענע קרעפטען, דעקאָראַציעס ווערען געמאָלען פון אברהמל בריינסקי.

עס ווערט אָרגאַניזירט אַ פאָלקס שוהלע מיט גוטע לעהרער: חיים צבי בריינסקי, אברהמל בריינסקי אַלס צייכען־לעהרער, שוואַרץ פון טרעסטינע. אין די שוהלע לערנען קינדער פון אַלע פּאַרטייען, זאָגאַר מזרחיסטען, ווייל די שוהלע ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ קאָמפּראָמיסליכען פאַרטרעטערשאַפט.

עס ווערט טהעטיג אין בריינסק אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם פון מזרחי, אָנ־געפירט פון ירוחם גאָלדבערג, לייבל וויינער און מאָטל שוסטער. דאָרט ווערט פאַרקויפט שפּייז בלויז צו די מיטגלידער פון פון קאָאָפּעראַטיוו.

אין 1919 קומט פאָר אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע אידישע קהילות. דער צוזאַמענפאָר איז אין ביאַליסטאָק. די בריינסקער קהילה דאַרף ערוויילען אירע דעלעגאַטען. צום צוזאַמענפאָר ווערט אָנגעפירט אַ שטאַרקער וואַהל קאַמף. עס ווערען אַרויסגעשטעלט פינף פּאַרטייען. דער „בונד" געווינט.

שפּעטער ווערען געוויילט פאַרטרעטער צום מאַגיסטראַט פון פאַרשידענע פּאַרטייען. עס ווערען ערוויילט אַלס ראַטמענער עפּשטיין, הערשל בריינסקע, פון „בונד". פון פועלי ציון ווערען ערוויילט חיים קעסטין און יענקל פּריבוט. פון ציוניסטען — חיים הערש בריינסקי, יאָסל מישורעק, משה סמורזיק, בעריש קאַגאַן ווערט ערוויילט פון מזרחי. אַ קאָמוניסט, קאַטשמארסקי ווערט דער בורמיטש. שפּעטער אַנטלויפט ער מיט די סאָוועטען קיין רוסלאַנד.

דער מאַגיסטראַט באַשליסט צו מאַכען דעם 1־טען מאַי אַלס אַרבייטער יום־טוב. אין אַלגעמיין האָבען אַלע פּאַרטייען געהאַט פאַרטרעטער, וועלכע

זיינען געווען באַוואוסטזיניגע מענשען, האָבען געאַרבייט צוזאַמען אין אַלע שטאָטישע אַנגעלעגענהייטען.



חיים הערש ברייגסקי
געווען מיטן דזשאָינט 25 יאָר, געשטאָרבען אין ניו־יאָרק אין 1947



יאָסל מישורעק
ערמאָרדעט ביי ווישקאָוו

דער יאָר 1920 פאַנגט זיך אָן מיט מאָביליזאַציעס. די מלחמה פון פוילען מיט רוסלאַנד איז אין פולען ברען. די יוגענד און אויך עלטערע ווערען גערופען צו מיליטער. ס'שאַפט זיך אַ באַוועגונג וואָס באַהויפטען, אַז ברײנסק געהערט ניט צו פוילען און דאַרף ניט געבען קיין מיליטער. אַנדערע זיינען דאַגעגען דער באַוועגונג.

קיין ריכטיגע רשימות פון ברייגסקער אידען זיינען ניטאָ. דער מאַגיס־טראַט מיט דער מיטהילף פון קריסטען זאָגען: איטשקא און מאָרדקאַ זיינען די זעלבע יאָרען וואָס מיין סטאַשעק און דאַרפען גיין אין מיליטער דינסט.

די מלחמה דערנענטערט זיך צו אונז. פון קיעוו איז שוין פוילען אַנטלאָפען. פילסודסקי'ס מלחמה פלענער פאַלען דורך. ברײנסק איז שוין אָנגעפילט מיט פוילישע מיליטער. מ'כאַפט אידען צו די אָקאָפּעס. אַרום ברײנסק ברענט — די געפאַר ווערט גרעסער. מ'הערט שוין שיסערייען; די פוילישע מאַכט פאַרלאָזט ברײנסק. עס אָרגאַניזירט זיך אַ פאָלקס־מיליץ, אידען זיינען דאָרט געהעריג פאַרטראָטען. דעם 26־טען דזשולי 1920 אַנטלויפען אַלע פאָליאַקען. עס קומען אָן אומבאַקאַנטע סאָלדאַטען, ראַבירען די שטאָט. עס הערען זיך

געוואַלדען פון אידישע הייזער, פון אידישע אומבאַהאָלפענע פרויען. עס קומען פאָר פאַרגוואַלטיגונגען פון אידישע טעכטער. די פּאָזנאַנשיקעס און די האַליאַרטשיקעס טוען זייער אַרבייט. קיין שוץ איז ניטאָ.

דעם 27־טען דזשוליי קומט פאָר אַ שלאַכט פון די פּוילישע מיט די רוסישע מיליטער. מרדכי פוהרמאַן ווערט פאַרוואונדעט לייכט, ווען ער גייט נאָך וואַסער. די פּוילישע אַנטלויפען, לאָזען זייערע געפאַלענע חברים אין די בריינסקער גאַסען. זיי מאַכען אַ צווייטען פאַרזוך און פאַלען דורך. און אין די בריינסקער גאַסען באַווייזען זיך די ערשטע רויטע אַרמייער. צו מאָרגענס, דעם 28־טען דזשוליי, 1920 איז שוין געווען שטיל.

## פיערטער קאַפּיטעל

# פויליש-סאָוועטישע מלחמה

(20 טעג סאָוויעטן מאַכט אין ברייגסק)

עס פאַנגען זיך אָן פרישע צרות. די קראָמען זיינען ליידיג, די סחורות זיינען צעראַבירט געוואָרען. דאָס וואָס עס איז פאַרבליבען האָבען די סאָוועטישע סאָלדאַטען אויסגעקויפט פאַר זייער סאָוועטישע געלד, וואָס האָט קיין ווערדע ניט געהאַט. קיין פרנסה ניטאָ, קיין אַרבייט ניטאָ.

עס באַווייזט זיך אין ברייגסק דער ערשטער סאָוועטישער קאָמיסאַר פון אַרבייטער מיליטערישען רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט. זיין נאָמען איז ציגאַנאָוו. עס נעמט ניט לאַנג, ברייגסק ווייס שוין אַז ציגאַנאָוו איז אַ איד, וואָס קומט פון פּאָלטאַווער געגענד. דער ציגאַנאָוו איז געווען אַ פריילי‌כער פול מיט אידישע וויצען און לידלעך. פון פאַך איז ער אַן אַרטיסט פון אידישען דראַמאַטור פון אָדעס.

ער רופט פאַרזאַמלונגען. ער האַלט רעדעס, ער ענטפערט פראַגעס כמעט אַלע מאָל מיט אַ וויץ.

אַ פּאָפּלאָווער קריסט פרעגט אַן ערנסטע פראַגע ביי אַ פאַרזאַמלונג. גוט זאָגט דער קריסט, מיר וועלען פאַרקויפען דער מאַכט אונזער ברויט און אַנדערע פּראָדוקטען. די געלד האָט קיין ווערדע ניט. מען קריגט גאָר ניט צו קויפען. עס איז גאָר ניטאָ קיין סחורה. ציגאַנאָוו ענטפערט אים אין רוסיש: נאַוואָדוט ווסיאָ אי האַרטע צרות טאָזשע. דאָס הייסט, מען וועט אַלעס אַריינפירען און האַרטע צרות אויך. צי דער פּאָפּלאָווער גוי איז געווען צופרידען מיט'ן ענטפער ווייס איך ניט.

צוויי ברייגסקער אידישע מיידלעך פרעגען אויך אַ פראַגע: מיר האָבען נישט קיין קוה און ביי רייכע פויערים איז פאַראַן צוויי קיה, איז דאָס יושר? ציגאַנאָוו פרעגט די מיידלעך: האָט איר אַמאָל געהאַט אַ קוה? „ניין", ענטפערען זיי. זאָגט ציגאַנאָוו, דאַן וועט איר ווייטער ניט האָבען קיין קוה.. וויצען

האָבען זיי געהאַט געגוג נאָר צום עסען איז גאָרניט געווען.

אידען נעמען אָן שטעלעס ביי דער מיליץ. עפּשטיין ווערט נאַטשאַלניק פון דער מיליציע. חיים קעסטין ווערט פּרעדסעדאַטעל פוןווירטשאַפט־אַמט. אַלטער טרוס באַקומט אַ פּאָסטען אין קאַלניצער הויף אַלס ווירטשאַפטס־פיה־רער און נאָך אַזעלכע אַרבייטען.

עס גרינדען זיך אין בריינסק פאַרשידענע קלובען: יעווסעקישע, פּועלי־ציון, „בונד". עס איז סאָוויעטען־מאַכט אין בריינסק.

עס באַוויזען זיך די טשערזוויטשאַייקע, שפּיאָנען. זיי שטעכען דורך יעדען מיט די אויגען. עס פאַנגען זיך אָן אַרעסטען. אידען און קריסטען ווערען אַרעסטירט.

די טשערזוויטשייקע געפינען אין קעלער ביי אברהמע שקאָפּ אין מויער פיעלע אַרטיקלען וואָס לייטע האָבען דאָרט פאַרבאַהאַלטען. צווישען זיי האָבען זיך געפונען ליסטען פון ציוניסטישע פיהרער, האָבען זיי אַרעסטירט יאָסל מישורעק און ישראל שאַפּירא, 2 אָנגעזעענע ציוניסטען. דער פראָנט איז גע־גאַנגען ווייטער צו פּוילען. זיינען די צוויי פאַרשלעפּט געוואָרען ביז ווישקאָוו. שפּעטער ווען די רוסען האָבען זיך צוריקגעצויגען זיינען די צוויי געפונען געוואָרען ערמאָרדעטע ביי ווישקאוו לעבען וואַרשע.

עס באַמערקט זיך אַן אומצופרידענהייט מיט די נייע סאָוועטישע הער־שער. זאָגאַר צווישען סימפּאַטיקער ווערט אַ אומצופרידענהייט. מיט די מילי־טערישע קאָמוניסטען וואָס זיינען געוועזן זייער שטריינג ספּעציעל אין מלחמה צייט. דערצו האָבען זיך אין יענער צייט אַריינגעכאַפּט אומגעווינשטע עלע־מענטען אין די הויפּט קאָמיטעטען. אייניגע האָבען געטאַפּט די אויוועגס ביי די בעקער צי מען באַקט; אַנדערע האָבען געזוכט גלאַט אין דער וועלט, אפשר וועט מען עפּעס געפינען אימיצען ביי אַ פאַרברעכען, זיך געמאַכט פאַר גרויסע נאַטשאַלניקעס. לאַנג וואָלטען אַזוינע ניט אָנגעצויגען.

פּלוצלונג באַוויזען זיך אין בריינסק גרויסע מיליטער אָבטיילונגען. עס ווערט אַ פּאַניק. די רוסען טרעטען אָב, ציהען זיך צוריק.

ווער עס קען אַנטלויפט. ניט נאָר די בעאַמטע, נאָר סתם אידען; אַלע לויפען; מען האָט געוואוסט מיט וואָס עס שמעקט. די פּאָליאַקען קומען צוריק קיין בריינסק. דער פראָנט ביי וואַרשע איז געבראָכען. די פּאָליאַקען האָבען עס דאַן גערופען דער נס ביים ווייסעל.

פיעלע פון די אַנטלאָפענע זיינען ביז היינטיגען טאָג פאַרבליבען אין

רוסלאַנד: שלומקע טרוס, אברהמטשע קראַץ, הערשל ברײַנסקי, אברהמל ברײַנסקי, איטשע אַלבייטער, צאַלקע שרויט, נאָסקע בליימאַן, בערל דעם בעדערס, איטשע גאָראָכאָווסקי, חיה דינה מיט'ן מאַן, און אַנדערע אייניגע האָבן זיך שפּעטער צוריקגעקערט אין ברײַנסק.

דעם 18־טען אויגוסט קומען שוין אַרײַן די פּאָליאַקען אין ברײַנסק. פון די סאָוועטען איז שוין קיינער ניטאָ. די פּאָליאַקען נעמען זיך ערשטענס צווינגען אידען צו אַרבייטען. זיי טרייבען אַלע, יונג און אַלט צו בויען דעם בריק, וואַרפען אַרײַן מענשען אין טייך, דער רב ר׳ יצחק זיוו ווערט גענומען צו שלעפּען שווערע קלעצער און אַנדערע שווערע אַרבייטען. שלום קראַץ ווערט צוגעבונדען צו אַ פערד און געשלעפּט איבער די גאַסען. דאָס זעלבע ווערט געטאָן מיט משה אליה־דוד'ס. מען ראַבירט וואָס מען געפינט. מען כאַפּט אידען צו טרייבען פערד, בהמות.

די טשעכענאָווצער אידען, ברידער מיט'ן נאָמען לאָנדאָן ווערען ערמאָרדעט פון די פּאָליאַקען. אויך זייער שוועסטער'ס חתן ווערט ערמאָרדעט.

עס ווערט אויך ערמאָרדעט אַן אומבאַקאַנטער איד. ביז היינט איז ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען, ווער ער איז געווען.

לאַנג האָט די מלחמה ניט אָנגעהאַלטען. עס ווערט איינגעפירט שלום לויט דעם ריגער טראַקטאַט. און אין ברײַנסק פאַנגט זיך אָן אַביסעל אַ נאָרמאַלער לעבען מיט גרויסע האָפנונגען פאַר בעסערע צייטען. פּוילען ווערט אַ פרייע לאַנד.

## פינפטער קאַפּיטעל

# ברײנסק אונטער דער נײער פּוילען

אין דעם אָנפאַנג פון יאָר 1921 האָט מען אָנגעפאַנגען צו גלויבען, אַז ענדליך וועט זיך איינשטעלען אַ נאָרמאַלער לעבען. ברײנסקער אידען מאַכען אַ פּאַרזוך ביסלעכווייז צוריק אויפצובויען דעם חרוב׳ן אידישען עקאָנאָמישען לעבען. דאָס איז אָנגעקומען זייער שווער. די הייזער אָן פענסטער, די קראָמען אָן סחורה, ווייל אין די מלחמה יאָרען איז אַלעס פאַרברענט אָדער צוראַבירט געוואָרען. די אַרבייטע האָבען ניט קיין אַרבייט. עס פעלען רויהע שטאָפען. די קליידער אָפּגעריסען, פאַרלאַטעט.

פון אַמעריקע קומט אָן די ערשטע הילף, פון ברײנסקער רעליף פון ניו יאָרק, פון אַנדערע קרובים, פון פּריינט. מיט די געלדער פאַנגט מען אָן צו בויען. די קרעמער פילען אָן זייערע קראָמען מיט סחורות. אַרבייטער האָבען אַרבייט. רויהע שטאָף, שניט וואַרע, האָלץ, אייזען, זאַגאַר פאָדעם קריגט מען שוין, אַבי נאָר געלד.

עס געפינען זיך נאָך פיעלע באנדעס אַלס איבערבלייבעכץ פון די מלחמה יאָרען. זיי געפינען זיך אין די וועלדער און ראַבירען. אין מאָנאַט מאַרטש פאָרען אַ גרופּע סוחרים פון שעפּעטאָווע, זיי ווערען באַפאַלען פון אַ מאַס־קירטע באַנדע אין ווילינער וואַלד און ווערען באַרויבט. עס ווערען ערמאָר־דעט יצחק מרדכי וואַסער, משה זילבעשטיין, לייבל פורמאַנ׳ס זון, הערשל און אייזיק הורוויץ, בעזנאַזיק׳ס אַ זוהן. און נאָך אַנדערע. יאָסקע ברײנסקי׳ס זוהן האָט זיך געמאַכט טויט, איז ער געראַטעוועט געוואָרען. פאָרען אויף דער באַן איז געווען געפערליך. מען האָט אַרויסגעוואָרפען פון די לויפענדע צוגען. ביסלעכווייז האָט זיך דאָך אַביסעל באַרוהיגט. פיעלע ברײנסקער זיינען אַוועק קיין אַמעריקע, צו אַנדערע פלעצער, אַנדערע האָבען ניט געהאַט צו וועמען צו פאָרען, און ס׳איז ניט געווען מיט וואָס צו פאָרען.

ברײנסק האָט זיך ביסלעכווייז געבויעט, פאַרגרעסערט די געשעפטען.

ס'איז צוגעקומען פיל נייע קראָמען. אַרבייטער פון פאַרשידענע פאַכען אַרביי־טען פאַר די מערק און ירידים, אַנדערע אַרבייטען פאַר'ן היימישען געברויך. זיי רופט מען זאַקאַזנע. עס זיינען געוואָרען נייע קוואַסניקעס, זיי פירען זייער משקה אויף ירידים און אָטפוסטן. סטעלמאַכעריי, שמידעריי האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט. דאַגעגען אַנדערע פאַכען זיינען געגצליך אונטערגעגאַנגען, ווי די פאַרבעריי. די וויכטיגסטע יאַרידים זיינען געווען ביעלסק, גאַיינאָווקע, וויסאָקי מאזאָוויעצק, סאקאָלע, לאָפּי, טשיזשעוו און טשעכענאָווצע.

עס זיינען געווען פיל אידען דאָרף־פּאָרער. זיי פלעגען פאַרקויפען פאַרשידענע קליינע אַרטיקלען. ס'זיינען אויך געווען אַ גרויסע צאָל פרויען דאָרפ'ס־גייערקעס. נאָר זיי זיינען שפּעטער אונטערגעגאַנגען. עס האָבען זיך באַוויזען פיעלע טישל־קרעמערס, וואָס פלעגען זייערע סחורה אויסשטעלען אויף טישלעך אין מאַרק. אַזוי ווי אַמאָליגע צייטען איז געווען נאַטשעכע, מלכה. מען האָט זיי גערופען די זיצערקעס. פון זיי איז שוין קיין זכר ניטאָ. צום אנדענקען געפינט זיך נאָר איינע וואָס פירט אָן דעם זעלבען געשעפט ווי נאַטשיכע. דאָס איז יענקל וואַסער־טרעגער'ס פרוי, אַן אַלטינקע. זי פאַר־קויפט אין גאַס עפּעל, קאַרשען, באַרנעס, גאָנצקעס, רויטע און שוואַרצע יאַגע־דעס, בוראַקלעך און אַגרעס. איך האָב איר נאָך באַמערקט מיט'ן טישעל אין יאָר 1938. איך האָב זיך דערמאָנט אין די קינדער יאָרען, ווען איך האָב ערגעץ געקריגען פון דער מאַמען אַ גראָשען, פלעג איך לויפען צום טישעל קויפען די נייע יאַגדעס, קומען אַהיים און מאַכען אַ שהחינו. טאַטע־מאַמע פלעגען קוועלען, דערביי אויסווישען די פייכטע אויגען און צו ווינשען צו דערלעבען איבער אַ יאָר. איך דערמאָן זיך אַז איך האָב געגליכען צו קויפען ביי מלכה די זיצערקע, ווייל זי פלעגט געבען אַ פולע לעפעל יאַגעדעס און צולייגען נאָך פינף יאַגעדעס. ערשט פרעגט זי מיר, ווערמענס אינגעלע איך בין, שיינע יענטעס אינגעלע? קום זשע אַהער, נאַדיר נאָך עטליכע יאַגעדעס. ביי נאַטשעכען האָט מען אַזוינע פריווילעגיעס ניט געהאַט. זי האָט אַריינגע־שאָטען די לעפעל יאַגעדעס אין פּאַפּירעל, קיין מאָל ניט געגעבען קיין צולאָג. זי איז געווען אַ בריה, אַ גוטע ביזנעס־פרוי. איך געדענק נאָך די קראָכמאַלקעס, אַזוינע מענשעלעך מיט צושפּרייטע הענד און פיס, אָפּגעפאַרבט רויט און בלוי. דאָס האָבען געקויפט די שיקסעס, גייענדיג זונטאָג פון קאָסטשיאָל.

ביי די היינטיגע טישעל הענדלערינס אָדער ווי מען האָט זיי גערופען סטראַגאַנעס, האָט איר געקענט געפינען מאַנופאַקטור, מענער־ און פרויען־וועש,

דאָס האָט איר געפונען ביי חנה׳לעס טאָכטער. ביי פערל אהרעלעס, ביי דער ציקערקע־מאַכערקע. די בלעכערקע איז געזעסען מיט לאַמטערנעס, ריבאַיי־זענס, לייקעס, בוניעס. ביי דעם פּאָפּלאָווער איז געווען פאַרלייגט דער טישעל מיט אַלערליי קעמעלעך, שפּיגעלעך, סטענגעס, נאָדעל פּאָדעם. חיה אסתר האָט זיך ספּעציאַליזירט מיט פאַרקויפען פאַרב שינקע בלוישטיין, חנה, שלומה איטשע יאָסקעס און דוד ליטוואַקס וייב האָבען געהאַט פאַרשידענע שפּיצען אויסגעשטריקטע. דער האַנדעל איז ביסלעכווייז פאַרגרעסערט געוואָרען. די אידישע האַנד־ווערקער האָבען אויך געהאַט פרנסה. אָט אַזוי איז געווען ביז דעם יאָר 1923.

עס פאַנגט זיך אָן „שטייערען" פאַר איצט, שטייערען פאַר פריערדיגע יאָרען. אַז מען קען די שטייערען ניט באַצאָלען פאַרקויפט מען די בעביכעס. אויף ליציטאַציע נעמט ניט אַריין געגנוג, בלייבט מען ווייטער שולדיג שטיי־ערען. די הויז איז שוין ליידיג, אַלעס ליציטירט. און שטייערען דאַרף מען צאָלען.

אידען באַמערקען אַז דער אָרימער קרעמער אָדער האַנד־ווערקער דאַרף צאָלען גרעסערע שטייערען ווי די רייכע סוחרים, ווערט סקאַנדאַלען. מען קומט שבת אין שוהל און מען לאָזט ניט דאַווענען. סטייטש, פאַר וואָס זאָל דאָס אַזוי זיין. פאַר וואָס רייסט מען אַזעלכע גרויסע שטייערען פון אָרימע־לייט ? קיין פאָרשטייער ביים שאַצען די קליינע געשעפטען, האָבען זיי ניט געהאַט. די אָנגעזעהענע סוחרים פון שטאָט זיינען געווען די שאַצערס. אַזאַ וואָס האָט געהאַט איין אומזאַץ פון 5,000 זלאָטעס אַ יאָר האָט מען גע־שאַצט לויט 100,000 זלאָטעס. מאָנטאָג קומט דער טעקס־קאָלעקטאָר אין שטאָט און ער ווייסט ניט אַז מען האָט שבת ניט געלאָזט דאַוונען. ער ליציטירט און פירט אַוועק די בעביכעס מיט׳ן וואָגען. דאָס האָט מען גערופען גראַבסקי׳ס עגלה.

דאָס האָט געפירט דערצו, אַז עס איז געשאַפען געוואָרען פאַראיינען, אַ סוחרים פאַראיין, אַן האַנד ווערקער פאַראיין. אָט די פאַראיינען האָבען פאַר־טרעטען די אינטערעסען פון זייערע מיטגלידער. אַמווייניגסטען האָבען זיי געזעהן, אַז די שטייערען זאָלען ווערען פאַרטיילט יושר׳דיג.

דאָס האָט געפירט צו פאַרשידענע וויכטיגע נייע אָרגאַניזאַציעס, אינסטי־טוציעס, קרעדיט־אַנשטאַלטען אונטער דער נייער פוילישער רעגירונג. מיר ווע־לען זיי באַשרייבען אין די ווייטערדיגע אַרטיקלען.

## זעקסטער קאַפּיטעל

# סוחרים און האַנדווערקער פאַראיין

אין אַ רעגענדיגען טאָג אָנפאַנג זומער אין יאָר 1923 איז פאָרגעקומען אין דריטען בית־המדרש אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע ברײנסקער סוחרים. עס ווערט געגרינדעט דער סוחרים פאַראיין, אונטער דער לייטונג פון חיים גאָטליעב, אליה נתן גלעזער, מאָטקע גאָלדע, הערשל זאַגעל, האַוואַל, לייזער רובין, אברהמע יענטשמאַן און שלומה לאַזער.

די גרויסע סוחרים, אַזעלכע ווי אליה גאָטליעב, חאַשקע מנוחה׳ס און נאָך אַזעלכע האָבען זיך געהאַלטען פון ווייטענס. וואַרשיינליך האָבען זיי ניט געהאַט קיין נויטווענדיגקייט פאַר אַזאַ אינסטיטוציע. זיי האָבען זייער שטעטעל אַליין געקענט באַשטיין.

עס ווערט געשאַפען אַ ביורא ביי רובינען אין מויער. צוויי שרייבערס ווערען אָנגעשטעלט, בעריש קאַגאַן און יצחק פינקעלסטיין. קיין האַרמאָניע איז אָבער אין דעם פאַראיין ניט געווען קיין גרויסע, דאָך האָבען זיי געטאָן צו אַ געוויסער מאָס גוטע אַרבייט. זיי האָבען איינגעטיילט פאַרשידענע בראַנ־זשעס, וועלכע האָבען געהאַט גוטע פאַרטרעטער. אַזוי איז געווען די מאַנופאַק־טור, שפּייז, גאַלאַנטעריי, האָלץ־סוחרים, אייזען קרעמער, געפליגעל סוחרים און אַנדערע.

די האַנדווערקער זיינען אויך געווען מיטגלידער פון סוחרים פאַראיין.

די שטייערען פראַגע, וועלכע איז געווען די וויכטיגסטע, וואָס האָט אָנ־גערירט יעדען איינעם, האָט ניט געקענט מיט איין מאָל געגנצליך געלייזט ווערען צו דער צופרידענהייט פון אַלעמען, האָבען דאָך די אָרימע געדאַרפט צאָלען גרעסערע שטייערען. איז געשאַפען געוואָרען אַ ניט צופרידענהייט. קלאַגען זיינען געפאַלען אַז די אינטערעסען פון אָרימערען סוחר ווערט פון פאַראיין ניט ריכטיג פאַרטרעטען. צו אַ געוויסען גראַד איז עס געווען ריכטיג.

דאָס האָט ביסלעכוויז געפירט צו דער שאַפונג פון דעם קליינהענדלער פאַראיין, אָנגעפירט פון בן ציון דעם זאַרעמבערס. בעריש קאגאן איז געווען דער סעקרעטאַר פון דיביידע פאַראיינען. דער סוחרים פאַראיין ווערט אויפ־געגעבען, און בעריש קאַגאַן פירט אָן די אַרבייט פון זיין הויז. פרייזען אויף סחורות ווערט געשטעלט. זיי קויפען איין די פאַטענטען פאַר די מיט־גלידער. זיי שרייבען פאַרשידענע ביטעס פאַר זיי, ווייל קיין איינצעלנע פער־זאָנען זיינען ניט ערלויבט געוואָרען צו שרייבען ביטעס וועגען קיינע געשעפט זאַכען.

אין אַלגעמיין האָט דער סוחר געהאַט זיין פלאַץ פאַר באַראטונג שוין ניט ביים סוחרים פאַראיין נאָר ביי בעריש קאַגאַן.

קיין פאָליטישע באַדייטונג האָט דער פאַראיין ניט געהאַט אין בריינסקער אידישען לעבען. צוליב דעם ניט פאַרגינערישען כאַראַקטער פון געוויסע מיטגלידער. דערצו איז יעדער איינער געווען פאַרזאָרגט מיט זיין געשעפט, מיט די געוויינליכע טעגליכע זאָרגען. פוילישע קאָנקורענץ ווערט שטאַרקער, קרעמער זיינען נאָך אַלעמען געצוואונגען זיך צו פאַרמאַכען. עס פאַרמאַכט זיך טריינע יעקב מאיר׳ס קראָם, פערל שאפראנס, יוסף בצלאליכעס, עקיבא סקורניק׳ס, חאַנטשע גאליסעס, יאכע ווינס, פיניע קרוקס, חיה חזנ׳ס, העני אסתר משה חיימ׳ס.

אָט אַזוי זיינען ביסלעכוויז אונטערגעגאַנגען פאַרשידענע קליינע און גרעסערע אונטערנעמונגען, זיי האָבען ניט געקענט ביישטיין די גרויסע קאָנ־קורענץ פון קריסטען, די גרויסע שטייערען. קרעדיט איז שטאַרק געווען באַ־גרענעצט, איז מען געווען געצוואונגען צו פאַרמאַכען די טהירען.

## דער האַנדווערקער פאַראיין אין בריינסק

עס איז געווען אַ שבת צונאַכט, בעפאָר די ערשטע סליחות אין יאָר 1923, ביי גדליה איינעמער אין הויז. דאָרט איז געגרינדעט געוואָרען דער בריינסקער האַנדווערקער פאַראיין.

די ערשטע מיטגלידער זיינען געווען די פאָלגענדע: גדליה איינעמער, חנא קאַשטאַן, שלום קוקאַפקע, בערל סאַשין, הערשל פלאַטראַט, אַלטער אָרקעס, שלום קראַטץ, חיים פאַטיקער, חיים ריפקע, משה מענדל טאָקערס, אַלטער טרוס, צאָלקע יאָסל סטאליערס, מרדכי אָסקאָרט, הערשל שפּאַק, אברהמקע

סאַשין, מענדל טאָקער, בערל באַבעלעס, איטשע מאיר פּיעקוצקי, זעליג און אַנטשעל, אַלטער ראַדישאָווער און אַנדערע.

עס ווערט געשאַפן דער סטאַטוט, עס ווערט אויסגעקליבען אַ פּרעזידיום פון פינף אין וועלכע עס גייען אַריין די פאָלגענדע פּערזאָנען: גדליה איינעמער, שלום קוקאפקע, אַלטער טרוס, בערל סאַשין און חנא קאַשטאַן.

די ערשטע וויכטיגסטע אַרבייט באַשטייט אָדער דאַרף זיין צו זאָרגען דערפאַר, אַז די באַשטייערונג פון די מיטגלידער זאָל זיין יושר'דיג. דאָס האָט געמיינט אַ גוטע רעפּרעזענטאַציע ביים שאַצונג קאָמיסיע.

גדליה איינעמער איז געווען דער וואָס האָט געדאַרפט אַלעמען פאַר־טרעטען. ער האָט די טעטיגקייט ניט געקענט דורכפירען. ער איז ניט געווען באַקאַנט מיט אַלע פאַכען, מיט זייערע ספּעציעלע נויטען. די צאָל וואַרשטאַ־טען איז שוין דאַן געווען 315. מיט זיינע בעסטע באַמיהונגען האָט ער פּאָרט ניט געקענט געהעריג פאַרטרעטען די אַלע פאַרשידענע פאַכען. עס האָט זיך נאַטירליך גלייך ענטוויקעלט ניט צופרידענהייט צווישען די מיטגלידער.

עס ווערט דאַן באַשלאָסען אַז ביים שאַצונגס קאָמיסיע זאָלען בלויז מענשען פון זעלבען פאַך זיין פאַרטראָטען. אָט אַזוי האָבען סטאָליערס ניט פאַר־טרעטען קיין שניידערס אָדער פאַרקערט. בלויז אייגענע פאַך־מענשען וואָס האָבען געוואוסט פון די געשעפטען פון זייערע אייגענע בראַנזשע מיטגלידער האָבען געשאצט די טעקס מעגליכקייטען פון זייערע חברים. דאָס האָט צופרידענגעשטעלט אַלע מיטגלידער.

עס האָט פּאַסירט, אַז צאַלקע יאָסל סטאָליערס האָט אויף זיינעם אַ קאָנ־קורענט געעפענט דאָס מויל. האָט מען אים צוריקגערופען פון דער קאָמיסיע. אונטער מיין אויפזיכט אויף דער שטייערען קאָמיסיע האָבען די האַנדווערקער אָבגעאָטעמט. ביז אונזער אַנטייל האָט פיעל מאָל פּאַסירט, אַז די שטייערען קאָלעקטאָרס האָבען פאַרקויפט זייערע בעביכעס ווי עס איז געווען דער פאַל ביי משה סוסעל, ווען מען האָט זיין ניי־מאַשין פאַרקויפט. ביי מאָטל דעם ריהמער האָט מען חאָמאָנטען פאַרקויפט, ביי לייבל סטעלמאַך האָט מען פאַרקויפט האָלץ, אַלעס פאַר שטייערונגען. איצט איז פון דעם געוואָרען אַן ענדע. די שטייערען זיינען איינגעפירט געוואָרען לויט די פעהיגקייטען פון די מיטגלידער, מען האָט ניט געפירט קיין פּאָליטיק מיט די מענשען.

דאָס האָט נאַטירליך געפירט דערצו, אַז דער האַנדווערקער פאַראיין איז געוואָרען די פּאָפּולערע פאָלקס־געזעלשאַפט ביי אַלעמען. די פאַרזאַמלונגען

זיינען געווען אינטערעסאַנטע. הערשל פלאטראט האָט אַלע מאָל געהאַט זיינע וויצען, דער בילסקער בלעכער רופט אַלע מאָל צו אַ סעודה'לע, משה סוסעל וויל האַלטען לאַנגע רעדעס, נאָר ער פאַראיקעט זיך און וויל גראָדע ענדיגען די רעדע.

ביי די פאַרזאַמלונגען פלעגען די פאַכלייט זיך אָברעדען פון האַרצען, זיך באַקלאָגען אויף די אונאנגענעמליכקייטען ביי דער אַרבייט. ביי די שמידען פאַסען ניט די אַקסען, ביי די סטאָליאַרעס איז די האָלץ שטענדיג נאַס. טאַנדייטנע שניידער באַקלאָגען זייער לאַגע, וואָס באַרעבאַרע און טשעכע־נאָפּצער מיקאליי יאַריד קומען פאָר אין דעם זעלבען טאָג. דאָס זעלבע סאקאָ־לער און טשיזשעווער יאַריד קומען פאָר אין זעלבען טאָג, כאָטש גיי מיט איין... אויף פיער יאַרידען. צו די שערערס פלעגט מען זאָגען פראָפּיומקע, צו די ריהמערס — עס שטינקט זשעגאכטע. די דאַמען שניידער פלעגען רעדען פון כלה־מלבושים.

דער האַנדווערקער פאַראיין פאַרברייטערט זיין טהעטיגקייט, גרינדעט דעם פאָלקס־באַנק, דאַן דעם אָן־פּראָצענטיגע לייה־קאַסע. עס קומט צו שטאָטי־שע וואַהלען ווערט דער האַנדווערקער פאַראיין טהעטיג, שטעלט אַרויס אַן אייגענע ליסט פון קאַנדידאַטען און געווינען.

אין יאָר 1927 ווערט אין פוילען אָנגענומען דער געזעץ פון האַנדווער־קער און אינדוסטרי. דאָס ברענגט דערצו, אַז אַלע אַרבייטער דאַרפען האָבען דיפּלאָמען אָדער האַנדווערקער קאַרטען. מיר שטעלען זיך אַלע צום עקזאַמען. מיר לעגאַליזירען די לערן־אינגלעך. דער בריינסקער האַנדווערקער פאַראיין ווערט אַזוי גוט געפירט אַז מיר באַקומען די רעכט פון דער רעגירונג צו עקזאַ־מינירען אַרבייטער און אַרויסגעבען קאַרטען און דיפּלאָמען צו די עקזאַמי־נירטע אַרבייטער. מיר פירען איין אין יעדען פאַך ספּעציעלע פאַכלייט צו עקזאַמינירען:

פון שניידערס — שלום קראַץ און חנא קאַשטאַן;

היטל־מאַכערס — אַלטער טרוס, יצחק קרינסקי.

סטאָליארעס — הערשל רוצקי, משה מאַן און צאָלקע טשאכנאָוועצקי;

סטעלמאַכעס — משה מטות ציכטליער, שמחה אוישפּעטער;

קצבים — יעקב יענטשמאַן און אברהם סאַשין;

בעקערס — יחיאל לייב פּיעקוצקי, בערל ראָזען, און פישל קאַפּלאַן;

שוסטערס — הערשל פלאַטראַט, מרדכי אייזיק פערלמאַן און שיע זאַב־לודאפסקי ;

שטעפּערס — אברהם ווערפּיכאָווסקע, און לייבל וויינער ;

טאָקארעס — מענדל טאָקער און אברהם אבא טאָקער ;

שמידען — אַנטשל ראָזען און אַלטער ליעווארטאפסקי ;

דער האַנדווערקער פאַראיין שליסט זיך אָן אין דעם אַלגעמיינעם צענטראַלען פאַרבאַנד פון אידישע האַנדווערקער. ניסל לאַוויטש ווערט דער סעקרעטאַר. זיין הויז ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ קלוב, וואו עס איז שטענדיג פול מיט מענשען פאַר אינפאָרמאַציע. ניסל לאַוויטש׳ס אַרבייט ווערט פון דער רעגי־רונג אנערקענט פאַר זיין מוסטער־האַפטער טהעטיגקייט פאַר׳ן האַנדווערקער פאַראיין און באַקומט אַ מעדאַל פאַר דעם פון דער רעגירונג.

יעדען יאָר צו די ערשטע סליחות פלעגט דער פאַראיין אָבהאַלטען זיין יערליכען פייערונג.

די פינף יאָריגע פייערונג קומט פאַר אויף די ערשטע סליחות ביי ניסל לאַוויטש אין הויז. עס איז געווען אַ יום־טוב׳דיגע שטימונג. די הויז איז געווען מיט עלעקטרישע באַלייכטונג. די פוילישע פאָהן און די אידישע פאָהן פלאַ־טערען הויך. צווישען די פאָהנען איז געווען די פאָהן פון האַנדווערקער פאַר־איין מיט׳ן אויפשריפט „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך״.

דער אָרקעסטער פון די פייערלעשער שפּילט דעם פּוילישען הימן און אויך „התקוה״. עס ווערט געשפּילט דער טרויער מאַרש נאָך די געשטאָרבענע מיטגלידער. די פאַרזאַמלונג ווערט געעפענט מיט באַגריסונגען פון בורמיש און חיים גאָטליעב. פון דער קהילה קומט ר׳ חיים לייב ליעוו און הרב אברהם יעקב סעקארעוויטש, ס׳קומען באַגריסונגען פון אַלע פאַרטייען. רעדעס ווערען געהאַלטען פון אייגענע מיטגלידער, ניט איינער וויינט פאַר שמחה. די האַרץ זאָגט — ווער ווייס ? עס זאָל ניט פאַרשטערט ווערען. ס׳זיינען אויך געקומען פאַרטרעטער פון ביעלסקער און טשעכענאָפצער האַנדווערקער פאַראיינען.

די טישען זיינען געדעקט, דער עולם איז זיך משמח ביז טאָג. קיינעם גלוסט זיך ניט אַוועקגיין. עס דערנעענטערט זיך די צייט צו סליחות. ביסלעכ־ווייז גייט יעדערער אַוועק צו זיין בית־המדרש צו סליחות.

דער האַנדווערקער פאַראיין ווערט אַ פאָלקאָמענע פאָלקס אינסטיטוציע. יונגע, אַלטע חסידים און קאָמוניסטען — עס איז ניט קיין פאַרטיי נאָר אַ שיינע פאָלקס־באַוועגונג.

דער קולטורעלער צושטאַנד איז פיעל געהויבען געוואָרען דורך דער קולטור־גרופּע פון פאַראײן. טעאַטער פאָרשטעלונגען ווערען אויפגעפירט. אײנע פון די פאָרשטעלונגען איז אויפגעפירט געוואָרען „די רומענישע חתונה״. דאָבטשע מלמד און ריבטשע פּיטלאַק האָבען געשפּילט די הויפּט ראָלען. אַלע וואָך קומען פאָר פאַרזאַמלונגען, לעקציעס. מען דערהאַלט צייטונגען, ביכער. די יוגענט אָבטײלונג ווערט געפירט פון איטשע ליעווין, שמואלקע בעקערס זוהן, אליה קראַץ און יעקב קאַשטאַן, חנא׳ס זוהן. די יונגע לערען־אינגלעך זײנען שוין מער ניט די אומוויסענדע פון אַמאָל.

עס ווערט געמאַכט אַ פאַרזוך צו שאַפען אַ בונדישען האַנטווערקער פאַר־אײן אָבער אָהן ערפאָלג. דער עקזיסטירענדער פאַראײן איז באַליבט ביי אַלעמען. קײן אַגיטאַציע קען זיי ניט אָבּרייסען פון ברײנסקער האַנדווערקער פאַראײן.

דער פאַראײן האָט פונקציאָנירט אין געהײם אונטער די סאָוועטען־מאַכט אויך אין געטאָ.

פון די 315 מיטגלידער פון פאַראײן זײנען געבליבען דריי לעבעדיגע. איך אין רוסלאַנד און הערשל שפּאַק און יוכבד גאָלדע אין די פּאַרטיזאַנער אַטריאַד אין וואַלד.

דעם 7־טען סעפּטעמבער 1939, ווען ברײנסק ברענט, ווערט דאַן אויך פון דײטשע צינד־באָמבעס פאַרברענט דער האַנטווערקער לאָקאַל מיט׳ן אַרכיוו.

אָט אַזוי ענדיגט זיך דער עקזיסטענץ פון דער שענסטען אמת׳ער פאָלקס־אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך געווידמעט צו די נויטען און פאַרלאַנגען פון ברײנסקער פאָלקס־מענש — דער האַנדווערקער פאַראײן פון ברײנסק.

## זיבעטער קאַפּיטל

# די פֿאָלקס־באַנק אין בריינסק

בריינסק האָט זיך גענייטיקט אין אַ פֿינאַנס אינסטיטוציע אָדער באַנק. דער מסחר און דער פֿאַרגרעסערטער פֿאַרלאַנג נאָך רויע שטאָפֿן פֿאַר די האַנדווערקער, מאַטעריאַלן וואָס האָבן געדאַרפֿט געקויפֿט ווערן אין אַנדערע גרעסערע פּוילישע שטעט, זיינען געקויפֿט געוואָרן אויף קרעדיט. אַזעלכע קרעדיטן האָבן בריינסקער סוחרים און האַנדווערקער לייכט באַקומען ווייל די רעפּוטאַציע פֿון בריינסקער קליינע און גרעסערע האַנדעלס־לייטע איז געווען גוט.

עס איז אָבער געווען איין שוועריקייט, וועלכע האָט געמוזט באַזייטיקט ווערן. געוויינלעך פֿלעגן אַזעלכע קרעדיטן געגעבן ווערן נאָר ווען אַ וועקסל איז אונטערגעשריבן געוואָרן ביים קויפֿער. אַזאַ וועקסל האָט געפֿאָדערט אַ צאָל פּונקט ווי אַ באַנק. בריינסק האָט אַזאַ באַנק ניט געהאַט. אין ביעלסק איז געווען אַזאַ באַנק. דאָס האָט געמיינט, אַז בריינסקער סוחרים־האַנדווערקער האָבן געדאַרפֿט פֿאָרן קיין ביעלסק און דאָרט דעם וועקסל גוט מאַכן אין דער לאָקאַלער באַנק. דאָס איז געווען אַ גרויסע שטערונג. מאַנכע מאָל האָבן זיי פּשוט קיין צייט ניט געהאַט צו פֿאָרן קיין ביעלסק, אָדער זיי האָבן געמוזט פֿאַרלירן פֿיעל צייט. מערסטע סוחרים אַזעלכע האָבן אַליין געדאַרפֿט אַרבייטן ביי די וואַרשטאַטן, איז עס פֿאַר זיי געווען אַ גרויסער פֿאַרלוסט.

דער האַנדווערקער פֿאַראיין ווערענדיג די פֿאָלקס אינסטיטוציע, האָט געזען די שוועריגקייטן פֿון זייערע מיטגלידער און באַשלאָסן עטוואָס צו טאָן צו פֿאַרלייכטערן די לאַגע. און במילא מאַכן די מיטגלידער מער קרעדיט־פֿעהיג. זיי באַשליסן צו אָרגאַניזירן אין בריינסק אַ פֿאָלקס־באַנק.

אין מאַרטש 1924 איז די באַנק געגרינדעט געוואָרן, אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון האַנדווערקער פֿאַראיין און האַנדווערקער לאָקאַל ביי ניסל לאַוויטשען.

עס ווערען געשאַפען און באַשטעטיגט די געזעצען פון דער אינסטיטוציע. עס ווערען ערוויילט אַ פאַרוואַלטונגס ראַט: אַלטער טרוס, פרעזידענט, אברהם ווערפיכאווסקי וויצע פרעזידענט, גדליה איינעמער קאַסיר, חנא קאַשטאַן, יצחק מאיר פיעקוצקי און אנטשעל ראָזען.

אין אויפזיכט'ס ראַט ווערען אויסגעקליבען מרדכי אָסקאַרט אַלס פרעזי־דענט, משה סוסעל, מאַטעלע קאַנאַפּיאַטע, אברהם פּולשאַנסקי און יצחק פינקל־שטיין. ביי חיה קאַפּלאַנסקי אין אַ קליין צימערעל ווערט געעפענט דער ערשטער לאָקאַל, מיט יצחק פינקלשטיין אַלס בוכהאַלטער.

אַלעס איז גרייט צו דער באַנק. עס פעלט איין קלייניגקייט — קאַפּיטאַל.

מיר נעמען זיך יעצט צו שאַפען דעם קאַפּיטאַל פאַר דער באַנק, ווייל אַ באַנק אָן קאַפּיטאַל איז עפּעס אַ זאַך וואָס קען ניט לעבען לאַנג.

מיר נעמען אויף סובסקריפּציעס. דער ערשטער וואָס האָט זיין טייל צוגעטראָגען איז מאַטיע אַבא טרוס. דאַן האָבען פּיעלע אַנדערע צוגעטראָגען זייערע סובסקריפּציעס. דאַן קומט מרדכי אָסקאַרט, ברענגט אַריין 500 דאָלער אָן פּראָצענט. דאָס האָט געמאַכט אַז נאָך מער מענשען האָבען צוגע־טראָגען קאַפּיטאַל, און די באַנק האָט אָנגעהויבען צו פונקציאָנירען מיט קליינע קרעדיטען צום אָנפאַנג.

די באַנק וואַקסט פון טאָג צו טאָג. בריינסקער ברענגען אַריין זייערע אָבשפּאָרונגען אין באַנק. די פאָלקס־באַנק ווערט אַן אמת'ע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט. די צענטראַלע אין וואַרשע גיבען קרעדיט צו דער בריינסקער באַנק. דער קאַפּיטאַל דערגרייכט שוין 70,000 זלאָטעס.

עס ווערט אַ באַדייטענדע פאַרבעסערונג פאַר די קליינע סוחרים און האַנד־ווערקער. די באַנק שיקט ניט צוריק קיין וועקסלען. זי וויסט שוין ביי וועמען עס איז געווען ניט קיין גוטער מאַרק טאָג; מ'דאַרף וואַרטען אַביסעל צייט.

די באַנק שטעלט צופרידען די נויטען פון דער באַפעלקערונג. בריינסק באַקומט אַ גוטען נאָמען אין דער געשעפטס־וועלט. זייער ווייניג וועקסלען ווערען פּראָטעסטירט.

די באַנק ווערט געפירט אין אמת'ן פאָלקסטימליכען כאַראַקטער — קיין פאַרטייאישע חניפה. בלויז די קרעדיט פעהיגקייטען פון יעדען ווערט אָפּ־געשאַצט.

ביסלעכווייז ענטוויקעלט זיך אַ פאַרטייאישער קאַמף אין דער באַנק. פאַרשידענע פאַרטייען זוכען צו קאָנטראָלירען די פאָלקס אינסטיטוציע. עס

געלינגט זיי ניט. די גרויסע מערהייט איז פאַר דעם אַנפּאַרטייאישן כאַראַק־טער פון דער באַנק.

נאָך פינף יאָר ווערט די לייטונג אַריינגעפאַלן אין פּאַרטייאישע הענד. בונדיסטען, ציוניסטען, מזרחי, אַגודה׳ניקעס און האַנדווערקער סוחרים. קרעדיט ווערט געגעבען ניט צו די קרעדיט פעהיגע נאָר צו פּראָטעזשירטע פּאַרטיי־מענשען. יעדער פּאַרטיי האָט געהאַט אירע פּראָטעזשירטע וועלכע האָבען באַקומען צו גרויסע קרעדיטען.

דאָס יאָר 1930 ברענגט אַ קריזיס. די לייטונג רעכענט זיך ניט מיט דער צייט, פאַרקלענערט ניט דעם קרעדיט פון אירע פּאַרטייאישע גוטע ברידער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז קיינער האָט ניט געצאָלט. די וואָס האָבען אין באַנק געהאַלטען זייערע אָבשפּאָרונגען פאָדערען זייער געלד צוריק. די פאָלקס־באַנק ווערט ניט קרעדיט פעהיג.

עס ווערען אַריינגעצויגען פינאַנסירען, ווי אַלטער ווילק, געזונד צו מאַכען די באַנק, אָבער אנשטאט צו קורירען די באַנק, האַנדעלט מען פאַר זיך. יצחק פינקלשטיין, אַלטער איינעמער און אַלטער ווילק האַנדלען מיט וואַליוטע. אַז וואַליוטע שטייגט איז עס זייער פּראָפיט, אַז מ׳פאַרלירט, האָט די באַנק פאַרלאָרען. מען האַנדעלט מיט מעהל, פאַר באַנק געלד נעמט מען ביי רעכעל זאָנען די מיהל. מען פירט פערזענליכע געשעפטען. עס דוכט זיך אַז קיינער ווייס ניט. אָבער בריינסק ווייס וואָס מען טהוט מיט זייער געלד. מען לויפט נאָך מער אַרויסצוציהען די אָבגעשפּאָרטע געלד.

עס ווערט געשאַפען אַ גרופּע מענשען וואָס וואָרענען די פּאַרטיי־מענשען אויפצוגעבען זייער קאָנטראָל. אין 1936 קומט פון וואַרשע אַ בוכהאַלטער. פינקלשטיין ווערט אַוועקגעשיקט. עס באַנייט זיך דער צוטרוי.

די פאָלקס־באַנק באַקומט יעצט קאָנקורענטען פון דער גמילות חסדים קאַסע, וואָס באָרגט געלד אָן פּראָצענט. דאָך איז אין 1939 די קאַסע פון דער באַנק געווען גאַנץ.

דעם 22־טען אָקטאָבער 1939 קומען אַריין די סאָוועטען־מאַכט און נאַצי־אָנאַליזירען די פאָלקס־באַנק. ליידער האָבען די אָרימע מענשען פון דעם געליטען. ווייל עס איז געווען די אָרימע קליינע האַנדווערקער, וועמעס אָב־געשפּאָרטע געלד איז נאַציאָנאַליזירט געוואָרען.

זיי האָבען זיך געבעטען ביים בוכהאַלטער פּיעטראָווסקי ער זאָל דעקען

זייער געלד מיט וועקסלען. זיי וואָלטען ביסלעכוויז פּילייכט איינגעמאָנט זייער געלד. פּיעטראָווסקי ענטזאגט זיך דאָס צו טאָן.

אַזוי האָט זיך געענדיגט נאָך אַ שיינע פאָלקס אינסטיטוציע, וואָס האָט געדינט די בריינסקער באַפעלקערונג 15 יאָר צייט.

געענדיגט דעם 4־טען אַפּריל 1940 דורך דער סאָוועטען־מאַכט אין בריינסק.

## די פאָלקס באַנק אין ברײַינסק



שטייען פון רעכטס : יצחק פינקעלשטיין, אַנטשעל ראָזען, פסח יערוסאַלימסקי, איטשע מאיר פיעקוצקי, אַלטער קאָפּעליכעס, און שלמה וואַסער דער שיק אינגעל
אונטערשטע רייהע פון רעכטס זיצן : אברהם ווערפּיכאָווסקי, חיים לאַזניק, אַלטער טרוס, מרדכי אָסקאַרט, שלום קוקאַפּקע, וועלוועל ראָזענקראַנץ, מאָטל קאָנאָפּיאַטע, הערש אַוואָל

## אַכטער קאַפּיטל

# אָן פּראָצענטיק לייה־קאַסע אויפן נאָמען פון שלום דוד ווייַן פון שיקאַגאָ

בריינסק האָט געהאַט אונטער פאַרשידענע צייטען גמילות חסדים קאַסעס, וואו אָרימע לייט האָבן באַקומען קליינע הלוואות, געוויינטליך אָן פּראָצענט.

די ערשטע פרייע לייה־קאַסע איז געווען ביי עזרא׳ן. דאָס הייסט, עס איז געווען אַ שטאָטישע אינסטיטוציע. זי איז פאַרוואַלטעט געוואָרען פון עזרא גאָלדבערג. וועגען דעם האָבן מיר געשריבען אין ערשטען טייל פון בוך. דאָרט האָט מען געדאַרפט האָבן משכנות. געענדיגט האָט זיך די אינסטי־טוציע, ווען די רוסען אין יאָר 1915 האָבן זיך צוריקגעצויגען פון בריינסק. אַלע משכנות זיינען צוראַבירט געוואָרען. און דער שטאָטישער גמילות חסדים איז געוואָרען אַ פאַרגאַנגענהייט.

דער צווייטער פרייער גמילות חסדים איז געגרינדעט געוואָרען פון בריינסקער רעליף אין ניו יאָרק, אין יאָר 1919, ווען דער דעלעגאַט האָט געבראַכט אַ גרויסע סומע געלד און די בעלי־בתים אין שטאָט האָבן פאַר די געלד איינגעפירט אַ גמילות חסדים פאַר אָרימע לייט.

די פאַרוואַלטונג איז געלעגען אין די הענד פון עטליכע מענשען, וואָס האָבן דערנידריגט די אָרימע לייט ביים קומען נעמען א גמילות חסד. טאָמער האָט אַזאַ אָנלייהער געהאַט קינדער וואָס זיינען ניט געווען קיין גוטע, פרומע אידען אָדער גאָר סאָציאַליסטען, איז ער שוין געווען זיכער, אַז ער וועט קיין גמילות חסד ניט קריגען. דאָך האָבן אַ גרויסע טייל בריינסקער באַקו־מען אַזעלכע גמילות חסדים. די צייט איז דאַן אָבער ניט געווען גינסטיג. די אינפלאַציע וואָס האָט אַלע טאָג פאַרביליגט די געלד ווערטה, האָט צונישט געמאַכט דעם גאַנצען אינוועסטירטען קאַפּיטאַל, און פון דעם גמילות חסדים איז גאָר ניט געוואָרען.

דער דריטער גמ״ח איז געשאַפֿען געוואָרען אין יאָר 1926 פון האַנד־ווערקער פאַראיין. קיין גרויסע געלד מיטלען איז אָבער ניט געווען. דער גאַנצער קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון 600 זלאָטעס, האָט מען מער ווי 20 זלאָטעס ניט געקענט באָרגען קיינעם.

אין יאָר 1928 אין אַ פּסח נאַכט איז ביים רב ר׳ יצחק זיוו אין שטוב געווען אַ פאַרזאַמלונג פון אַקטיווע טוער מיט׳ן צוועק צו גרינדען אַ לייה־קאַסע וואָס זאָלווירקליך קענען לייסטען ממשות׳דיגע הילף צו די וואָס נוי־טיגען זיך אין דעם.

עס איז געקומען צו הילף שלום דוד וויין, דער זוהן פון דעם מאידאנער וואָס האָט געהאַלטען לעבען רוטקע דעם מאַידאַן, דאָס איז די סמאָליאַרנע. דער וויין איז שוין דאַן געווען אין אַמעריקע אַרום 35 יאָר. דאָך האָט ער ניט פאַרגעסען זיין היים־שטאָט. איז ברייטהאַרציג געקומען צו הילף מיט אַ גאַנץ גרויסע און באַדייטענדע נדבה צו גרינדען אַ פרייען גמילות חסדים קאַסע אין ברייינסק.

די קאַסע איז באַוואוסט געוואָרען אַלס וויינ׳ס אָנפּראָצענטיגע לייה־קאַסע אין ברייינסק. די קאַסע האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס אַ לעבענס רעטער פאַר פּיעלע קליינע הענדלער און אַרבייטער. אין זעכצעהן וואָכען האָט די איינלייהע געדאַרפט צוריקגעצאָלט ווערען. ברייינסקער אידען האָבען געצייגט אַז זיי אנערקענען גוטע, הערליכע אינסטיטוציעס, זיי האָבען געצאָלט פּינקטליך. אין וויינ׳ס קאַסע האָט מען געקענט קריגען אַ גמילות חסד פון 500 זלאָטעס, אומגעפער 90 דאָלער ביי יענער צייט.

די צאָל אנלייהערס האָבען צייטענווייז דערגרייכט איבער 600. די פּי־רונג פון דער קאַסע איז געווען וואונדערבאַר גוט. די צענטראַלע אין וואַרשע האָט באַווילִיגט נאָך געלד צום גמ״ח, ווייל זיי האָבען געזעהן די גוטע רע־זולטאַטען, וואָס די קאַסע ברענגט צו העלפען צוריקשטעלען מענשען אויף די פיס, צו געבען זיי אַ געלעגענהייט צו פאַרדינען זייער פּרנסה.

דער אומזאַץ פון וויינ׳ס אָנפּראָצענטיגע קאַסע איז באַשטאַנען פון 96,000 זלאָטעס — אַ ריזיגע סומע. דער דזשאָינט האָט באַטראַכט די ברייינסקער קאַסע אַלס די בעסטע אין גאַנץ ביאַליסטאָקער געגענד.

הער וויינ׳ס ביישטייערונג צו דער קאַסע איז געווען 36,000 זלאָטעס. אַטלאַנטע האָט געשיקט 4,000 זלאָטעס. ניו יאָרק האָט געשיקט שטיצע צו

טײלען דירעקט צו די אָרימע מענשען. בריינסק האָט אַלײן געשאַפען 12.000 זלאָטעס. די איבעריגע געלד האָט דער דזשאָינט אינוועסטירט.



שלום דוד ווײן פון שיקאַגאָ
גרינדער פון דער לײ־קאַסע

די אָנפירונג פון דער קאַסע איז געווען, חיים לאַזניק בוכהאַלטער. דער אינגערער ראובן לאַזניק איז געווען קאַסירער. די אָרדענונג איז געווען אויסגעצײכענט. די קאַסע האָט געהאַט איר אײגענע ביוראָ אין קהל־קאַנצע־לאַריע. די בוכהאַלטעריע איז געווען פאַלשטענדיג קאָנטראָלירט. אין דער ביוראָ האָבען זיך שטענדיג געפונען מענשען; מען האָט געבראַכט צאָלונגען; אַנדערע האָבען געמאַכט אָנלײהעס. עס איז געוואָרען אַ באַנק אינסטיטוציע.

דער פּרעזידענט איז געווען הערש אַוואַל, ער איז געווען זײער אָרענטליך און איבערגעגעבען צו דער אינסטיטוציע. דערצו איז ער געווען זײער אַ פעהיגער מענש. די פאַרוואַלטונג איז געווען אליה גרשון פּערלמאַן, אַלטער

קאָפּעליכעס, בן ציון זאַרעמבער, וועלוול ברײנסקי, דער קאדלובאָפּקער ריה־מער, זכריה אסקאַרט, שמחה אויסשפּעטער.

רעוויזיאנס קאָמיטע זיינען געווען ר׳ חיים לייב ליעוו, הרב ר׳ בן ציון קאַגאַן און שמואלקע בעקער.

אין יאָר 1935, ווען עס קומט פאָר קהילה־וואַהלען אין ברײנסק, פאַר־גלוסט זיך די פאַרוואַלטונג צו שפּילען פּאָליטיק. זיי שטעלען אַרויס אַן אייגענע ליסטע פון קאַנדידאַטען. זיי באַקומען ביי די וואַהלען בלויז 12 שטימען. ביי דער קומענדער יערליכער פאַרזאַמלונג ווערט די פאַרוואַלטונג געענדערט: פּרעזעס שבתי חאָמסקי, אברהם ווערעפּיכאָווסקי ווערט קאַסירער, פאַרוואַלטונג משה ראטנשטיין, קאדלובאפקער ריהמער.

רעוויזיאָנס קאָמיטע: הרב בן ציון קאַגאַן, אַלטער טרוס, אַלטער סאָפּער־שטיין און יוסף זייפמאַן.

אין יאָר 1937 איז דער פּוילישער באָיקאָט באַוועגונג אין פולען גאַנג. ברײנסקער אידען קענען ניט פאָרען צו קיין מערק און צו קיין יאַרידים. קריסט־ליכע קראָמען זיינען פאַראַן איבעראַל. עס ווערט שווער צו פאַרדינען עפּעס, די לייה־קאַסע אויפ׳ן נאָמען ווײַן ווערט די איינציגע וואָס קען לינדערען די שרעקליכע לאַגע. איר רעטונגס אַרבייט איז גרויס. די פאַרדינסטען פון הער ווײַן פון שיקאַגאָ פאַר זיין גרויסמוטהיגע טהאַט זיינען אומבאַגרעניצט. מענשען ווערען פּשוט געראַטעוועט אין דער גרעסטער נויט פאַל. אין דער פאָלקס־באַנק וואָס איז געווען אַ געשעפט אינסטיטוציע ניט קיין פילאַנטראָפּישע האָט געקאָסט פּראָצענט. דאָ האָט מען באַקומען דעם קרעדיט אָן קיין פּראָצענט.

ברײנסק איז געווען איינע פון די גליקליכע שטעט האָבענדיג אַזאַ שיינע הערליכע אינסטיטוציע, די אָנפּראָצענטיגע לייה קאַסע אויפ׳ן נאָמען ווײַן פון שיקאַגאָ. אין יאָר 1946 איז דזשוליוס קאָהען געווען אין הויפּט אָפיס פון דזשאָ־ינט אין ניו יאָרק. זיי האָבען אים געצייגט די רעקאָרדס פון ברײנסקער לייה־קאַסע אויפ׳ן נאָמען ווײַן פון שיקאַגאָ אַלס מוסטער אָרגאַניזאַציע אין גאַנצען ביאַליסטאָקער געגענד.

אין די עלף אָדער צוועלף יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די אָנפּראָצענ־טיגע לייה־קאַסע אין ברײנסק געטאָן וואונדערבאַרע גוטע אַרבייט. ברײנסק איז געווען שטאָלץ און מיט רעכט, מיט דער אינסטיטוציע וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון חשוב׳ען לאַנדסמאַן, הער שלום דוד ווײַן פון שיקאַגאָ. ווען דער 10־טער יאָריגער עקזיסטענץ פון דער לייה־קאַסע איז געפייערט געוואָ־

רען איזביים פאַרזאַמלונג פון דער לייה־קאַסע איינשטימיג ערווײלט געוואָרען הער שלום דוד ווײן אַלס עהרען פרעזידענט. זע „בריינסקער לעבען".

מיר באַדאַנקען אייך ליבער, חשוב'ער פריינד שלום דוד ווײן פאַר אייער שיינער האַרציגער מתנה צו בריינסקער קהילה פאַר דער פרייער לייה־קאַסע וואָס איר האָט דאָרט געגרינדעט. שיין האָט זי געלעבט, מוסטערהאַפט זיך געפירט, גרויס איז געווען די רעטונג אַרבייט, ליידער האָט זי זיך געענדיגט טרויעריג. גראַדע ווי דער גאַנצער אידישער לעבען האָט זיך געענדיגט טרויעריג און שוידערליך. דעם 7־טען סעפּטעמבער 1939, ווען בריינסק איז באַוואָרפען געוואָרען פון נאַצישע צינד־באָמבעס אין די שטאָט איז פאַרברענט געוואָרען, איז דער לאָקאַל, די אַרכיוועז, די וועקסלען און אַלע דאָקומענטען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַש. די פייערדיגע צונגען האָבען אַלעס פאַרניכטעט, דעם גאַנצען אידישען וועזען אין פוילען, בריינסק בתוכם, און איר שענסטע אינסטיטוציע. שלום דוד ווײנ'ס לייה־קאַסע פאַרבלייבט אַן אנדענקונג פאַר דער היסטאָריע. איר מעגט זיין שטאָלץ, פריינד ווײן מיט אייער אויפטהו. די היסטאָריע וועט אָבשאַצען אייער גרויסמוטיגע אַרבייט ווי געהעריג.

## ניינטער קאַפּיטעל

# פּאָליטישע טהעטיגקייט פון ברײנסקער אידען

צו באַקומען אַ פאָלשטענדיגע בילד פון אַלע זייטען פון אידישען לעבען אין ברײנסק מוזען מיר אייך באַקענען מיט דער פּאָליטישער טהעטיגקייט פון ברײנסק.

פּוילען איז געוואָרען אַמווייניגסטען אויפ׳ן פּאַפּיר אַ פרייע רעפּובליק. אַלע האָבען געהאַט גלייכע פּאָליטישע רעכט מיט אַלגעמיינע שטימרעכט.

ווען די ברײנסקער בירגער ספּעציעל די אידישע זיינען געגאַנגען אָבגעבען זייערע שטימען זיינען זיי פּשוט פאַרטומעלט געוואָרען פון די פיעלע פּאַרטייען, וואָס האָבען אַרויסגעשטעלט קאַנדידאַטען ליסטען. און פּאַרטייען זיינען געווען די פאָלגענדע.

איידער איך וועל אייך באַקענען מיט די פּאַרטייען וויל איך אויך זאָגען, אַז יעדער פּאַרטיי האָט געהאַלטען אונטער אירע פליגעל פיעלע קלענערע פּאַרטייעלעך. אַזעלכע צאַן קדשים וואָס האָבען געמאכט מער טומעל ווי עפּעס. די יוגענד פאַרשטייט זיך האָט נאָך ניט געהאַט קיין שטימרעכט, דאָך האָבען אַלע פּאַרטייען זיך באַמיט צו האַלטען יוגענד אָרגאַניזאַציעס אונטער זיך.

**דער בונד** — די עלטסטע אידישע פּאָליטישע פּאַרטיי נאָך פון יאָר 1905 און שפּעטער אונטער׳ן דייטש, האָט דער „בונד״ פיגורירט אַלס אַ פּאָליטישע פּאַרטיי. די צאָל מיטגלידער אירע אין ברײנסק איז ניט באַוואוסט.

די אָנפירערס פון „בונד״ זיינען געווען אַלטער סאָפּערשטיין, איצעל דעם וואַרטאַווניקס זוהן, זיידל ציוויאטשעכעס, אייזיק מאָטל שוסטער, אַלטער קאַפּעליכעס עלטסטער זוהן, אַלטער סוסעל, שלומה אפרים קוואסניקס זוהן און שרויטס אַ מיידעל.

דעם „בונדס״ ערשטער וויכאָוואַנעק איז געווען דער יוגענד בונד, ער

האָט זיך גערופען „צוקונפט". די פירערס פון „צוקונפט" זיינען געווען פעשע סוסעל, שלומה־אפרימ׳ס אַ מיידעל. לייזער סוסעל, שלומה אפרימ׳ס זוהן מנחם ריפקע. וועגען פעשע סוסעל מוז געזאָגט ווערען, אַז זי איז געווען אַ פיין געבילדעטע מיידעל. דעם „בונד'ס" צווייטע וויכאָוואַנקע איז געווען אַ קינדערשע אָבטיילונג מיט'ן נאָמען „סקיף". דאָרט האָט אָנגעפירט גדליה סוסעל, שלומה אפרימ׳ס זוהן, אויך געווען זייער אַ פעהיגער אינגעל. מען האָט אין ברייניסק געזאָגט, אַז גדליה איז דער פעהיגסטער אינגעל אין שטאָט.

ווי איר זעט איז דער שלומה אפרים דער קוואסניק געווען אַ גליקליכער מענש. זיינע זיהן און אינגלעך און מיידעל האָבען געאַרבייט פאַר'ן „בונד". עס איז אויך געווען אַ ספּאָרט דרוזשינע ביים „בונד" מיט'ן נאָמען „מאָרגענשטערן", איך געדענק ניט ווער עס זיינען געווען איהרע קאָמאַנדירען.

**לינקע פּועלי ציון** — די צווייטע וויכטיגסטע פּאַרטיי. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך נאָך געצויגען פון די צייטען פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אירע פירערס יאַנקל פריבוט, אליה יענטשמאַן און נאָך איינער פון די יענטשמאַנס, צעפּלינסקי דער שטריקל־מאַכער, ראָזקע גלעזער, איטשע ליעווין, אליה קראַטץ, באָמטשע, אליה דוד פריבוט, און נאַכקע גליק, נאַכקע איז אויך געווען איין אויפגעקלערטער, באַזאַכטער און אַ באַוואוסטזיניגער אַרבייטער.

ביי די לינקע פועלי ציון איז געווען אַ יוגענד אָבטיילונג מיט'ן נאָמען באָרוכאָווצעס. די אָנפירערס זיינען געווען איטשע ליעווין, שמואלקע בעקער'ס אַ זוהן. דער איטשע איז געווען אַ זשעניע. זעלטען ווען מען באַגעגענט אַזעלכע אינגלעך. ער איז געווען זייער העפליך און האָט געהאַט אַ געוואַלדיגען חשק צו פיזישע אַרבייט, און אַלטער קאָפּעליכעס אינגסטער זוהן, אַ קלוגער און אַ גרויסער קאָמיקער. זיינע קאָמישע ראָלען ביי אַ טעאַטער פאָרשטעלונג האָט ברייניסק געליבט, און משה חיים דאמבראווסקע.

ביי די לינקע פועלי ציון איז אויך געווען אַ ספּאָרט דרוזשינע מיט'ן נאָמען „שטערן". די אָנפירערס פון דער שטערן גרופּע זיינען מיר שוין איצט ניט באַוואוסט.

**די רעכטע פּועלי ציון** — דאָס איז געווען די דריטע פּאָליטישע פּאַרטיי אין ברייניסק. די פיהרערס זיינען געווען שוין בעל־הביתישע אידען: יעקב גאָטליעב, ישיע צוקער, יחיאל דאָן, בייניש אָקאָן, בישקע שאַפּראַן, חנה סאָקאָלאָוויטש און פראַדעל הורוויץ.

זייערע אָבטיילונגען זיינען געווען: „החלוץ", די פיהרער מאָן, אליה



פאָלקס פראַקציע צעירי ציון אין בריינסק

גאָלדפאַרב, סענדער שאַפּראַן, האָדעס סוסעל, קיילע סמורזשיק, בערטשע וויל־קאַנסקי און מינקע לעוואָרטאַפּסקי.

זייער ספּאָרט אָרגאַניזאַציע איז געווען די „הגנה". די רעכטע פּועלי ציון האָבן אויך געהאַט אַן אַרבייטער גרופּע מיט'ן נאָמען „העובד", צו ווייזן דער וועלט, אַז זיי האָבן אויך אַרבייטער אין זייער פּאַרטיי.

ביי אַ פאַרזאַמלונג פלעגן די לינקע פּועלי ציון אָדער „בונד" שרייען צו זיי: וואו זיינען אייערע אַרבייטער? מיט שטאָלץ פלעגן די רעכטע פּועלי ציון אָנווייזן אויף גרשון קאָפּקעס דעם בן יחיד, אַן אַרבייטער.

**מזרחי** — דאָס איז געווען די 4־טע פּאָליטישע פּאַרטיי אין בריינסק, אָנ־געפירט פון רב'ס איידעם הר' בן ציון קאַגאַן. ווער עס איז געווען פון די מזרחי מיטגלידער, ווייס איך ניט קיין סך. צוויי זיינען יאָ באַוואוסט: משה פּיעקוצקי און חנינה חפץ.

**די אגודה** — די 5טע פּאָליטישע פּאַרטיי אָנגעפירט פון בן ציון זאַרעמ־בער. די מיטגלידער זיינען שוין באַוואוסט אַלס חסידים און אַנדערע סימפּאַטי־קער. זיי האָבן אָנגעפירט מיט די בית יעקב שולע.

**ביתר** — די 6־טע פּאַרטיי אָנגעפירט פון יוסף בצלאל קעסטין. דער ביתר האָט געהאַט אַן אָבטיילונג „ברית החיל". יוסף מאיר סקאָלקע איז געווען דער קאָמאַנדיר. זיין אַדיוטאַנט איז געווען פיניע פאָנטשקע, דער קאָרפּאָראַל איז געווען גוטמאַן, טשאַנעס איידעם, דער גרעסטער חכם אין שטאָט.

**קאָמוניסטען** — זיי זיינען ניט געווען לעגאַל, דאָך האָט מען געוואוסט אַז פרייסל דעם שמיט'ס קינדער זיינען אַלע רויטע. חיים מאַן, וועלוול פּולשאַנ־סקי, ריבטשע קאָפּקעס, ברויזמאַן, פּסח מלכהלעס, דער גלעזערל, דוד צוקער און בעניע־פּייוול שוסטערס זיינען אויך געווען באַוואוסט פאַר קאָמוניסטען.

זייער יוגענד אָבטיילונג האָט געהייסן „קאָמסאמאָל". אַן אַנדער אָבטיי־לונג איז געווען „מפר", אָנגעפירט פון ליבע דעם רערל'ס. זייער ספּאָרט אָרגאַניזאַציע איז געווען „וויץ".

דאָס זיינען די פּאָליטישע פּאַרטייען אין בריינסק — זעקס געזעצליכע, איין ניט קיין געזעצליכע. צוזאַמען מיט זייערע צווייגלעך, אַריבער פופצעהן.

עס פרעגט זיך, וואָס האָבן די אַלע פּאַרטייען געטאָן אין בריינסק? און אין וואָס איז זייער הויפּט טהעטיגקייט באַשטאַנען? בלויז איין זאַך — זיך אַרומצוריייסן צווישען זיך. אויב דאָס איז געווען זייער הויפּט ציעל האָבן זיי עס דערפילט גרויסאַרטיג.

ווען איין פּאַרטיי האָט איינגעאָרדענט אַ פאַרזאַמלונג זיינען אַלע אָנהענגער ביי די איבעריגע פּאַרטייען געקומען געאייניגט, ניט צו הערען עפּעס, נאָר צו שטערען און אַרונטעררייסען די געגנערישע פּאַרטיי. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז פון אַזאַ טאַקטיק קומט אַרויס געשלעגען ביז בלוט, דאַן פלעגען די געשלעגען פאַרטגעזעצט ווערען שוין אין גאַס, אַממערסטען שבת אָדער יום־טוב. קיין שבת אָדער יום־טוב איז ניט אַריבער אָן פּאַרטיי געשלעגען. ווען ניט אידישע פאַרבייגייער פלעגען פרעגען פאַר וואָס הרג'עט מען זיך? האָט מען ניט געהאַט קיין ענטפער. טאַקע, פאַר וואָס הרג'עט מען זיך?

צום ערגסטען איז געווען, ווען די טאַטעס האָבען זיך אַריינגעמישט, דאַן פלעגט פשוט קומען צו סקאַנדאַלען.

עס איז געווען אַ פאַרזאַמלונג אין יאָר 1936, שבת פיער בייטאָג. דער רעדנער איז געווען דאָקטאָר טהאָל פון וואַרשע. די שטערער זיינען געוואָרען באַשעפטיגט, פּעטש פליהען. און דער געשלעג ווערט פאָרטגעזעצט אין גאַס. יענקל וואָיטעק דערוויסט זיך, אַז מען האָט געשלאָגען זיינע ציטערדיגע קינדער, לויפט ער שנעל, ער ווערט ווילד, בלוט גיסט זיך.

וועלוועלע שעפּסל קצב'ס נעמט זיך אויך געבען פּעטש ביי אַ צווייטער געלעגענהייט, ווען זיינע קינדער זיינען באַליידיגט געוואָרען. צומאָרגענס — די קינדער דיסקוטירען ווידער די זעלבע פראַגען צווישען זיך און טאַטעס בלייבען זיך שונאים.

בריינסק איז געווען זייער אַ וויכטיגער צענטער פאַר פּאָליטישער אַגיטאַציע. אַהער פלעגען קומען רעדנערס פון די קאַרפּען קעפּ: וואַסערמאַן, מיכאַלעוויטש, הימעלפאַרב, און יעקב פאַט פון „בונד", זרובבל, ליעוו פון לינקע פועלי ציון, דיפּלאָמירטע דאָקטוירים פון די רעכטע פועלי ציון. בלויז זשאַבאָטינסקי איז ניט געווען אין בריינסק.

בריינסקער בעלי־הבתים פרעגען פאַר וואָס ביי אונז אין בריינסק? פאַרוואָס קומען זיי אַלע אין בריינסק, כדי מען זאָל זיך ממית'ן. שלעכט איז געווען ווען עטליכע אינגלעך פון איין הויז זיינען געווען מיטגלידער פון פאַרשידענע פּאַרטייען. דעם טאַטען פון אַזאַ מזל'דיגע משפחה האָט מען שוין ניט געדאַרפט מקנא זיין. אָט איז באַבטשע געבענשט געוואָרען מיט פיער זיהן, צוויי רעכטע פועלי ציון, איין לינקער און איינער גאָר אַ ביתר'ניק. פרייטאָג צו נאַכטס, יחיאל לייבל און באַבטשע ווילען זיך אַביסעל אָברוהען נאָך אַ שווערע אַרבייטס־וואָך, ענטוויקעלט זיך אַ געשלעג צווישען די דריי פּאַרטייען, מעמבערס

ביים שבת'דיגען טיש. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די הייסע לאָקשען זיינען געפלויגען איבער'ן קאָפּ. „אומגליקען", שרייט באַבטשע, „שליסט זיך אָן אין איין פּאַרטיי און פאַרשטערט ניט די שבתים". די שטאָט האָט זיך צוגעהאָרגענס שבת, דערוואוסט וואס עס האָט זיך אָבגעטאָן אין הויז. באַבטשעס זיהן זיינען אַרומגעגאַנגען מיט באַנדאַזשירטע קעפּ.

דאַגעגען האָט מען געוואוסט אַז ביי דער צוקערקע מאַכערקע זיינען אַלע קינדער פון איין פּאַרטיי און עס איז שטענדיג שטיל און רוהיג אין שטוב.

אין יאָהר 1935 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פּאָליטישע דעבאַטע וועגען אַ פאָלקס־פראָנט פון אַלע פּאַרטייען. דאָס האָט שוין אינטערעסירט די דער־וואַקסענע אויך. ביי אברהמע מאַקאָפּסקע אויפ'ן פּריזבע איז געווען דער פּאָלי־שער געזעמעל. דאָרט האָט איר שטענדיג געטראָפען אַריה לייבל אדעסניק, פּסח מאַלקאָלעס, חנא סאקאלאָוויטש, מנשה ליעווין, זאָגעלס אידעם, לייבל פּאָליאַק, לייבל קרינסקי, יענקל שנאָבל, פּסח שלומה וואלפקעס איידעם, און דער קאַניוואַל, אַלע האָבען דיסקוטירט דעם פאָקס־פראָנט. אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז דער „בונד" גייט ניט אין פאָלקס־פראָנט, וועט גאָר ניט זיין, און דער „בונד" וויל ניט גיין מיט די קאָמוניסטען, ווייל ער וויל ניט פאַרלירען זיין לעגאַליטעט. קאַניוואַל שרייט טשעמנאָטאַ, זיי וועלען זיך קיין מאָל ניט איי־ניגען. פּסח שלומה וואלפקעס זאָגט אויפ'ן „בונד" „זובאַטאָווטשיקי", לייבל פּאָליאַק זאָגט פאַראויס, אַז פון פאָלקס־פראָנט וועט גאָר ניט זיין און עס איז גאָרניט געוואָרען.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אין ברײנסק דעם ערשטען מאַי אַ פאָלקס־מיטינג און דעמאָנסטראַציע. איין טאָג פאַר'ן ערשטען מאַי לאָזט דער „בונד" וויסען די איבעריגע פּאַרטייען, אַז ער ציהט זיך צוריק פון אַ געמיינזאַ־מע דעמאָנסטראַציע. די רעכטע פּועלי ציון ערקלערען אַז זיי האַלטען ניט פון קיין ערשטען מאַי דעמאָנסטראַציעס אין גלות. די לינקע האָבען מורא פאַר טאַטע־מאַמע, ציהען זיי זיך אויך צוריק. די קאָמוניסטען קענען דאָך אַליין געוויס ניט דעמאָנסטרירען. זיי זיינען דאָך ניט לעגאַל, ווערט פון גאַנצען פּלאַן גאָר ניט.

אין 1937 האָט דער „בונד" אַליין איינגעאָרדענט אַ דעמאָנסטראַציע. אַרום 40 שוהל־קינדער מיט טראַנספּאָרטען האָבען מאַרשירט, זיי האָבען זיך קוים דערשלעפּט צום לאָקאַל ביי זיידל ציוואַטשיכעס הויז.

בלויז איין מאָל איז אין ברײנסק פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמע פאַרזאַמ־

לונג דעם ערשטען מאַי. איך האָב דאַן דעם ערשטען מאָל געהערט רעדען פעשע שלומה אפרים׳ס טאָכטער, אַ גוטע רעדנערין געווען, זי האָט געמאַכט אַ גוטען איינדרוק אויף אַלעמען. ריבטשע דוד קאפקעס איז אויך געווען איינע פון די רעדנערינס. דאָס איז געווען דער איינציגער מאָל וואָס די פּאַרטייען אין בריינסק האָבען עפּעס געטאָן צוזאַמען, פאַראייניגטערהייד.

די טהעטיגקייט פון די קאָמוניסטען איז באַשטאַנען פון צוטיילען פלוג־בלעטלעך, אַרויסהענגען רויטע טראַנספּאַראַנטען, זאַמלען געלד פאַר׳ן „מפר״. זיי זיינען פיל מאָל אַרעסטירט געוואָרען און פאַרזוכט טורמע פון דריי ביז אַכט יאָר. ברויזמאַן שעפסל טרעגערס אייניקעל איז געזעסען פינף יאָר, בעניע פּייוול שוסטערס דריי יאָר, וועלוול יוסף חיים׳ס אַכט יאָר, ריבטשע פּיטלאַק 6 יאָר, דוד צוקער 5 יאָר, בערל פּרייסלס 5 יאָר, חיים מאַן 3 יאָר. נאָך אַנדערע האָבען באַצאָלט מיט טורמע פאַר קאָמוניסטישע טהעטיגקייט אין בריינסק.

דער „החלוץ״ פלעגט שיקען זיינע חברים אין קבוץ כדי צו קענען עמיג־רירען נאָך פּאַלעסטינע. דער מזרחי האָט פאַרקויפט שקלים.

פון די אַגרעסיווע פּאַרטייען זיינען געווען די אגודה. זיי זיינען געווען טהעטיג ביי יעדער וואַהל. קיין מאָל ניט פאַרזען קיין פּאָליטישע אַקציע.

דער „ביתר״ האָט זיך באַנוגענט מיט דעם, וואָס די מעמבערס האָבען זיך אויסגעפּוצט אין ברוינע העמדלעך, באַהאנגען מיט בלעכלעך פון פאַר־שידענע עמבלעמס, מערסטענס זשאבאטינסקי׳ס בילד.

**וואַהלען** — ביז דעם יאָר 1939 זיינען אין בריינסק פאָרגעקומען אַרום פופצעהן מאָל וואַהלען. מאַגיסטראַט וואַהלען זיינען פאָרגעקומען דריי מאָל, אַלע זיבען יאָר, קהילה פאַרוואַלטונג וואַהלען אויך אַלע זיבען יאָר, סיים וואַהלען אַלע זיבען יאָר, וואַהלען צום לינת הצדק, גמ״ח, פאָלקס־באַנק. אַלע שטאָטישע אינסטיטוציעס האָבען באַנוצט די וואַהל סיסטעם צו קלייבען זייערע בעאַמטע. עס זיינען מער ניט געווען קיין שטענדיגע כלל טוהער אָדער קהל׳שע פאַרזאָרגער פאַר דורות.

ביי אַזעלכע וואַהלען האָבען זיך בריינסקער אידען אויסגעלערענט די פּאָליטישע שפּיעל. זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט וואָס זיי ווילען ביי די וואַהלען דורכפירען.

אין יאָר 1926 איז פאָרגעקומען די ערשטע וואַהלען פאַר׳ן מאַגיסטראַט. די אידישע פּאַרטייען זיינען געגאַנגען אַלס פאַראייניגטער בונד צוזאַמען מיט׳ן כלל ישראל. די קריסטען האָבען זיך געאייניגט, דער רעזולטאַט איז געווען

— צוויי פּאַרטייען, די אידען געווינען זיבען און די קריסטען ערווײלען פינף צום שטאָט־ראַט. חיים גאָטליעב ווערט געוויילט אַלס בירגערמייסטער פּאַרטרעטער און בעריש קאַגאַן לאוניק, צוזאַמען האָבען אידען אין שטאָט ראַט ניין שטימען אַנטקעגען זיבען קריסטען. די ערווײלטע זיינען געווען: מרדכי אַסקאַרט, אַלטער טרוס, זיידל וואָראַפּטיג, איטשקע טשיגעלסקי, יאנקל פּריבוט, יאנקל גאָטליעב און שבתי חאָמסקי. די אידישע מערהייט באַשליסט אָנצורופען די בית־המדרש גאַס „י. ל. פּרץ גאַס". אין דער זעלבער צייט ווערען די הייזער און די גאַסען באַלויכטען מיט עלעקטריע. די גאַסען ווערען מיט אַספאַלט אויסגעגלייכט.

ביי די צווייטע שטאָט ראַט וואַהלען אין 1933 קענען זיך שוין די אידישע פּאַרטייען ניט אייניגען. צום גליק פּאַסירט אַז די קריסטליכע פּאַרטייען קענען זיך אויך ניט אייניגען. דאַן באַשליסט די מאַכט פּאַרטרעטער פון זעקס אידען און זעקס קריסטען. די אידישע פּאַרטרעטער זיינען דאַן חנינה חפץ פון די סוחרים און ציוניסטען, ר' חיים לייב ליעוו פון דער מזרחי, אַלטער טרוס, אברהם ווערפּיכאָווסקע און גדליה איינעמער פון האַנטווערקער פאַראיין. פון קליינהענדלער פּאַראיין אברהם יענטשמאַן און יצחק פינקלשטיין ווערט וויצע־בורמישטש.

פינקלשטיין איז ניט חיים גאָטליעב. חיים גאָטליעב פלעגט זיך מקריב זיין פאַר אידען. ער האָט געפאָדערט און באַקומען דאָס רעכט פאַר די אידען וועמען ער האָט גוט פּאַרטראַטען. ער איז איבערהויפּט געווען אַן אמת'ער פאָלקס־פּאַרטרעטער, אָבער אייניגע פון זיינע רייכערע פריינד קאָמפּרענטירען אים, באַשולדיגען אים אין האָבען געוויסע פערזענליכע נוצען פון זיין אַמט, האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר פּאָליציי און פּראָקוראָר. חיים גאָטליעב זיצט אין טורמע צוויי מאָנאַטען. ער ווערט באַפרייט אָן קיין שולד. חיים איז שוין ניט דער זעלבער, דאָס האָט אויף אים שטאַרק געווירקט און ער שטאַרבט פונקט זעקס מאָנאַטען שפּעטער נאָך דעם ווי זיין פאָטער איטשע גאָטליעב איז געשאָרבען.

אין 1939 קומט פאַר וואַהלען צום דריטען מאָל צום שטאָט ראַט. דיזער וואַהל קאַמף איז געווען זייער אַ ביטערער. אַלע פּאַרטייען האָבען געצילט צו טרעפען דעם האַנדווערקער פאַראיין, וועלכער האָט געהאַט זיין אייגענע ליסטע. די האַנדווערקער פאַראיין האָט געפאָדערט צוויי פלעצער ביי אַ פּאַר־אייניגונג. האָט מען ענטזאָגט. דער רעזולטאַט פון די וואַהלען איז געווען

אַז פון האַנדוועדקער פאַראיין ווערען ערוויילט דריי: אַלטער טרוס אַלס לאָוניק, אברהמע ווערפּיכאָווסקי, און מאָטל ריהמער אַלס ראַטמענער. איינער פון „בונד", איינער פון „ביתר", דריי געאייניגטע ציוניסטישע גרופּען פאַלען דורך.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, אַז די אידען וואָס האָבען געוואוינט אויף דער אונטערשטער גאַס, האָבען ניט געהאַט קיין שטימרעכט, צוליב געוויסע רעגולאַציעס זיינען זיי אַריינגענומען געוואָרען אין די קריסטליכע וואַהל־קרייזען.

**קהילה וואַהלען** — ביי די וואַהלען זיינען ערוויילט געוואָרען אַלע שטאָטישע פאַרטרעטער צו דער קהילה. די אידישע קהילה איז אין פוילען אנערקענט געוואָרען אַלס די פולבאַרעכטיגטע זיך אָבצוגעבען מיט ספּעציעלע אינטערעסען וואָס איז נוגע דעם אידישען קהל'שען לעבען אין שטאָט.

די צייטען ווען אידישע כלל טוהער האָבען גע'ירשנ'ט די רעכט צו זיין די פיהרער פון שטאָט און אַלע אידישע אַנגעלעגענהייטען זיינען אַוועק. עס האָבען געמוזט פאָרקומען אָפיציעלע וואַהלען פאַר די אידישע קהילה.

דער ערשטער וואַהל איז פאָרגעקומען אין יאָר 1925. דער וואַהל קאַמף איז געווען זייער אַ ביטערער. עס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרען צוועלף ליסטען. געוויילט זיינען געוואָרען ווי פאָלגט: פון האַנדוועדקער פאַראיין דריי. אַלטער טרוס, ניסל לאָוויטש און מאָטל קאנאפּיאטע. פון „בונד" איינער, אַלטער סאָפּערשטיין, רעכטע און לינקע פּועלי ציון. איינער חנא סאָקאָלאָוויטש, אַגודה איינער חיים לייב ליעוו, בעל הבתים קלאַס איינער, אליה גאָטליעב. בית־המדרש פּועלי צדק איינער, שלומה קאַנטשיק און אויך דער רב.

די צווייטע קהילה וואַהלען אין יאָר 1930 האָט ערוויילט צוויי פון האַנדוועדקער. אַלטער טרוס און בערל ראָזען. רעכטע פּועלי ציון איינער, יחיאל דאָן, לינקע פּועלי ציון, יאנקל פריבוט. חסידים מאָטל קאנאפּיאטע, אגודה חיים לייב ליעוו. אַלטער בית המדרש, אברהם יענטשמאַן, סוחרים, חנינה חפץ.

אין 1935 קומט פאָר די דריטע וואַהל פאַר קהילה מעמבערס, האַנדווערקער געווינען דריי, אַלטער טרוס, משה ראָטענשטיין און מאָטל ריהמער; „בונד", איינער, אַלטער סאָפּערשטיין; רעכטע פּועלי ציון, ישיע צוקער; סוחרים, חנינה חפץ; חסידים, בן ציון זאַרעמבער; „ביתר", יעקב מאיר כאַרלאַפּ'ס איידעם.

אין די וואַהלען צום אָנפּראָצענטיגען לייה קאַסע זיינען אַלע מאָל ער־ווילט געוואָרען די מעהרהייט פון האַנדווערקער פאַראיין.

ביי די וואַהלען פון לינת הצדק זיינען אַלע מאָל געווען פאַרטראָטען אַלע פּאַרטייען.

אין פאָלקס־באַנק זיינען געווען וואַהלען אין יאָר 1929. די האַנדווערקער זיינען דאַן דורכגעפאַלען קעגען די סוחרים אין אַלע פּאַרטייען.

עס זיינען געווען אייניגע מאָל וואַהלען צו די ציוניסטישע קאָנגרעסען. ביי די וואַהלען פלעגען אַלע מאָל פאָרקומען געשלעגען. עס האָט ניט געהאָלפען קיין ווארנונגען. עס האָבען זיך אַלע מאָל געפונען היץ־קעפּ וואָס האָבען געפירט צו געשלעגען.

ביי די וואַהלען צום סיים, דאָס הייסט צום פּוילישען פּאַרלאַמענט זיינען אויך אַלע מאָל פאָרגעקומען גרויסע וואַהל קאַמפּען, כאָטש בריינסקער געגענד האָט קיינמאָל ניט דורכגעפירט קיין סיים דעפּוטאַט, זיינען די טהעטיגקייטען ניט אָפּגעשטעלט געוואָרען. אידישע קאַנדידאַטען זיינען אַלע מאָל אַרויסגע־שטעלט געוואָרען.

ביי די וואַהלען צום סענאַט איז פון אונזער געגענד יאָ ערווילט געוואָרען הרב רובינשטיין, טראָץ די אַגיטאַציע פון פאַרשידענע פּאַרטייען ניט צו שטימען פאַר אים.

אָט אַזוי האָט אויסגעזען דער פּאָליטישער לעבען אין בריינסק, אונטער דער זאָגענאַנטער פרייער פּוילישער רעפּובליק.

מיט׳ן אַריינקומען פון די סאָוועטען אין בריינסק, ענדערט זיך דאָס גאַנצע פּאָליטישע בילד.

## צעהנטער קאַפּיטעל

# דער קולטורעלער צושטאַנד אין ברײנסק נאָך דער ערשטער װעלט־מלחמה

אַ גרױסע ענדערונג איז פּאָרגעקומען אין ברײנסק װאָס אנבאלאנגט דעם קולטור צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג. אין די יאָרען נאָך דער מלחמה. פױלען איז געװאָרען אַ פרײע רעפּובליק. רעגירונג שוהלען פאַר קינדער װערען אנערקענט פון דער רעגירונג, אױך פּאַרטײען װערען געזעצליך, מיט דער אױס־נאַמע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, זײנען אַלע אַנדערע פּאַרטײען געװען געזעצליך.

יעדער פּאַרטײ אין ברײנסק — האָט געהאַט פאַר זיך און פאַר איהרע אָנהײנגער אַ ביבליאָטעק. די פּאַרטײאישע ביבליאָטעקען זײ־נען אין אמת'ען געװען פּאַרטײ קלײזלעך. דאָרט האָבען זיך גע־פונען אַביסעל ביכער און מערסטען פּאַרטײ ליטעראַטור. דאָס איז געװען זײער װיכטיג בײ די עקזיסטירענדע פּאַרטײען. קײן פּאַרטײ האָט ניט געװאָלט אַז אירע אָנהײנגער זאָלען גײן צו אַנדערע פּאַרטײען נאָך ביכער צום לײענען. זײ קענען זיך נאָך חלילה אָנשטעקען מיט פרעמדע אידעאַלען. דערפאַר זײנען געװען ספּעציעלע קלײנע ביבליאָטעקען בײ יעדער פּאַרטײ.

די יוגענד אין ברײנסק איז שױן אָבער געװען אױסגעװאַקסען, זי האָט זיך ניט געקענט צופרידענשטעלען מיט די עטליכע ביכער, װאָס זײ האָבען שױן געלעזען פיעל מאָל. זײ האָבען פאַרלאַנגט נײע ביכער, מער לעזע־שטאָף, קלאַסיקער האָבען זײ פאַרלאַנגט, ניט קײן פּאַרטײ בראָשורקעס. צװישען אַזעל־כע יוגענד דאַרף דערמאָנט װערען ישראליק מעק, הערשעלע רובין, ראובן אײזיק טרוס, אברהמל דעם קאַשניקס, קײלע סמורזשיק, ראובן קאַזאַק, חיים ראַבאַק, שמעון דוד פריבוט און אַנדערע.

ענדליך איז זײער פאַרלאַנג ערפילט געװאָרען פון די לינקע פועלי ציון,

די גרופּע וואָס האָט אַלע מאָל פאַרלאָרען ביי די וואַהלען, האָבען קיין מאָל ניט אויפגעגעבען זייער קולטור אַרבייט. מיט זייערע אָרימע גראָשענס האָבען זיי אין בריינסק געשאַפען אַ ביבליאָטעק וואָס האָט געמעגט זיין אַ שטאָלץ, איבע־ראַל. אַלע אידישע קלאַסיקער זיינען דאָרט געווען. די נייעסטע ווערק האָבען זיי שנעל געקויפט פאַרן ביבליאָטעק. טראָץ דעם וואָס אַנדערע נאַרישע מענשען פלעגען שטערען, דאָך זיינען זיי אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבייט און פאַרגרעסערט און פאַרשענערט זייער ביבליאָטעק. ווען איך בין אַמאָל געקומען נאָך אַ בוך אין ביבליאָטעק, פלעגט מיר איטשעלע לעווין מיט שטאָלץ צוטראָגען דעם בוך. איך געדענק אַ געוויסער בוך איז ערשט איצט רעקלאַמירט געוואָ־רען. אין בריינסקער ביבליאָטעק איז שוין געווען זיבען בענדער פון דעם בוך.

די פאַרדינסטען פון די לינקע פּועלי ציון אויף דעם געביט צו הויבען דעם קולטורעלען גייסט אין בריינסק זיינען זייער גרויס. זיי האָבען זיךווירקליך איבערגעגעבען צו דער מיסיע מיט רעספּעקט אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע פּאַרטייען ווי בונדיסטען, ציוניסטען מיט די קאָמוניסטען, אַ צוליב וועלכע האָבען נאָר געטראָגען דעם פּאַרטיי צייכען אויפ׳ן לאַץ אָבער זיך ניט פאַר־האַלטען ערענסט צו קיין קולטור־פראַגען.

די ביבליאָטעק איז געווען דער אמת׳ער קולטור־צענטער פון אַלע אומ־פּאַרטייאישע אָדער זאָגאַר פּאַרטייאישע וואָס האָבען געזוכט צו שטילען דעם דורשט נאָך בילדונג, נאָך ליטעראַטור. אַ דאַנק דעם ערענסטען פאַרזוך פון די לינקע פּועלי ציון האָט בריינסק באַקומען די געלעגענהייט זיך צו באַקענען מיט די שענסטע און בעסטע פון אידישען געשריבענעם וואָרט.

**טעאַטער** — די יוגענד האָט זיך זייער אינטערעסירט אין אידישען טע־אַטער אַלס אַ גייסטיגער פאַרגעניגען. זיי האָבען זיך באַמיהט צו שפּילען מיט אייגענע קרעפטען, גוט איינשטודירט די בעסטע טעאַטער פאָרשטעלונגען. „דער דיבוק", „די פוסטע קרעטשמע", „דער דאָרפסיונג", „סערדזשאַנט גרי־שע". ביי שווערע פאָרשטעלונגען פלעגען אַראָבקומען אין בריינסק ספּעציעלע טעאַטער רעזשיסאָרען. די יוגענד האָט זיך ערענסט אינטערעסירט אין דער טעאַטער־קונסט. אַ גרויסע צאָל האָבען אָנטייל גענומען אין די פאָרשטע־לונגען. ראובן קאָזאַק, בייניש אָקאָן, אליה יענטשמאַן, משה חיים, קאַפּאלע, לייזער אַסקאַרט, חיים ראָבאַק, דאַטשע מלמד, ריקל אוישפּעטער, יאַכעלע סוסעל.

זייערע פאָרשטעלונגען זיינען גוט באַזוכט געוואָרען. די בריינסקער באַ־פעלקערונג האָט אָבגעשאַצט די יונגע אַמאַטאָרען איהרע, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז עס איז ביי זיי אַן ערנסטע זאַך און דערצו האָבען די שטאָט־לייט טאַקע געהאַט גייסטיגען פאַרגעניגען פון די פאָרשטעלונגען.

אַמאָל פלעגען געבראַכט ווערען פרעמדע אַרטיסטען אויף קאָנצערטען אָדער העלפען רעזשיסירען. אין בריינסק זיינען געווען זשאַק לעווי, קורט קאָטש, טורקאָוו, זאַבלודאָפסקי, גרינהויט און אַנדערע.

עס זיינען אויך געווען איינגעפירט רעטשיטאַציעס. די פאָרלעזער פלעגען זיין ראובן קאָזאַק און קאַפּלע. עס פלעגען פאָרקומען אָפטע לעקציעס איבער פאַרשידענע אנגעלעגענהייטען. דאָקטאר קאמינעצקי פלעגט לעקטשורען איבער סאַניטארישע אַנגעלעגענהייטען. פאַרטיי לעקציעס און אָווענט קורסען ביי וועלכע די בריינסקער יוגענד האָבען זיך פיין אַמוזירט און זיך געבילדעט.

קאָנצערטען און בעלער זיינען פיעל מאָל איינגעאָרדענט געוואָרען מער־סטענס פאַר׳ן קרן קימת. מאַיאָפקעס פלעגען פאָרקומען אויסער׳ן שטאָט.

אַלע פאַרשידענע אונטערנעמונגען זיינען גוט באַזוכט געוואָרען, ווייל די באַפעלקערונג איז געווען שטאַרק אינטערעסירט זיך צו לערנען, זיך צוהערען צו גוטע מוזיק. בריינסק איז ניט געווען קיין אָבגעשטאַנענע שטאָט.

בריינסק האָט אויך ליעב געהאַט די עלטערע מגידים, דרשנים, וואָס פלעגען קומען האַלטען דרשות אין די שוהלען. ביי גוטע מגידים פלעגען אַלע קומען, זאָגאר די יוגענד האָבען אָנגעפילט אַזעלכע פלעצער. בריינסק האָט געהאַט איר אייגענעם שטאָט מגיד, שמואלקע פיניעס. קרוק איז געווען זיין צווייטער נאָמען, אַ גוטער מגיד געווען שמואלקע קרוק.

דער ביאַליסטאָקער מגיד ראַפּאָפּאָרט איז געקומען אין בריינסק. גאַנץ שטאָט האָט געוואַרט אויף זיין ערשטע דרשה, וועלכע האָט געמאַכט אַ גרויסען סוקסעס. די יוגענד האָט אָנגעפילט די שוהל יעדען אָווענט ווען ראַפּאָפּאָרט האָט גערעדט. קיין זאַך האָט די יוגענד ניט געקענט צוריקהאַלטען פון די דרשה׳ס. צעהן טעג האָט דער ביאַליסטאָקער מגיד אָנגעפילט פולע הייזער.

עס פאַסירט אָבער אַז ראַפּאָפּאָרט פאַרלירט זיין פּרעסטיזש אין בריינסק צוליב אַ פאַסירונג וועלכע איז ווערט דערמאָנט צו ווערען. ער האָט וואַרשיינליך אונטערשעצט זיינע צוהערערס וואָס זיינען געווען מערסטענס פון פאָלקס־מענשען. אין 1921 איז אין בריינסק געשטאָרבען איטשע יאַנקל דער שניידער אָן קינדער. מיט יאָרען צוריק האָט האָט איטשע יאנקל דער שניידער געמאַכט אַ צוואה,

אַז זיין שטוב זאָל נאָך זיין טויט אַוועקגעגעבען ווערען צו קהל פאַר אַ בית־הרב. קהל האָט געוואָלט אַז דער ביאַליסטאָקער מגיד זאָל מאַכען דעם הספד פאַר׳ן פאַרשטאָרבענעם איטשע יאַנקלען. מ׳האָט ניט געוואָלט אַז דער ברײנסקער רב זאָל מאַכען דעם הספד. דאָס האָט דעם פאָלקס מענשען פאַרדראָסען. זיי האָבען אָבער געשוויגען.

דער ביאַליסטאָקער מגיד פאַנגט אָן זיין הספד מיט דער פאָלגענדער טהעמע: „פון פראָסטע ראָגעזשע ווערט זייד״, דאָס האָט באַלד אַלעמען שטאַרק פאַרדראָסען. איטשע יאַנקל דער שניידער איז ניט געווען קיין פראָסטע ראָגעזשע. אויב ראַפּאָפּאָרט, דער ביאַליסטאָקער מגיד האָט געדענקט אַז אַ שניידער איז אַ פראָסטע ראָגאָזשע האָט ער באַלד אויסגעפונען אַז ברײנסק דענקט גאַנץ אַנדערש פון איהרע פאָלקס־מענשען, פון אַלע שניידערס, שוס־טערס און אַנדערע בעלי מלאכות.

קיינער אין ברײנסק איז מער ניט געקומען הערען ראַפּאָפּאָרט׳ען. לײדיג איז געווען זיינע אויפטרעטונגען. ער איז באַלד אַוועקגעפאָרען פון ברײנסק. אָט אַזוי האָט ברײנסק געגעבען אַ לעקציע צום ביאַליסטאָקער מגיד ראַפּאָפּאָרט.

**קינדער שוהלען** — די אידישע קינדער ערציהונג פראַגע איז געווען זייער אַן אָנגעווייטיגטע. פוילען איז געווען צוטיילט אין פאַרשידענע פּאַרטייען, יעדער פּאַרטיי האָט געוואָלט אַז די ערציהונג פון אידישע קינדער זאָל אָנגעפירט ווערען לויט זייער פּאַרטיי פּראָגראַם. אידישיסטען, העברעאיסטען, בונדיסטען און פּועלי ציון. די פּאַרטייען האָבען געהאַט אין וואַרשע צענטראַלע קער־פּערשאַפטען, צו וועלכע די פּראָווינץ האָט געצאָלט געלד און מען האָט זיך אַרום־געריסען צווישען זיך איבער דעם איינפלוס אויף אידישע קינדער שוהלען.

די אגודה׳ניקעס האָבען ניט געקלערט נאָר איינגעפירט אין ברײנסק אַ שוהלע פאַר מיידלעך מיט׳ן נאָמען „בית יעקב.״ די אגודה שוהלע איז גלייך געוואָרען פּאָפּולער אין ברײנסק. אַלע מיידלעך פון אַלע קלאַסען און פּאַר־טייען האָבען די שוהלע אנערקענט אַלס די בעסטע.

די אגודה איז פאָלשטענדיג באַרעכטיגט צום קרעדיט פאַר זייער אויפטהו אין באַצוג צו ערציהען אידישע מיידלעך.

די פּריוואַטע חדרים און די תלמוד תורה זיינען דאַן ניט געווען גענוגענד צופרידענשטעלען דער באַפעלקערונג.

עס זיינען געווען אַ צאָל עלטערע בחורים וואָס האָבען זיך געלערענט

ביי ר׳ חיים לייב ליעוו און ביי הרב ר׳ אברהם יעקב סעקארעוויטש. די אינגלעך האָבען געהאַט אַ נאָמען פאַר גוטע לערנערס.

**סאַניטאַרישער צושטאַנד** — דער סאַניטאַרישער צושטאַנד אין בריינסק איז געווען פיעל בעסער ווי אין פריערדיגע צייטען. טראָץ דעם וואָס אין די הייזער איז געווען זייער ענג צוליב דער שטאַרק פאַרגרעסערטער באַפעלקע־רונג אין שטאָט, האָט מען אין בריינסק שטאַרק אויפגעפּאַסט אויף דעם סאַני־טאַרען צושטענד. די הייזער זיינען גערייניגט געוואָרען אָפטער, ניט ניט נאָר בלויז אויף פסח, נאָר אַלע פּאָר וואָכען, זאָגאַר די הויפען האָט מען אָפטער גערייניגט.

דערצו האָט די מאַכט שטאַרק אויפגעפּאַסט אַז מען זאָל ניט פאַרנאַכלע־סיגען די ריינליכקייט פון די הויפען, די גאַסען און די הייזער.

דער לינת הצדק האָט געהאָלפען דער אָרימער באַפעלקערונג מיט מעדיצי־נישע הילף, דאָס האָט פיעל בייגעטראָגען צום אַלגעמיינעם פאַרבעסערטען סאַניטאַרישען צושטאַנד אין בריינסק.

**קליידונג** — בריינסק איז ניט געבליבען צוריק געשטאַנען אין דעם פּרט פון אַלע גרויסע שטעט. די נייעסטע מאָדעס, די נייעסטע קאָסטיומען זיינען באַלד אָנגעקומען אין בריינסק. אַלע די אַרבייטער און דער רייכערער עלע־מענט האָבען באַלד געטראָגען די נייע מאָדעס. די עלטערע מענשען האָבען אויך ספּעציעל אויפגעפּאַסט אויף זייער קליידונג, געהאַלטען זיך ציכטיג און נעט.

פרויען האָבען נאָך געטראָגען שייטלען נאָר שיין צוגעקאָמט לויט דער לעצטער מאָדע. פיעלע האָבען אָבער די שייטלען אינגאַנצען אויפגעגעבען, זאָגאַר פרויען פון רעליגיעזע הייזער.

עס איז געווען אַ ספּעציעלער פאַרגעניגען צו באַטראַכטען די בריינסקער יוגענט שבת ביין שפּאַציר. ניט מער קיין פאַרחושכטע געזיכטער נאָר פריילינכע שטאָלצע אידישע קינדער האָבען שפּאַצירט, די עלטערע מענשען האָבען אויך אויסגעקוקט אַנדערש. עס האָט זיך געפיהלט אַז אַ נייער לעבען וואַקסט אין דער פּוילישער פרייער רעפּובליק פאַר אַלעמען.

**בויען** — בריינסק האָט זיך גענומען צו בויען הייזער. קיין פּלאַץ וואו צו פאַרשפּרייטען זיך איז ניטאָ, האָט מען געבויעט אין דער הויף, צוגעבויעט אַ צווייטען עטאַזש און געמאַכט מער צימערען.

לאַזער ברוידא וועלכער איז געווען דער אַרכיטעקט, דער אינזשעניער

און בויער צו דער זעלבער צייט, איז געווען דער וואָס האָט געוואוסט וואו מען קען שוין צובויען אָדער פאַרגרעסערען די הויז, לאָזער ברוידא איז געווען זייער פאַרנומען, ווייל ברייענסק האָט זיך געבויעט.

די שטאָט האָט אין אַלגעמיין באַקומען אַ שענערען אויסזעהן, ס'זיינען געמאכט געוואָרען נייע טראָטואַרען, דער טייך איז געוואָרען אויסגעגלייכט. עס איז געבויעט געוואָרען אַ מאָדערנע שלאַכט־הויז, אַן עלעקטראווניע וואָס האָט פאַבריצירט עלעקטרישע ליכט פאַר'ן גאַנצען שטאָט, די גאַסען זיינען געווען באַלויכטען מיט עלעקטרישע ליכט.

די שטאָטישע ברינעמער זיינען גערייניגט געוואָרען און ס'איז געמאכט געוואָרען אַ מאָדערנע מוסטער געביידע מיט אַ קאַכליאָווע מקוה. עס ווערט געבויט אַ ספּעציעלע געביידע פאַר'ן ברייענסקער געריכט־הויז, אַ נייע קאָנצע־לאַריע. דער מאַרק ווערט ברוקירט, נייע שאָסייען ווערען געבויט קיין לאַפּי, טשעכענאָוועצ, דראָגעטשין, סימיאַטיטש.

אין די הייזער קויפט מען נייע מעבעל, מאָדערנע מיט שראַנקען און שפּיגלען. אין די קראָמען באַווייזען זיך גרויסע שוי פענסטער.

די צונעמענער, וואָס יעדער ברייענסקער איז גוט באַקאַנט, ווערען ניט מער באַנוצט. די צווייטע נעמען ווערען יעצט באַנוצט. מען זאָגט מער ניט משקע יאַנקל־זלמן אברהמ'ס נאָר משה'קע סוסעל, א. ז. וו. דערפאַר ערשיינען אַנדערע סאָרט צונעמען, פּאַרטייאישע צונעמען. אַ „בונדיסט" רופט מען מעדעם, אַ קאָמוניסט, דער מאָסקווער מגיד, מוסאָליני, געבעל'ס פאַשיסט. זרובבל, זשאַבאָטינסקי, דאָס זיינען געווען נייע פאַרטיי צונעמען וואָס זיינען פאָפולער געוואָרען.

די קרעמלעך האָבען אויך באַקומען אַן אַנדער אויסזעהן און אַן אַנדער כאַראַקטער. די צוציהונגס קראַפט פאַר די קאָסטימערס באַשטייט שוין יעצט פון אַ גרויסען ביליאַרד טיש, וואו מען געפינט שטענדיג ביי 30 מענשען און מען שפּילט ביליאַרד. ביי אברהמע מאקאפסקי איז פאַראַן אַזאַ ביליאַרד.

נאָך ערגער איז געווען ביי די קאָנדיטעריי געשעפטען. דאָרט האָט מען שוין איינגעפירט אונטער־צימערלעך וואו מען האָט געשפּילט אין קאָרטען. ביי מאַקאפסקי'ן, ביי שנעבאלען און ביי בוראקען זיינען די קאָרטען שפּיעל אָנגעגאַנגען מיט פולען קראַפט. ביי די קאָרטען טישלעך האָט איר באַגעגענט פאַרשידענע מענשען, אידען און קריסטען. עס האָט זיך אַזוי איינגעאָרדענט אַז יעדער פלאַץ האָט געהאַט זיינע קונדען, ביי איינעם האָט אינטעליגענטען,

ביין צווייטען סתם חברה יונגען, וואָס די קאָרטען זיינען ביי זיי געווען דאָס ווילכטיגסטע. ביי אַנדערע זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פּראָסטע שכורים..

עס מוז באַמערקט ווערען, אַז די יוגענד האָט זיך דאָך ניט אינטערע־סירט אין אַזעלכע זאַכען. זיי זיינען געווען מער אינטערעסירט אין בילדונג, אין לעזען, אָבער דאָך זיינען געווען אין שטאָט אַזעלכע וואָס האָבען זיך אָבגע־געבען צו אַ קערטעל.

Jednodniówka — פּרייז 15 גראָשן — „DOS BRAŃSKIER LEBEN"

# דאָס
# בריינסקער לעבן

Brańsk, dn. 25 września | 1 9 3 6 | בריינסק, פרייטיק ערב יו"ב תרצ"ז.

## לשנה טובה תכתבו

אַ יאָר פון גליק, געזונט און גוטע געשעפטן ווינשן מיר אונזער הויך-געשעצטן הערן פּרעזידענט פון דער גמ"ח קאַסע אין בריינסק,
ה' שלום-דוד ווײַן און פאַמיליע טשיקאַגאָ.

הרב ר' יצחק זאב צוקערמאַן
פאַרוואַלטונג פון דער גמ"ח-קאַסע אין בריינסק
רעוו.-קאָמיסיע ביי " " " " "
ביוראָ-פּערסאָנאַל " " " " "

## לשנה טובה תכתבו

אַ גליקליך יאָר, געזונט און גוטע געשעפטן ווינשן מיר אונזערע ברידער אַלע מיטגלידער פון „בריינסקער פאַראיין", באַזונדערס דעם פּרעזידענט ה' ראָזענטאַל און סעקרעטאַר ה' כהן שלום.

הרב ר' יצחק זאב צוקערמאַן
פאַרוואַלטונג פון דער גמ"ח-קאַסע אין בריינסק
רעוו.-קאָמיסיע ביי " " " " "
ביוראָ-פּערסאָנאַל " " " " "

די תלמידים מיינע עווענטועל זייערע עלטערן ווינשט אַ כתיבה וחתימה טובה
יוסף זייפּמאַן

**אַ גרינדליכע לערע**
און גוטע ערציאונג
אין אַ עכט ווינבערן, סאַניטאַרן לאָקאַל גיט אייערע קינדער!
**יוסף זייפּמאַן**
נעמט אויך אָן אַנפאַנגער ביי אַ זיכערן שנעלן ערפאָלג.

אַלע אונזערע פריינד און גוטע פריינד אין שטאָט, לאַנד און אויסלאַנד באַזונדערס אונזערע ליבע קינדער אין טשיקאַגאָ, ווינשן **אַ כתיבה וחתימה טובה**
יוסף זייפּמאַן און פאַמיליע

**Serdeczne Życzenia Noworoczne**
zasyła
IZRAELSTWO BRUK
Warszawa
P. LERMAN Brańsk.

אַלע אונזערע פריינד און גוטע פריינד אין שטאָט, לאַנד און אויסלאַנד ווינשט
**אַ כתיבה וחתימה טובה**
חיים לאַזניק און פאַמיליע
בריינסק.

דעם פּרעזעס און פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהלה אין בריינסק ווינשט **אַ גוט יאָהר**
חיים לאַזניק און פאַמיליע

דעם פּרעזעס, פאַרוואַלטונג פון דער גמ"ח-קאַסע אין בריינסק און רעוו. קאָמיסיע ווינשט
**אַ גוט יאָר**
חיים לאַזניק און פאַמיליע

**אַ כתיבה וחתימה טובה**
ווינשן מיר אונזערע פריינד און קליענטן. גלייכצייטיק מעלדן מיר דאָס עס געפינט זיך צום פערקויף די בעסטע קוואַליטעט
**זייף**
פון אייגענער אויסאַרבעטונג, און אַנדערע אַרטיקלען צו ביליגע פּרייזן.
קומט און איבערצייגט אייך!
אַברהם קאַנאַפּיאַטע און פאַמיליע

לראש בית"ר
**זאב זבוטינסקי**
ברכות לבביות
לקראת שנת תרצ"ז
מאתל
המפקדה וקן בית"ר
בבריינסק
„עדת הנשרים"
בבריינסק.

צו דער פאַמיליע **יהודל ריבאַק**
אין נאָווישאַן ניו-יאָרק
געזונט און לאַנגעס לעבן,
זאָל אייך גאָט געבן,
און אַלעס וואָס אייך געפעלט
פון דער שענער וועלט
ווינשן אייך
פאַמיליע פּיעקוצקי—ריבאַק בריינסק

אַלע אונזערע פריינד וו זיי געפינען זיך ווינשט **אַ כתיבה וחתימה טובה**
שמואל לעווין און פאַמיליע

ערשטע זייט פון בריינסקער לעבען

8 בריינסקער לעבן

**אַ גליקליך יאָר**

ווינשן מיר אונזער ברודער און שוואָגער
**ישראל זאַבלאָדאָווסקי**
פרוי און פאַמיליע
ניו־יאָרק—בראָנקס

הערשאַפט קוקאָווקע
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

ווינשן פאַמיליע סעגאַל—מאַקאָווסקי
ברוקלין—ניו־יאָרק

פאַמיליע פאַניטש—מאַקאָווסקי
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

ווינשן ח׳ לואיס פאלאק
ברוקלין—ניו־יאָרק

זלמן פענכאַרוש און פאַמיליע
בריינסק.

---

**לשנה טובה תכתבו**

ווינשן ה׳ וועבמאַן אליה און פאַמיליע
פיסלאַק ישראל און פאַמיליע ניו־יאָרק

יעקב ווישניצוויטש און פאַמיליע
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

געזונט און פרנסה ווינשט
**גיטל קאַפּלאַן, יעקב רובין**
ניו־יאָרק

פאַמיליע אָרלאַנסקי
פרומע, משה און קינדער
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

געזונט און פרנסה ווינשט ה״ה
רובינשטיין חיים בוענאָס־איירעס
פאַטינקאַ מיכאַל און פאַמיליע טשיקאַגאָ
קאָן עלקע און פאַמיליע ניו־יאָרק
בערל ראָזען און פרוי

זאב רובינשטיין
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

געזונט און פרנסה ווינשן מיר אונזער
ליבן זון **ידוחם קרינסקי** (מאָנטעווידעאָ)

יצחק קרינסקי און פאַמיליע
בריינסק.

---

**אַ גליקליך יאָר**

ווינש איך מיין ליבן מאַן און מאַטער
אַברהם זאגעל בוענאָס־איירעס,
גודיס לייב ניו־יאָרק,
לייב גאָרד פאַרטהאַמל,
זאגעל גדליה סלאָנים.

מרים זאגעל און קינדער
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

געזונט און גוטע געשעפטן ווינשט
ה״ה לואי וועדם,
סעם וועדם ניו־יאָרק

חיים ווערפּעכאָווסקי און פאַמיליע
בריינסק.

---

**לשנה טובה ומצלחת**

מאחל אנו את בתו
**רחל גלבאַרט ומשפחתו**
תל־אביב.

דוד גלבאַרט ומשפחתו בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

געזונט און פרנסה ווינשט
ה״ה משה זלמן זאַלצמאַן און פאַמיליע
אַברהם פרידמאַן און פאַמיליע
ברוקלין—ניו־יאָרק

א. א. גאָלאָמב און פאַמיליע
בריינסק.

---

**אַ גליקליך יאָר**

ווינשן מיר אונזער טאָכטער
יאָספע קאבילאַנסקי מאַן און קינדער
יאָסעלע, חנה, ראובן
יאָהאַנעסבורג

עקיבא סקורניק און פרוי
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

געזונט און גוטע געשעפטן ווינש איך
מיין ליבן ברודער
**יעקב געבעל** (העמאנד. אינד.)

שמואל געבעל און פאַמיליע
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

ווינש איך מיין ליבן ברודער
**יהודל יענטשמאַן** ניו־יאָרק

יעקב יענטשמאַן און פאַמיליע
בריינסק.

---

**אַ גליקליך יאָר**

ווינשן מיר אונזערע ליבע
ח. פינקעלשטיין, ד. פינקעלשטיין
ניו־יאָרק

חיים פינקעלשטיין און פאַמיליע
בריינסק.

---

**לשנה טובה תכתבו**

ווינשן מיר אונזערע טייערע
**זהבה רוקב** א״י
**אַנשל זמור** און פאַמיליע ניו־יאָרק

אַלתר זמור און פאַמיליע
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

געזונט און גוטע געשעפטן
ווינשן מיר אונזערע ליבע
**מאָריס כהן** ניו־יאָרק
**ג. אַבראַמסאָן** בראָנקס

יעקב דענענמאַרק און פאַמיליע

---

**אַ גוט יאָר**

געזונט און פרנסה
ווינשן מיר אונזער טייערן
**זאוול איינבינדער** פאַריז

אלקנה ליפשיץ און פאַמיליע
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

ווינשן מיר אונזער ליבן
חיים רובינשטיין בוענאָס־איירעס

יצחק רובינשטיין און פאַמיליע
בריינסק.

---

**אַ גוט יאָר**

ווינשן ה״ה פאָגעל לייב און פאַמיליע
" " שעלקע "
" " יעקב "
" " משה "
ה״ה מאַרקאָוויטש פאָלע "
" גאָלדבערג שרה "
" ברענער אַלטע "
" טאַנטע לובאָוויטש בעלטשע "
ברוקלין—ניו־יאָרק.

ד. פאָדראַטשיק און פאַמיליע
בריינסק.

Redaktor-odpow.: J. Zejfman. רעדאַקטאָר י. זייפמאַן.

Drukarnia „EKONOMJA" w Ciechanowcu.

ניי יאָהר באַגריסונגען צו בריינסקער אין גאַר דער וועלט

אין יאָר 1935 האָט בריינסק אַרויסגעגעבען אַ יום טוב צייטונג. דאָס האָט געהייסען „בריינסקער לעבען". יאָסל זייפמאַן איז געווען איר רעדאַקטאָר. די מיטאַרבייטער זיינען געווען: יוסף בצלאל קעסטין, פייוול שאַפּירא און וועלוול ראָזענבלום.

:10 אונזער בריסקער לעבן 7

זעליג קעסטין.

# אויף דע

## צום געזעלשאַפטליכן משפט!

פאַרטראַכטנדיק זיך וועגן דעם געזעלשאַפטליכן לעבן ביי אונז אין בריינסק, מיט אירע אינסטיטוציעס און חברות, הערט אונ-היימליך אויפן האַרצן: אַז לעבט אַדורך די אידישע באַפעלקע-רונג קריטישע צייטן, הערענדיג עקאָנאָמיש און מאָראַליש צעבראָכן, ווי דער איינז אין פרילינג און ס'איז נישטאָ אין אידישן לעבן וועך ס'זאָל מיט עפעס פרווון קעגנצווירקן. דער היגער אידישער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזם איז פּאַראַליזירט. דער יחיד האָט נישט אין זיין נויט צו װעמען זיך צו ווענדן. — דאַן מוז איינציקוויין אַרויסגעשטעלט ווערן יעדער געזעלשאַפט-ליכער טוער צום עפענטליכן משפט — האָסטו ערפילט דיין אויפגאַבע וואָס דו האָסט גענומען אויף זיך? בינסטו צוגעגרייט צו דער שווערער שעה וואָס די צייט פאָדערט פון דיר אַלס געזעלשאַפט-ליכער טוער? אויב יאָ! בלייב שטיין ווייטער ביי דיין אַרבעט! שטרענג זיך אָן, ווער ווי שטאָל האַרט, ווייל דיין אַרבעט איז אַ שווערע און פאַראַנטוואָרטליכע, דו מוזט געבן פאַר איר דיין קרבן. אָבער ווייל זי איז שווער, איז זי אויך גרויס און הייליג און דיין באַוווסטזיין, אַז דו טיסט עפּעס גרויסעס — איז אויך דיין באַלוינונג... ווען נישט, — טאָ ניי אַוועק! ווייל ווען נישט צום לייסטן בינסטו געשאַפן, טאָ פאַרשטעל נישט דעם וועג פאַרן צווייטן, וועלכער וועט זיין אפשר בעסער פאַר דיר. — אָט וועלן מיר פרווון אונטערוואַרפן איינצע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס און זייערע טוער אונטערן געזעלשאַפטליכן קאָנטראָל פון אונזערע לעזער.

## ווו זענען אונזערע שטאָט-ראַט-מענער?

בוכשטעבליך גענומען — איז עס נישט קיין פראַגע, וואָרום זיי זענען דאָ און וואַרפן זיך געגוג אין די אויגן און גראָד אפשר דאָרט וו ס'בעדאַרף זיי נישט... די פראַגע איז אָבער געשטעלט וו זענען זיי, דאָרט וו די אידישע באַפעלקע-רונג בעדאַרף זיי יאָ צו האָבן. אַלזאָ — אין שטאָט-ראַט... אין דעם זין שטעלט אויך די פראַגע די אידישע באַפעלקערונג: וו זענען זיי ביי „דאָס"? וו זענען זיי ביי „יענק"? עפעס הערט מען אַזוי ווייניק וועגן זייער טעטיגקייט אין דער דערמאָנטער קערפערשאַפט. עפעס איז גאָרנישט צו מערקן זייער עקזיסטענץ אויף דער אידישער גאַס. זיכער האַלטן מיר דאָ געקענט אַנוואַרפן געגוג פאַקטן, באַווייזן, אַז אָט ביי „דעם" — האָט איר, חשוב'ע אידישע שטאָט-ראַט-מענער, שוואַך רעאַגירט. ביי „דאָס" האָט איר גאָרנישט רעאַגירט, און ביי „יענק" — זענט איר אינגאַנצן נישט אָנוועזנד געווען. — צוליב פאַרמעלע טעמים קענען מיר עס אָבער ליידער נישט טאָן. נאָר אויך נישט וויכטיק זענען די באַווייזן, ווייל די אידישע באַפעלקערונג ביי אונז אין בריינסק פילט עס איבער געגוג און ס'איז אויך איבעריק דאָ אַנצווייזן, אַז טראָגן אַ נאָמען אַליין איז נאָך ווייט נישט געגוג. דער „נאָמען" פאָדערט אויך — אַרבעט; „טראָגסטו אַ נאָמען און דו לייסטעסט נישט קיין אַרבעט באַגייסטו דאַן אַ פאַרברעכן לגבי דער געזעלשאַפט!" — פאַרשטייען דאָס נישט די אידישע שטאָט-ראַט-מענער? דער פעלד פון אַרבעט וועלכע זיי האָבן פאַר זיך אין אַ בריינטער, די צייט אין וועלכע מיר לעבן איז אַזאַ, אַז ס'פאָדערט זיך פון אונז מענטשן בעהאָרענטע, וועלכע זאָלן שטיין אויף דער וואַך. ווער האָט עס מער ווי די אידישע שטאָט-ראַט-מענער בעדאַרפט צו טאָן? און דאַן זעע חשוב'ער לעזער האָסטו זיי געפונען וו מען האָט זיי בעדאַרפט?

## פראָטעקציע.

ס'איז אָנגעשאַפן געוואָרן דער פּראָטעקציע-סיסטעם. מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנדפונקט, אַז די גמ"ח-קאַסע געהערט נישט צו איינעם נאָר צו אַלעמען, צו דער גאַנצער בריינסקער באַפעלקערונג אָהן אונטערשיד. יעדער מיטגליד דאָ אויסן אָרט, זיין פאָטער, מוטער, שוועסטער, ברודער און פריינד דאָרט אין אויסלאַנד האָבן די געלד-מיטלען פאַר דער קאַסע געשאַפן. דערפאַר קען נישט זיין און טאָר נישט זיין קיין אָבגעשלאָסענער קאַסע-סיסטעם, נאָר אָפן און פריי פאַר אַלעמען. דער וואָס דאַרף זאָל קומען פערזענליך, צו שריפטליך צו דער פון אים אַליין געקליבענער פערוואַלטונג און די גערעכטע ביטע וועט ערלעדיקט ווערן פּאָזיטיוו.

## צוריקצאָלונגען.

מיט צופרידענהייט שטעלען מיר פעסט, דאָס נאָך קיין מאָל נישט ווי יעצט פליסן אריין די צוריקצאָלונגען און כמעט גאַנצע הונדערט פּראָצענט. דער לוה האָט סוף-כל-סוף בעגריפן אַז די גוטע ענטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע איז געבויט הויפטזעכליך נאָר אויף די געווייגע צוריקצאָלונגען. און זעהן מיר אַנ'ערפריי-ענדע ערשיינונג; אָהן טומל, אָהן רעש, אָהן גיין צום לוה אין שכונ און כאַפּע געגן די שוואַרצע נביאות פון איינצע „חכמים" אַז די קאַסע וועט זיך ערהאַלטן ביי אַזאַ ברייטער פערטיילונג פון די געלדער העכסטענס ביז ניי-יאָר. שפּעטער האָבן זיי פּראָפאַנגירט ביז פּסח, אַז די קאַסע בלייט און זי קען פערנעמען דאָס ערשטע אָרט אויף דער טאַבעלע פון די גמ"ח-קאַסעס נישט נאָר מיט איר איינגעפירטער מוסטערהאַפטער אָרדנונג נאָר טאַקע מיט איר הויכן פּראָצענט פון די אַריינקו-מענדע צוריקצאָלונגען.

מיר, די רעוויזיאָנס-קאָמיסיע, די יעניגע וואָס האַלטן דעם פולס פון דער אינסטיטוציע קענען פריי און מיט רעכט זאָגן פאַר דער עפענטליכקייט, אַז אונזער בריינסקער גמ"ח-קאַסע קען ביי איר היינטיגן צושטאַנד דינען אַלס מוסטער פאַר אַ סך, אַ סך גמ"ח-קאַסעס אין לאַנד!

## פאַרגרעסערונג פון די פינאַנסן.

מיט דער וואַקסענדער נויט אויף דער אידישער גאַס וואַקסן פּאַראַלעל אויך די פאָדערונג פון אַ שטאַרקערע פינאַנ-ציעלע טעטיגקייט אין דער קאַסע.

מיטן בעטהרן דעם מעצענאַט אונזערן דעם גדבן ה' שלום דוד ווין מיטן טיטול ערן-פּרעזעס פון אונזער גמ"ח-קאַסע, האָבן מיר גלייכצייטיג פּראָקלאַמירט אַ — 1000 זל. קאַמפּיין און נאָך פערשידענע פּראָיעקטן פון וועלכע מען זאָל קענען בערייכערן דער קאַסע. ליידער איז דאָס נישט דורכגעפירט געוואָרן ווייט אויס די פערוואַלטונג קען נישט, ביי איר בעסטן ווילן, איבעררייסן מיט איר איינגעפעסנער געוואוינהייט פון אונטעטיגקייט... זי האַלט: אַז דאָס איז אויך געגוג געטאָן; די אויטאָמאַטישע פער-טיילונג פון הלוואות...

## אונזער רוף!

מיר ווענדן זיך צו אַלע בריינסקער אין שטאָט, אין לאַנד און אין אויסלאַנד מיטן הייסן אַפּעל: שטיצט מיט אַלע מעגליכקייטן אונזער קאַסע, דער אינסטיטוציע וואָס שפּילט באמת איינע פון די וויכטיגסטע הויפּטראָלן ביים דערהאַלטן דעם עקזיסטענץ פון הונדערטער פאַמיליעס.

די רעוויזיאָנס-קאָמיסיע
פון בריינסקער גמ"ח-קאַסע.

קריטישע אַרטיקלען אויף בריינסקער אינסטיטוציעס און בריינסקער לעבן

אין „בריינסקער לעבן" פלעגט געגעבען ווערען באַריכטען פון אינסטי-טוציעס און שטאָטישע נייעסען און זאַכליכע קריטיק. די צייטונג האָט געהאַט אַ גוטען געזונטען הומאָר. קיין קאָפּיע פון דער צייטונג איז ניטאָ.

יעדען יום-טוב פלעגט די „בריינסקער לעבן" ערשיינען ביז 1939. דער 12טער נומער פון „בריינסקער לעבן" איז שוין געווען פערטיג צום דרוקען. ליידער האָט ער ניט זוכה געווען צו דער ערשיינונג, ווייל היטלער

האָט שוין אין סעפּטעמבער געמאַכט זיכער אַז ניט נאָר קיין אידישער וואָרט זאָל ניט ערשיינען נאָר קיין איד זאָל ניט קענען דורכלעבען דעם שרעקליכען פאַרניכטונג קאַמפּיין וואָס ער האָט דאַן אָנגעפאַנגען.

ווען דער בוך איז שוין געווען ביים דרוק איז צו מיר צוגעשיקט געוואָרען פון שיקאגא מיט דער געפעליגקייט פון יאָסל אַרטשעס טאָכטער, צוויי עקזעמ־פּליאַרען פון דער בריינסקער צייטונג. איך האָב פאָטאָגראַפירט פאַר אייך דריי פאַרשידענע פיידזשעס, דעם ערשטען פיידזש, און אַ צווייטען פיידזש אין וועלכע פיעלע לאַנדסלייט שיקען זייערע באַגריסונגען צו משפחות, קרובים אין דער גאַנצער וועלט. איר האָט פילייכט די באַגריסונגען געזעהן צום ערשטען מאָל אין אַייער לעבען. זייער ווייניג פון די באַגריסערס זיינען יעצט צווישען די לעבעדיגע. איך האָב אויך רעפּראָדוצירט צוויי אַרטיקלען וואו עס ווערט ברייט אַרומגערעדט בריינסקער וויכטיגסטע אינסטיטוציעס.

מיר דריקען אויס אַ האַרציגען דאַנק צו אייך, אסתר מרגליות פאַר די געלעגענהייט וואָס איר האָט אונז געגעבען, זיך צו באַקענען מיט'ן „בריינס־קער לעבען", רעדאַקטירט פון אייער פאָטער יוסף זייפמאַן.

## עלפטער קאַפּיטעל

# פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונגען אין בריינסק

עס האָבען פונקציאָנירט אין בריינסק דריי פּראָפעסיאָנעלע אָדער קלאַסען פאַראיינען: 1. דער נאָדל פאַראיין, 2. דער סטאָליער פאַראיין. 3. דער לעדער פאַראיין.

די פאַראיינען האָבען געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרבעסערען דעם אַרבייטער׳ס לאַגע מאַטעריעל און אויך קולטורעל.

די אַרבייטער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבען זייער פיעל געליטען צוליב די פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס האָבען געזוכט צו באַקומען איינפלוס אין די פאַראיינען. עס האָט פּאַסירט פעלע ווען דער נאָדל פאַראיין האָט אַגיטיר׳ט פאַר אַ לוין העכערונג. האָט די פּאַרטיי וואָס האָט קיין איינפלוס ניט געהאַט אין דעם פאַראיין די אַגיטאַציע צו נישט געמאַכט. עס האָבען פּאַסירט סטרייקס אין פאַראיינען. און די מעמבערס פון אַנדערע פּאַרטייען אין זעלבען פאַראיין האָבען אַגיטירט צו גיין צו דער אַרבייט. דער „בונד" האָט געהאַט די אויבערהערשאַפט אין שניידער פאַראיין, די לינקע און רעכטע פועלי ציון זיינען געווען די וואָרטס־זאָגער ביים סטאָליער פאַראיין.

ביים לעדער פאַראיין האָבען שוין די קאָמוניסטען געהאַט די מאַכט — די אַלע פּאַרטייען האָבען אויפגעפּאַסט צו בלייבען אין קאָנטראָל פון די פאַראיינען. יעדער פּאַרטיי האָט אָבער געזוכט צו באַקומען די הערשאַפט אויך אין די אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קען מען זיך פאָרשטעלען אַז עס איז געווען גענוג אינעווייניגסטע רייסערייען. און די אַרבייטער פון אַלע פאַכען האָבען דערפון געליטען. וועגען קולטורעלע אַרבייט צווישען די אַרבייטער איז שוין קיין פראַגע ניט געווען. עס איז געווען פּאָליטישע אַרבייט, אָבער פאַר קיין פאַל ניט קולטורעלע טהעטיגקייט. עס איז געווען אַ

שאַנדע אין צייטען, ווען דער אַרבייטער קלאַס אין דער גאַנצער וועלט איז שוין געווען אַזוי באַוואוסטזיניג, פאַרשטאַנען זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסען צו פאַרטיידיגען אויף'ן בעסטען אופן, איז נאָך אין ברייינסק אָנגעגאַנגען אַ פאַר־טייאישע רייסעריי וואָס האָט ניט דערלאָזען די אַרבייטער זאָלען באַקומען פאַרבעסערונגען צו וועלכע זיי זיינען געווען באַרעכטיגט.

ענדליך האָבען די אַרבייטער זיך אַרומגעזען, אַז זיי ליידען פון די פאַר־טייען, האָבען זיי זיך אַלע באַפרייט פון די פּאַרטייי בעלי־הבתים און געוואָרען זעלבסטשטענדיג. דער „בונד" איז גענצליך באַזייטיגט געוואָרען פון די פראָפעסיאָנעלען.

דער געמיינזאַמער פראָפעסיאָנעלער פעדעראַציע האָט דאַן אָנגעפאַנגען צו זיין טהעטיג אויף דעם ריכטיגען אַרבייטער וועג.

דער אַכט שטונדען אַרבייטס־טאָג ווערט דורכגעפירט. לויט דער רייהע האָט יעדער אַרבייטער געדאַרפט אויפפאַסען ביי זיין וואַרשטאַט אַז עס זאָל דורכגעפירט ווערען די ריכטיגע לוין־העכערונג. מען האָט רעגולירט די לערען־אינגלעך פראַגע. מ'האָט פאַלשטענדיג קאָנטראָלירט די מצה פּאַדראַטען. עס האָבען זיך געפונען עטליכע מאָדערנע מצה בעקערייען, וועלכע האָבען געוויס געוויס. זיך ganz — 

לעך פאַרביטען די אַמאָליגע שאַוואַלניעס וואָס האָבען זיך געפונען ביי יצחק קאַשע מאַכער שאַכניכעס, נח שמיד, פאַרצעלייניק, שמואלקע איינבינדער, יאָסל פירשכאלערס און יאַנקיטשקע. די מאָדערנע מצה בעקערייען זיינען יעצט געווען: אייזיק זייפמאַן, מנחם ריפקע און יחיאל דאָן, לייזער קאַפּעליוש און רבקה מאַטלס בעקעריי. העניע הערשל סטאָליערס בעקעריי. באָבע גרשון בערס בעקעריי.

דער פיהרער פון דער פאַראייניגטער פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז געווען איטשע ליעווין. אַלע האָבען געהאַט פול צוטרויען צו דעם איטשען. זיין אומפּאַרטייאישע פיהרערשאַפט האָט פיעל פאַרבעסערט די מאַטעריעלע און קולטורעלע לאַגע פון ברייינסקער אַרבייטער אין אַלע פאַכען.

## דער פיזישער צושטאַנד פון אידען אין ברייינסק

אויך אויף דעם געביט פון פיזישען וואוילזיין האָט ברייינסק פיעל זיך פאַרבעסערט אין דער פעריאָדע.

באַלד נאָך דער מלחמה ווען מענשען האָבען געהונגערט, זיך געוואַלגערט

אין צעבראָכענע הייזער, איז פאַרשטענדליך דער געזונטס־צושטאַנד פון דער אידישער באַפעלקערונג געווען זייער נידעריג. ביסלעכווייז האָט זיך די לאַגע געביטען צום בעסערען.

די אידישע באַפעלקערונג אין בריינסק איז פאַרגרעסערט געוואָרען, ווי עס באַווייזען די פאָלקס ציילונגען. אין 1928 איז די אידישע באַפעלקערונג געווען 2,700. ביי דער ציילונג אין 1933 איז שוין געווען די באַפעלקערונג 3,762. דאָס זיינען די אָפיציעלע רעגירונגס צענזוס באַריכטען. אין די לעצטע יאָרען איז די באַפעלקערונג געשטיגען. טויטען פעלע פון קליינע קינדער זיינען כמעט גענצליך אָבגעשטעלט געוואָרען. די שטערבליכקייט ביי עלטערע מענשען איז געווען אַ נאָרמאַלע. דער לעבען איז געווען אַ נאָרמאַלער. די באַפעלקערונג האָט שוין געגעסען פלייש יעדען טאָג. גרינס זיינען געווען אַ גאַנץ יאָר און אויפ'ן מאַרק האָט מען אַלעס באַקומען און מען האָט טאַקע געקויפט. אַזוי איז די דיעטע געווען אַ באַלאַנסירטע. מענשען זיינען ניט אָבגעקומען אַ טאָג מיט אַ געשמעלצטען קרופניק ווי אַמאָליגע צייטען.

דאָס האָט געווירקט אויף דעם געזונדס־צושטאַנד פון דער אידישער באַפעלקערונג. קינדער זיינען געווען פרייער, מען האָט זיי ערלויבט איינטייל נעמען אין פאַרשידענע ספאָרטס. זיי האָבען זיך ענטוויקעלט קערפערליך.

די פאַרשידענע ספאָרט געזעלשאַפטען וואָס די פאַרטייען האָבען אָנגע־האַלטען למשל „סקיף", „שטערן", „מאָרגענשטערן", „הגנה"" האָבן צוגע־צויגען די עלטערע אינגלעך און מיידלעך. זיי פלעגען האָבען באַשטימטע שטונדען אויף קערפערליכע איבונגען, פוטבאָל, שיפען זיך, מאָטערסייקלען, שווי־מען איז געוואָרען שטאַרק ענטוויקעלט. עס פלעגען פאָרקומען פאַרמעסטונגען פון די פאַרשידענע ספאָרט אָרגאַניזאַציעס. מיליטערישע איבונגען אָנגעפירט פון ברית החיל, אויך די פריוויליגע פייערלעשער אָבטיילונג אין בריינסק האָבען ענטוויקעלט פיזיש די איינטיילנעמער וואָס זיינען געווען שוין יונגע לייט מיט זייערע אָפטע איבונגען.

די פריזיוויניקעס, דאָס איז אַ אינסטיטוציע נאָך פון די אַלטע צייטען. ווען די יונגע בחורים פלעגען אַרומגיין פאַסטען גאַנצע טעג, און ביינאַכט זאָגען תהילים אין בית־המדרש, ניט שלאָפען. דאָס האָט פיעלע יונגעלייט קערפערליך אַזוי צובראָכען, אַז זיי זיינען געווען דעם גאַנצען לעבען קרבנות פון אַזעלכע פייניגונגען. אין דער יעצטיגער צייט פלעגען די פריזיוויניקעס אויך זיין טהעטיג שוין ניט אין פאַסטען און מאָרען זיך, זיי פלעגען פשוט

אַרומגיין די נעכט און שטיפן, מאַכן פאַרשידענע שטיק. אַט פלעגט מען אַראָבנעמען דעם שילד ביי אַ חזיר'ניק, אויפהענגען אויף אידישע שפייז־קרעמעל.

די פּריזיוּוניקעס פלעגן צוזאַמענעמען אַלע וועגענער און זיי אויפשטעלן אין מיטען גאַס. צו מאָרגענס האָבן די לייטע געהאַט אַן אַרבייט אַרויסצו־פּלאָנטערן זייערע וועגענער פון דעם קנויל. געוויינטליך האָט מען זיך געקענט אויסקויפן פון אַזאַ שטראָף, דאָס האָט געקאָסט אַ קילאָ קערלעך. פאַר אַזאַ פּרייז צו די פּריזיוּוניקעס האָט איר געקענט שלאָפן רוהיג.

עס האָט אויך פּאַסירט, אַז ביינאַכט איז אָנגעטאָן געוואָרען פיל שאָדען. מען האָט אַרויסגעריסען די בוימער וואָס זיינען אין די גאַסען פאַרפלאַנצט געוואָרען. די פּריזיוּוניקעס האָבן אין דעם באַשולדיגט די מיטלויפער. דאַן איז געקומען אַ פאַראָרדנונג אַז קיינע מיטלויפער זאָלען ניט ערלויבט ווערען — בלויז פּריזיוּוניקעס האָבן געמעגט פאַרברענגען די נעכט אין די גאַסען. די פּאָליציי האָט שוין דאַן אויפגעפּאַסט.

די פּריזיוּוניקעס האָבן אין אַ געוויסע נאַכט געבראַכט פון בית־עולם די טהרה־ברעט און אַוועקגעשטעלט לעבן טהיר פון קדיש דעם שוחט. דעם טויטען וואָגען האָבן זיי געבראַכט צו איטקאַלען. שטעלט זיך פאַר וואָס אין דער פריה האָט זיך אָבגעטאָן, ווען זיי האָבן געטראָפען די טויטען מכשירים לעבן זייערע הייזער, גראָדע האָבן זיי שטאַרק מורא געהאַט פאַר'ן טויט.

די פּריזיוּוניקעס האָבן פריילעך געמאַכט ברײנסק. פאַר מיליטער דינסט האָט מען זיך ניט געשראָקען ווי אַמאָל, טראָץ דעם וואָס די אַנטיסע־מיטען אין דער פּוילישער אַרמיי האָבן אָנגעטאָן צרות, געלאַכט פון אידען פאַר זייער פּויליש ריידען, דאָך האָבן אידען זיך אויסגעלערענט די תורה און עס האָט זיי ניט געשטערט אין זעקס מאָנאַטען אַרום צו ווערען יעפרייטער אָדער קאָרפּאָראַל. די זעקס וואָכען איבונג האָט אויך קיינעם ניט געשראָקען. איך געדענק אַ פאַקט, אַז אהרן קאַגאַן מאַרימקעס אייניקעל איז אַוועק דינען האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ טובערקולאָזער. ער איז געקומען צוריק אויף אור־לויב, האָט אים קיינער ניט דערקענט, אויסגעגלייכט און אויסגעפּילט איז ער געוועזן.

פיזישע אַרבייט, פאַר דעם האָט מען זיך ניט געשראָקען מער אין ברײנסק. עס איז אַוועק די צייט, וואָס מ'האָט געמוזט דינגען אַ קריסטט צוזעגען אַ פור האָלץ. אידען האָבן עס אַליין געטאָן, און גראָדע בעל־הבתישע אינגלעך.

דער דראַנג צו אַרבייט איז געווען גרויס ביי דער אידישער יוגענט. יעדער אינגעל איז אַרומגעגאַנגען פון 1 בעל־מלאכה צום צווייטען און געבעטען אים אָנצונעמען לערנען אַ פאַך. יעדען יאָר זיינען צוגעקומען באַשווערונגען פאַר לערן אינגלעך אין פאַכען. די אַנטיסעמיטען האָבען געזוכט די איינציגע פאַרבליבענע מעגליכקייט צו מאַכען איין אָנשטענדיגען לעבען, אויך אַרויס־צורייסען פון אידישע הענד.

אין יאָר 1924 זיינען אין בריינסק געווען 36 לערן־אינגלעך, אין 1937 איז שוין געווען אין בריינסק 122 לערן־אינגלעך ביי 315 אידישע האַנדווערקער וואַרשטאַנטען אין בריינסק. די לערן־אינגלעך האָבען ניט געדאַרפט פאַרברייגגען מער קיין דריי אָדער פיער יאָר ביז זיי זיינען געוואָרען פאָלשטענדיגע מעכאַניקער אין זייערע פאַכען, ווייל זיי האָבען געהאַט דעם ווילען דערצו, געהאַט די בייטיגע פאַרבערייטונגען נאָך אין די שול יאָרען, דערפאַר זיינען געווען פיעלע אינגלעך וואָס האָבען אין גיכען באַקומען דיפלאָמען אַלס פאַכלייט.

די פאַקטען וועלען געבען אַ באַגריף פון דעם דראַנג צו אַרבייט אין בריינסק. אייזיק זייפמאַנ׳ס אינגעל, יאָסל זייפמאַנ׳ס אינגעל, משה אהרן וואַ־סערס אינגעל האָבען זיך אַלע שנעל פאַרפאָלקאָמט אין סטאָלעריי. אברהמע סאַשין׳ס אינגעל איז געווען אַ שניידער און אַ גוטער שניידער. יענקל וואַי־טעקס זון האָט זיך געלערענט פאַר אַ סטעלמאַך. ער איז געוואָרען דער בעסטער סטעלמאַך. פאַר זיינע רעדלעך האָט מען באַצאָלט די העכסטע פרייזען. ער האָט אָוועקגעוואָרפען דעם טאַטענ׳ס פרנסה צו קויפען פערד. „זאָלען די פערד פגר׳ען,״ האָט ער געזאָגט.

בערטשע ווילקאנסקי, איז אויך געווען אַ אינגעל פון קרעמערשע עלטערען. ווען מען זאָל געווען זאָגען זיין פאָטער, אַז ער וועט האָבען אַ זוהן אַ בעל־מלאכה וואָלט ער אייך ניט געגלויבט, האָט דער בערטשע זיך שנעל פאַר־פאָלקאָמט אין סטאָליעריי.

עמיגראַציע: דער דראַנג צו עמיגראַציע איז געווען גרויס, נאָר דאָס איז געווען אויסגעשלאָסען. אַמעריקאַ איז געשלאָסען, דער איינציגער וועג איז געווען צו גיין אין קבוץ זיך פאַרפערטיגען צו קענען עמיגרירען קיין פאַלעסטינע.

עס זיינען געווען פיעלע קבוצים, פרייע און רעליגיעזע זיינען די קבוצים געווען פול. בריינסקער האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין די קבוצים. קיין לוקסוס איז אין קבוץ ניט געווען. מ׳האָט געמוזט שווער אַרבייטען. דאָס האָט קיינעם ניט געשראָקען, אין די קבוצים זיינען געווען אינגלעך און מיידלעך. עס זיינען

געשלאָסען געוואָרען חתונות, אמת׳ע און פיקטיווע, ווייל אַ קבוצניק האָט געקענט מיטנעמען זיין פרוי אויך מיט זיך קיין פּאַלעסטינע.

פון די פיקטיווע חתונות זיינען פיעלע מאָל אַרויסגעקומען ריכטיגע באַשערטע. דאָס זיינען געווען די פעלע ביי מאָטל רימערס מיידעל מיט אַ פרעמדען בחור. אליה נתנ׳ס אייניקעל מיט זשאַמעלעס זוהן.

דאָס איז געווען דער פיזישער לעבען אין בריינסק, ביז דעם יאָר 1939,

### צוועלפטער קאַפּיטל

# אידישע האָפנונגען אויף אַ בעסער לעבען, צושטערט

אַט אַזוי האָט בריינסק געלעבט אונטער דער נייער פּוילישער רעפּובליק. מ'האָט זיך ביסלעכווייז ערהאָלט פון די מלחמה יאָרען, פון די וואונדען, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט אין די פיער יאָר. פון 1914 ביז 1918.

בריינסקער אידען גלייך מיט אַלע פּוילישע אידען האָבען געאַרבייט, גע־האַנדעלט, זיך אויסגעלעבט עקאָנאָמיש, געהאָלפען צוריק אויפבויען דעם גאַנצען פּוילישען עקאָנאָמישען לעבען.

ליידער האָט די פּעריאָדע לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. פּוילען האָט ביסלעכ־ווייז זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַנדערע וועגען, וואָס האָבען זייער געשראָקען די אידען. געזעצען צו פאַרווערען אידען אנטייל צו נעמען אין פאַרשידענע פאַר־מען פון פּוילישען לעבען זיינען אָנגענומען געוואָרען. ביסלעכווייז זיינען די געזעצען געוואָרען ערגער. זיי האָבען געציעלט צו באַזייטיגען די אידען פון אַלעס וואָס האָט זיי ערמעגליכט צו מאַכען אַ ערליכען לעבען דורך אַרבייט און האַנדעל.

אין 1933 מיט דעם אויפשטאַנד אין דייטשלאַנד פון היטלערען מיט זיין אַגיטאַציע אומצובריינגען אידען, מערקט זיך אין פּוילען, אַז די היטלער־אַגיטאַציע וואָרצעלט זיך איין אין פּוילען. עס פאַנגט זיך אָן נייע צייטען אין פּוילען, נייע באַשווערונגען, אַנטיסעמיטישע באַשריינקונגען קעגען אידען אין סיים זיצונג. פּוילען וויל איבערשטייגען היטלערען אין באַשרענקונג געזעצען קעגען אידען.

עס פאַנגט זיך אָן ביסלעכווייז אַגיטאַציע צו באָיקאָטירען דעם אידישען קרעמער, דעם אידישען קליין־הענדלער, דעם אידישען פּראָפעסיאָנאַל. די אַגיטאַציע גייט שוין אַרויס פון די געהיימע אַנטיסעמיטישע זיצונגען. דער באָיקאָט קעגען אידען ווערט שפּעטער די אָפיציעלע רעגירונג פּאַליסי, אָן שאַנדע

פאַר דער וועלט, נעמט פוילען זיך פירען אויף אַזאַ וועג, וואָס שטעלט צופרידען היטלער׳ס דייטשלאַנד.

פוילען ווערט בלינד, זעהט ניט אַז זייער שכן דייטשלאַנד וועט איר מאַכען פאַר דעם ערשטען קרבן אויף דעם מזבח פון איר מלחמה־מאַשין. פוילען האָט געגלויבט אַז זי וועט זיך איינקויפען ביי היטלער׳ן מיט אירע שטריינגע געזעצען קעגען אידען אין פוילען.

אין דער זעלביגער צייט וואָס זי האָט געדונערט פאַר נאַציאָנאַלע פאַר־טיידיגונג, פאַר פאַרשטאַרקונג פון איר אַרמיי, איר לופט פלאָט, האָט זי ביי זיך אין לאַנד דערשטיקט די איינציגע גרופע וואָס וואָלט געקענט מאַכען פוילען שטאַרק און ווידערשטאַנד־פעהיג.

די פאָליטיק וואָס פוילען האָט געפירט האָט זיך אָבגערופען אויפ׳ן פוילישען אידישען לעבען זייער שלעכט. מיר וועלען זיך אומקערען צו בריינסק און זעהען ווי בריינסק האָט דורכגעלעבט די צייטען פון דער פוילישער אַנטי־סעמיטישער פאָליטיק, אַ פאָליטיק וואָס האָט צונישט געמאַכט אַלע אידישע האָפענונגען אויף אַ בעסערע צוקונפט. אַ פאָליטיק וואָס האָט געמאכט היטלערן מער וואַגענד זעהענדיג ווי זיין העצונג קעגען אידען קלעפט זיך שנעל צו צו די פוילישע באַפעלקערונג.

דרייצענטער קאַפּיטעל

# די אַנטיסעמיטישע אָוושעם פּאָליטיק

אידען אַרויסגעשטויסען פון אַלע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס; פּאָגראָם אין בריינסק.

אַרום אָנפאַנג פון יאָר 1935 מערקט זיך אַ באַדייטענדע ענדערונג אין אי־דישען לעבען אין בריינסק.

עס באַווייזט זיך אין בריינסק אַ פּוילישע בעקעריי, אָנגעשריבען אויפ'ן שילד „סוואָי דאָ סוועגאָ" (אייגענע צו אייגענע). עס באַווייזען זיך גאַלאַנטע־ריי, מאַנופאַקטור, שפּייז קראָמען מיט גרויסע פּוילישע שילדען מיט דעם זעלבען נוסח „סוואָי דאָ סוועגאָ".

די מערק און יאַרידים אין בריינסק און אַרומיגע שטעט זיינען אָנגעפּילט מיט פּוילישע מאַרק־סטראַגאַנעס (הענדלער). עס באַווייזען זיך אין בריינסק קריסטליכע שניידערס, שמידען, סטאָליאַרעס, היטעל מאַכערס. פּאָליאַקען גייען אַרום אין אידישע הייזער, באַטען אָן צו דינגען קראָמען, עס געלינגט זיי. דער פּוילישער קאָאָפּעראַטיוו עפענט אַ געשעפט אין צענטער פון שטאָט, ביי יאַנקל חוקר'ס.

עס פעלען אויס קראָמען פאַר פּאָליאַקען. די פּוילישע מערהייט פון בריינ־סקער מאַגיסטראַט באַשליסט צו בויען אין מאַרק אַ האַנדעלס האַליע. זיי ווילען מאַכען אַן איינלייזע אין שטאָט פאַר דער אונטערנעמונג. דאָס פאָדערט איינ־שטימיגען באַשלוס פון מאַגיסטראַט. די אידישע פאָרשטייער אין מאַגיסטראַט ווילען ניט שטימען פאַר דעם פּראָיעקט. זיי סאַבאָטאַזשירען די זיצונגען און די מאַרק קראָמען ווערען נישט געבויעט.

אין אַ געוויסען זונטאַג אין 1936 קומט צופאָרען קיין בריינסק דער ביעלס־קער וויצע סטאַראָסטע דאָקטאָר מעסייעוו. ער רופט די אידישע ראַט־מענער פון בריינסקער שטאָט־ראַט צו אַ באַראַטונג, צו וועלכע איך בין אויך געווען אָנ־וועזענד אַלס אַ ראַט־מאַן.

דער סטאַראָסטע מעלדעט אונז, אויב מיר וועלן ניט שטימען פאַר'ן בודזשעט פאַר די געפלאַנטע קראָמען גאַראַנטירט ער ניט, אַז ברײנסק זאָל ניט ברענען. ער האָט אונז נאָך געוואָרענט, אַז מיר זאָלן האַלטען דעם פאַקט, וואָס ער סטראַשעט מיט ברענען, בסוד. וויסענדיג אַז אייניגע שטעט האָבען שוין געליטען פון פייערן. האָבען מיר געשטימט. דער ראַט־קראָמען זיינען געבויט געוואָרען מיט אידישען קרעדיט.

אין אָנפאַנג פון 1937 זיצען שוין קריסטליכע פאַרקויפערס, צושפּרייטען זייערע סחורה אין די שוי פענסטער, נאָר זיי לייזען ניט. מען קויפט ניט ביי זיי, מען קויפט גראַדע ביי די אידישע קרעמערס.

קומט מען צום באַשלוס, אַז מען דאַרף דעם דאָרפישען קריסט יאָגען מיט שטעקענס אין דער פוילישער קראָם. אין דער זעלבער צייט איז ערשינען אין דער פוילישער אַנטיסעמיטישער פרעסע אַ לאָזונג: „כלאָפּ דאָ סטאַראגאַן", דאָס מיינט זיך נעמען צום קליין האַנדעל, אַרויסשטויסען דעם אידען.

עס האָבען זיך שוין געצייגט ברוטאַלע יונגען, געדונגען פון די סטאַראַגאַן הענדלער און מיט פאַלקעס געטריבען די פוילישע קריסטען פון די אידישע קרעמער צו די קריסטליכע געשעפטען. פיעל אידען זיינען דערביי געשלאָגען געוואָרען. מ'שטעלט אָן אָנפראַגע ביי דעם אינערען מיניסטער סקלאַדקאָפסקע. ענטפערט ער: „באַיקאָטירען אָושעם שלאָגען נייִן". דאָס מיינט באָיקאָטירען פאַר וואָס ניט? אַזוי איז טרויעריג באַרימט געוואָרען דאָס וואָרט אָושעם און די שלעגערס זיינען געקרוינט געוואָרען מיט'ן נאָמען פיקעטען. ס'פאַנגט זיך אָן צייט פון פיקעטען. מיר דערוויסען זיך אַז אין טשיזשעוו, וויסאָקע, סאָקאָלע, לאַפּי, טשעכענאָפצע שטייען פיקעטען ביי די אידישע קראָמען און טרייבען אַוועק די קריסטען פון די געשעפטען.

ברײנסקער אידען וואָס פאָרען אין די אויבענדערמאָנטע שטעט צו יאַרידים, ווערען באַגעגענט מיט אַ האָגעל פון שטיינער. די פיקעטען לאָזען קיינעם ניט צו צו זיי. עס קומען פאָר אָנפאַלען אויף אידען. אין סאָקאָלע אויף אַ יאַריד קומט פאָר אַ פּאָגראָם. מען צוראַבירט די סחורה ביי די ברײנסקער אידישע שניידערס, שוסטערס און טאָקאַרעס. זיי לאָזען איבער די סחורה אויף הפקר און קומען צו לויפען אין ברײנסק קוים מיט'ן לעבען. אידען פאָרען צוריק פון וויסאָקער יאַר יאַריד. זיי קומען אין ברײנסק מיט באַנדאַזשירטע קעפּ. מרדכי פוהרמאַנ'ס אייניקעל, זעליג יעלין ווערט אַזוי ערמאָרדעט אין טשיזעוו אויפ'ן מאַרק.

די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנישע אָנפאַלען דערנעענטערען זיך צו בריינסק. בריינסקער דאָרף־פאָרער קענען שוין אין פיל דערפער ניט קומען. מען באַוואַרפט זיי מיט שטיינער.

אין פיעטראַסק, סמורלע, פרושאַנקע צייגען זיך אויף שריפטען ביים אַריינפאָר „אידען ניט ערלויבט צו קומען".

בריינסק איז אין שרעק. ספעציעל נאָך דעם פאָגראָם אין פשיטעק, וואו מען האָט אַרעסטירט ניט די פאָגראָמשטשיקעס נאָר די אידען פאַר'ן פאַרטיידיגען זיך. עס זיינען אין בריינסק דאָ געגוג יונגע פעהיגע צו געבען אַ ווידערשטאַנד. די בריינסקער פירערס האָבען זיך פאַרלאָזט אויף דעם פאָליציי־קאָמענדאַנט, וואָס האָט יעדער וואָך באַקומען זיין געצאָלט כדי צו זיין אויף דער וואַך, ניט דערלאָזען קיין אומרוהען אין בריינסק.

ווישאַנק איז אַ קליין שטעטעלע. פיעל עלטער ווי בריינסק, דאָרט האָבען זיך געפונען אַרום 30 אידישע פאַמיליעס, מערסטענס האַנדווערקער און אייניגע קרעמער. דאָרט האָבען די פאָגראָם־העלדען געהאַט אַ פרייע האַנד. יעדער עטליכע טעג פלעגט ווישאנק רופען אויפ'ן טעלעפאָן „בריינסקער אידען ראַטעוועט אונז". מיר זיינען באַפאַלען געוואָרען, באַראַבעוועט און געשלאָגען געוואָרען אין מיטען טאָג.

אייניגע מאָל האָט מען פון בריינסק געשיקט הילף געצאָלטע פאָליציי לייט. אָדער פוהרען צו בריינגען זייערע פאַרמעגענס אין בריינסק. מען האָט שוין געזען אַז פאַר ווישאָנק איז ניטאָ מער קיין מיטעל, זיי מוזען אויסוואַנדערען פון ווישאָנק. עס איז אָבער ניט לייכט זיך אָבצורייסען פון דעם אָרט וואו מען איז ערצויגען און אויסגעוואקסען. דער טאָג האָט אָבער געמוזט קומען, ווייל בריינסק האָט זיך דערוואוסט אַז עס ווערט געפּלאַנעוועט אַ גרויסער אָנפאַל אויף די אידען אין ווישאָנק אויף אַ פרייטאָג צו נאַכט. דער בריינסקער פאַרטיידיגונגס קאָמיטעט האָט זיך פאַרשטענדיגט מיט'ן ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדע. ער האָט געשיקט פאָליציי. עס איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט די נאָרע לייט. (אַזוי האָט מען גערופען די פאָגראָם העלדען). אייניגע פון זיי זיינען געפאַלען טויט, פיעלע פאַרוואונדעט געוואָרען, אָבער ווישאָנקער אידען האָבען די שטאָט פאַרלאָזען און זיינען אָנגעקומען קיין בריינסק.

## פּאָגראָם אין ברײנסק

אָנפאַנג זומער 1937 באַווייזען זיך אין אַ מארק־טאָג אין ברײנסק גרופּעס פון די נאָרע־לייט. זיי שטייען ביי די אידישע קראָמען און לאָזען ניט אַריין קיין פּוילישע קאָסטימערס. זיי לאָזען ניט די אידישע הענדלערס אויספּאַקען זייערע סחורה. ברײנסקער אידען טראָגען אַרויס מיט געוואַלד זייער סחורה כאָטש צו ביסלעך אין מאַרק אַבי ניט צוגעבען אַז זיי זיינען אונטערטעהעניג. אגב האָט די ברײנסקער פּאָליציי פאַרזיכערט אַז עס וועלען ניט ערלויבט ווערען קיין אומרוהען.

אַרום צוויי בייטאָג רופט די שטאָטישע סירענע צו אַ פייער אַלאַרם; מ׳קוקט זיך אַרום, מ׳זעט ניט קיין פייער. קלאַנגען זיינען פאַראַן, אַז עס ברענט אויף בענדוגע. די פייערלעשער און די פּאָליציי לויפען אַוועק צו בענדוגע. פּלוצלונג באַווייזען זיך די נאָרע חברה לייט, זיי באַפאַלען די דורכגייער; מען שפּאַלט אידישע קעפּ, מ׳הערט קלאַנגען פון אויסגעבראָכענע פענסטער. די טישלעך פון אידישע הענדלער ווערען צוואוואָרפען, מ׳ראַבירט די סחורות. אידען זיינען פּלוצלינג געוואָרען שוצלאָז. די פּאָליציי איז ביי דעם פייער. ס׳צייגט זיך אַרויס אַז עס איז געווען אַ פאַלשער אַלאַרם אָפּצוציהען די פּאָליציי פון צענטער פון שטאָט. ווען די פּאָליציי קומט צוריק איז שוין דער פּאָגראָם אין פולען גאַנג, די גאַסען פאַרוואָרפען מיט אידישע פאַרמעגען, פול מיט צובראָכענע גלאָז פון צובראָכענע פענסטער. דאָס האָט געהייסען אין ברײנסק דער ערשטער מאָנטאג. אין מיטען וואָך באַווייזען זיך אין ברײנסק פּיקעטען, זיי היטען, אַז די קריסטען זאָלען ניט גיין קויפען ביי אידען.

די קריסטליכע באַפעלקערונג פאַרשטייט שוין אַז זיי דאַרפען קויפען ביי גוים. דער פאַקט איז, אַז די פּאָליציי האָט בעוואַכט די פּיקעטען מ׳זאָל זיי ניט צוברעכען די ביינער. ווייל פּיקעטען זיינען געוואָרען געזעצליך לויט סקלאַד־קאָפּסקי׳ס אויסטייטשען דעם פּוילישען געזעץ.

ברײנסק איז שוין אונטער נאָרע־קאָנטראָל, ס׳עפענט זיך שוין אַ נאָרע־קלוב. אידען זיינען באַליידיגטע, ווייסען שוין אַז זיי טאָרען ניט שטעלען קיין ווידערשטאַנד, מען מעג זיי שלאָגען, ראַבירען.

אידען זיינען אַמאָל געפאָרען צו אָטפּוסטען מיט קוואס און געבעקס, האָט מען אַלע פלעשער ביי זיי צובראָכען, די געבעקס צוטרעטען אין גאַס און זיי פאַרטריבען.

אידען האָבען געהאַט אַרום ברײנסק געדונגענע סעדער, זיי האָבען באַ־

צאָלט פאַר די פרוכט אין פאָראויס. סאָדאָווניקעס זיינען געווען משה פּיעקוצקי, לייזער טשאנער, אליה יענטשמאַן און לייבל פּאָליאַק, אַלע זיינען אַרויס צוברא־כענע, ווייל די נאָרע־לייט האָבען זיי ניט צוגעלאָזט אין זייערע סעדער, האָבען אַליין אָבגעטרייסעלט די פרוכט פאַר וועלכע די אידען האָבען שוין לאַנג באַצאָלט צו די קריסטען. מיט עטליכע וואָכען שפּעטער אין אַ מאַרק־טאָג ווידער אַזאַ געשיכטע, דאָס מאָל זיינען אַראָבגעקומען קיין בריינסק אין די טויזענטער נאָרע־לייט. אידען וואַגען שוין ניט אַרויסצושטעלען זייער סחורה. זיי זעהען שוין די געפאַר. בריינסקער אידען האָבען געבעטען, אַז די מערק זאָלען אָב־געשאַפט ווערען. פאַר זיי זיינען די מערק־טעג נאָר אַן אָנשיקעניש. דער סטאַראָסטע ענטזאגט זיך צו שליסען די מערק. ער פאַרזיכערט אַז ס'וועט זיין רוהיג. ער האָט ניט געטראָפען.

פונקט 1 אַזייגער, שוין אָן פאַלשע פייער אַלאַרמס פליען די שויבען פון די פענסטער, קיין אידען זיינען אין די גאַסען ניטאָ, מ'באַפאַלט די פאַרמאַכטע הייזער. די טהירען ווערען צובראָכען, מ'ראַבירט, מ'שלאָגט, אידיש בלוט גיסט זיך אין בריינסקער גאַסען און אין אידישע הייזער.

די אָנפירער, צוויי ברעזשניצער קריסטען ווייזען די נאָרע־לייט וועלכע הייזער זיינען אידישע, וועלכע מ'דאַרף ראַבירען. זיי אַרבייטען אומגעשטערט, די פּאָליציאַנטען האָבען גאָר ניט געטאָן אָבצושטעלען דעם פּאָגראָם, ווייל מען האָט ניט געהייסען שטערען די אַרבייט.

לאַנג האָבען די באַנדיטען געהוליעט אין די גאַסען, מ'האָט געוואָלט רופען נאָך הילף, צום פּאָסט גיין איז געווען אונמעגליך, האָט מען געקלונגען פון טעלעפאָנען. יוסף בצלאל קעסטין האָט דורך טעלעפאָן זיך פאַרבונדען מיט'ן אידישען נאַציאָנאַל־ראַט, אויך מיטן אינערן מיניסטער אין וואַרשע; ער האָט אויך טעלעפאָניש איבערגעגעבען די פּאַסירונגען צום יט"אַ (אידישע טעלעגראַ־פען אַגענטור), געבעטען איבעראַל הילף. ביים פּאָגראָם האָט זיך אין בריינסק געפונען אַ דייטשער אָפיציער וואָס האָט די פּאָליאַקען געלערענט די ריכטיגע מעטאָדען. ער האָט גענומען בילדער פון די סצענעס. אין אָבענד זיינען אָנגע־קומען פון דער פרעמד פּאָליציי און געהיימע אַגענטען, האָבען געפאָרשט, צי האָבען אידען ניט געמאַכט קיין ווידערשטאַנד.

נאָכ'ן פּאָגראָם רעזולטאַטען — 80 פאַרוואונדעטע אידען, פון זיי 20 שווער פאַרוואונדעט. אייניגע האָט מען אַריבערגעפירט אין ביאַליסטאָקער

שפּיטאָל. פון די שווער פאַרוואונדעטע געפינען זיך משה־יהודא דער שמש, חיים הערש קאַרטאָפליע, מאיר ברענער, יאָסל גאָלעס, בערגערמאַן פון רוטקער טערטאַק, 1500 צובראָכענע פענסטע 1 הויז אינגאַנצען צונומען. ביי זלמן־סאַנעס צוריסען די בעטגעוואַנד. די גאַס פול מיט פּעדערען, קינדער ארויס־־געוואָרפען פון די וועגעלעך, די לייכט פאַרוואונדעטע זיינען געווען צופיעל, און אונמעגליך איבערצוציילען. צו מאָרגענס זיינען אַלע אַרומגעגאַנגען מיט באַנדאַזשען. איינס אַזייגער ביינאַכט קומט דער ביעלסקער סטאַראָסטע באַ־טראַכטען די פאַרוואונדעטע און די חרוב׳ע שטאָט, מ׳וועקט מיר אויף אינמיטען נאַכט אַלס כלל־טהוער צו גיין מיט׳ן סטאַראָסטע אים ציגען די שווער פאַר־וואונדעטע. אין דריטען בית־המדרש איז ניט געבליבען קיין איין גאַנצער פענסטער. דער סטאַראָסטע בעט מ׳זאָל ניט מאַכען קיין טומעל. עס האָט פּאַסירט פאַרקערט, ווען די אידישע טעלעגראַפען אַגענטור האָט געקייבעלט די נייעס פון פּאָגראָם קיין אַמעריקאַ, זיינען באַלד דינסטאָג פרי געקומען קייבעלס פון ניו־יאָרקער אידען, ברײנסקער לאַנדסלייט צו פייגע רייזל דער זייגערמאַכערקע און צו באַבטשען. די קייבעלס האָבען זיך אָנגעפרעגט צי לעבט איר? די קייבעלס האָבען געמאַכט אַ רושם אין פּוילישען מיניסטעריום. די וועלט ווייסט שוין פון אַלעס. דאָס האָט פוילען ניט געשמעקט. מיטוואָך קומען קיין ברײנסק צוויי אידישע סיים דעפּוטאַטען, רובינשטיין און זאַמערשטיין. זיי האָבען געזען מיט זייערע אויגען דעם חורבן, האָבען אַריינגעבראַכט פּראָטעסטען אין סיים. עס באַוויזען זיך פאַרשטייער פון פּראָפעסיאָנעלען־קלאַסען־פאַראיין, איינער גאָלדמאַן טיילט אויס שטיצע צו פאַרריכטען די צובראָכענע פענסטער.

חאצקל שוחט, אַלטער יאַמשין און וועלוול שעפּסל קצב׳ס האָבען רבקה מאַטעלס הויז איבערגעבויט, ווייל איר הויז איז פשוט צוריסען געוואָרען אויף שטיקער ביים פּאָגראָם. די לאַגע ווערט ערגער, קיינער האָט ניט קיין פּרנסה, קראָמען זיינען צובראָכען, קיין סחורה איז ניטאָ, קומט אַראָפּ אין ברײנסק דער טעקס איינמאָנער און נעמט זיך צו דער אַרבייט, פּונקט ביי דער קריטי־שער צייט צו קאָלעקטען אַלע שטייערען, יעצטיגע און פון פריערדיגע, כאָטש קיינער האָט ניט קיין גראָשען ביי דער נשמה. אָט אַזוי פּלאַנמעסיג האָט גע־אַרבייט דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם צו ברעכען עקאָנאָמיש דעם גאַנצען אידישען עקזיסטענץ.

די אָרימקייט ווערט גרעסער און דער אָן פּראָצענטיגער גמילות חסדים קאַסע זיינען שוין דאָ ביי 600 אָנלייהער, ס׳געפינען זיך מעקלערס וועלכע

ראַטען אידען ווי צו אַנטלויפען פון פוילען, עמיגראַציע איז שווער, מען לויפט אין די קבוצים כדי צו קענען עמיגרירען קיין ארץ ישראל.

דעם ווינטער קומט פון בריינסקער סאָסייעטיס אין ניו יאָרק הילף. די צאָל וואָס בעטען הילף פאַרגרעסערט זיך, 250 אידען בעטען הילף אויף פסח. ס'קומט אָן פון בריינסקער רעליף הילף אויך אויף פסח.

די ענדע איז געווען אין קרייז געריכט, פאַרשטייט זיך אַז קיינער איז ניט באַשטראָפט געוואָרען, ווייל שלאָגען אידען איז שוין אין פוילען שטאַרק אין דער מאָדע, לויט היטלער'ס פלענער.

עס איז געווען נאָך אַ מאָנטאָג פון אומרוהען, אָבער דאָס מאָל קעגען דער מאַכט, דאַן האָט שוין דער סטאַראָסטע באַנוצט געווער, און געמאַכט די נאָרע־פאַרטיי ניט לעגאַל, דאַן איז געוואָרען רוהיג, קיין אידען אין האַנדעל זיינען שוין ניטאָ, קיין דאָרף־פאָרער, קיין אידישע סאדאוניקעס. אַלעס איז אַריבער אין ניט־אידישע הענט. ס'איז שוין ניט נייטיג געווען מער קיין פאָגראָמען. די אידען זיינען שוין רואינירט.

עס קומט אָן דער יאָר 1939, מ'קומט צו אידען נאָך געלד פאַר אַלעס. פאַר דער פוילישער לופט־פלאָט האָט מען בריינסקער אידען טאַקסירט מיט 69 טויזענד זלאָטעס. די בריינסקער קריסטליכע סוחרים קלאַס זיינען טאַקסירט געוואָרען בלויז מיט זעקס טויזענד זלאָטעס. דאָס איז געווען דער יושר פון דער פוילישער רעגירונג.

אָט אַזוי האָט בריינסק אויסגעזעהן ביז דער מלחמה אין 1939.

## ערשטער קאַפּיטל

# אָנפאַנג פון צווייטער וועלט־מלחמה

אין פרילינג פון יאָר 1939 געפינט זיך פּוילן אין מלחמה שרעק, אין מלחמה פיבער. היטלער איז איצט שטאַרק און פרעך, זיינע פאָדערונגען ווערן ביסלעכווייז נאָכגעגעבן פון די אייראָפּעאישע לענדער. די זעלבע לענדער וואָס האָבן געקענט צוטרעטן היטלער'ן ווי אַ וואָרעם ביי זיין ערשטען געוואגטען שריט צו מיליטאַריזירען דעם מערב־רהיין און האָבן גאָר ניט געטאָן צו דעם צוליב זייער קליינע פּאָליטישע אינטערעסען. ענגלאַנד האָט ניט געקענט באַשטיין, אַז פראַנקרייך זאָל ווערן אַ שטאַרקע מאַכט און אייראָפּע האָט צוגעלאָזען און מיטגעהאָלפען צו פאַרשטאַרקען דעם נאַצישען מאָנסטער.

איצט שטייט ענגלאַנד אין טויט שרעק פאַר דעם פראַנקענשטיין וואָס זי האָט אַליין געהאָלפען קומען צו דער שרעקליכער קראַפט. אין שרעק גיט זי היטלער'ן נאָך אַלעס וואָס ער פאַרלאַנגט.

פּוילן וועלכע האָט אַזוי שנעל איבערגענומען די נאַצישע לעהרע צו פאַרניכטען די אידען; פּוילן וועלכע האָט געדיינקט זיך איינצוקויפען אין היטלער'ס געפעליגקייט דורך איר אַנטי־אידישע געזעצען, דורך באָיקאָטען אויף אידישע געשעפטען, געפינט זיך איצט אין טויט שרעק. זי ווייס אַז פּוילן וועט ווערן דער ערשטער שלאַכטפעלד אין דער קומענדער מלחמה. פּוילען איז טיילווייז מאָביליזירט. מלחמה צוגרייטונגען ווערן שטאַרקער. דער גרעסטער טייל פון בריינסקער יוגענד איז שוין אין דער פּוילישער אַרמיי.

בריינסק האָט אין פאַרגאַנגענעם פערטעל יאָרהונדערט דורכגעלעבט פיער פאַרשידענע רעגירונגס רעזשימען. ביי יעדער ענדערונג האָט די אידישע באַפעלקערונג באַצאָלט דעם גרעסטען פּרייז. די צאַרישע רעגירונג ווערט פאַרביטען אויף דייטשער אָקופּאַציע. די פּאָליאַקען טרייבען צוריק די דייטשען, און ווערען אַליין פאַרטריבען פון די סאָוויעטען. ענדליך — די פּוילישע

רעגירונג, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַזוי פיעל האָפענונגען פאַר אידען, צו ווערען ענדליך באַפרייט פון די אַלע צרות און לעבען גלייך מיט אַלע ווי גלייך באַרעכטיגטע בירגער, האָט זיך אַוועקגעלאָזען אויף אַן אַנטיסעמיטישען וועג.

בריינסק איז שוין געווען צוגעוואוינט צום לעבען אין פוילען אונטער די אַלע מאָל נייע שטערונגען, נייע באַיקאָטען, נייע באַגרענעצונגען קעגען אַר־בייטער, קעגען געשעפטסלייט.

דאָס איז געווען פרייטאָג דעם ערשטען סעפטעמבער, אַרום פיער פאַרטאָג. די גרעסטע טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג איז געווען איינגעהילט אין טיפען שלאָף. פיעלע האַנדווערקער זיינען ניט לאַנג צוריק געקומען פון יאַריד אין ביעלסק, זיי האָבען ערשט געענדיגט זייער אַרבייט אויסצופאַקען די גע־בליבענע סחורה, אויסצורעכענען זייערע געשעפטען פון יאַריד.

געציילטע פרויען זיינען געווען וואַך, אַזוינע וואָס האָבען שוין פאַרטאָג צוגעגרייט דעם שבת.

די שטילקייט פון דעם פריהמאָרגען ווערט פלוצלינג איבערגעריסען. פון וויטענס הערט זיך אַ שטאַרקער דונער, אַ לאַנגער קויקלענדיגער דונער. נאָר דער גערויש ווערט אַלע מאָל נעענטער און שטאַרקער, ניין ס'איז ניט קיין דונער, ס'זיינען עראָפּלאַנען, זיי פליהען נעענטער צו בריינסק. אָט זיינען זיי שוין איבער'ן שטאָט, מיט אַ שרעקליכען גערויש פאַרשווינדען זיי ווייטער צו ביעלסק. מענשען לויפען אַרויס אין גאַס, פאַררייסען די אויגען צום הימעל. ווער זיינען די עראָפּלאַנען? זיינען זיי עס פוילישע אויף מאַנעווערעס? אַ צווייטער עסקאַדראָן עראָפּלאַנען לויפט דורך די שטאָט און פאַרשווינדט, אויך אין זעלבען וועג צו ביעלסק. דאָס האַרץ האָט געזאָגט אַז עס איז מלחמה. די מיילער האָבען ניט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט. קינדער אויף די פייער פאָזי־ציעס. ווער ווייסט? בריינסק האָט ניט געוואוסט אַז די עראָפּלאַנען האָבען שוין צושמעטערט אַלע פוילישע באַנען און אַלע מיליטערישע פאַרזאַמלונגס־פונקטען, טיפער אין פוילען צו מזרח.

אַזוי האָט זיך געצויגען די פאָר שטונדען פון דעם פרייטאָגדיגען פריה־מאָרגען. קיין באַשטימטע מיינונג האָט קיינער ניט אַרויסגעגעבען. דאָך האָבען אַלע געוואוסט, געפיהלט אין זייער בלוט, אין זייערעביינער, אַז די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען.

9 אַזייגער אין דער פריה האָט די ראַדיאָ אַנאַנסירט אַז דייטשלאַנד איז באַפאַלען פוילען אַן אַ קריגס־ערקלערונג.

די אידישע באַפעלקערונג נעמט אויף די נייעס מיט שווערען געמיט, דאָך רוהיג, פול מיט שרעק אָבער אויסערליך רוהיג.

אַזוי זיינען פאָראיבער איניגע טעג. די מאָביליזאַציע ווערט פאַרגרע־סערט, נייע גרופען ווערען גערופען, און אינדאָקטירט אין דער אַרמיי. צו דער זעלבער צייט זיינען פיעלע פון די פריערדיגע אינדאָקטירטע געקומען צוריק. עס איז ניטאָ פאַר די גרויסע אַרמיי קיין קליידער, קיין געוועהר צו לערנען זיך. דאָך גייען אַלע טאָג אַוועק נייע פאַרטיעס. די געזעגענונגס סצענעס זיינען שוידערליך. מאַמעס באַגלייטען זייערע קינדער. פרויען פיהרען זייערע מענער. קינדער האַלטען זיך צו ביי זייערע פאָטערס. אַלע וויינען, אַלע באַקלאָגען דעם גורל פון די מאָביליזירטע וואָס פאָרען אָב פון בריינסק.

אין די זעלבע עטליכע טעג קומען אין בריינסק באַריכטען פון די ערשטע געפאַלענע קרבנות: מאָטקע אַליענצקי, יאַנקל וואיטעקס זוהן, חיה קאַפלאַנ־סקיס אינגערער זוהן, אליה פרידמאַנ׳ס זוהן און נאָך אַנדערע.

די זעלבע באַריכטען לויטען, אַז די נאַציס מאַרשירען פאָרווערטס, צו־שמעטערען יעדען ווידערשטאַנד.

די צאָל פון בריינסקער אידען אויפ׳ן פראָנט גרייכט שוין אין די צענדליגער.

די עראָפּלאַנען פליהען איבער׳ן שטאָט אַלע טאָג. פליהען אַריבער בריינסק אויף דעם וועג צו ביעלסק אַלץ צו מזרח זייט.

די ספּעציעלע מיליץ טרייבט די איינוואוינער אין די הייזער. די סירענע פון די פייערלעשער וואָרנט דער באַפעלקערונג שנעל צו זוכען שוץ, ווען די פיינדליכע עראָפּלאַנען קומען אָן. מ׳געוויינט זיך שוין צו צו דער וואַרנונג פון די פייערלעשער.

דעם 6־טען סעפּטעמבער באַווייזט זיך אַן עסקאַדראָן פיינדליכע פליהער. די גאַסען ווערען שנעל ליידיג. די מענשען באַהאַלטען זיך. עס הערען זיך פלוצלינג שטאַרקע אויפרייסונגען. בריינסק, ספּעציעל די אידישע הייזער זיינען איינגעוויקעלט אין פלאַמען. די שטאָט איז באַוואָרפען געוואָרען פון צינד־באָמבעס. די פלאַמען זיינען שוין צושפּרייט איבעראַל. פון אַרויסכאַפּען זיך פון שטאָט קען שוין קיין רייד ניט זיין, אַלע ווינקלען ברענען. נייע פייערען פאַנגען זיך אָן יעדער מינוט, פון סאָנען ביז איטשע גימפּעלס, פון דריטען בית־

המדרש ביז יאָבזאָקן,ביידע זייטן גאַס, דער פערד־מאַרק ביז שציאָפּקען, — אַלעס איז שוין אַרומגענומען פון די פייערדיגע צונגען.

מענשען לויפען אַרום אין גאַס, אין שטיקענדיגען רויך צווישען די פלאַמען. מ׳זוכט קינדער, קיינער ווייסט ניט וואו עס איז אַ הויז אָדער די גאַס, דער רויך איז געדיכט, פאַרשטעלט אַלעמען, דאָך זוכט מען.

אין גאַס ליגען שוין הרוגים: שיע מוליערס אַ מיידעל, 22 יאָר, חיה אטיפּערס אַ מיידעל, 18 יאָר, שלומה פלאטראט, 26 יאָר, הערשל שוסטערס זוהן, ליגען פאַרברענט אונטער די חורבות פון שלום קראַצ׳ס ברענענדיגען מויער.

ביי שלומה־היצלען אונטער די ברענענדיגע איינגעפאַלענע ווענט ליגט אַ פרעמדער וואַנדערענדער אָרימאַן מיט צוויי קינדער אַרום 10 יאָהריגע, אויך אהרן פריבוט׳ס אַ בחור פון 17 יאָר.

לעבען סאַגען ליגט אַ קאַלניער ווייבעל אַרום 55 יאָר, דערשאָסען. פאַר־וואונדעטע: דינטשע זייפמאַן, איטשע אָרליארניק, קאָטענטעס ווייב, פידל דער שוסטער, זלאַטקע מאַרווינקערס אַ מיידעל פון 10 יאָר. די אַלע שטאַרבען באַלד פון די וואונדען.

שלומה ראַיבאַק, פישל ליעוו, שווער פאַרוואונדעט, און נאָך פיעל.

ביי אַ צווייטע לופט אַטאַקע פאַלען שמחה אוישפעטער׳ס אַ מיידעל פון 22 יאָר, יאַנקל־מאַנס אַ מיידעל ווערט שווער פאַרוואונדעט.

קיין קריסטליכע הויז איז ניט געווען באַשעדיגט פון די דייטשע לופט־אַטאַקעס, בלויז אַלע אידישע גאַסען זיינען פאַרברענט און פאַרניכטעט.

מענשען לויפען אַרויס פון העלישען פייער, פון שטיקענדען רויך לאָזען זיך אַוועק אין די אָפענע פעלדער און וועלדער, נאַקעטע, הונגעריגע.

דעם 11־טען סעפּטעמבער רייסען זיך אַריין דייטשע טאַנקען, געפינען שוין בריינסק צושטערט אין חורבות. די באַפעלקערונג דערשלאָגען.

עס ווערט אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל אַז די גאַנצע מענליכע באַפעלקערונג זאָל זיך צוזאַמען קלייבען אין מאַרק. אַרום 500 אידען ווערען פאַרשפאַרט אין פוילישען קאָסטשיאל. צומאָרגענס ווערען אַלע אָפּגעפירט קיין דייטש־לאַנד. איך בין געווען צווישען די געפאַנגענע. מיר ליידען הונגער, קעלט, קלעפּ. אונזערע מלבושים ווערען ביי אונז צוגענומען און אָבגעגעבען צו קריס־טען. דאַן נעמען די קריסטען אַליין צו אונזערע איבעריגע מלבושים. די שטי־מונג איז ביי אונז אַ שרעקליכע. ערשט 5 טעג און שוין אַזאַ אומגליק. עס

באַווייזען זיך טויט־פּאַלען: ענאך סיוואַק, באַשע סימעס אייניקל. פּיעלע אַנ־דערע זיינען ערנסט קראַנק.

מיר ווערען שפּעטער באַפרייט אַ דאַנק די אינטערווענץ ביי די סאָוועטישע מאַכט. ביים קומען צוריק פּאַלען פון הונגער, קעלט און קלעפּ: חיים לאַזניק, זשעליע דער שוסטער, זאַגעלס איידעם ליאַכיוועך, דעם אַלטען זייגערמאַכערס אייניקל. די דייטשען האָבען די אַלע אַרויסגעטריבען פון זייער קעמפּ ביי וולאַדאָווע, דערביי געעפּענט פייער אויף די אַוועקגייענדיגע אידען. משה וויי־נערס עלטערער זוהן פאַלט פון אַ שיסעריי אויף אים דורכ׳ן פּלייצע ביי וולאדאווע.

לאַנג זיינען די דייטשען ניט געווען אין בריינסק, בלויז 14 טעג. דער אָבמאַך פון דייטשלאַנד מיט די סאָוויעטען איז דערווייל דורכגעפירט געוואָרען. בריינסק האָט געדאַרפט באַלאַנגען צו דער סאָוויעטען־מאַכט.

דעם 25־טען סעפּטעמבער האָבען זיך די נאַציס אַרויסגעצויגען פון בריינסק. דער לעצטער אַקט זייערער איז געווען צו פאַרברענען דעם אַלטען בית־המדרש, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק איבערגעבויעט געוואָרען.

דעם זעלבען טאָג באַווייזען זיך די סאָוויעטישע טרופּען אין בריינסק.

בריינסק האָפט אויף אַ ביסעל רוה, ווינשען זיך איינער דעם אַנדערען גליק.

צווייטער קאַפּיטל

# בריינסק אונטער סאָוועטן מאַכט

(לויט משה יענטשמאַנ׳ס דערציילונג)

די רויטע אַרמיי איז אַריין אין בריינסק דעם 25־טען סעפּטעמבער, 1939. אין שטאָט האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. בלויז פרויען, קינדער, און אַלטע לייט, הונגעריגע, היימלאָזע. די לופט איז געווען געדיכט מיט דעם שטיקענדען רויך פון די פאַרברענטע הייזער. די גאַסען נאָך ניט אָבגערייניגט



משה יענטשמאַן און פרוי
וויכטיגסטער מיטהעלפער צו אַלטער טרוס

פון די פאַרברענטע קערפּערס, פון מענשען און בהמות, וועלכע האָבען פאַר־גיפטעט דעם אָטעם.

עס האָבען זיך צוריקגעקערט איניגע יונגעלייט וואָס זיינען אַנטלאָפען אָדער געווען פאַרבאַהאַלטען.

עס פאַנגט זיך אָן באַמיהונגען מיט דער סאָוועטישער מאַכט, אַז זיי זאָלען אינטערווענירען ביי די נאַציס צו באַפרייען די ברייניסקער אידען, וואָס זיי האָבען פריער פאַרטריבען. דאָס האָט געווירקט. די דייטשען האָבען באַפרייט אַלע געפאַנגענע פון ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדסטווא, וועלכע איז איצט אָפּי־ציעל געוואָרען אַ טייל פון סאָוויעטען־מאַכט. איניגע זיינען צוריקגעקומען. פיעלע זיינען אין די לאַגערען געשטאָרבען.

דער סאָוועטישער אָרדנונג ווערט אויפגעשטעלט אין ברייניסק. זייער פיינליך קומט אָן די ערשטע איינאָרדנונג פון דער נייער סאָוועטישער רעזשים.

אַזוי ווי אַלע איבערגאַנגס פעריאָדען איז דער אויך, שווער זיך צו צופּאַסען צו נייע הערשער, נייע פּריווילעגירטע קלאַסען זיינען אין ברייניסק אויפגע־שטאַנען. מענשען וואָס האָבען געקוקט אויף יעדען ברייניסקער קרמערעל ווי אויף דעם גרעסטען בורזשוי, וועמען מען דאַרף אומברייינגען.

די הויפּט בעלי־בתים ווערען וועלוול פּולשאַנסקי, בעניע, פּייוול שוס־טערס, ריווטשע פּיטלאַק, גוטע קאָמוניסטען פון פריער. אויך שעפּסל פריי־סעלס און חיים מאַן. זיי פאַרנעמען זיך גלייך מיט דער אַרבייט פון נאַציאָנאַ־ליזאַציעס פון דעם ברייניסקער בורזשוי, מען נאַציאָנאַליזירט די קרעמערס, זייער סחורה ווערט צוגענומען, מ'זוכט אָבער געלד, ציערונג, אַנדערע טייערע חפצים, און דאָס לייגט מען צו זיך אין די קעשענעס, אַלס באַלוינונג פאַר דער הייליגער נאַציאָנאַליזאַציע אַרבייט. עס דאַרף דאָך בלייבען אָן אַנדענקונג פון דעם. די בעסערע סחורות ווערען אויך פאַרבאַהאַלטען ביי גוטע פריינד כדי מען זאָל זיי שפּעטער קענען אַליין פאַרקויפען.

אַזעלכע דזשאַבס האָט מען געמאַכט אויף אליה גאָטליעבס אייזען געשעפט, אויף לייזער רובינ'ס שטיף־זוהנ'ס מאַנופאַקטור געשעפט דורכגעפירט פון וועלוול פּולשאַנסקי און זיין ווייב ריבטשע.

ביי מאָטעלע קאנאפּיאטע האָט די אַרבייט געטאָן שעפּסל פרייסעלס און חיים מאַן. דער קאנאפּיאטע האָט נאָכער באַוויזען אַז ביי אים האָט מען ניט געטאָרט נאַציאָנאַליזירען, האָט מען אים אַלעס געדאַרפט צוריקגעבען. נאָר עס איז שוין ניט געווען וואָס אָפּצוגעבען. די סחורה איז שוין געווען פאַר־

שוואונדען. ווער עס האָט געהאַט גוטע באַציהונגען מיט שעפסל פרייסעלס אָדער וועלוול פולשאַנסקי איז געוואָרען דער יחסן אין בריינסק.

די נייע כלל טוער האָבען, ווייזט אויס זיך ניט געקענט ריכטיג צוטיילען מיט קיין זאַך, ווייל מ׳האָט זיך אַרומגעריסען צווישען זיך ווי הינט.

זייער באַציהונג צו די אידישע אַרבייטער איז אויך ניט בעסער געווען. זיי ווערען געצוואונגען צו גיין אַרבייטען אין קאָאָפּעראַטיוועז. פאַר ניט פאָלגען שטראָפירט מען 50,000 רובל (איין קליינינקייט) אָדער סטראַשען מיט סיביר.

ביים אַרויסשיקען וועמען פון די פּאָליאַקען קיין רוסלאַנד, קומען זיך צו־נויף אַ צעהן אינגלעך מיט ביקסען, וואַרפען די קריסטליכע בעביכעס אויפ׳ן וואָגען, טעראָריזירען די שכנים. דער האַס אויף אַלע אידען איז פאַרגרעסערט געוואָרען. דאַן נעמט מען זיך צו אַלע פריערדיגע כלל טוהער, אָנגעזעהענע מענשען, ציוניסטען, געוועזענע ראַטה־מענער פון דער בריינסקער געמיינדע, און זיי ווערען אַלע אַרעסטירט, אָבגעשיקט מיט׳ן עטאַפּ קיין רוסלאַנד. דער עטאַפּ האָט ביי מאַנכע געדויערט אַריבער אַ יאָר. צום גליק זיינען די אַרעסטירטע דערפאַר לעבען געבליבען. אַלטער טרוס איז אויך געווען צווישען די אַרעסטירטע און אַרויסגעשיקטע. ווייזט אויס, אַז עס איז באַשערט געווען אים צו זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם אַרויסגעבען דעם בוך.

ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעפּאַסט צו דער נייער אָרדנונג. מען איז געקומען צו די אַרבייטס־פּאַרטיילער בעטען אַרבייט.

הרב בן ציון קאַגאַן, דעם בריינסקער רב׳ס אידעם קומט בעטען אַרבייט אַלס בוכהאַלטער, ענטפערט גאַווריליקע דעם שוסטער׳ס טאָכטער מיט אַ געלעכטער: „זאָל זיך דער רב עפּענטליך ערקלערען אַלס פריידענקער, וועלען מיר אים ערלויבען צו אַרבייטען״. הרב קאַגאַן ענטזאָגט זיך קאַטעגאָריש. ער ווענדעט זיך צו די העכערע פּאַרטיי אינסטאַנצען. זיי פאַראָרדענען אַז אַזאַ באַציהונג צו דער באַפעלקערונג מוז זאָפאָרט אָבגעשטעלט ווערען. דער רב קאַגאַן באַקומט אַרבייט אַלס בוכהאַלטער און שבת ניט צו אַרבייטען.

פאַר אַזעלכע קאָמוניסטישע פירער ווי בריינסק האָט געהאַט די ערשטע טעג פון דער סאָוועטישער רעזשים איז אין רוסלאַנד געווען גוטע מעדיצינען — סיביר. שוין 25 יאָר ווי זייערע ביינער רוהען דאָרט. אויף זייערע קברים איז שוין גאַנצע בוימער אָנגעוואַקסען.

ביסלעכווייז זיינען די חברה באַזייטיגט געוואָרען. עס האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט. בריינסקער אידען

געפינען אַרבייט אין די עמטער. עס באַקומען קרעמער ערלויבעניש, ריבה לאה טשעסליאַק, יצחק קאַשניק׳ס טאָכטער, רחל דבורה דינה׳ס, מרדכי פריי־מאַן — ביי מאַנופאַקטור האַנדעל, יענקל בריינסקי און מאַטעס קאָנאָפּיאַטע, וועלוול פּולשאַנסקי׳ס אָנקעל ווערט דער פעל אויפקויפער. עס ווערט אַ גרויסער מאַנגעל אין היימען, באַפעלקערונג ווערט פאַרגרעסערט, אידען פון שטעט אויף יענער זייט טייך בוג, וואו די דייטשען האָבען נאָך געהערשט זיינען אַנטלאָפען, און געקומען קיין בריינסק. בריינסק זייענדיג ניט ווייט פון גרענעץ ביי 30 קילאָמעטער, איז פאַרפּלייצט געוואָרען מיט רוסישער מיליטער. דורך אידישע רויטע קאָמאַנדירען און סאָלדאַטען ווערט פאַרבונדען אַ קאָנטאַקט מיט׳ן רוסישען אידענטום. ס׳האָט זיך ערוועקט אַ האַנדעל, זאָגאַר דער גרעס־טער טייל אַ ניט לעגאַלער, ווייל דער סאָוועטישער געזעץ באַשווערט דעם פּריוואַטען האַנדעל, און באַשטראָפט שטריינג. אַ גרויסער טייל אידען זיינען אַוועק אויף מלוכה־פּאָסטענס. אַ זאַך וואָס איז געווען אוממעגליך ביי דער פּוילישער הערשאַפט. געוועזענע פּריוואַטע קרעמערס זיינען געוואָרען אָנגע־שטעלט אין מלוכה קראָמען. די מערסטע אַרבייטער ווי שניידער, שוסטער, סטאָליארעס האָבען זיך געשאַפען קאָאָפּעראַטיוועז און געאַרבייט געמיינזאַם. אַ געוויסער טייל האָט געאַרבייט שוואַרצע אַרבייט. פיעלע פון פריערדיגען רייכערען עלעמענט זיינען געווען פאַרטראַטען אין דער מיליץ. בוכהאַלטערס זיינען געווען נויטווענדיג, האָבען זיך פיעל געלערענט בוכהאַלטעריי אויף ספּעציעלע קורסען. חנא קאַשטאַנס מיידעל, יעקב מאַנס אינקעדיקער זון.

צוויי בתי מדרשים זיינען אָפען, דער פועל צדק און דער נייער בית־המדרש, אָנגעפירט פון הרב צוקערמאַן און הרב סעקאַרעוויטש.

דער ביז איצטיגער סיסטעם פון חדרים ווערט אָבגעשאַפט. קינדער לערנען זיך אין דער אידישער שוהל אָדער אין דער רוסישער. די אידישע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס האָבען אויפגעהערט צו עקזיסטירען ווי גמילות חסדים, לינת הצדק, עס האָט זיך באַוויזען אַ דראַנג נאָך בילדונג. דערוואַקסענע זיינען געגאַנגען אויף אָוונט קורסען.

עס איז געשאַפען געוואָרען אַ שטאָטישער כאָר, אַ דראַמאַטישער קרייז. קינא איז געוויזען געוואָרען צוויי מאָל אַ וואָך. עס איז אויך געוואָרען אַ שטאָטישער פּאַרק און אַ טאַנץ פּלאַץ, דאָס איז געבויעט געוואָרען אויף דעם פונדאַמענט פון שניידערשען בית המדרש. דאָרט פלעגט פאָרקומען אָפטע טאַנץ־אָוונטען וואו די יוגענד האָט זיך פיין אַמוזירט.

אַ געוויסע צאָל בריינסקער ישיבה בחורים האָבען פאַרלאָזען בריינסק, זיינען אָנגעקומען קיין ווילנע. פון דאָרט האָבען זיך שפּעטער דערשלאָגען דורך וויזעס אין ליטע צו פאָהרען קיין כאַרבין און געבליבען לעבען.

נאַטירליך האָבען זיך ניט אַלע געקענט צופּאַסען צו דער נייער אָרדנונג, צו די נייע געזעצען פון ניט האַנדלען. אַזעלכע זיינען אַרעסטירט געוואָרען. צו דער זעלבער צייט זיינען אַרעסטירט געוואָרען אין בריינסק די פריערדיגע געזעלשאַפטליכע טוער ווי אַלטער טרוס, יוסף־בצלאל קעסטין, די פאַמיליע קאַנטשיק, ליעוו. די קלאַגע קעגען אַזוינע לייטע איז געווען קאָנטער־רעוואָלוציע. די שולד פאַר די אַרעסטען פאַלט דירעקט אויף איינִיגע בריינסקער, וואָס האָבען געזוכט פּטור צו ווערען פון די טהעטיגע מענשען פון פריהער־דיגען רעזשים. דאָס איז געווען אַ גליק פאַר די אַרעסטירטע, ווייל אַלע אַרעס־טירטע, טראָץ די שווערִיגקייטען וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט אין די רוסישע אָדער אַנדערע אַרמייען זיינען כמעט אַלע לעבען געבליבען.

אַם ערגסטען איז געווען פאַר די געוועזענע סוחרים, גרויסע הענדלער, וואָס זיינען געצוואונגען געווען צו בייטען זייער באַשעפטיגונג און ווערען שוואַרצע אַרבייטער.

די גאַנצע יוגענד ווערט אַריינגעצויגען אין דער סאָוועטישער אַרמיי, ספּעציעל פון די יאָרען 1917, 1918, און 1919. זיי האָבען דורכגעמאַכט די מלחמה אין די רייהען פון דער רויטער אַרמיי. לײדער האָט זיך קיינער פון זיי ניט געראַטעוועט. כמעט אַלע זיינען געפאַלען אין שלאַכט קעגען די דייטשע באַנ־דיטען, אָדער זיינען אומגעבראַכט געוואָרען אין נאַצישע געפענגעניש לאַגערען.

בלויז געציילטע זיינען געווען די וואָס האָבען געקעמפט אין די רייהען ביז דער זיעג איז דערגרייכט געוואָרען.

די 21 מאָנאַטען אונטער סאָוועטישער הערשאַפט האָט בריינסק אין אַלגע־מיין געלעבט צופרידען. די שרעק פאַר נאַראדאפּצעס, ענדעקעס און אַנדערע פּוילישע שלעק וואָס האָבען די אידען קיין רוה ניט געגעבען אין די לעצטע עטליכע יאָר, איז פאַרשוואונדען. איצט האָבען זיי זיך געפילט פריי און גלייכע בירגער מיט אַלעמען.

די רוהיגקייט האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. דעם 22־טען דזשון, 1941 האָט דייטשלאַנד באַפאַלען דעם סאָוועטען־פאַרבאַנד.

אַ נייער קאַפּיטעל פאַנגט זיך אָן פאַר בריינסק. דער לעצטער קאַפּיטעל פון אידישען עקזיסטענץ, דער אָנפאַנג פון חורבן בריינסק.

## דריטער קאַפּיטעל

# היטלער׳ס אַטאַקע אויף סאָוועט־רוסלאַנד

צי מען האָט זיך געריכט אויף היטלער׳ס אַטאַקע, קען ניט פעסטגעשטעלט ווערען. די סאָוועטישעווירטשאַפט איז אָנגעגאַנגען אין ברייניסק ווי געוויינטליך. וועגענער מיט תבואה פלעגען יעדען טאָג פאַרבייפאָרען אויפ׳ן וועג צו דייטש־לאַנד. תבואה וואָס רוסלאַנד האָט געשיקט צו דייטשלאַנד. אין דער זעלבער צייט איז באַמערקט געוואָרען, אַז ברייניסק ווערט אַלץ געדיכטער. ס׳קומען צו פאַר־שידענע סאָוועטישע מיליטער. די שטאָט איז שוין כמעט ווי אַ מיליטערישער לאַגער. ברייניסק איז בלויז אַרום 28 קילאָמעטער פון גרעניץ ביים בוג.

פּאָליאַקען האָבען פאָראויסגעזאָגט, אַז היינט מאָרגען וועט רוסלאַנד אַטאַ־קירט ווערען.

די יוגענד האָט זיך דעם שבת אָוונט פיין אַמוזירט אויף דעם טאַנץ־אָוונט וואָס איז געווען איינגעאָרדענט דאָרט ווי עס האָט זיך געפונען פריער דער שניידערשער בית־המדרש. ביי יענעם אָוונט זיינען באַמערקט געוואָרען פיעלע שיינע יונגעלייט, געקליידעט אין סאָוועטישע יוניפאָרם, וואָס האָבען זיך שפּעטער אַרויסגעצייגט צו זיין דייטשע שפּיאָנען. קיינעם האָט זיך ניט גע־חלומ׳ט אַז דער פייער וואָס וועט אַלעס פאַרניכטען איז שוין אַזוי נאָהענט.

אַרום דריי פאַרטאָג האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכע שיסעריי פון דייטשע ווייט שיסענדע אַרטילעריע. די באַפעלקערונג, שטאַרק דערשראָקען, האָבען ניט געגלויבט אַז די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען, און ברייניסק ווערט שוין באַשאָסען. זאָגאַר פאַר די רויטע אַרמייאישע קאָמאַנדירען איז דאָס געווען אַ רעטעניש. ווען עס איז ליכטיג געוואָרען איז אַלעס באַשטעטיגט געוואָרען. טיילען פון אויפגעריסענע באָמבעס זיינען פון דייטשער אָבשטאַמונג. פיעלע פאַרוואונדעטע אין די גאַסען, גיטל גורסקע, שרה און טאָכטער שמולקע בעקערס. פיעלע הייזער זיינען שוין צושמעטערט פון די קאַנאָנען. קיינער

האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אַז אין דעם זעלבען טאָג וועלען שוין די דייטשען זיין לעבען בריינסק.

פיעל אידען זיינען אַנטלאָפען פון שטאָט. בלויז איינציגע האָבען אָבער דערגרייכט זייער ציעל. די איבעריגע זיינען אָדער פון די נאַציס געכאַפּט געוואָרען אָדער געפאַלען קרבנות פון די דייטשע קאַנאָנען.

די שלאַכט אין בריינסק האָט אָנגעהאַלטען אַ פּאָר טעג. אין דער צייט זיינען אַנדערע ווידער אַנטלאָפען קיין רוסלאַנד: מאָטל נאָסקע קצב׳ס טאָכ־טער מיט איר צוויי יעריג קינד. יעקב מאַנ׳ס זוהן, שיע צאַלקעס שטיף זוהן מיט פרוי און פיער קינדער. גיטל גורסקער׳ס 16 יעריגע מיידעל. אין וועג פאַלט טויט בערל פוכאַלסקי.

אין די פּאָר טעג פון דער שלאַכט אין בריינסק האָבען זיך פיעל רויטע אַרמייער אויסגעצייכענט מיט די גרעסטע העלדען־טהאַטען. זיי האָבען פאַר־טיידיגט די שטאָט ווי לייבען. איינציגע האָבען זיך אַליין אויפגעריסען מיט די טאַנקען, ניט אַריינצופאַלען אין די הענד פון די נאַציס. די לאַגע האָט זיך געביטען אַלע פּאָר שטונדען. אָט זיינען די נאַציס אַריין און באַלד צוריקגע־טריבען געוואָרען.

דער טייל שטאָט פון קאָפּקען ביזן בריק איז אין די פּאָר טעג אינגאַנצען פאַרניכטעט געוואָרען. אין דער צייט איז חנא קאַשטאַן מיט זיין פרוי איבער־געפאָרען געוואָרען פון אַ פאַנצער, צי ס׳איז געווען אַ רוסישער אָדער אַ דייט־שער פאַנצער איז ניט באַשטימט.



חנא קאשטאן און פרוי

דעם 25־טען דזשון האָבען די נאַציס ענדליך זיך אַריינגעריסען אין שטאָט. זייער ערשטער מערדערישער אַקט איז געווען צו דערשיסען חנא

רוצקי, הערשל סטאָליערס בחור, יעקב מאַן, מאַטעס ליס מיט זיין 20 יעריגען זוהן און דעם זאַרעמבער מלמד'ס איידעם, אליה גרשון פערלמאַן.



חנא קאַשטאַנס זוהן



חנא רוצקי

די אידען אין בריינסק האָבען שוין געזעהן וואָס עס ערוואַרטעט זיי. פיעל פון די אַנטלאָפענע אין וועלדער האָבען זיך צוריק געקערט אין שטאָט, ווייל די פּאָזיציע האָט זיך דערנענטערט צו די וועלדער. אויך זיינען פיעלע פון די דייטשען צוריקגעטריבען געוואָרען אין בריינסק.

יעדען טאָג ווערען געטריבען סאָוועטישע געפאַנגענע דורך בריינסק. מען דערקענט צווישען זיי בריינסקער יונגעלייט, ניסקע אברהם אַבע דעם טאָקערס, דעם געלען מאָרדזשעס זוהן און אַנדערע. די דייטשען האָבען באַלד אָנגעפאַנגען ראַבירען, שלאָגען. אין דער זעלבער צייט האָבען זיי גע־שאַפען אַ פּוילישע מיליץ אָנגעפירט פון באַנדיט פּיעטזשאַק. זיי פירען אַרום די דייטשען און ציינען זיי וואו עס געפינען זיך אידישע הייזער. פון די הייזער ווערען אַרויסגעשלעפּט אַלעס, וועש, מלבושים, שטיקלעך סחורה. קיינער וואַגט ניט זיך צו שטעלען אַנטקעגען.

דער באַרימטער פּאָגראָמשטשיק דר. דאָמבראָווסקי וואָס האָט איינטייל גענומען אין אַלע פּוילישע פּאָגראָמען אונטער דער פּוילישער הערשאַפט, ווערט פון די דייטשען אָנגעשטעלט צו ווערען דער בירגערמייסטער. דר. דאָמבראָוו־סקי נעמט זיך גלייך צו טעראָריזירען די אידישע באַפעלקערונג. ער טראָגט זיך אַרום מיט זיין גומענער נאַגייקע. אַלע האָבען פאַרזוכט דעם טעם פון

דאמבראָווסקיס נאַגייקע. ער איז זיך נוקם אין יעדען. ספּעציעל פּאַראָרדענט ער אַז דרייסיג אידען, מערסטענס עלטערע זאָלען צונעמען דעם לענין־דענקמאָל און אים אַוועקטראָגען צום טייך. דערביי באַנוצט ער זיך מיט דער נאַגייקע צו מערדערען אַלע וואָס באַטייליגען זיך אין דער אַרבייט. ער צווינגט אידען צו טאָן די ערגסטע אַרבייט. אידען ווערען אויסגעלאַכט, באַשפּיגען און באַשפּאָט. ער פּאַרלאַנגט פון אידען גרויסע קאָנטריבוציע אין דאָלאַרען. ער גיט דרייסיג מינוט צייט צו שאַפען די געלד אונטער טויט סטראַשונקעס. אין אַלגעמיין איז ער זיך נוקם אין די אידען וואָס זיינען ערשט מיט דריי טעג פריער געווען גלייכע בירגער מיט אַלעמען. וואָס אידישע קינדער האָבען זיך געלערענט אין שוהלען גלייך מיט אַלעמען. וואָס אידען האָבען פאַרנומען רעגירונגס שטעלען. ער צווינגט אידען מיט די בלויזע הענט צו ראַמען אָבטרעטען.

חיים מאַן, אַ געוועזענער קאָמוניסטישער כלל טוהער ווערט אַרעסטירט. דאָמבראָווסקי פּאָדערט אים צו דערשיסען. משה טיקאצקי, אַ יודען־ראַט מעמ־בער נעמט זיך פאַר אים אָן. יעקב גאָטליעב וואָס וויל ניט פאַרגעסען די טעג וואָס מאַן האָט זיך באַטייליגט אין דער נאַציאָנאַליזאַציע אויף אים וויל זיך ניט אַריינמישען. ענדליך איז עס געלונגען אים אָבצוראַטעווען, חיים מאַן ווערט באַפרייט.

דאמבראָווסקי האָט זיך געפיהלט דער שטענדיגער הערשער איבער די אידען. ער האָט וואַרשיינליך געגלויבט אין זיין צוקונפט אַלס פוילישער בעל־הבית. די דייטשען האָבען געהאַט אַנדערע חשבונות.

זיי האָבען דאָמבראָווסקין ביסלעכוויז באַזייטיגט און ער איז ענדליך אַנטלאָפען. דערפאַר האָבען זיך אין בריינסק באַוויזען די געסטאַפּאָ און די זשאַנדאַרען. זיי נעמען זיך איינפירען אָרדנונג אין שטאָט.

דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון דער נייער אָרדנונג וואָס די געסטאַפּאָ האָט איינגעפירט. דאָס וועט שפּעטער זיין געטאָ, אידען־ראַט, אידען־פּאָליציי, געלע לאַטעס און אידען אויף קאַטאָרזשנע אַרבייט.

## פיערטער קאַפּיטעל

# די געלע לאַטע

איינע פון די נאַציִשע פאַראָרדנונגען אין ברײנסק איז געווען אַז אַלע אידען מוזען טראָגען געלע לאַטעס. זיי האָבען עס גערופען דעם שאַנדע צייכען. די לאַטע איז געטראָגען געוואָרען אויפ'ן ברוסט און אויפ'ן פּלייצע.

די זשאַנדאַרען, די פּוילישע פּאָליציי, און די אידישע פּאָליציי צוזאַמען מיט די יודען־ראַטניקעס האָבען שטאַרק אויפגעפּאַסט אַז די געלע לאַטע זאָל פון אַלעמען געטראָגען ווערען. די עלטערע אידען האָבען זיך שנעל צוגעפּאַסט צום געזעץ און געטראָגען די געלע לאַטעס.

די יוגענד האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען. ניט געפּאָלגט דעם געזעץ. אום זיך אַרויסצודרייען פון שווערע שטראָף האָבען זיי ערפינדען אַזאַ פּאַטענט. דאָס איז געווען צוויי שטריקלעך צו וועלכע עס איז געווען צוגעבונדען צוויי געלע טאָוולען געמאַכט אַזוי ווי אַ ציצי כנפות. אַז מען האָט פון וויטענס געזעהן אַ פּאָליציאַנט אָדער אַ יודען־ראַטניק האָט מען שנעל אַרויפגעכאַפּט דעם שטריקעל אויפ'ן האַלדז און די געלע לאַטעס זיינען שוין געווען אין פּלאַץ.

פאַר דעם קונץ האָבען פיעלע אידען באַצאָלט שווער, געכאַפּט קלעפּ און שמיץ. די לאָזונג איז געווען ביי די יוגענט בעסער שמיץ ווי טראָגען די געלע לאַטעס. עס האָבען זיך אין דער געטאָ אָבגעשפּילט שרעקליכע סצענעס. זשאַנדאַרען, פּוילישע פּאָליציי, אידישע פּאָליציי, אַלע שלאָגען פאַר'ן ניט טראָגען די געלע לאַטעס.

אין דער בולעטין וואָס דער ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדישער אידישער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבען וועגען די ברײנסקער געטאָ לעבען געפינט זיך די פּאָלגענדע געשיכטע וואו די שרעקליכע סצענע אין ברײנסקער געטאָ ווערט געשילדערט.

איטשע ברוידע, לאזער ברוידא׳ס זוהן, אַ קליינער אינגעל האָט ניט געטראָגען קיין געלע לאַטע. איטשע ווערט באַגעגענט פון אידישען פּאָליציאַנט יצחק וואַסער, מיט דער גומענער נאַגייקע וואָס האָט שוין גערעדט נאָר דייטש ניט קיין אידיש. יצחק וואַסער זאָגט צום קליינעם איטשעלען: „דו קליינער דאַנערוועטער”, וואו איז דיין שאַנדע פלעקע?” ענטפערט איטשעלע, אַז איך טראָג ניט די געלע לאַטע קענסטו ניט אויסהאַלטן? דער הויכער וואַסער רעדט ניט מער. ער דערלאַנגט איטשעלען מיט דער נאַגייקע צעהן מאָל. איטשע פאַלט אין אַ טייך בלוט. אין געטאָ ווערט אַ געלאַף. יאָסל ברוידע, דער שפּעטערדיגער העלדישער פּאַרטיזאַן קומט צו לויפען. ער פרעגט פאַר וואָס האָט דיר דער לאַנגער וואַסער געשלאָגען פאַר דער לאַטע?. „אידען, וואַרפט אַלע אַראָב די לאַטעס.” די יוגענד פאָלגט, וואַרפען אַראָב די געלע לאַטעס און רייסען אַרונטער ביי די אנוועזענדע די געלע לאַטעס. יאָסל ברוידא כאַפּט אַרויס די נאַגייקע פון וואַסער׳ס הענט און צושלאָגט אים גוט.

די איבעריגע אידישע פּאָליציאַנטען קומען וואַסער׳ן צו הילף. פּיניע קאַטלאַוויטש, מאָבעס שליעפּ, טאטקאלע און פיינסאָד שלאָגען מיט די נאַגייקעס ווען עס לאָזט זיך. לייזער וורובלע, אייזיק בענדוגער׳ס זוהן, רובין, יאָסל טשאפּ׳ס זוהן, נעמען זיך אָן פאַר ברוידא׳ן. די פּאָליציי העלדען כאַפּען צו־בראָכענע ביינער. און די נאַגייקעס זייערע זיינען שוין ביי דער יוגענד. די פּאָליציאַנטען אַנטלויפען. מען פייפט זיי אויס, מען שרייט זיי נאָך: „אידישע געסטאפּא”.

וואַסער און די אַנדערע פּאָליציאַנטען ברייגגען קלאָגעס צום זשאַנדאַר־מיע. דער רעזולטאַט איז, אַז יאָסל ברוידא און לייזער וורובלע באַקומען צו 80 שמיץ — קוים מיט׳ן לעבען געבליבען.

איך האָב דאָס ניט געקענט גלויבען. דריי מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער האָב איך נאָך געזעהן ביי יאָסלען די שטאַרקע צייכענס פון די שמיץ, וואָס ער האָט באַקומען. לייזער וורובלען האָב איך ניט געזעהן. ער איז ערגעץ אין עסטרייך. איך שטעל זיך פאָר אַז ער איז אויך אַזוי צוהרג׳עט געוואָרען. פאַר דעם גרויסען פאַרברעכען צו באַליידיגען די בריינסקער אידישע פּאָליציי העלדען, שאַנדע צו די אידישע שלעגער, רעספּעקט פאַר די אידישע העלדען.

צייטענווייז פלעגען די פּאָליציאַנטען ניט שלאָגען נאָר אַרעסטירען פאַר׳ן פאַרברעכען. זיי פלעגען גע׳משפּט ווערען אין דער געטאָ־געריכט, וואָס איז איינגעאָרדענט געוואָרען אין בריינסק.

פינקלשטיין דער יודען־ראטניק האָט אַמאָל געטראָפען משה יענטשמאַן אָן אַ געלער לאַטע. משה האָט זיך ניט פאַרבאַהאַלטען. ער האָט געדיינקט, אַז פינקלשטיין איז דאָך ניט קיין פאָליציאַנט נאָר אַ יודען־ראַטניק, וועט ער זיך מאַכען ניט וויסענדיג. צומאָרגענס איז משה יענטשמאַן געבראַכט געוואָרען פון די אידישע פאָליציי צום יודען־ראַט. פינקלשטיין באַשטראָפט אים מיט צעהן מאַרק, ווייל עס איז דער ערשטער פאַרברעכען.

דאָס זעלבע האָט אויך פאַסירט מיט חיים וועלוול פריבוט און חוה אָקאָן און אַנדערע.

משה יענטשמאַן האָט מיר איבערגעגעבען מערסטע פון די פאַקטען, וואָס באַציען זיך אויף דעם געטאָ־לעבען, אידישע פאָליציי און יודען־ראַט און צוואַנגס־אַרבייט. ביים דערציילען פון דעם אויבענדערמאָנטען פאַקט איז ער זייער געוועזן דערשלאָגען, ניט פאַר דער געלט שטראָף, נאָר פאַר שאַנדע, אַז אידישע פאָליציאַנטען האָבען אַזוי געהאַנדעלט קעגען אידען.

די יוגענד האָט זיך ניט געבויגען, ווי העלדען האָבען זיי אַלעס איבער־געטראָגען, און זיך געהאַלטען שטאָלץ מיט זייער אידישקייט. זיי האָבען זיך ניט גע׳חנפ׳עט צום דייטש, ניט געהאַלטען זייער פערזענליכע אינטערעסען העכער פון אַלעמען.

ווי העלדען האָבען זיי שפעטער געקעמפט צוזאַמען מיט די פאַרטיזאַ־נער, געפאַלען ווי העלדען, זיך ניט אונטערגעגעבען.

הערשעלע רובין און נאָך עטליכע אַנדערע יונגעלייט האָבען אין געטאָ קיין מאָל ניט געטראָגען די געלע לאַטע.

העלדישע אידישע קינדער, אייער אנדיינקען דאַרף זיין הייליג ביי אַלעמען!

### פינפטער קאַפּיטעל

## צוואַנגס אַרבייט אין ברײנסק

צוויי וואָכען נאָך דעם ווי ברײנסק איז פאַרנומען געוואָרען פון די דײטשען, האָבען די פוילישע פּאָליציאַנטען אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל אין דעם נאָמען פון דער דײטשער קאָמענדאַטור וואָס האָט געפאָדערט אַז אַלע אידען פון צוועלף יאָר און עלטער זאָלען זיך צושטעלען צום מאַגיסטראַט מאָרגען 11 אַזייגער פאַרמיטאָג. פאַר זיך ניט צושטעלען קומט טויט־שטראָף.

די אידען האָבען דעם באַפעהל אויסגעטייטשט אַז דאָס איז שוין די ענדע. איז דאָס שוין דער סוף? האָבען אַלע געפרעגט.

צו דער מינוט זיינען אַלע אידען געוועזען ביים מאַגיסטראַט, עלטערע און יונגע. מען האָט זיך געריכט, אַז דאָס גייט מען שוין צום טויט. אין דער שפּיצע פון דער גאַנצער באַפעלקערונג איז געוועזען הרב ר׳ יצחק זאב צוקערמאַן און הרב מורה הוראה ר׳ אברהם יעקב סעקערעוויטץ.

ביי יעדען איינעם קלאַפּט די האַרץ. וואָס דאַרף מען אונז? וואָס איז אונזער וויטערדיגער גורל?

ענדליך באַווייזען זיך די דײטשען אין דער באַגלייטונג פון פוילישע אונטערלעקער. זיי לייענען אויס אַ באַפעהל אַז אַלע אידען מוזען אַרבייטען. פאַר׳ן זיך אַרויסדרייען פון אַרבייט קומט טויט־שטראָף.

די אידען האָבען נאָך דעם באַפעהל אַ ביסל פרייער אָבגעאָטעמט, אַבי מען לאָזט נאָך לעבען.

פון דעם טאָג האָט מען גענומען טרייבען ברײנסקער אידען צו אַרבייטען. געאַרבייט האָט מען אויפ׳ן שאָסיי. מען האָט געאַרבייט אין פּיעטקעווע ביי טאָרף גראָבונגען. ביים רייניגען דעם פיש סטאַוו ביז׳ן האַלז אין קאַלטע וואַסער. אין דאָרף סעמיני האָבען אידען געאַרבייט ביים אויפבויען אַ פּאַלאַץ פאַר די דײטשען, וואָס האָבען אויפגעפּאסט אויף די רוטקער וועלדער. אידען

זיינען געשיקט געוואָרען אין וואַלד האַקען האָלץ. זיי פלעגען אויפקלייבען די געווער פון די שלאַכטפעלדער און דאָס טראַנספּאָרטירען צום באַן. די אונטער־שטע גאַסען וואָס פלעגען אַלע מאָל זיין זומפען, זיינען פון אידישע הענד אויסגעטריקענט געוואָרען. קאַנאַלען זיינען געגראָבען געוואָרען. פאַרפלאַנ־צונגען זיינען דאָרט געמאַכט געוואָרען. אידען האָבען מיט די הוילע הענד גערייניגט אָבטרעטען פון פוילישע הייזער און שטעלער. מען האָט אַוועקגע־שיקט קיין לאַפּי וואָס דאָרט איז די אַרבייט געווען קאַטארזשנע.

מען האָט אַלעס אַריבערגעטראָגען, האָט מען שוין אַלע אידען פון טשיזשעווע אויסגעשאָסען. האָט מען שוין אַלע אידען פון גאיינאָווקע אַרויס־געשיקט. דאָס בריינגט, אַז אידען אין בריינסק אַרבייטען פלייסיגער. מיט גוטע אַרבייט, מיט פלייסיגע אַרבייט וועט מען אפשר בלייבען לעבען. מען האָט איינגעריכטעט אין געטאָ אַ פאַבריק פון וואַליאקעס. מען האָט דאָרט שווער און ביטער געאַרבייט. די בריינסקער שוסטער האָבען צוגעשטעלט לעדערוואַרק צו די וואַליאקעס. אַלעס האָט מען געטאָן. מען האָט די דייטשען געגעבען אַלעס וואָס זיי האָבען פאַרלאַנגט, אַבי זיי זאָלען נאָר לאָזען אַרביי־טען, אַבי זיין אין בריינסק.

וואָלט כאָטש די פאַרטיילונג פון דער אַרבייט געווען דורכגעפירט הער־ליך, וואָלט נאָך געווען צו דערליידען. דאַן וואָלט די דערנידערונג ניט ווייי געטאָן אַזוי פיעל. לײדער קען מען דאָס ניט זאָגען. בריינסקער אידען גע־דיינקען, אַז הרב זיוו האָט אַליין געאַרבייט קאַטערזשנע אַרבייט און ניט ערלויבט קיין אַנדערע צו אַרבייטען פאַר אים, וואָס פיעלע האָבען זיך פרייוויליג אָנגע־באָטען דאָס צו טאָן.

די פאָדערונג פאַר אַרבייטער איז אָנגעקומען צום יודען־ראַט. דער יודען־ראַט האָט אויסגעקליבען אַ קאָמיטעט, וועלכע זאָלען באַשטימען ווער און וואו מען זאָל גיין אַרבייטען. די אַרבייטס־אַמט איז באַשטאַנען פון יצחק פינקל־שטיין, יאָסל ליעווין, און בן ציון ליעווין.

יעצט, אונטער דער נאַצישער הערשאַפט איז אָבער געווען אַן אַנדער סאָרט גייסט, ניט קיין פריינדליכער. די בעאַמטע האָבען פלוצלינג באַקומען דעם געדאַנק אַז זיי זיינען העכערע פערזאָנען, און זיי זיינען די שוטרים ביי אידען. זיי האָבען זיך ניט געפיהלט פאַרשקלאַפט גלייך מיט אַלעמען נאָר עפּעס העכערע וועזענס, וואָס קענען טאָן וואָס זיי ווילען, זיי דאַרפען זיך ניט רעכענען מיט קיינעם.

צו די ערגסטע אַרבייטען האָט מען געשיקט די אָרימסטע, די אונטער־דריקטסטע מענשען. אָדער גאָר אַזעלכע שטילע נאַטורען וואָס האָבען אַלעס אויף זיך גענומען, געשוויגען, געליטען אין דער שטיל אָן פּראָטעסטען.

פּראָטעקציע איז געווען זייער פּאָפּולער. פּראָטעקציע פון פריינד, חברים, פּאַרטיי מענשען, באַקאַנטע פון די יודען־ראַטניקעס. אויסקויף געלד האָט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע. טאָ ווער האָט געדאַרפט טאָן די אַלע אַרבייט פאַר זיך, פאַר די בעאַמטע, פאַר די גוטע געטרייע פּאַרטיי חברים פון די בעאַמטע. געוויינטליך די יעניגע פון די עלענדע נפשות אָן פריינד, אָן צדדים. פּראָ־טעסטען האָבען ניט געהאָלפען.

פיניע קאטלאַוויטש פלעגט זיי זאָגען: „באָלשעוויקעס, היינט זיינט איהר ניט קיין יחסנים, געהט אַרבייטען."

די גרעסטע באַליידיגונג איז געווען פאַר די מענשען, וואָס האָבען געאַר־בייט אין שטאָט. די דייטשע און פּוילישע פּאָליציי מיט נאַגייקעס האָבען אויפגעפּאסט אויף די אַרבייטער, די פּריווילעגירטע יחסנים פלעגען אַרומ־שפּאַצירען אין שטאָט. די וואָס האָבען געאַרבייט האָבען געזעהן און פאַרשטאַ־נען פאַרוואָס די יחסנים אַרבייטען ניט. קענט איר זיך פאָרשטעלען דעם וועטאָג, דעם גייסטיגען פּיין פון אַזעלכע לייט. מען קומט אַהיים נאָך אַזאַ אַרבייט, געפינט מען שוין אַ נייער פאַראָרדנונג פון יודען־ראַט, אויף מאָרגען ווייטער צו גיין אַרבייטען. אייניגע ווערען פאַרצווייפעלט, קומט מען ניט צו דער אַרבייט. דער יודען־ראַט שיקט די אידישע פּאָליציי, מען אַרעסטירט, מען זעצט אין טורמע פון יודען־ראַט. דער יודען־ראַט הייסט שמייסען און אידישע פּאָליציסטען שמייסען די בונטאָווטשיקעס.

וועלוול יערוסאלימסקי, פסח דעם סופר׳ס אינגעל פלעגט זיך פאַרדינגען צו אַרבייטען פאַר אַנדערע אום צו פאַרדינגען אַ פּאָר מאַרק צו ערנערען זיין קראַנקען פאָטער מיט פינף קינדער. דער יודען־ראַט זאָגט: וועלוול מוז אַר־בייטען פאַר זיך. ער בעט זיך: „מיין פאָטער, מוטער און קינדער שטאַרבען פאַר הונגער". עס העלפט ניט, וועלוול ווערט איינגעשפּאַרט. זעצט מען אים איין אין געטאָ־טורמע ביים יודען־ראַט. קיין עסען לאָזט מען ניט צו צו אים, ער ווערט ווילד, קלאַפּט אין טהיר פון טורמע: „לאָזט מיר אַרויס". ער באַ־ליידיגט די „הייליגע" פּאָליציאַנטען, פאָנטשקען, מאַנעס שליעפּן און טאָט־קאַלען. זיין שטראָף איז — 60 שמיץ, געשמיסען האָבען אים טאַקע די זעלבע אידישע פּאָליציאַנטען. ער לאָזט זיך ניט, די פּאָליציאַנטען געזונטע, אַנגע־

פרעסענע יונגען זיינען שטאַרקער פון אים. די שטעטעל־אידען זיינען צו צוזאַמענגעלאָפען ביי די געשרייען. פאָליציי צוטרייבט דעם עולם, האַלטען אָרד־נונג. און וועלוול קריגט זיינע שמיץ.

אין בריינסק האָט זיך אויפגעהאַלטען מעלעס איניקעל, זיין נאָמען איז טאַקע געווען מעלע. דער בחור פלעגט זיך אויך פאַרדינגען צו אַרבייטען פאַר אַנדערע. ער האָט זיך אויפגעהאַלטען ביי שלומה אפרים דעם קוואַסניק. ער איז געווען פון סימיאַטיטש. דער יודען־ראַט האָט באַשלאָסען אַז מעלע דאַרף גיין אַרבייטען פאַר זיי פאַר די פראָטעזשירטע אָן געלד. ער ווערט געטריבען צו אַרבייט אָן אָברוה. שלומה אפרים בעט זיך, לאָזט דעם בחור פאַרדינען אויף אַ פאָר שיך. ער גייט אַרום באָרוועס. ער איז אַ שטילער בחור אָן אָרענטליכער. בעט רחמים ביי פינקלשטיינען. מען האָט אים איינגעזעצט אין טורמע און ער האָט באַקומען נאָר 50 שמיץ. די אידישע פאָליציאַנטן זיינען געווען די שמייסערס, שטענדיג שיכורע אָן מענשליכע געפיהלען.

ערגער איז נאָך געווען ווען די צוואַנגס־אַרבייטער זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען אין דער פרעמד. דאָרט איז מען פשוט פון הונגער אויסגעגאַנגען. דער יודען־ראַט האָט אַזעלכע געדאַרפט באַזאָרגען מיט שפייז, ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן. די געלד האָט געדאַרפט זיין פאַר פאַרברייגגען אין די געטאָ־שיינקען. פאַר דעם איז געווען געלד, פאַר די אָרימע וואָס האָבען געאַר־בייט אין פיעטקעווע ביי די פיש סטאַוועו אין די קאַלטע וואַסער ביז'ן האַלדז. פאַר זיי האָט קיינער ניט געזאָרגט, ווייל ווער זיינען זיי געווען, ניט קיין אייגענע מענשען. שטאַרבט טאַקע אַזאַ בחור, דעם ווישינקער שוחט'ס אַ שיינער אינגעלע, וועלכער האָט ניט געקענט אויסהאַלטען די קעלט און הונגער. זיינע עלטערען האָבען ניט געקענט אים שיקען קיין שפייז. ביי זיי איז געווען 9 קינדער. פון שחיטה אין געטאָ האָט ער גאָרניט געהאַט.

עס קומט אָן אַ פאָראָרדנונג, אַז מ'דאַרף האָבען אַרבייטער אין לאַפּי, צום באַן. מ'האָט געוואוסט אַז פאָרן קיין לאַפּי, מיינט פאָרען שטאַרבען אין לאַפּי. די אַרבייט דאָרט מיינט צוויי מענשען מוזען טראָגען אַ רעלס. צוויי מענשען מוזען גרוזעווען אַ וואַגאָן אין 20 מינוט. גראָבען אונטער ערד קאַנאַלען. אָן עסען מיט נאַגייקעס איבער די קעפּ, דאָס האָט געמיינט לאַפּי. ווען האָט מען געשיקט אין לאַפּי? דעם זעלבען סאָרט מענשען, מיין זוהן נחמן האָט דאָרט געשמאַכט, מ'האָט צוגעזאָגט צו בייטען אין פיער וואָכען, צושיקען שפייז אַלע וואָך, פאַר די וואָס אַרבייטען אין לאַפּי. ליידער האָט

מען זיך פאַרגעסען אין זיי. ווען עס איז געקומען צום אָבשיקען די אַרבייטער זיינען די גאַנצע אידישע פּאָליציי געלאָפען אין די הייזער, געיאָגט, „שנע־לער, שנעלער!"

דער טאַטקאָלע וואָס איז שוין דאַן געווען ניט קיין פּאָליציאַנט נאָר אַ געסטאַפּאָ מיטאַרבייטער, אים געוויינטליך וועט מען ניט שיקען, ווייל דער־צו איז זיין אָנקל עפּעס פינקלשטיין, שטייט ביים אָבשיקען די פאַרטיע אידי־שע אַרבייטער קיין לאַפּי און קאָמאַנדעוועט, שנעלער שנעלער, פוילע באַנדע. ביי די אינגלעך, זיינען די הערצער פול מיט טרויער, די אויגען ברענען פון צאָרן שוין ניטאָ וואָס צו פאַרלירען. הונדערטער הענד מיט שטעקענס באַפאַלען דעם באַנדיטישען טאַטקעלע, נעמען נקמה פאַר זייער ביטערער לאַגע. שלאָגען דעם מנובל. די פאַמיליעס פון די פאַרטיע אַרבייטער גיבען צו מוטה, שרייען: „גיט אים דעם ממזר נאָך אַמאָל". ער שרייט, פּאָליציי, נאָר דער צאָרן פון די מענשען איז געווען אַזוי גרויס אַז זיי האָבען זיך ניט געשראָקען מער פאַר דער פּאָליציי. די העלדישע פּאָליציאַנטען ווערען באַפאַלען מיט אַ שרעק און צולויפען זיך ווי די מייז. קען עס זיין אַז אַביסעל געוויסען האָט זיך אין זיי דערוועקט? עס גלויבט זיך ניט. משה יענטשמאַן האָט נאָך געקוואָלען פאַר פרייד, ווען ער האָט מיר די גע שיכטע דערציילט.

עס איז אַ באַקאַנטער פאַקט, אַז די פּאָפּולערסטע אַרבייט צו וועלכע אידען האָבען געוואָלט גיין איז געווען ביי רייניגען די אָבטרעטען, ווייל דאָרט זיינען ניט געשטאַנען קיין דייטשע זשאַנדאַרען מיט נאַגייקעס. און קיין שפּאַ־צירענדע בריינסקער יחסנים זיינען דאָרט אויך ניט געווען.

אָט אַזוי איז אָנגעגאַנגען די צוואַנגס־אַרבייט אין בריינסקער געטאָ.

### זעקסטער קאַפּיטעל

# דער יודען־ראַט אין ברײנסק

ווען די נאַציס זיינען אַריין אין ברײנסק זומער 1941, האָבען זיי געפאָדערט אַז עס זאָל געגרינדעט ווערען אין שטאָט אַ יודען־ראַט.

דאָס האָט געמיינט אַז די אידען פון שטאָט זאָלען אויסקלייבען פאָרשטייער אָדער פאַרטרעטערס. וועמעס אויפגאַבען זאָל זיין דורכצופירען אַלע דייטשע פאַראָרדנונגען וועגען אויספּרעסען פאַרשידענע געלד קאָנטריבוציעס. צו באַשטימען די קאָנטריבוציעס וואָס דאַרפען פון יעדען איינוואוינער צוגעטראָגען ווערען. צו שיקען די נויטיגע צאָל אידען צו צוואַנגס אַרבייט. אין אַלגעמיין ווערען דער אינסטרומענט דורך וועמען זיי, די נאַציס זאָלען קענען אָן שוועריגקייטען האַלטען די באַפעלקערונג אין דער מורא.

זעלבסט פאַרשטענדליך האָבען ברײנסקער אידען ניט געהאַט קיין חשק צו ווערען די נאַצישע געצייג. קיינער האָט זיך ניט געוואָלט אַנשליסען אין דעם יודען־ראַט צו ווערען דער שוטר איבער די אידען אין ברײנסק.

ענדליך האָט זיך געמאָלדען פרייוויליג יצחק פינקלשטיין, אַביכעס איידעם, דאַן זיינען שוין צוגעקומען נאָך. דער פּרעזעס פון דעם יודען־ראַט איז געווען אַלטער יאַמשין. דאָס איז געווען אַ מענש וואָס האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געקענט טאָן. ביסלעכווייז האָבען זיך דריי יודן־ראַטניקעס געשטעלט אין פראָנט. מען האָט זיי גערופען די טרויקע, דאָס זיינען געווען יצחק פינקלשטיין, יעקב גאָטליעב, און משה טיקאָצקי. דער יודען־ראַט איז באַשטאַנען פון צוועלף מענשען.

זייער אַרבייט האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט די דורכפירונגען פון די נאַצישע באַפעהלען, זאַמלען קאָנטריבוציע געלדער, שיקען אידען אויף צוואַנגס־אַרבייט, איינאָרדענען וואוינונגען פאַר די אידען אין געטאָ, באַזאָרגען די אידען מיט שפּייז לויט די ברויט קאַרטען און שאַפען אַן אידישע פּאָליציי צו העלפען

אַז די אַרבייט זאָל דורכגעפירט ווערען, און אויפצופּאַסען אַז די געלט לאַטע זאָל פון אַלעמען געטראָגען ווערען.

מען קען זיך פאָרשטעלען, אַז דער יודען־ראַט אַלס אַ כלל האָט באַקומען די געלעגענהייט צו נעמען פאַר זיך און זייערע קרובים אָדער אַנדערע גוטע ברידער פיעלע פּריווילעגיעס. זיי האָבען דיזע מעגליכקייט אויסגענוצט זייער גוט. זיינען געוואָרען די פּריווילעגירטע מענשען אין שטאָט. אויב יעמאַנד האָט ניט געהאַט קיין יודען־ראַטניק אין זיין משפחה אָדער אַ פּאַרטיי־פריינד איז ער געווען שוצלאָז. אַנטקעגען אַזעלכע אָרימע דערשלאָגענע, אָדער אַר־בייטער ספּעציעל אַזעלכע וואָס האָבען געהאט אַ סאָוועטישען רעקאָרד, האָט דער יודען־ראַט אויסגענוצט זיין פולע מאַכט. די פּריווילעגירטע יחסנים זיינען געוויינטליך געווען פרייער, זיי האָבען זיך געקענט באַוועגען מער. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ שרעקליכע פאַרביטערטקייט צווישען דער אידישער באַפעלקערונג. ספּעציעל ביי די וואָס זיינען געווען פון די ליידענדע.

עס מוז אָבער באַשטעטיגט ווערען, אַז דער בריינסקער יודען־ראַט איז געווען אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעטישע יודען־ראַטניקעס צדיקים. בריינסק איז באַשערט געווען צו האָבען אַ נאַצישען הויפּט־זשאַנדאַר, אַ מענשען מיט אַ געוויסען טייל אַנשטענדיגקייט. ער פלעגט וואָרענען די בריינסקער אידישע באַפעלקערונג ניט אַרויסצוגיין אין גאַס, ווען דזשאַנדארען פון טשעכענאָפצע דאַרפען פאַרבייפאָרען, צו זיין זיכער מיט זייערע לעבענס.

עס איז אויך באַשטעטיגט פון זאַוול רובינשטיין, אַז בריינסקער געטאָ־אידען האָבען צוליב כאַבאַר געוויינטליך, געהאַט פאַרשידענע מעגליכקייטען צו האַנדלען, ברייגען שפּייז און סחורות צו און פון אַנדערע געטאָס. אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז מען דאַנקבאַר געווען די אידען פון בריינסקער געטאָ פאַר די שפּייז און סחורות וואָס די בריינסקער פלעגען דאָרט ברייגען.

די יודען־ראַטניקעס האָבען פאַר די טובות באַקומען גוטע אנערקענונג. ס'איז געווען פרנסה פאַר זיי אויך.

אברהמציע טאָפּ, הערשל פלאַטראַטס איידעם פלעגט זאָגען: „איר הערט, אידען, אַז מיר וועלען איבערלעבען די מלחמה, וועלען מיר מאַכען אַ יודען־ראַט, ווייל ס'איז דאָ פרנסה".

קיין מעשים ווי די טשעכענאָפצער יודען־ראטניקעס פלעגען אָבטאָן, האָט אין בריינסק ניט פּאַסירט. בריינסקער יודען־ראַט האָט קיינעם ניט אַרויס־געגעבען, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אין לעבענס־געפאַר.

די טשעכענאָפּצער יודן־ראַטניקעס פלעגען קומען אין בריינסק כאַפּען אַנטלאָפענע אידען פון זייער געטאָ. מיט דער הילף פון פּוילישע פּאָליציי זיי אָבשיקען קיין טשעכענאָפּצע, צו די זשאַנדאַרען. דאָרט האָט זיי ערוואַרטעט דער טויט דורך פאַרשידענע אינקוויזיטאָרישע מיטלען. זייער שוידערליכע געשרייען און גוואַלדען האָבען ניט ווייך געמאַכט די הערצער פון יודען־ראַט־ניקעס, וואָס האָבען צוזאַמען מיט זשאַנדאַרען ביי אַ שנאַפּס פאַרבראַכט. זיי זיינען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייער אַרבייט.

צוויי בריינסקער אײדעמס, דער צוקערקע מאַכערקעס און דער פּאָפּלאָווערס זיינען געווען אין בריינסק פאַרבאַהאַלטען, זיינען פון די טשעכענאָפּצער יודען־ראַט באַנדיטען איבערגעגעבען געוואָרען צו אַזאַ טויט.

עס איז באַוואוסט, אַז אַרום 600 אידען האָבען געפונען זייער שרעקליכען טויט צוליב שיינע מעשים פון די יודען־ראַטניקעס אין טשעכענאָפּצע.

איצט וועלען מיר אייך געבען די באַשרייבונגען פון די בריינסקער יודען־ראַטניקעס.

משה טיקאצקי. — דער הויפּט פיהרער און וואָרט זאָגער אין יודען־ראַט, זיין אַרבייט איז געווען צו שאַפען געלד. ווייל פאַר געלד האָט מען געקענט עפּעס דורכפירען. ער האָט געהאַט שכל, האָט זיך מיט קיינעם ניט איינגערעסען. זיינע אַדיוטאַנטען האָבען געטאָן די אַרבייט פאַר איהם.

עס מוז באַמערקט ווערען אַז אין פעלע ווען דאָס לעבען פון בריינסקער אידען זיינען געווען אין געפאַר, האָט משה טיקאצקי איינגעשטעלט זיין לעבען צו ראַטעווען די דאָזיגע מענשען.

עס האָט פּאַסירט אַז יענקל רובין, און משה קאַמען זיינען אַנטלאָפען פון לובלינער קאָנצענטראַציע לאַגער, און געקומען אין בריינסק. די לובלינער זשאַנדאַרמיע האָט אַרויסגעשיקט צו די ביעלסקער זשאַנדאַרמיע אַ פאַרלאַנג אַז די צוויי אידען מוזען אונטער אַלע אומשטענדען געבראַכט ווערען צוריק קיין לובלין. דאָס האָט געמיינט זיכערער טויט פאַר די צוויי בריינסקער אידען. אַלע אין שטאָט האָבען געוואוסט אַז זיי געפינען זיך אין בריינסק. משה טיקאצקי האָט געדאַרפט דורכפירען די אַרבייט. טויט שטראָף פאַר צענד־ליגער בריינסקער אידען וואָלט געווען זיכער, ווען דער פאַרלאַנגט ווערט ניט דורכגעפירט.. ער האָט זיך ניט דערשראָקען, איז אַוועק צו שומאנסקין, איםגע אָגט, אַז זיי וועלען קיין אידען ניט אַרויסגעבען, ניט אַכטענדיג אויף דער געפאַר פאַר זיי.

דורך די מענשליכע געפיהלען וואָס שומאַנסקי האָט באַזעסען און די קלוגע טאַקטישע האַנדלונג פון משה טיקאצקין, וועלכער האָט באַשטימט ער־קלערט פאַר דער גאַנצער זשאַנדאַרמעריע, אַז די צווי אידען זיינען ניטאָ אין בריינסק, און באַשטעטיגט פון אַנדערע בריינסקער זיינען זיי געראַטעוועט געוואָרען פון אַ זיכערען טויט. זיי האָבען איבערגעלעבט די מלחמה. דאָס האָט געקאָסט פיעל געלד, ווייל שומאַנסקי האָט זיך געלאָזען גוט באַפרידיגען פאַר אַזעלכע טובות.

עס האָט פּאַסירט אַז די ברידער אליענצקי זיינען צוזאַמען מיט בערטשע יענטשמאַן אַרעסטירט געוואָרען פאַר'ן פאַרברעכען צו פיהרען שפּייז און אַנדע־רע געטאָ שטעט. זייער לעבען איז געווען אין געפאַר, ווייל דאָס איז שוין ניט געווען דאָס ערשטע מאָל, די שטראָף איז טויט. משה טיקאצקי האָט זיך ניט אָבגעשטעלט פאַר קיין געפאַר. ער האָט אַלעס דורך שומאַנסקי'ן דורכ־געפירט זייערבאַפרייאונג, האָט זיך ענטזאַגט צו נעמען געלד פון די באַפרייטע.

יצחק פינקלשטיין, אַ נאַרישער איד, קיין טובה האָט מען פון אים קיינמאָל ניט געקראָגען. ער האָט געזוכט פרנסה, דערפאַר האָט ער גערופען בענצל רובין „פּאַניע רובין", ווייל פּאַניע רובין איז געווען אַ קוואַל פון פרנסה. בענצל רובין איז קיין מאָל ניט געשיקט געוואָרען אויף אַרבייט. פאַר בענצלען איז יצחק פינקלשטיין געווען אַ גוטער יודען־ראַטניק. דאָס דערציילט יעקב רובין דעם רויטען אָנס זוהן.

יעקב גאָטליעב. אין בריינסק האָט מען אים גערופען „גאָטליעב בעל טובה". ער האָט זיך ניט אויסגעצייכענט אַלס צו גוטער מענש. וואַרשיינליך איז ער געווען פאַרביטערט, וואָס די קאָמוניסטען האָבען זיין פאָטערס געשעפט נאַציאָ־נאַליזירט. ער איז געווען שטאָט ראַטהמאַן פון דער פועלי ציוניסטישער פאַרטיי. ווי קומט אַזאַ צו ווערען אַ יודען־ראַטניק?

בן ציון זאַרעמבער. פּראָוויאַנט קאָמיסאַר אין געטאָ. ער האָט זיך מיט אַלעמען אַרומגעריסען, מיט אַלעמען זיך געקריגט. ער האָט זיך ריכטיג צוגע־פּאַסט צו דער אַרבייט.

ליעווין דער רוטקער, חיים יאָסל שאַפּיראָ'ס איידעם. ער איז געווען אַרבייטס־פאַרטיילונג־קאָמיסאַר. יצחק פינקלשטיין איז געווען דער וואָס האָט אים געפירט און קאָנטראָלירט. האָט מען צוזאַמען געשטעלט אַרבייטס־ליסטען, מערסטענס פון די אָרימע עלענדע יונגעלייט. מען האָט שטאַרק אויפגעפּאַסט

אַז קיין פריינד פון די יודען־ראַטניקעס זאָל חלילה ניט גענומען ווערען אויף אַרבייט.

יחיאל דאָן. יאַשע קרינסקי, יעקב דוד'קעס זיינען געווען די יעניגע וואָס האָבען צונויפגעשטעלט די רשימות פאַר שטייערען.

אברהם נאַדאָבראָצקי, חיים יאָסל שאַפּיראָ, אייזיק זייפמאַן, מאָטל ריהמער, פייוועל שאַפּיראָ, חנינה חפץ, מאיר וואָלטישנסקי זיינען געווען יודען־ראַטניקעס.

אַרום דעם יודען־ראַט האָבען זיך געדרייט מאַכערס, אונטערשטופּערס, געזוכט טובות פאַר זיך, פאַר באַקאַנטע פּאַרטיי מענשען.

ישיע צוקער, שלומה קאַנטשיקס איידעם. דער צוקער האָט געהאַט אַ ספּעציעלע פעהיגקייט צו ווערען אַלע מאָל דער מאַכער, ווען די סאָוועטישע מאַכט האָט איבערגענומען בריינסק, און די בריינסקער קאָמוניסטען זיינען געוואָרען די הויפּט הערשער און בעלי־בתים אין שטאָט איז שיע צוקער געווען פון די קאָמוניסטישע כלל־טוהער, געוואָרען דער אָפּיציעלער אויפפּאַסער אַז אידען זאָלען איבערגעבען אַלע זייערע סחורות צום סאָוועט און באַקומען דערפאַר אַ פּאָר נישטיגע גראָשענס. זאַוול רובינשטיין, איינער פון די געראַטעוועטע, איצט אין ניו יאָרק, דערציילט פון זיינע ערפאַהרונגען אין יענער צייט מיט ישיע צוקער אַלס הויפּט פון דער סאָוועטישער רעזשים. ווען דער רוסישער הויפּט בעאַמטער האָט צוגעזען צוקער'ס איבערטריבענע טרייהייט צום סאָוועט, און האָט אים, זאַוולען באַפרייט טראָץ דעם וואָס ישיע צוקער איז באַשטאַנען אַז ער דאַרף באַשטראָפט ווערען, פאַר דעם גרויסען פאַרברעכען וואָס ער, זאַוול איז באַגאַנגען קויפענדיג עטליכע פעלעכלעך וואָס ער האָט באַנוצט צו זיין באַשעפטיגונג אַלס לעדער אויסאַרבייטער.

איצט אין יודען־ראַט איז ישיע צוקער ווידער טהעטיג אין פאַרשידענע אַמטען איז אויך געווען יעקב גאָטליעב'ס אונטערשטופּער. ער האָט געזעהן אַז צו אַרבייט זאָלען געשיקט ווערען בלויז חברה פון אַנדערע פּאַרטייען. זיין לעצטער אַמט אַלס פּאָליציי קאָמענדאַנט האָט שוין געפירט צו דער שרעקליכער טאַט אַרויסצוגעבען אידען אין די פאַרבאַהאַלטענע קעלערען פון דער געטאָ.

דאָס זיינען געווען די בריינסקער יודען־ראַטניקעס. זיי האָבען זיך אינטערעסירט צו מאַכען קאַפּיטאַל, האָבען ניט באַמערקט אַז אַלע שטעטלעך אַרום בריינסק זיינען שוין יודען־ריין.

(לויט משה יענטשמאַנס ערקלערונג).

ס׳איז טרויעריג געווען אַז בריינסקער געטאָ אידען האָבען שטאָלצירט מיט׳ן נאַצישען בירגערמייסטער און גערעדט שלעכטס אויפ׳ן בריינסקער יודען־ראַט, זאָגען אַז דער יודען־ראַט האָט אַלע מאָל געהאַנדעלט ערליך, לאיאל קען מען אויך ניט. זיי האָבען אין פיל פעלע מיסגעברויכט זייער מאַכט, און שיקען מענשען צו דער אַרבייט און אויך אין נעמען שטייערען.

## זיבעטער קאַפּיטל

# די ברײנסקער אידישע פּאָליציי

די פּאָליציי אין ברײנסק איז באַשטאַנען ערשטענס פון דעם אַמטס־פּאַר־שטייער ליוטענאַנט שומאַנסקי מיט זיינע זיבען זשאַנדאַרען. ווען איינער פון די זשאַנדאַרען האָט נאָר זיין בליק געוואָרפען אויף אַ אידען איז שוין ביים אידען אָבגעשטאָרבען הענט און פיס.

די פּוילישע פּאָליציי וואָס האָט געהאָלפען די זשאַנדאַרען איז באַשטאַנען פון אַלע אונטערוועלט־מענשען, געוועזענע פּאָגראָמשטשיקעס. זייער קאָמענ־דאַנט איז געווען פּיעשאַך. די נאַגייקע איז פון זיין האַנט קיין מאָל ניט אַרויס. זיין ספּעציעלע ליידענשאַפט איז געווען צו שלאָגען מיט דער נאַגייקע אידישע פרויען. מיין שוועסטער טשעשע און צביה יענקל וואָיטעק׳ס פרוי און פיעל אַנדערע ווייסען וואָס ס׳מיינט צו באַקומען געשלאָגען פון פּיעטשאַך׳ס נאַגייקע. דער געהילפס קאָמענדאַנט איז געווען אַ פּאָליאַק פּאָליקאָווסקי, אַן אונטער־וועלטניק און אַ אידען־שלעגער. די קינדער פון זשעוואוצקען, פּאָגראָמשטשיקעס נאָך פון אַלע יאָרען, איינער מאַרקאָפּסקע פון שייער געסעל, דער מאַרקאָפּסקי האָט אויף זיין געוויסען אַמווייניגסטענס 50 קרבנות. ס׳איז אויך געווען אַ מיכאל פּאַנאַשוק אַ פּראָסטער גנב.

אָט צו די זשאַנדאַרען און פּוילישע פּאָליציסטען איז נאָך צוגעקומען די אידישע פּאָליציי, אויך רעקרוטירט מערסטענס פון נידעריגע עלעמענטען. דער קאָמענדאַנט פון דער אידישער פּאָליציי איז געווען יצחק וואַסער, זייער ניט קיין סימפּאַטישער מענש (דער הויכער וואַסער) אויך שטענדיג מיט דער נאַגייקע, גערעדט נאָר דייטש. דער הויכער וואַסער האָט שטאַרק אויפגע־פּאַסט, אַז אידען אין געטאָ זאָל טראָגען די געלע לאַטע.

זיין געהילף קאָמענדאַנט ישיע צוקער יודען־ראַטניק, שפּעטער געוואָרען פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ער האָט זיך איינגעקויפט שטענדיגע עולם הבא מיט

זיין ברייגגען געשטאפּאָ צו אידישע סכראַנען ביי וועלכע זיבעציג אידען זיי־
נען דערשאָסען געוואָרען.

פּיניע קאָטלאָוויטש. אַ שטענדיגער וואָכער נעמער, פון די אידען וואָס
פלעגען אַמאָל אַריינשמוגלען עפּעס אין געטאָ, שפּייז אָדער אַנדערע אַרטיקלען
האָט פּיניע באַקומען זיינע וואָכערס, געזוכט פּרנסה. אַ מיאוסער טיפּ געווען,
זיך גע׳חבר׳ט מיט די פּוילישע פּאָליציאַנטען, געטרונקען לחיים מיט זיי.

טאַטקאַלע אַביכעס אייניקעל. דער געטרייסטער פּאָליציאַנט פאַר די
דייטשען. דער אָפּיציעלער צוטראָגער צו דער געשטאַפּאָ. ער איז געווען
דער באַשטעלער פון אַרבייט. עס איז אָנגעקומען זייער שווער אים צו דער־
ווייטערען פון דער פּאָליציי. זיין אָנקל פינקלשטיין, דער יודען־ראַטניק האָט
אים אַלע מאָל פּראַטעזשירט. דאָך איז ער פאַר זיינע מעשים אָבגעזאָגט געוואָ־
רען. ביי דער ליקווידאַציע האָט זיך טאַטקאַלע פרייוויליג געשטעלט צו די
דינסט ביי די זשאַנדאַרען. ער האָט געהאָלפען צו שטופען די אידען אין די וואַגאָ־
נעם אַריין. וואַרשיינליך האָט ער געוואָלט בלייבען מיט אַ גוטען נאָמען ביי די
דייטשען. זיי האָבען אים אָבגענאַרט, האָבען אים אַריינגעשטופּט אין וואַגאָן
גלייך מיט אַלע בריינסקער אידען — ס׳איז אמת אַז אים האָבען די דייטשען
אַריינגעשטופּט צום לעצטען.

בעלקע, אַלטער קצב׳ס זוהן, צווייטער נאָמען פּיינסאָד, שטענדיג מיט
דער נאַגייקע, געשמיסען מעלעס אייניקעל פאַר ניט גיין אַרבייטען. ער איז
געווען נאַטשאַלניק פון געטאָ־טורמע, האָט זיך אויך געריכט איבערצולעבען.

מאַנעס סקאַוואָנעק מיט׳ן צונאָמען שליעפּ. אַ הויכער איבערגעוואַקסע־
נער פוהרמאַן. זייער אַ מיאוסער יונג. ביי דער ליקווידאַציע איז ער אַנטלאָפען.
ער האָט זיך ניט פאַרלאָזען אויף די זשאַנדאַרסקע גוטהאַרציגקייט, ניט גע־
וואָלט פאָרען צו טרעבלינקע. ער איז שפּעטער אומגעקומען אין פּאַטאַק. איך
האָב געגעבן זיין מערדער, אַריינגעבראַכט אַ קלאַגע אין געריכט, ווייל דער זעלבער
מערדער האָט ערמאָרדעט יענקל שווירידער מיט מאַנעסעס פּאָטער.

וועלוול האַלפּערען, אינדיטשקעס אייניקל. אייזיק שוסטער סאָמיכאָדניק,
שמחה פּאָם, קאָפּקעס אייניקל, וועלוול ראָזענבלום, לייב שאַפּיראָ, מאיר וויש־
נעוויץ, קאָפּקעס אייניקל, ראַדזינקע אַ סעמיאַטישער, זיינען אויך געווען אידישע
פּאָליציאַנטען.

קיין נחת האָבען בריינסקער אידען ניט געהאַט פון זייער אידישע פּאָליציי.
זיי האָבען געדיינקט, אַז מען וועט זיי פאָלגען, גיין אַרבייטען, וועט מען אפשר

לעבען בלייבען, ליידער, זיינען בלויז אייניגע פון די אַנטלאָפענע לעבען געבליבען. אייניגע פון די פּאָליציי ווי שמחה פּאַם, וועלוועל האַלפּערען און לייבקע שאַפּיראָ זיינען שפּעטער אין וואַלד געווען טהעטיגע פּאַרטיזאַנער, זיי האָבען געקעמפט גלייך מיט אַלעמען ווי העלדען.

אין אַלגעמיין איז אָבער די אידישע פּאָליציי געווען זייער אויף אַ נידע־ריגע מדרגה. נאָך יעדער אַקציע וואָס מ׳האָט דורכגעפירט, למשל יאָגען אידען אויף אַרבייט אָדער צונעמען ביי אידען פעלצען אָדער בעטגעוואַנט פלעגען זיך די אידישע פּאָליציאַנטען צוזאַמענקומען מאַכען אַ שנאַפּס. קיינער האָט זיך קיין רעכענונג ניט אָבגעגעבען. יעדער איז געווען פאַר זיך, און קיינעם ניט געוואָלט קענען. זייער אַרבייט האָבען זיי באַטראַכט פאַר אַ כשר׳ע פּרנסה. טאָמער האָט ווער זיי געמאַכט פאָרווירפע אויף זייערע האַנדלונגען, האָבען זיי געהאַט איין ענטפער, באָלשעוויק. די צייט פון דיין מאַכט איז שוין אַוועק. יעצט זיינען מיר די מאַכט און איר מוזט אונז פאָלגען. דערצו פלעגען זיי זייער אָפטער דערטראָגען צו די זשאַנדאַרען כדי די באַפעלקערונג זאָל זיך פאַר זיי שרעקען און פאָלגען.

יאָ, די אידישע פּאָליציאַנטען האָבען געהאַט די מאַכט און זיי האָבען די מאַכט זייער גוט אויסגענוצט. זיי האָבען זיך זייער צוגעפּאַסט צו דער טרויעריגער צייט.

ביים ענדע איז דער הויכער וואַסער אָבגעזאָגט געוואָרען. ער האָט זיך שוין געפיהלט שטאַרקער ווי דער יודען־ראַט, איז ער פאַרביטען געוואָרען. ישיע צוקער נעמט איבער דעם אַמט פון פּאָליציי קאָמענדאַנט. די אויפגאַבען פון דער אידישער פּאָליציי איז געווען מערסטענס צו נעמען מענשען אויף אַרבייט, אַז מען איז ניט געגאַנגען מיט גוטען האָט מען גענומען מיט גוואַלד. צווייטענס האָבען די פּאָליציי געדאַרפט זעהען אַז די שטייערען זאָלען אַריינ־קומען. פאַר ניט באַצאָלען האָט מען די בעביכעס רעקווירירט.

פאַרשטייט זיך אַז וואָס מער דער יודען־ראַט האָט פאַרגרעסערט די שטייערען אַלץ מער האָט די אידישע פּאָליציי געדאַרפט מאַכען רעקוויזאַציעס פון די לעצטע בעטגעוואנט, מלבושים, און וואָס מען האָט נאָר געקענט קריגען.

## אַכטער קאַפּיטעל

# בריינסקער געטאָ

באַלד ווי די דייטשען זיינען אַריין אין בריינסק האָבען זיי פאַראָרדענט אַז עס מוז געשאַפען ווערען אַ געטאָ.

דער בירגער מייסטער איז דאַן געווען אַן עלטערער דייטש מיט'ן נאָמען שטורמאַן. לויט משה יענטשמאַן באַשרייבט, איז דער שטורמאַן געווען אַ גוטער מענש. בריינסקער אידען, שרייבט משה, האָבען שטאַלצירט מיט דעם שטור־מאַנען בעסער ווי מיט זייערע אייגענע יודען־ראַטניקעס. אמת דער שטורמאַן האָט זיך געלאָזען גוט באַצאָלען פאַר די טובות, דאָך איז ער געווען פריינדליך, ניט קיין חיה. ער האָט דעם באַפעהל פון דער געטאָ אַלע מאָל אבגעלייגט. דאָס האָט געמיינט אַז אידען האָבען נאָך געהאַט אַ ביסעל האָפנונג. ווען שטור־מאַן איז אַוועקגעפאָרען, איז אַ געוויסער דייטש בארווינסקי געווען זיין שטעל־פאַרטרעטער. דער בארווינסקי פלעגט אָנטאָן די גרעסטע צרות אין די פאַר טעג וואָס ער איז געווען הערשער אויפ'ן פלאַץ פון שטורמאַנען. ער פלעגט אויספרעסען פון אידען אַלעס וואָס ער האָט נאָר געקענט. דערצו זיינען געווען אַכט זשאַנדאַרען. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיי אַלעמען געדאַרפט באַ־זאָרגען מיט די בעסטע קליידונג און פרעסען. ווען יעמאַנד פון זיי איז אָבגע־פאָרען אַהיים אויף אורלויב איז גאָר ניט געווען גענוג זאַכען פאַר זיי מיט־צונעמען. אַלעס האָט מען זיי געדאַרפט געבען פאַר זייערע פאַמיליעס אין דער היים. פון די לעצטע האָט מען זיי באַזאָרגט.

דאָס האָט דער שטאָט געקאָסט פיעל געלד. צו שאַפען די סומע האָט דער יודען־ראַט פאַרגרעסערט די שטייערען אויף אַלעמען. ענדליך האָט שטורמאַן געצוואונגען אַז די געטאָ מוז שוין געשאַפען ווערען. ער האָט שוין וואַהר־שיינליך ניט געקענט מער באַקומען פון די אידען קיין כאַבאַר, אָבער ער איז דערצו געצוואונגען געוואָרען פון די העכערע בעאַמטע.

ער האָט ערלויבט אַז די שטאָט זאָל זיך אַליין אויסקלייבען וועלכען טייל פון שטאָט זי וויל מאַכען פאַר דער געטאָ. עס האָט זיך אַנטוויקעלט מחלוקות, וויילביידע זייטען פון שטאָט האָבען געוואָלט זייער זייט זאָל ווערען די געטאָ. די געטאָ איז געשאַפען געוואָרען אין לינקען זייט פון שטאָט, קומענדיג פון די בריקען. פון סאַנען ביז יענקיטשקעס הויז. די הינטער גאַס פון שפּיטאָל ביז דזשעזשינשטשיכען. שייער געסעל ביז'ן פלאָנעווער.

קיין סך הייזער זיינען אין דער גאַס שוין ניט געווען. מערסטע זיינען געווען פאַרברענט און פאַרניכטעט. איז ניט געווען גענוג פּלאַץ אַריינצושפּאַרען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג אין די ביסעל הייזער וואָס זיינען דאָרט געבליבען. שטורמאַן האָט ערלויבט אַז די גאַס פון יחיאל לייבן ביז לייזער קצב זאָל אויך ווערען אַ טייל פון דער געטאָ. דאָס האָט זיך גערופען די קליינע געטאָ. די קריסטען וואָס האָבען זיך געפונען אין דער געטאָ האָבען געמוזט זיך אַרויסציען, און אַלע אידישע פאַמיליעס זיינען אַריינגעשפּאַרט געוואָרען אין דער געטאָ.

ביי דעם אַריינציען זיך אין געטאָ זיינען פאָרגעקומען שוידערליכע סצע־נעס. הערשל פלאַטראָט האָט זיך אויסגעצויגען אין זיין הויז מיט די פיס צום טהיר און ניט געוואָלט אַרויס פון זיין הויז. איך ווייס אַז פון דער געטאָ וועט מען שוין קיין לעבעדיגע ניט אַרויס, האָט ער געזאָגט. די הייזער וואָס זיינען פון די אידען אָבגעליידיגט געוואָרען זיינען באַלד פון קריסטען באַזעצט געוואָרען. זיי האָבען געוואַרט אויף דעם און זיך דערוואַרט.

דאמבראווסקי האָט שוין איינגעטיילט די הייזער צו די קריסטען, וואָס האָבען זיך דערצו פאַרדינט. די פּאָליאַקען האָבען חוצפּה'דיג זיך באַזעצט אין די אידישע הייזער, געהאַנדעלט אין די אידישע קראָמען מיט אידישע האָב און גוטס.

אין געטאָ איז געוואָרען אַ שרעקליכע ענגשאַפט — פיער און פינף פאַמיליעס אין איין צימער, דאַרפען אַלע קאָכען אין דער זעלבער קיך, האָט מען זיך שטענדיג געקריגט, מען איז זיך אַליין פאַרמיאוסט געוואָרען. די דייטשען האָבען פון דער לאַגע געקוואָלען. זיי פלעגען זאָגען, אַז אידען קענען לעבען אין אַ פאַרמאַכטע פלעשעל אויך.

די ברויט־קאַרטען זיינען פאַרקלענערט געוואָרען אויף 125 גראַם אַ טאָג. קיין בהמות אָדער עופות האָט מען אין דער געטאָ ניט אַריינגעלאָזט. די קריסטען האָבען שוין געזעהן אַז דאָס זאָל בלייבען ביי זיי.

דער הונגער איז געוואָרען גרויס. מענשען האָבען געזוכט מיטלען אַריינצוקריגען אַ ביסעל שפייז. האָט מען איינגעשטעלט דעם לעבען זיך אַרויסגעכאַפּט פון געטאָ, געבראַכט פון ביאַליסטאָק לעדער סחורה און פאַר־קויפט. אַרבייטער האָבען זיך אַרויסגעכאַפּט צו קריסטען אַרבייטען פאַר אַ שטיקעל ברויט, טאָמער האָט מען וועמען געכאַפּט האָט ער באַצאָלט מיט'ן לעבען, טראָץ דעם וואָס די אַלע זשאַנדאַרען, פּאָליציסטען, און יודען־ראַטניקעס האָבען באַקומען זייער כּאַבאַר. די באַפעלקערונג האָט אָבער געליטען הונגער, האָט מען דעם לעבען איינגעשטעלט און געפּאַרען. אַנדערע זיינען אַוועק צופוס, געקריגען אַ ביסעל פּראָדוקטען, געבראַכט אין געטאָ. אידישע קצבים פלעגען אַמאָל אַריינשמוגלען אַ קוה שעכטען אין געהיים און פאַרקויפען די פלייש אויף שבת. אויף פסח האָט מען אין געהיים געבאַקען מצות פון קאָרענע מעהל.

די דייטשען האָבען געעפענט אַ פאַבריק פון וואַליאַקעס, האָבען די שוס־טער געמוזט צושטעלען לעדערוואַרג צו באַשוכען די וואַליאַקעס.

די געטאָ איז נאָך ניט געווען אָבגעשלאָסען. אידען זיינען ערלויבט געווען צו באַזוכען די קליינע געטאָ. די פון דער קליינער געטאָ פלעגען קומען צו דער גרויסער געטאָ. דאָס אַלס אַ דאַנק שטורמאַנען, וואָס אַנטקעגען אַנדערע בירגערמייסטער איז ער געווען אַ צדיק. בריינסקער אידען האָבען אים גערופען דער זיידע.

אין דער געטאָ פלעגט זיך צייטענווייז באַוויזען אַ דייטשע צייטונג „דער פעלקישער בעאָבאַכטער". פלעגען זיך אידען פון דער געטאָ ניט אין קיין אַר־בייטס טאָג פאַרזאַמלען און לעזען די נייעס פון די צייטונגען, איבערהויפּט האָבען זיי געלעזען צווישען די שורות. ווען „דער פעלקישער בעאָבאַכטער" שרייבט אַז די דייטשען האָבען צוריקגעטראָטען צוויי מייל אויפ'ן רוסישען פראָנט, פאַרשטייט מען שוין אַז עס איז פופציג מייל.

זעלבסטפאַרשטענדליך האָט מען זיך שנעל אַריינגעכאַפּט אין די הייזער, ווען מען האָט געזעהן אָנקומענדיג אַ זשאַנדאַר אָדער אַ פּוילישען פּאָליציאַנט, אָדער אַ יודען־ראַטניק.

אין געטאָ איז געווען אַ טורמע פאַר די וואָס מען האָט געדאַרפט אַרעס־טירען פאַר ניט גיין אַרבייטען אָדער פאַרן ניט באַצאָלען די שטייערען. עס איז אויך איינגעפירט געוואָרען אַ געריכט־הויז. צו סעטלען פאַרשידענע סכסוכים, וואָס פלעגען פאָרקומען צווישען אידען. אַדוואָקאַט וואָלקאָוויטש איז

געווען דער ריכטער. בייזיצער פלעגען זיין הרב סעקארעוויטש, אַמאָל הרב קאַגאַן, מרדכי גאָלדע און אַנדערע. די אידישע פּאָליציי פלעגט דאַרפען דורכ־פירען דעם געריכטס פּסק.

דער יודען־ראַט האָט אין אָנפאַנג געהאַט זיין קוואַרטיר ביי רובינען אין האָטעל, שפּעטער האָט ער זיך אַריינגעצויגען אין נייעם בית־המדרש.

די אידען זיינען געווען פאַרבאָטען צו גיין אויפ׳ן טראָטואַר, זיי האָבען געמוזט גיין אין מיטען גאַס מיט די בהמות און פערד. די ענגשאַפט אין געטאָ ווערט גרעסער ווייל פיל אידען פון ליקווידירטע שטעט וואָס האָבען זיך געראַ־טעוועט זיינען אָנגעקומען קיין בריינסק. גוט אַ חיי שעה. פּאַר אַזעלכע אָנגע־קומענע האָט מען געשאַפען וואו צו שלאָפען. אויך שפּייז איז באַזאָרגט געוואָרען. דורך עסען טעג. יעדערער פלעגט געבען עסען אַלע טאָג אַן אַנדער פּערזאָן פון די געראַטעוועטע אידען פון אַנדערע געטאָס.

הערשל פּלאַטראַט איז געכאַפּט געוואָרען פון אַ דייטש טראָגענדיג אַ קוואָרט מילך אויסער דער געטאָ. דער דייטש פרעגט הערשלען, וואָס טראָגסטו? „מילך", ענטפערט הערשל שטאָלץ. הערשל קריגט גוט צושלאָגען. ביים אַוועק־גיין זאָגט הערשל צום דייטש, איך בין שוין זעכציג יאָר אַלט, דו וועסט קיין זעכציג יאָר ניט דערלעבען.

אידישע שניידער, שוסטער און אַנדערע פאַך אַרבייטער ריזיקירען און גייען אין די דערפער אַרבייטען. אַז אַ דייטש האָט וועמען געכאַפּט האָט ער פאַרשטייט זיך באַקומען זיין פּסק. נאָר מען האָט געדאַרפט לעבען און צאָלען דעם יודען־ראַט די שטייערען האָט מען געמוזט ריזיקירען. די שטייערען פלעגען אַלע מאָל פאַרגרעסערט ווערען, און די אידישע פּאָליציי איז געוואָרען מער טהעטיג.

אין אַלגעמיין איז דער לעבען אין געטאָ באַשטאַנען פון אַרבייטען, אַר־בייטען און צאָלען שטייערען, ליידען און שווייגען, אַבי מע זאָל בלייבען לעבען.

די לאַגע אין געטאָ ווערט אַלע מאָל ערגער ביז די געטאָ ווערט צוגע־מאַכט.

נײַנטער קאַפּיטל

# די געטאָ פֿאַרצאַמט

אָנפֿאַנג זומער 1942 האָט שטורמאַן געבראַכט די נײַעס אַז די געשטאַפּאָ פֿאָדערט די געטאָ זאָל פֿאַרצוימט װערן. פֿאַר אידיש געלד װערט די געטאָ פֿאַרצוימט מיט אַ פּאַרקאַן, פֿיר מעטער די הויך, געמאַכט פֿון ברעטער.

מיט אַ קורצער צײַט שפּעטער װערט שטורמאַן פֿאַרביטען אויף אַ צװײטען בעאַמטען מיט׳ן נאָמען שמיט. שמיט איז ניט געװען צופֿרידען מיט דעם פּאַרקאַן, װײַל עס געפֿינען זיך אין פּאַרקאַן שפּאַרונעס װאָס מען האָט געקענט דורכקוקען פֿון געטאָ. ער האָט גלײַך פֿאַראָרדענט אַז צװישען יעדע צװײ ברע־טער זאָל אַ דריטע ברעט װערן צוגעקלאַפּט, כדי צו מאַכען אוממעגליך דורכ־צוקוקען פֿון שפּאַרונעס.

די אידישע באַפֿעלקערונג פֿון געטאָ פֿאַרשטײט שוין אַז עס איז עטװאָס טרויעריג. מען װײס שוין אַז די שטעט פֿון יענער זײַט בוג זײַנען שוין יודען־רײן. דער גורל פֿון ברײנסק איז שוין פֿאַרזיגעלט.

אין גרעסטען געהײם װערען געמאַכט געהײמע עפֿענונגען אין פּאַרקאַן. געװיסע ברעטער האָבען זיך געקענט אַרויסנעמען און צוריק אַרײַנגעשטעלט װע־רען. בלויז געצײלטע מענשען האָבען געװאוסט פֿון די געהײמע עפֿענונגען.

די פֿאַרצאַמטע געטאָ באַקומט דעם אויסזעהן פֿון אַ גרויסען לאַגער. בלויז צװײ טויערען זײַנען אָפֿען אַרײַנצוגײן אין געטאָ, בײַ איטשע גימפּעלס און אַנטקעגען חיים פּענטמאַן. די טויערען זײַנען געװײנטליך שטאַרק באַװאַכט.

מערקװירדיג אַז אין דער פֿאַרמאַכטער געטאָ האָבען אידען זיך געפֿיהלט אַביסעל פֿרײַער. אין דער אָפֿענער געטאָ האָבען אידען ניט געטאָרט אַרויס־גײן פֿון זײערע הײַזער. באַקומען קלעפּ פֿאַר אַזאַ פֿאַרברעכען, אין דער פֿאַר־מאַכטער געטאָ האָבען זײ זיך געפֿיהלט װי בײַ זיך אין הויז. אַמװײניגסטען האָבען זיך א־דען געפֿיהלט פֿרײַ אַרויסצוגײן אין דרויסען, צװישען די געטאָ הײַזער.

זיי פלעגען זיך פון צייט צו צייט צוזאַמענקלייבען אין גאַס און געשמועסט צווישען זיך וועגען זייער לאַגע, וועגען דער מלחמה. די נייעס פון דער מלחמה פלעגען אַרומגערעדט ווערען. אימיצער האָט דאָרט געבראַכט אַמאָל אַ דייטשע צייטונג „דער פעלקישער בעאָבאַכטער".

האַצקעל דער שוחט, דער גוטמוטיגער האַרציגער מענש איז אנערקענט געווען פאַר אַ גוטען אויסטייטשער פון די לעצטע נייעס. ער האָט אַלעמען געטרייסט. ער האָט שוין געזעהן צווישען די שורות פון צייטונג אַז דער דייטש וועט שנעל האָבען די מפלה. אַלע האָבען געקוואָלען פון האַצקלען מיט זיינע האַרציגע טרייסט־ווערטער, וואָס זיינען געווען אַזוי נויטיג פאַר די אומגליקליכע אין דער געטאָ.

עס איז געווען אין געטאָ שלום קראַצ'ס איינקעל, מאָטלס זוהן מיט'ן צו־נאָמען „איך דריי זיך". ער פלעגט אַלע מאָל דערציילען די זעלבע נייעס אין אַ טרויעריגען טאָן. די נייעס זיינען ביי אים אַלע מאָל געווען שוואַרצע, חושך'־דיגע. די געטאָ אידען האָבען אים פיינט געהאַט פאַר זיינע אויסטייטשונגען, פלעגען ניט וועלען זיך צוהערען צו אים.

ביי קוקאָפקע דעם זייגערמאַכער פלעגען זיך אויך אַלע מאָל צוזאַמען קלייבען געטאָ אידען און הערען נייעס פון די וואָס האָבען געלייענט די אריינגעשמוגעלטע צייטונג. עס זיינען געווען צדדים וואָס האָבען אויסגע־טייטשט די נייעס אויף פאַרשידענע אופנים.

אין דער פאַרמאַכטער געטאָ פלעגען קריסטען אַריינקומען נאָך אַרבייט צו די אידישע האַנדווערקער, אַנדערע פלעגען קומען אָפקויפען אידיש האָב און גוטס פאַר אַביסעל שפייז געוויינטליך.

דער רעליגיעזער געפיהל האָט זיך זייער פאַרשטאַרקט אין געטאָ. אידען זיינען זיך אַלע טאָג צוזאַמענגעקומען אין געטאָ הייזער צום דאַוונען. זאָגאַר אַזעלכע וואָס זיינען געווען באַקאַנט פאַר פרייגעזאָנענע, זיינען געקומען צו די מנינים דאַוונען.

ביי יענקל יענטשמאַן אין הויז איז איינגעאָרדענט געוואָרען די חסידים שטיבעל. דאָרט פלעגען די חסידים קומען דאַוונען.

אין גרעסטען געהיים האָבען אַנדערע אידען זיך גענומען צו גראָבען טיפע גריבער אונטער די קעלערען פון די געטאָ הייזער. דאָס איז געווען איינע פון די גרעסטע געהיימנישען. מען האָט זיך געהיט פאַר שכנים, פאַר יודען־ראַטניקעס, פאַר אידישע פאָליציסטען.

די ענגשאַפט אין געטאָ איז געווען שרעקליך. 5—6 פאַמיליעס אין אַ צי־מער, האָט מען געבויעט הייזער אין געטאָ. דאָס זיינען געווען אַזעלכע בודקעס וואו אַ פּאָר פאַמיליעס האָבן געהאַט אַ שטיקעל דאַך איבער׳ן קאָפּ.

עס האָבן אין געטאָ ניט געפעלט קיין לצנים. צייטענווייז האָט מען האַר־ציג געלאַכט, געשפּאַסט, פון די אייגענע צרות. ספּעציעל האָבן אידען געלאַכט פון דער געשיכטע וועגן הערשל בענדוגער. דער הערשל איז געווען אַ צודרייטער. הערשל האָט קיינמאָל ניט געטראָגן קיין געלע לאַטעס, האָט אים אַמאָל באַגעגענט אַ דייטשער זשאַנדאַר. ער האָט געוואוסט אַז הערשל איז אַ ביסל משוגע. פרעגט ער אים וואָרום טראָגסטו ניט דעם שאַנדע צייכען? הערשל טראַכט ניט קיין סך, ענטפערט דעם זשאַנדאַר: „עס איז שוין אויס מאָדע צו טראָגען די געלע לאַטע". דער זשאַנדאַר צולאַכט זיך און לאָזט הערשלען צו רוה. וואָכען האָט מען אין געטאָ געלאַכט פון הערשל׳ס קלוגען ענטפער. דאַכט זיך אַ משוגענער און געגעבען אַזאַ קלוגען ענטפער.

אַ שרעקליכען איינדרוק אויף אַלע אין געטאָ, יונג און אַלט, אָרטאָדאָק־סישע און פרייגעזאָנענע מאַכט דער פאַקט, ווען עס ווערט געבראַכט די נייעס אין געטאָ, אַז דער אַלטער בית־המדרש וואָס איז פון די דייטשען פאַרברענט געוואָרען, ווען זיי האָבן זיך אין 1939 צוריקגעצויגען און איבערגעגעבען בריינסק צו די סאָוועטען, ווערט יעצט צונומען ציגעל ביי ציגעל. און פון די ציגעל ווערט געבויט ביים ראַקער אַ פאַבריק צו מאַכען זייף. דאָס האַרץ האָט זיי שוין געזאָגט אַז עפּעס שרעקליכעס קומט פאָר. אַ פאַבריק צו מאַכען זייף! האָבען זיי דען געקענט אין דער פאַנטאַזיע זיך פאָרשטעלען אַז די זייף וועט געמאַכט ווערען פון די פעטס פון אידישע קערפּערס? און די זייף פאַבריק וועט געבויעט ווערען פון די ציגעל פון אַלטען בית־המדרש, וואָס האָט געדינט דער בריינסקער באַפעלקערונג 130 יאָר אַלס אַ מקום קדוש.

ביי די אינגערע אין דער געטאָ ווערט געשאַפען אַ באַוועגונג צו באַקומען געווער און זיך איבערטראָגען אין וואַלד. דאָס איז אַ גרויסע געהיימניש, ווייל מען האָט מורא דאָס אַרויסצוזאָגען. מען האָט צו קיינעם ניט קיין צוטרויען.

הערשל רובין, יענקל שמעונ׳ס איניקעל, אַ קליינס און אַ דאַרער, אָבער זייער ענערגיש, מאַכט באַקאַנטשאַפט מיט אַ דייטשען סאָלדאַט, אַ קאָמוניסטיש געשטימטען און אַ ליבעראַלער מענש. דער דייטש ברייגגט געווער צו הערשלען געוויינטליך אין געהיים. ליידער האָט הערשעלע אימיצען דערציילט דערפון. יצחק פינקלשטיין דער יודען־ראַטניק קומט צו הערשלען און פאָדערט אים

אויף ער זאָל שוין אָבגעבען די געווער. הערשל שטאַרק צושראָקען פאַר יצחק׳ס נאַגייקע האָט קיין ברירה ניט, ער גיט אַוועק איין רעוואָלווער צום יודען־ראַטניק. פינקלשטיין האָט געזיגט. אָבער הערשעלע האָט צומאָרגען פון זעלבען דייטש באַקומען אַנדערע געווער. יעצט האָט ער שוין געוואוסט פון וועמען זיך צו היטען. זיין מויל איז שוין געווען געשלאָסען.

די יוגענד האָט ניט קיין צייט צו פּלאַנעווען, ווייל מ׳טרייבט צו דער אַר־בייט. ווייניג האָבען זיך צוגעהערט צו דער אַגיטאַציע, זיך איבערצוקלייבען אין וואַלד.

די וואָס פאַרנעמען זיך מיט שמוגעל האַנדעל האָבען אויך קיין צייט ניט. מ׳דאַרף מסחר׳ן, מ׳דאַרף פאַרדינען. די עלטערע מענשען וועלען געוויס ניט הערען פון אַזעלכע פּלענער. זיי האָבען בטחון. זיי האָפען אַז גאָט וועט רחמנות האָבען, שיקען די ישועה, דורך אַ נס. ליידער, ליידער, קיין נסים האָבען ניט פּאַסירט. קיין ישועה איז ניט געקומען. דער קאַלטער טויט קוקט דורך פון די פאַרצאַמטע פּלויטען צו דער אידישער אָבגעשלאָסענער געטאָ.

די יודען־ראַטניקעס, די אידישע פּאָליציי זיינען אין מאַכט, זיי רעגירען אין געטאָ מיט אַ שטאַרקע האַנט. זיי האָבען זיך ניט געמאַכט וויסענדיג פון דעם אַז פון פיעלע אידישע אַרומיגע שטעט זיינען שוין די גאַנצע באַפעל־קערונג אָבגעפירט געוואָרען אין מיידאנעק אָדער טרעבלינקע. זיי זעהען ניט אַז די ליקווידאַציע פון בריינסקער אידען איז נאָהענט.

די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג איז פאַר׳חלומ׳ט. עס דוכט זיך אַז דאָס איז אינגאַנצען עפּעס אַ ווילדער שרעקליכער חלום. ניט קיין רעאַלע ווירק־ליכקייט. ערגעץ טיעף אין האַרצען טליעט אַ פונק פון האָפענונג. עס ווילט זיך אָנהאַלטען אין דעם שוואַכען שטרוי וואָס האָט שוין געברענט פוןביידע ברעגען.

בלויז הערשעלע רובין האָט ניט גע׳חלומ׳ט. ער זאַמעלט געווער. ביסלעכ־ווייז, ער דערציילט ניט צו קיינעם, האַלט זיך איבערהויפּט פון ווייטענס.

אַלע אין געטאָ האָבען אים פיינט געקריגען.

עס פּאַסירט דאַן עטוואָס וואָס וואַרפט נאָך אַ מער שרעקליכע מורא אויף אַלעמען. עס ווערען אין געטאָ אַריינגעפירט אַלע אידען וואָס האָבען זיך געפונען אין דער קליינער געטאָביים טייך. זיי ווערען געבראַכט בלויז מיט די זאַכען וואָס זיי האָבען אויף זיך, מער גאָר ניט.

די ענגשאַפט אין געטאָ איז שוין אומבאַשרייבליך. דער טויט דערנעענ־

טערט זיך. די געמיטהער ווערען שווערער. עס דריקט עפּעס אַן אומבאַקאַנטע האַנט וואָס קריכט אַלץ נעענטער, נעענטער צום האַלז.

וואָס באַדייט דאָס ? די געטאָ ווערט פּלוצלינג ביינאַכט באַלויכטען מיט עלעקטרישע רעפלעקטאָרען. זיי וואַרפען אַ שטאַרקע שיין אַרום דער געטאָ. און אַ מורא׳דיגען חושך אויף די אידען אין דער געטאָ. וואָס באַדייט דאָס ? וואָס באַדייט דאָס ? פרעגען איינער דעם אַנדערען.

די פּאָליציאַנטען און ידען־ראַטניקעס שרייען : „מאַכט ניט קיין פּאַניק, מאַכט ניט קיין פּאַניק״. און אַליין פאַנגען זיי אָן צו מאַכען פּאַר זיך און פאַר זייערע פאַמיליעס באַהעלטענישען.

## צעהנטער קאַפּיטעל

# ליקווידאַציע פון בריינסקער אידען
# נאָוועמבער 2־טען 1942

דער צווייטער נאָוועמבער איז דער טאָג פון טרויער און פּיין. דאָס איז דער תשעה באב פון חורבן בריינסק. אין דעם טאָג איז דער דעקרעט פון איינעם פון די נאַצישע מערדער אומצוברייינגען די אידען פון ביאַליסטאָקער געגענד דורכגעפירט געוואָרען מיט דער געוויינטליכער דייטשער פּאַרדאַמטער פּינקט־ליכקייט.

די אידען אין בריינסקער געטאָ האָבען שוין געפיהלט דעם שרעקליכען שטורעם וואָס דערנעענטערט זיך צו זיי. מען האָט געפיהלט דעם טויט אין די קאַלטע אָנקומענדע ווינטען פון אָסיען. דאָך האָט מען זיך ניט געגלויבט אַז אין איניגע געציילטע טעג וועט אַלעס זיין געענדיגט.

דעם ערשטען נאָוועמבער איז פון ביאַליסטאָק געקומען ירוחם דאָן. ער האָט זיך פאַרנומען מיט שמוגעל האַנדעל. ער ברייגנט די ידיעה, אַז אין ביאַ־ליסטאָק גייען אַרום קלאַנגען אַז די אידישע באַפעלקערונג פון ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדסטווא וועט ליקווידירט ווערען.

אין געטאָ האָט מען ירוחמ׳ן געזידעלט וואָרום ער ברייגנט אַזעלכע נאָכ־ריכטען. דאָך איז קיינער די נאַכט שוין ניט געשלאָפען. פיעלע זיינען אַרויס פון געטאָ. אַוועק צו באַקאַנטע קריסטען זיך באַהאַלטען. מען ווייסט ניט ווער און צו וועמען זיי גייען. ווייל קיינער האָט ניט דערציילט אַוואו זיי גייען. ניט געהאַט קיין צוטרויען מער איינער צום צווייטען. נאָר געזוכט אַליין אָדער מיט פאַמיליע זיך צו ראַטעווען.

אַלע שרעקליכע ערוואַרטונגען זיינען די זעלבע נאַכט פאַרווירקליכט גע־וואָרען. פיער אַזייגער פאַרטאָג הערט זיך אַ שטאַרקע שיסעריי אַרום געטאָ. דאָס פאַלען שוין איניגע וואָס מאַכען אַ פּאַרזוך זיך אַרויסצוכאַפּען פון דער

געטאָ. מען דערוויסט זיך שוין אַז די געטאָ איז געגצליך אַרומגערינגעלט. קיין אויסוועג פון געטאָ איז שוין ניטאָ.

די עלעקטרישע רעפלעקטאָרען וואַרפען אַ שטאַרקע ליכט אַרום. אין די הייזער איז חורבן. געוויינען איבעראַל, מאַמעס דריקען צו זייערע הערצער זייערע קינדערלעך. די יונגע לעבענס פאַרשטייען שוין אויך, אַז זיי דאַרפען שטאַרבען ווייל זיי זיינען אידען.

דער דראַנג זיך צו ראַטעווען איז גרויס. מען וויל זיך אַרויסכאַפּען פון געטאָ. מען ווייס אַז יעדער ניט געלונגענער פאַרזוך וועט זיך ענדיגען מיט'ן טויט. דאָס שרעקט ניט אָב די מענשען. מען שפּרינגט פון הויכען פּאַרקאַן, מען מאַכט אַ פאַרזוך זיך אַרויסצוכאַפּען דורך די געהיימע עפענונגען וואָס זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען ביים בויען די פּאַרקאַנעס פון געטאָ. פון יענער זייט ענטפערט מען מיט אַ שיסעריי. עס פאַלען קרבנות, דאָך מאַכט מען פאַרזוכען צו אַנטלויפען.



חיים ראובן ריפקע



מירקע נאַסקע־קצבס

דער טויט האָט מער ניט געשראָקען קיינעם. אסתר הורוויץ מיט'ן קינד אויפ'ן האַנד פאַלט טויט, דאָס קינד בלייבט לעבען אין די הענד פון דער טויטער מאַמען. אהרן פולשאַנסקי'ס ווייב, דעם אָטאָפּער'ס טאָכטער, חיים ראובן ריפקע פאַלען אַלע צוזאַמען טויט ביי מאָשקע באַקער אויפ'ן פּאָדווער, ביים

טייך לויפענדיג, פאַלען יואל אויסלענדער, מאָטל׳ס איידעם מיט זיינע צוויי קינדער.

פיעל אַנדערע ווערען פאַרוואונדעט, שלעפען זיך אַרום פאַרוואונדעטע און פאַרבלוטיגטע. מיט די לעצטע קרעפטען שליאנדערען זיי זיך אַוועק ווייטער, ווייטער פון דער באַלאַגערטער געטאָ. אָרימע אומגליקליכע, זיי ווייסען נעבעך ניט אַז דער טויט לויערט אויף זיי פון איבעראַל, אַז זייער גורל איז שוין פאַרזיגעלט. צווישען די וואָס זיינען פאַרוואונדעט געוואָרען זיינען: יצחק רעכעלזאָן, בערל יאַן, פון אַנטלויפען קען שוין מער קיין רייד ניט זיין. דאָך זיינען אַ פּאָר הונדערט אַנטלאָפען פון געטאָ דורך פאַרשידענע מיטלען. פיעלע האָבען זיך דורכגעריסען דורך דעם האָגעל פון קוילען.

זיי זיינען געלאָפען אין די וועלדער, קיינער פון די קריסטען האָט ניט געוואָלט אַריינלאָזען קיין אידען. אין די דערפער זיינען ערשינען פּלאַקאַטען: פאַר אַריינלאָזען אָדער העלפען אידען וועט קומען טויט־שטראָף.

די געטאָ ווערט שטאַרק באַוואַכט פון ס. ס. טרופען, אוקראַינער, ליטווינער און פוילישע באַנדיטישע פּאָליציי.

אין פיער טעג האָבען זיך פיעל מער אידען אַרויסגעכאַפּט פון געטאָ, צוזאַמען אַרום 800 אידען, אין וועלדער אָדער אין דערפער. פיעלע פון די אַנטלאָפענע געפינען ניט וואו זיך צו פאַרבאַהאַלטען. קיין קריסטען לאָזען ניט אַריין. זיי האָבען זיך ניט וואו אַהין צו טאָן קומען זיי צוריק אין דער געטאָ.

די פּאָפּלאָווער קריסטען האָבען שוין געכאַפּט דעם ערשטען קרבן, דאָס איז געווען יעקב קאַשטאַן, חנא קאַשטאַנ׳ס אינגסטער זוהן. ער האָט זיך דאָרט פאַרבאַהאַלטען, האָבען אים די קריסטען געכאַפּט, געבונדען און אים געבראַכט צו די זשאַנדאַרען. יעקב קאַשטאַן ווערט שרעקליך צושלאָגען פון די זשאַנ־דאַרען.

חנא סאָקאָלאָוויטש, דוד גימפּעלס אייניקל וואַרפט אַריבער דעם פּאַרקאַן זיין פינף יאָהריגען זוהן בערעלע. דאָס קינד בלייבט לעבען. דאַן נעמט חנא סאָקאָלאָוויטש אַ עמער און גייט כלומרשט נאָך וואַסער צום שפּיטאָל. דיינ־קענדיג אַז אַזוי וועט ער קריגען אַ געלעגענהייט זיך אַרויסצוכאַפּען פון דער געטאָ. ביים טויער שטייט וואַך, אַ אידישער פּאָליציאַנט. ער באַמערקט חנאַ׳ן. זאָגט ער צום דייטשען זשאַנדאַר, אָנווייזענדיג אויף חנאַ׳ן: „דער יודע ריקט אויס”. חנא ווערט פאַרהאַלטען, מען פירט אים אַוועק צום באַרג. חנא ווערט אַ פאַרראַטענער דערשאָסען.

וועלוול גאָלדע מאַטקיעס זוהן שרייבט פון דייטשלאַנד דעם 11־טען אויגוסט, 1947. ער שילדערט די ליקווידאַציע פון בריינסקער געטאָ. וועלוועל איז געווען אין סכראָן באַהאַלטען אין צענטער פון געטאָ 11 טעג. ער איז דער איינציגער לעבעדיגער עדות, וואָס האָט בייגעוואוינט דעם פּאַראַט וואָס שיע צוקער האָט באַגאַנגען, אָבער וועגען דעם אין אַ ספּעציעלען קאַפּיטעל. וועלוועל שרייבט דאָס פאָלגענדע: דעם 2־טען נאָוועמבער אַרום פינף פּאַרטאָג הערט מען טריט און געזאַנג פון מיליטער. מ׳שרעקט זיך. אַנדערע זאָגען אַז דאָס גייט מען אויף יאַגד אין רוטקער וואַלד. ס׳צייגט זיך אַרויס אַז די יאַגד איז געווען אויף בריינסקער אידען.

ביי 800 אידען זיינען זיך שוין צולאָפען פון געטאָ. די געטאָ איז געווען אַרומגערינגעלט ביז שבת דעם 7־טען נאָוועמבער. מ׳קען שוין מער ניט אַנטלויפען. די וואַך איז פאַרשטאַרקט. די עלעקטרישע פּראָזשעקטאָרען אין טורעמ׳ס פון וואַנען מען האָט געהיט אַז קיינער זאָל ניט אַנטלויפען.

מ׳קלערט פון סכראַנען, דאָס הייסט אונטערערדישע באַהעלטענישען. דאָס איז אויך געווען אין געהיים. איך באַמערק אַז הערשל פּיפּקע טראָגט וואַסער. פאַרשטיי איך אַז ער טראָגט די וואַסער צום סכראַן, איך בעט אים, און באַקום די ערלויבעניש זיך צו באַהאַלטען מיט זיי אין סכראַן, ביי חיה יענקל הוקר׳ס אונטערן שטוב.

די לעצטע טעג, מענשען גייען אַרום ווי שאָטענס, קיינער עסט ניט, קיינער שלאָפט ניט. מען קלערט ווי אַזוי אַרויסצוגיין פון געטאָ. מאָנטאָג ברייגנט מען די אידען פון דער קליינער געטאָ ביים טייך, צו דער גרויסער געטאָ, ווי זיי שטייען און גייען.

פרייטאָג דעם 6־טען, יצחק פינקלשטיין, דער יודען־ראַטניק גייט איינ־צאָלען די וועכענטליכע קאָנטריבוציע צו די זשאַנדאַרמיי. די געלד נעמט מען ביי אים צו. אַ פּוילישער לערער, אַ בעאַמטער פאַרטרויעט יצחק׳ן אַז מען גרייט צו 500 וועגענער פון די אַרומיגע דערפער ארויסצופירען די אידען מאָרגען, שבת פריה.

פרייטאָג בייטאָג ווערען פאַרשפּרייט קלאַנגען אַז מען נעמט אַוועק די וואַך פון געטאָ. פרויען גרייטען אָן אויף שבת. צו ליכט בענשען קומען די זשאַנ־דאַרען, און מעלדען אַז שבת זיבען אַזייגער אין דער פריה דאַרפען זיך אַלע צושטעלען צום אַרויסגאַנג פון דער געטאָ פאַמיליעסווייז. קיינער זאָל ניט פעהלען. מען זאָל מיטנעמען נאָר ברויט און וואַסער.

אין געטאָ ווערט אַ שרעקליכער געוויין. פון אַלע אידישע הייזער רייסט זיך דאָס געוויין, מען באַקלאָגט זיך, און די קינדער. מען גייט זיך געזעגענען צום רב, צום מורה הוראה. מיר האָבען געוואוינט ביי קאַשטאַנען אין מויער. מיר האָבען זיך אַלע צוזאַמענגעקליבען ביי איסער שעפסל קצב׳ס זוהן. דאָס וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסען ווי איסער האָט גענומען דאָס פעקעלע מיט׳ן שטעקען אין האַנד, גענומען שילדערען אין וואָס פאַר אַ מצב מיר זיינען אַלע. מאָרגען פריה דאַרפען מיר אַלע פאַרלאָזען די היימען און דאַרפען אומקומען על קדוש השם. דאַן האָט ער געמאַכט קידוש. יעדער וואָרט זיינער האָט געציטערט. די געוויינערייען זיינען געווען שרעקליך.

איך מיט מיין פאָטער זיינען דאַן אַריין צו אונז אין שטוב. מיין פאָטער האָט אויך געמאַכט קידוש. מיר האָבען אויף דאָס ניי זיך צוזאַמען געוויינט. אַרויסגייענדיג אין הויף זיינען מענשען צו מיר צוגעקומען און פרעגען מיר: ווי אַזוי זאָל מען זיך ראַטעווען. האָב איך געענטפערט, מאָרגען פריה זאָל זיך קיינער ניט צושטעלען, נאָר זיך פאַרבאַהאַלטען וואו מען קען נאָר ערגעץ געפינען אַ פּלאַץ.

שפעטער בין איך געגאַנגען צום סכראַן. איך רוף מיין פאָטער צו גיין מיט מיר. זאָגט ער: „ניין, מיין קינד, איך וויל שטאַרבען מיט אַלע בריינסקער אידען צוזאַמען!" האָב איך זיך מיט אים צושיידט אויף שטענדיג.

דאָס שרייבט וועלוועל מאָטקע־סלאָוועס.

הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו. אונטער דער לאָזונג זיינען פיעלע אומגעקומען, זיך ניט געוואָלט שיידען מיט זייערע נאָענטע, געגאַנגען צוזאַמען שטאַרבען.

ביניש אָקאָן האָט געהאַט די מעגליכקייט צו אַנטלויפען. ער האָט ניט גע־וואָלט. זיין פרוי טשעשע מיט אירע צוויי שיינע קינדער דוואָשע און שושנה זאָלען אומקומען אָן אים. ער באַשליסט צו שטאַרבען מיט זיי. ער פאָרט מיט קיין טרעבלינקאַ.

משה פערלמאַן, אליה גרשונ׳ס איינציגער זוהן. זיין פרוי רייזל איז קראַנק אויף טיפוס. ווייס שוין איר גורל. ער באַשליסט צו שטאַרבען. ער אַנטלויפט ניט. מירקע נאסקע קצב׳ס, זי מיט אַ טאָכטער פון אַרום פופצעהן יאָר, אַנט־לויפען. איר מאַן מנחם וויל ניט לויפען, ער שטאַרבט מיט אַלעמען צו גלייך. דאַן קערט זיך מירקע אום צוריק מיט איר טאָכטער צו שטאַרבען מיט אירע נאָהענטע צוזאַמען.

סענדער פרידמאַן. אין בריינסק איז ער געווען באַקאַנט אַלס דער דאָמ־בראָפּקער לייוועגט סוחר, קען אויך אַנטלויפען. זיין פרוי, אַ קראַנקע, אַ פּאַרליטענע, זי וויל ניט און קען ניט לויפען. באַשליסט סענדער צו שטאַרבען צוזאַמען מיט זיין פרוי.

הערשל שפּאַק, אַלטער אָרקעס זוהן האָט זיך אויפגעהאַלטען אין געטאָ אין סכראַן עטליכע טעג נאָכ׳ן אַרויספירען, שילדערט דאָס פאָלגענדע: אין די ערשטע טעג פון דער געטאָ אַרומרינגלונג, איז הערשל סטאָליער אָדער ווי די עלטערע אידען האָבען אים גערופען: הערשל משה בער׳ס, געשטאָרבען אין



הערשל סטאָליער און פרוי העניה





זייערע צוויי טעכטער שרה און דבורקע
לינקס — שרהס צוויי טעכטער חייטשע און רבקה

געטאָ. אַלע האָבען אים מקנא געווען, געשטאָרבען מיט אַ נאַטירליכן טויט. כאָטש צו קבר ישראל איז ער ניט געקומען. ער איז באַערדיגט געוואָרען לעבען אַ אידישע הויז אין געטאָ. די דייטשען האָבען ניט ערלויבט אַרויס־צופירען פון געטאָ, זאָגאַר טויטע אידען. הערשל שפּאַק דערציילט ווייטער: פרייטאָג צו נאַכט ביים געזעגענען זיך, האָט מען צובראָכען אַלעס אין שטוב. די מלבושים צוריסען, זאָגאַר געלד צוריסען. איבערגעבליבענע שפּייז איז מיט קעראָסין באַגאָסען געוואָרען, ניט איבערצולאָזען פאַר די וואָס וואַרטען שוין אויף דעם.

עס זיינען געוואָרען צוגעגרייט באַהעלטענישען ביי פריינדליכע קריסטען. קיינער האָט זיך ניט געוואָלט באַנוצען מיט דעם. זיי זיינען געגאַנגען שטאַרבען צוזאַמען מיט אַלעמען. ביי סקאַווראָנסקע דעם קריסטליכען שוסטער איז געווען צוגעגרייט אַ באַהעלטעניש פאַר חיים לייב ליעוו, הערשל סטאָליערס איידים און אַנדערע. חיים לייב דערוויסט זיך צופעליג פון דעם. רופט ער זיין ווייב און קינדער צו גיין מיט אים. נאָר קיינער פון זיין פאַמיליע ווילען ניט גיין באַהאַל־טען זיך. דאַן גייט ער אַליין אויפ׳ן בוידעם. ער קען פון דאָרט אַנטלויפען אין וואַלד. דאָרט איז געווען שפּייז פאַר דריי מאָנאַטען. נאָר חיים לייב קומט צוריק שטאַרבען מיט זיין פאַמיליע.

שבת פרי ווערען אַלע געטריבען צום אויסגאַנג. 500 פוהרען וואַרטען. ביים טויער פון געטאָ זעגענט זיך דער בריינסקער רב ר׳ יצחק זאב צוקערמאַן מיט די בריינסקער אידען, מיט דער בריינסקער קהילה. האַרצרייסענד זיינען זיינע ווערטער: „גזר נגזר מן השמים, מיר מוזען שטאַרבען. איך ווינש אַז די וואָס וועלען בלייבען לעבען, זאָלען זוכה זיין צו דעם, כדי איבערצו־געבען דער וועלט אונזערע ליידען". עס איז מיר איבערגעגעבען געוואָרען, אַז דעם בריינסקער רב׳ס איידים הרב בן ציון קאַגאַן האָט ערגעץ באַהאַלטען אין אַ פלאַש געוויסע דאָקומענטען, ערגעץ באַגראָבען אין געטאָ. דער איינצי־גער וואָס האָט דעם סוד געוואוסט איז געווען אליה יענטשמאַן. ליידער איז ער געפאַלען, און קיינער ווייס ניט וואָס דאָרט איז געווען, און וואו די פלאַש געפינט זיך ערגעץ.

הרב ר׳ יצחק זאב צוקערמאַן האָט קיינעם ניט געטרייסט. קיינער האָט אים ניט געטרייסט. אַלע האָבען גערופען צום הימעל נאָך נקמה. ליעווין פון יודען־ראַט אינפאָרמירט אַלעמען אַז מען נעמט בלויז אויף אַרבייט. ער גיט צו אַז מען האָט אים געהייסען אַזוי זאָגען.

עס קומט דער מאָמענט פון שיידונג מיט די היימען, מיט דער שטאָט, וואָס האָט 150 יאָר געלעבט אַ אידישען לעבען.

עס ווערט געגעבען אַ סיגנאַל, אַלע פוהרען פאָהרען אַוועק צום שאָסיי קיין ביעלסק.

צו גלייך מיט אַלעמען פירט מען אַרויס די קראַנקע פון שפיטאָל דאקטאר קאַמינעצקי, רייזל גאָטליבס און ציוויע אָלענצקער. זיי אַלע שטאַרבען אין ביעלסק.

אין בריינסק באַווייזט זיך אַ מעלדונג אין פויליש און אין דייטש: בריינסק יודען־ריין.

אין ביעלסק פאַרהאַלט מען די בריינסקער אידען צוויי טעג. דאָרט פּאַסירט אַז דוד גרינשפּאַן, לאָזער דעם פאַסיק מאַכערס איידים, אַן עלעקטראָטעכניקער, עלעקטריזירט צום טויט זיין פרוי און זיינע צוויי קינדער און שניידט זיך איבער זיין האַלז מיט אַ ראַזיר מעסער.

אין ביעלסק ווערט קאָנטראָלירט. די נאַציס געפינען אויס אַז עס פעהלען 800 בריינסקער אידען. די יודען־ראַטניקעס ווערען אויפגעפאָדערט צושטעלען די אַנטלאָפענע. מען זאָגט זיי צו אַז מיט זייערע פאַמיליעס וועט מען מאַכען אויסנאַמען. יעקב גאָטליב ענטזאָגט זיך קאַטעגאָריש אַרויסצוגעבען. אַנדערע יודען־ראַטניקעס ענטזאָגען זיך אויך. ישיע צוקער האָט די פּראָבע ניט אויסגעהאַלטען. נאָר וועגען דעם אין אַ צווייטען קאַפּיטעל.



לייבאַלע ראַסע, שלמה היצלס אייניקעל

פון ביעלסק איז אַנטלאָפן לייבעלע ראָסע, שלומה היצל דעם חסיד׳ס אייניקל. לויט זיין דערציילען האָט מען ביי אַלעמען צוגענומען די קליידער, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך. זיי זיינען צוטיילט געוואָרן אויף דריי פּאַרטיעס, מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער און קינדער באַזונדער. ביים אַריינזעצען אין די וואַגאָנעס הערען זיך שרעקליכע געוויינען. משפחות זיינען שוין צוטיילט, און ניט מער צוזאַמען. מען שלאָגט מיט שטעקענס, מיט גומענע פּאַלקעס, מיט פריקלאַדען פון ביקסען. קריסטען שטייען דערביי און שרייען: נאַרישע זשידעס, וואָס פירט איר פּעקלעך, גיט עס אונז אַוועק. דער קליינער לייבעלע איז אָבער אומגעקומען ביים דאָרף אַליעקשין. וועגען דעם אין אַ צווייטען קאַפּיטעל.

פון באַן ביי טרעבלינקאַ זיינען אַנטלאָפן אליה יענטשמאַן, דוד דעם צוקערקע מאַכערס זוהן, שלומה הערש דעם חסיד׳ס אייניקל, אַרום 45 יאָר אַלט. לויט זיין ערציילונג זיינען שוין אין די וואגאָנעס געווען געשטאָרבענע, בריינסקער אידען זיינען שוין געווען אויסגעמישט מיט אידען פון אַנדערע דערבייאיגע שטעט. מ׳האָט שוין געבעטען דעם טויט. לידער האָט דער אליה אויך ניט איבערגעלעבט. זיין אומקום אין דער געשיכטע פון אָנפאַל אויף זייער באַהעלטעניש, ביים רוטקער וואַלד.

דעם 9־טען נאָוועמבער פירט מען די בריינסקער אידען דורך ביאַליסטאָק צו טרעבלינקע ביי מאַלקין.

דעם 10־טען זיינען שוין אַלע אין טרעבלינקאַ. לויט די עדות פון אידישע אַרבייטער, וואָס האָבן דאָרט געאַרבייט און אויך פון קאָפּטשיווען וואָס איז פון דאָרט אַנטלאָפן, האָבן אַלע בריינסקער אידען, מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער אויסגעהויכט זייערע נשמות אין טרעבלינקער גאַז קאַמערען דעם 10־טען נאָוועמבער, 1942, פיער אַזייגער בייטאָג. זייערע קערפּערס זיינען פאַרברענט געוואָרען אין קרעמאַטאָריום אין טרעבלינקאַ.

אָט אַזוי האָבן געענדיגט זייערע לעבענס אונזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער פון בריינסק. אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט 150 יאָר לעבען און שטרעבען פון דער בריינסקער געמיינדע.

וועגען די אַנטלאָפענע און באַהאַלטענע אידען אין די קומענדיגע קאַ־פּיטלען.

## עלפטער קאַפּיטעל

# מעשה צוקער

טיעף אונטער די הייזער אין געטאָ האָבן אידען אין גרעסטען געהיים איינגעאָרדענט באַהעלטענישען. אין אַזעלכע אונטערערדישע באַהעלטענישען זיינען געווען ביי 100 בריינסקער אידען פאַרבאַהאַלטען. זייער האָפנונג איז געווען, אַז זיי וועלען ביסלעכוויז האָבן אַ געלעגענהייט זיך אַרויסצוכאַפּען פון געטאָ און זוכען ערגעץ שוץ און זיכערקייט.

די הונדערט אידען זיינען געווען אין די קעלערען אַכט טעג. נאָך דעם ווי אַלע אידען פון געטאָ זיינען שוין אַרויסגעפירט געוואָרען, זיי האָבן ניט געהאַט קיין געלעגענהייט אַרויסצוקומען, ווייל די פּאָליציי האָט שטאַרק באַוואַכט די טויערען. אַנדערע דייטשען אָדער קריסטען פלעגען זיך אַריינכאַפּען אין די אָבגעליידיגטע הייזער זוכען און נושטערען, פיליכט וועלען זיי עפּעס ווערט־פולעס געפונען.

מיר קענען זיך פאָרשטעלען וואָס די פאַרבאַהאַלטענע אידען האָבן דורכגע־לעבט אין דער וואָך צייט. זייער שרעק און אַנגסט, זיך צוגעהערט צו יעדען שאָרך. זיי האָבן געהערט די געלעכטערס, די פייפערייען פון די פּאָליציסטען און וועכטער. זיי האָבן דאָך באַוויזען אַרויסצוקומען ביינאַכט און קריכען ווי די ווערים. צו באַזאָרגען אַביסל וואַסער. די שפּייז וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך אָנגעגרייט, איז באַשטאַנען בלויז פון ברויט. די ברויט ווערט אַלע מאָל ווינציגער, כאָטש מאָנטאָג און דאָנערשטאָג האָבן זיי דערקלערט אַ תענית — ניט פאַרזוכט קיין ברויט.

אין איין קעלער ביי חיים קלאָדע זיינען געווען 15 אידען. די איבעריגע זיינען געווען אין אַנדערע סכראָנען. מען דיינקט אַז עס האָט געמוזט זיין אַזעלכע געהיימע אונטערגרונד סכראָנען, אַכט אָדער זיבען. קיין פאַרבינדונג צווישען די סכראַנען איז ניט געווען. איינער האָט ניט געוואוסט פון צווייטען.

זונטאָג, דעם 15־טען נאָוועמבער, פּונקט דריי אַזייגער בייטאָג קומען צו

געשטאַפּאָ לייט צו זייער סכראַן, ברעכנדיק אויף די טהירען און פאָדערען זיי אויף אַרויסצוקומען. זיי הערען ווי מען זאָגט, קומט אַרויס יודען. ווי שרעק־ליך איז געווען זייער לאַגע, ווען די שטימע וואָס האָט זיי גערופען איז געווען ישיע צוקערס צוזאַמען מיט די געשטאַפּאָ אַגענטען. 13 פון די באַהאַלטענע קומען אַרויס פון סכראַן, צוויי פאַרבלייבען דאָרט. די צוויי זיינען אומגעקומען ביי שפּעטערדיגע געלעגענהייטען.

די 13 פּערזאָן ווערען באַזוכט, אויסגעשטעלט אין רייהען, און ווערען אָבגעפירט צו אברהמע מאַקאָפּסקי׳ס הויף אין געטאָ. דאָרט געפינען זיי נאָך אידען, אויך אַזוי אַרויסגענומען פון די סכראַנען, צוזאַמען 71 מענשען. אַלע דערציילען די זעלבע געשיכטע. ישיע צוקער איז געקומען מיט דייטשען, זיי אַרויסגענומען פון די סכראַנען. ישיע צוקער שטייט דערביי צוזאַמען מיט די געשטאַפּאָ לייט און פּוילישע פּאָליציי. איסער שעפּסל קצב׳ס באַליידיגט אים, צוקער׳ן, רופט אים פאַרשידענע נעמען אויך אויף פּויליש Zdrajca—Zdrajca די דייטשען נעמען צו צוקער׳ען פון הויף און פירען אים ערגעץ אַוועק.

די אַלע אַרויסגענומענע אידען ווערען שפּעטער אָבגעפירט אין טורמע. פאַרשלאָסען איבער נאַכט, צו מאָרגענס פּונקט צוועלף אַזייגער ווערען זיי מיט פויערשע פורהלעך אָבגעפירט צום אידישען בית־עולם. פיעלע פון די קריסט־ליכע באַפעלקערונג ווערען געצוואונגען צו זיין ביי דער סצענע. אַלע ווערען דאָרט דערשאָסען. זיי ווערען געצוואונגען זיך אויסצוטאָן נאַקעט, איידער זיי ווערען דערשאָסען.

די ליסטע פון די דערשאָסענע מיט די אויסנאַמע פון די 13 וואָס זיינען געווען מיט חיים קלאָדען, זיינען שפּעטער צונויפגעשטעלט געוואָרען פון באַקאַנטע קריסטען, וואָס זיינען דאָרט געווען און האָבען אַלעמען פערזענליך געקענט. דאָך איז די ליסטע ניט קאָמפּליט, עס פעהלען עטליכע נעמען, ווייל מען האָט ניט געקענט מער אויסגעפינען די איבעריגע נעמען וואָס זיינען אַזוי אומגעקומען.

דער איינציגער וואָס איז געראַטעוועט געוואָרען פון דער שרעקליכער בלוט פאַרגליווערענדער פאַסירונג קען זיך אויך ניט דערמאָנען אַלע 70, וואָס עס איז דאָרט געווען. די צאָל זיבעציג איז באַשטימט טראָץ דעם וואָס נאָר 46 נעמען זיינען רעקאָרדירט געוואָרען.

דאָס איז געווען דער גורל פון זיבעציג אידען, וואָס זיינען געווען פאַר־באַהאַלטען אין דער געטאָ.

איידער מיר ווע‏לען ברײנגען די שריפטליכע געשיכטע פון דעם לעבע־דיגען עדות וועגען דער גאַנצער טרויערדיגער פּאַסירונג וועל איך געבען מיינונגען פון איבערגעבליבענע בריינסקער סיי פון אַזעלכע מיט וועמען איך האָב אין ניו יאָרק גערעדט און פון די וואָס האָבען צו מיר געשריבען.

משה יענטשמאַן בעט מיר אַז מיר זאָלען שרייבען אין בוך, אַז צוקער איז געצוואונגען געוואָרען פון געשטאַפּא אין ביעלסק מיט רעפּרעסיעס און טארטורען אַרויסצוגעבען באַהאַלטענע אידען. ער גיט גלייכצייטיג צו, אַז יעקב גאָטליב, דער יודען־ראַטניק האָט ניט געוואָלט הערען פון אַרויסגעבען אידען.

די פּראָטאָקאָלען וואָס געפינען זיך איצט ביי דער אידישער היסטאָרישער קאָמיסיע פון ביאַליסטאָקער וואיעוואדישען קאָמיטעט זיינען באַזירט אויף די עדות אין ערקלערונגען פון משה יענטשמאַן, דערפאַר וועל איך זיי ניט ציטירען נאָך אַמאָל.

פון אַ פּערזענליכען געשפּרעך אין ניו יאָרק מיט סאניע רובינשטיין, משה הערש דעם טויבענס איניקל, טראָץ דעם וואָס איר מאַמע ביילע און ברודער שלומה זיינען געווען קרבנות ביי דעם פאַל, האָט זי אויסגעדריקט איר מיינונג אַז צוקער האָט געדיינקט אַז מען דאַרף נעמען די מענשען אויף אַרבייט, כאָטש צו וואָס מען האָט געדאַרפט האָבען קינדער פון צוויי און פינף יאָר אָדער מענער און פרויען פון 65 און זיבעציג יאָר צו אַרבעט, ווייס זי ניט.

דאַגעגען איר מאַן זאוול רובינשטיין זאָגט אַז צוקער איז געווען ווייט ניט קיין נאַאיווער פּערזאָן. ער האָט דאָס געטאָן אום צו ראַטעווען זיך אַליין. וויל זייענדיג אין ביעלסק האָט ער געזעהן אַז פון אַלע ביעלסקער אידען פון דער געטאָ איז שוין קיינער ניט געווען דאָרט. ביעלסקער געטאָ איז שוין געווען ליידיג. די בריינסקער אידען האָבען פאַרנומען די ביעלסקער אידישע געטאָ הייזער די צוויי טעג וואָס זיי זיינען דאָרט געווען.

מיר נעמען זיך ניט אונטער צו משפט'ן דעם אנדיינקען פון מענשען וואָס זיינען שוין ניטאָ צווישען די לעבעדיגע, וויל ווי זאָגט מען, אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו. דו זאָלסט ניט משפט'ן דיין חבר ביז דו וועסט אַליין ניט אויספּרובירט ווערען, ווען דו וועסט זיך געפינען אין אַזאַ לאַגע ווי דער וועמען דו ווילסט משפט'ן.

יעצט וועלען מיר אייך איבערגעבען דעם בריף, בעסער געזאָגט, די צוויי בריף וואָס וועלוול גאָלדע, שמואלקע סלאָוועס איניקעל, דער איינציגער לעבען

געבליבענער איד פון די 70 מענשען, וואָס זיינען אַזוי שוידערליך אומגע־קומען פון דער אַקציע. די בריף געפינען זיך ביי מיר אין ניו יאָרק. איך האָב זיי געפאָדערט און באַקומען פון אַלטער טרוס צוגעשיקט, ווייל די בריף זיינען צו אים געשיקט געוואָרען.

וואָרט און וואָרט בריף פון וועלוועל גאָלדע. דער אריגינאַל געפינט זיך ביי דזשוליוס קאָהען.

איך האָב באַמערקט ווי שלום קראַצ'ס אידעם דער וויסאָקער טראָגט וואַסער, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען אַז ער טראָגט אין אַ סכראַן. איך האָב באַמערקט ווי ער טראָגט אַריין די וואַסער ביי מיין קרוב קלאָדען. בין איך אַריין און געפרעגט צי איך מיט מיין פאָטער קען אויך אַריינגיין אין סכראַן. זיי האָבען מיר געהייסען קומען. דער פאָטער מיינער האָט ניט געוואָלט גיין אין סכראַן, האָב איך זיך געמוזט שיידען מיט מיין פאָטער אויף אייביג. איסער בריינסקי, און יעקב קאַשטאַן זיינען מיטגעגאַנגען מיט מיר. מיר האָבען מיט־גענומען בלויז ברויט מיט וואַסער און דאָס אויך ניט פיעל. אַזוי זיינען מיר געווען אָבגעשלאָסען פון דער וועלט. שבת אין דערפרי האָבען מיר געדאַווענט מיט מנין. עס איז געווען אַ ספר תורה, מ'האָט געבענשט ראש חודש כסלו. מיר האָבען איינגעאָרדענט אַ תענות מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. אַזוי האָט מען געלעבט ניין טעג אין סכראַן. ווען די שפייז איז אויסגעגאַנגען האָבען מיר געעפענט דעם בעקערשען אויוועז, דאָרט איז געווען אַ טשאָלענט פון ניין טעג צוריק. מיר האָבען דאָס געגעסען אַזוי געשמאַק ווי דער בעסטער מיטאָג. מיר האָבען אַריינגעטראָגען אין סכראַן קאַרטאפעל און אַנדערע שפייז. מיר זיינען אַריין צוריק אין סכראַן אויף דערוויייל, ווייל אין אָוונד האָבען מיר געדאַרפט גיין אין הויף נאָך וואַסער.

דאָס איז געווען דער צווייטער זונטאָג וואָס קיין אידען זיינען שוין ניט געווען אין געטאָ.

דריי אַזייגער נאָכמיטאָג איז צוגעקומען צו אונזער סכראַן ישיע צוקער מיט געשטאַפּאָ. זיי האָבען אויפגעריסען דעם סכראַן און זיי האָבען אַריינגעלויכטען מיט באַטערייקעס. מיר קריגען אַ באַפעהל אַרויסצוגיין פון סכראַן.

צוקער רופט זיך אָן, קומט אַרויס. מיר הערען צוקער'ס קול, האָט עס אויף אונז געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק. פון וואַנען נעמט זיך איצט צוקער? און פון וואַנען ווייסען זיי פון אונזערע סכראַנען?

זיי פרעגען אונז ווי פיעל מענשען מיר זיינען. האָבען מיר געזאָגט

13 מאַן. ס׳איז געווען פופצען מענשען מיט אונז. אברהמע ווערפּיכאָווסקי מיט זיין פרוי שרה, חיי קלאָדע מיט דריי קינדער, איסער בריינסקי, שלומה לאַזער, יעקב קאַשטאַן, שרה רובינשטיין, הערשל שרויט און רבקה ביאַליסטאָצקי. צוויי זיינען געבליבען, יאַסקע סמורזשיק און קראַצעס איידעם (זיי זיינען שפּעטער אַרויס פון געטאָ און געפאַלען ביי אַנדערע אומשטענדען).

אַרויסגייענדיג פון סכראַן האָב איך מיטגענומען מיט זיך עסענוואַרג. זאָגט צו מיר צוקער, „צו וואָס דאַרפסטו דאָס? עס איז זאָ ווי זאָ איבעריג". דאַן האָט מען אונז אַלעמען רעווידירט, אונז איינגעשטעלט אין דער רייע, און מ׳האָט אונז אַלע אַוועקגעפירט צו מאַקאָפּסקין אויפן הויף, וואו די ליקוידאַציע איז געווען.

דאָרט האָבען מיר געטראָפען נאָך מענשען, וואָס זיינען אַרויסגענומען געוואָרען פון אַנדערע סכראַנען די מענשען פון די צווייטע סכראַנען פרעגען אונז, ווי אַזוי מ׳האָט אונז ענטדעקט, האָבען מיר דערציילט אַז צוקער האָט געבראַכט דייטשען צו אונזער סכראַן, האָבען זיי געענטפערט, אַז צו זייערע סכראַנען האָט אויך צוקער געבראַכט דייטשען. מיר זיינען געווען אַרומגערינגעלט. די דייטשען זיינען געווען מער פון אונז. אַנטלויפען איז געווען אוממעגליך. איך האָב זיך דאַן געטראַכט: די וועלט איז אַזוי גרויס און פאַר אונז איז זי אַזוי קליין.

איך באַשליס ביי זיך אַריינצוגייען אין דער ליקוידאַציע. פיליכט וועלען זיי ניט באַמערקען, און ווען זיי באַמערקען יאָ איז וואָס? שוין ווייניג וואָס צו פאַרלירען. ניט לאַנג געטראַכט בין איך אַריין אין ליקוידאַציע. די דייטשען האָבען ניט באַמערקט. די וואַסער איז שוין געווען אַביסל געפרוירען. אין ליקוידאַציע איז פינסטער. איך האָב געהאַט ביי זיך זאַפּאַלקעס. געמאַכט עטוואָס ליכטיג. איך באַמערק אין אַ ווינקל ליגט אַ קויש מיט זעקלעך זאַכען. ביז׳ן האַלז אין וואַסער בין איך צוגעקומען צום ווינקעל. זיך באַהאַלטען צווישען די זעקלעך. איך בין אַזוי געלעגען פינף שטונדען. ס׳איז שוין נאַכט. אויפ׳ן הויף איז שטיל. ס׳איז ניט קיין ציעל צו זיין דאָ. האָב איך אַרויסגענומען פון די זעקלעך צוויי העמדער, פאַרזיכטיג בין איך אַרויס אין הויף. איך באַמערק די געטאָ פּאַטרול, זיי שפּאַצירען אַרום. מען שווישטשיעט, מ׳זינגט אויף אונזער רעכענונג.

דער שניי איז שוין דאַן געלעגען, האָב איך אָנגעטאָן די העמד אויפ׳ן פּאַלטאָ און אַ העמד אויפ׳ן קאָפּ כדי איך זאָל זיין וויס פאַרמאַסקירט. איך

האָב זיך צוגעשלעפּט איבער'ן שניי צום פּאַרקאַן וואָס צוימט אָב די געטאָ.ביים פּאַרקאַן בין איך געבליבן ליגען אַרום פופצען מינוט. ליגענדיג האָב איך געהערט ווי אימיצער הוסט אויפ'ן צווייטען זייט פּאַרקאַן, אַ באַוויז, אַז פּאַטרול שטייט. האָב איך זיך דערשלעפּט צום פּאַרקאַן, וואָס צוימט ביים קריסטליכען שפּיטאָל. ביים שפּיטאָל איז געווען צו ליכטיג פון די עלעקטרע. אַדורכקריכען דעם פּאַרקאַן איז ניט מעגליך. מ'קען אָברייסען אַ ברעט אָבער מען וועט געוויס הערען. האָב איך זיך צוגעשלעפּט צו אָקאָניען אין שטיבעלע, אַרויסגענומען אַ מולטער מיט אַ קויש. צוגעקראָכען צום פּאַרקאַן, צונויפגעלייגט דעם מולטערל מיט'ן קויש אַזוי ווי אַ לייטער און אַריבערגעקראָכען דעם פּאַרקאַן. ווען איך האָב זיך געפונען אויפ'ן פעלד האָב איך פרייער אָבגעאָטעמט.

איך האָב זיך באַקוקט האָב איך זיך אַליין דערשראָקן אויסגעזעהן ווי אַ לעבעדיגער מת. איך האָב אויסגעטאָן די פּאַרמאַסקירטע וועש. וואו גייט מען יעצט? קלער איך. איך בין אַוועק אויף פּשעדמיעסטאַ צו אַ קריסט וואָס פלעגט פירען האַלץ פאַר אונז. זיין נאָמען איז ניקאַדים מישקעוויטש. איך קלאַפּ אָן אין טהיר, האָט די פרוי געענטפערט. ווען זי האָט מיר געזעהן האָט זי אויסגעשריגען: „יעזוס!" דער מאַן האָט געהערט דעם געשריי האָט ער זיך דערשראָקען. ער האָט גלייך פאַרהאַנגען די פענסטער, געמאַכט ליכטיג. ער פרעגט מיר פון וואַנען איך נעם זיך איצט? האָב איך זיי געזאָגט אַז איך בין געווען באַהאַלטען ביי אונז צווישען די ברעטער, נאָר עס פעלט מיר שפּייז בין איך געקומען. איך האָב זיי ניט דערציילט די געשיכטע מיט די סכראָנען פון וואַנען איך בין אַנטלאָפען. איך האָב זיי ניט געוואָלט מאַכען קיין שרעק כדי זיי זאָלען ניט מיינען אַז מען וועט באַלד מאַכען אָבלאַוועס. זיי האָבען מיר געטרייסט, אַז זיי וועלען מיר אויסבאַהאַלטען. זיי האָבען מיר געגעבען שפּייז. איך האָב ניט געקענט עסען. נאָר איך האָב געגעסען ניט אַרויסצורופען קיין פאַרדאַכט. דאַן האָט מען מיר אַרויפגעפירט אין שטאַל, מיך באַהאַלטען אין שטרוי. ער איז אַוועק צו זיך אין שטוב שלאָפען. צו מאָרגענס האָט ער מיר געבראַכט פרישטאָג און מיר געפרעגט ווי מיר געפעלט די וואוינונג. האָב איך אים געענטפערט אַז מיר געפעלט דאָס. איך בין דאַן געווען דער גליקליכסטער אין דער וועלט.

אַרום 12 אַזייגער האָב איך געהערט אַ שיסעריי פון דער זייט פון בית־עולם. עס האָט מיר אָנגעכאַפּט אַ שרעק. איך טראַכט זיך ווער ווייס צי איז ניט די שיסעריי אויף די מענשען וואָס זיינען נעכטען אַרויסגענומען געוואָרען

פון די סכראָנען. מיט צוויי שטונדען שפּעטער האָט דער קריסט מיר געבראַכט מיטאָג. ער איז געווען צושראָקען, און דערציילט מיר די גאַנצע געשיכטע. ער זאָגט מיר אַז נעכטען איז געקומען צוקער מיט געשטאַפּא פון ביעלסק און האָט אָנגעוויזען סכראָנען. מען האָט אַרויסגענומען זיבעציג מענשען פון די סכראָ־נעס, מען האָט זיי איבערנאַכט אַריינגעפירט אין גאָצליעוווסקיס טורמע. היינט האָט מען זיי אַוועקגעפירט אויפ׳ן בית־עולם און אַלע זיבעציג דערשאָסען צו־זאַמען מיט צוויי פּאָליאַקען און גיט אָן אַלע נעמען. איך וואונדער זיך, איך מאַך זיך אַז איך ווייס פון גאָרניט. אין האַרצען טראַכט איך זיך, איך ווייס בעסער פון דיר. איך בין דאָרט געווען אויף דעםפּייער. ווען ער איז אַוועק האָב איך זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

נאָך דער באַפרייאונג האָב איך זיך באַגעגענט מיט אַ סימיאַטיצער אידען האָט ער מיר דערציילט אז די בריינסקער אידען האָט מען אַריינגעפירט אין דער ביעלסקער געטאָ. פון ביעלסק זיינען שוין די אידען געווען אַרויס־געפירט. מען האָט זיי איינגערעדט אַז ס׳וועט אין ביעלסק זיין אַן אַרבעטס־לאָגער און זיי וועלען דאָ פאַרבלייבען. האָט מען געשיקט צוקער׳ען נאָך בריינסק מיט געשטאַפּאָ. געגעבען צוקער׳ען די אַדרעסען פון די סכראָנען, מען זאָל אונז ברייננען נאָך ביעלסק. אַזוי האָבען זיי פאַרנאַרט מענשען.
(דאָס איז דער בריף פון וועלוול גאָלדע פינקטליך איבערגעגעבען)

דער צוקער איז ביי אומבאַוואוסטער געלעגענהייט דערשאָסען געוואָרען שפּעטער, איינצעלהייטען ניט באַקאַנט.

דאָס איז די געשיכטע און די פאַקטען פון מעשה צוקער.

צוועלפטער קאַפּיטעל

# העלדענטהאַט פון אברהמע ווערפּיכאָווסקי

די אידישע געשיכטע איז רייך מיט אונזערע העלדען, קדושים, וואָס האָבען זיך ניט פאַרלאָרען אונטער די ערגסטע באַדינגונגען. וואָס גרעסער די געפאַר אַלץ מער מוטה האָבען אונזערע מאַרטירער אַרויסגעצייגט.



אברהמע ווערפּיכאָווסקי

מיט געבויגענע קעפּ, מיט אַ געפיל פון אייגענע קליינליכקייט, שטייען מיר איבער דעם אָנדענקונג פון בריינסק׳ס גרעסטען העלד פון אַלע צייטען. זיין נאָמען דאַרף ביי בריינסקער לאַנדסלייט אין דער גאַנצער וועלט פאַראייביגט ווערען מיט אַ פּאַסענדען זכר עולם.

דאָס איז דער פאָלקס־מענש, דער אַרבייטער מענש, וואָס איז אין בריינסק ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען אָנערקענט געוואָרען, איז געווען וויצע פרע־זידענט פון דער בריינסקער פאָלקס באַנק, וואָס האָט צירקולירט אַלס אַ פאָלקס־אינסטיטוציע און ביי אַנדערע געלעגענהייטען פאַרטראָטען דעם פּראָס־טען אַרבייטער מענש.

אברהמע ווערפּיחאָווסקי האָט ניט גענומען קיין זאַך פאַר ניט וויכטיג, און אַלעס וואָס ער האָט זיך באַטייליגט האָט ער אַריינגעגעבען זיין גאַנצער פעהיגקייט, איבערגעגעבענהייט. ער איז געווען איינער פון בריינסקער חברה קדישא.

אַלס חברה קדישא מאַן איז ער געשטיגען צו דעם גראַד פון גרעסטען בריינסקער פאָלקס העלד. דאָס איז געווען ביי דער שוידערליכער סצענע ווען די זיבעציג בריינסקער אידען, וואָס זיינען אַרויסגענומען געוואָרען פון די קעלערען פון געטאָ. מיט צוקער׳ס מיטהילף זיינען אָפּגעפירט געוואָרען אויפ׳ן בית עולם צו שטאַרבען פון די נאַצישע קוילען.

אברהמע איז פופציג יאָר אַלט, אַ שטעפער ביים פאַך. עס זיינען אויפ׳ן בית עולם געווען עלטערע אידען פון אים.

אַלטער טרוס האָט די דאָזיגע פאַקטען באַקומען פון פערזענליכע געשפּרע־כען, וואָס ער האָט געהאַט מיט די בריינסקער קריסטען, וואָס זיינען דאָרט געצוואונגענערהייט געווען אנוועזענד אויפ׳ן בריינסקער אידישען בית־עולם ווען אַלע זיבעציג אידען זיינען דאָרט דערשאָסען געוואָרען.

אברהם ווערפּיכאָווסקי פאַרלאַנגט פון די דייטשען אַז מען זאָל אים דער־שיסען דעם לעצטען. ער האָט אַ פליכט, איין הייליגע פליכט צו דערפילען. ער איז דער חברה קדישא מאַן און דאַרף טאָן דאָס רעכט צו די אידישע טויטע באָכ׳ן אידישען דין. די דייטשען זיינען גרויסמוטיג, גיבען אים נאָך זיין פאַרלאַנג.

מוטהיג שטייט אברהמקע ביי זיין פּאָסטען. ער גלייכט אויס די געפאַ־לענע קערפּערס ווי צו קבורה. מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער, זאָגט

זיינע פסוקים. ווי די קריסטען דערציילען „זיינע מאָליטוועס". ער נעמט זיך צייט, מאַכט יעדען אין אָרדנונג. זיינע אויגען טרוקען, קיין טרער באַווייזט זיך ניט. ער געזעגענט זיך מיט יעדען איינעם, מיט'ן האַנד מאַכענדיג, געזע־געגנט זיך מיט זיין ווייב שרה. לאָזט קיינעם ניט וויינען. ער בלייבט דער לעצטער ביים אָפענעם גרוב. ער רופט צו אַ פויער, אַ באַקאַנטען, גיט אים אַוועק דאָס געלד וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך: נעם דאָס געלד, פאַר דעם זאָלסטו ניט אַרויסטרייבען קיין אידען וואָס וועט קומען ביי דיר אַמאָל בעטען אַ שטיקעל ברויט, גיב אים, איך באַצאָל דיר פאָראויס דערפאַר. דאַן איז ער אַליין דערשאָסען געוואָרען דער לעצטער.

אַזוי איז געפאַלען ברייניסק'ס גרעסטער העלד.

די פאָלגענדע זיינען געווען די געפאַלענע בריינסקער ביי דער שווי־דערליכער סצענע:

| | |
|---|---|
| שבתי חומסקי 55 יאָר, | יחיאל דאַן 50 , |
| שרה חומסקי 55 יאָר, | פייגל דאַן 50, |
| חיים יאָסל שאַפּירא 60, | די קינדער זייערע 17, 14, 12, |
| אברהם ווערפּיכאָווסקי 50, | שלומה לאַזער פון באָטקע 75, |
| שרה זיין פרוי 50, | רחל לײַזער פון באָטקע 70, |
| שלום קוקאָפּקע 50, | חיים קלאָדע פון באָטקע 55, |
| שרה קוקאָפּקע 45, | קלאָדעס דריי קינדער 6, 11, 8, |
| לייבקע וויינער 55, | א'סער ברייניסקי 55, |
| מאַרעם ליבע וויינער 50, | יעקב קאַשטאַן 25, |

שרה רובינסטיין, יצחק רימערס מיידעל 22,

| | |
|---|---|
| רבקה ביאַליסטאָצקע, 25, | דוד פאַניץ 55, |
| הערשל שרויט, בערל'ס זון 18, | צירל זיין פרוי 50, |
| אַלטער נאַדיבראָצקיס איניקל, | פאַניצעס מיידל 17, |

דניאל קאַגאַן, אַלטער נאדאבראצקיס איידעם 45,

דניאל'ס ווייב, אַלטער דעם געלענ'ס טאָכטער 42,

| | |
|---|---|
| פייגע קעסטין 70, | דניאל'ס קינד 8, |

שעפּסל קאַטלאָוויטש, חיים בעקערס זוהן 22,

משה פליישער, דעם רויטען אָנס אידעם 25,

זיין פרוי 22, איר טאָכטער שרה 18,

זייערע צוויי קינדער 2, 5, אברהמל איטשע גימפלס ווייב 55,

אסתר בריינסקי, שאכרייקעס 45, 2 קינדער בריינע 15, און בעריל 19,

איהר זוהן בערטשע 16, שלומה סמורזשיקס אינגערער זוהן 20,

ביילע וויינשטיין, משה הערש דעם טויבענ'ס טאָכטער אומגעפער 55,

שלומה וויינשטיין, איהר זוהן 18, לייבל הורוויץ און פראַדל'ס זוהן 25,

די איבעריגע נעמען — ניט באַקאַנט.



שבתי חומסקי

וויכטיגער טוהער אין אַלע שטאָטישע אנגעלעגענהייטען

געווען דער ערשטער דערשאָסען צו ווערען

## דרייצענטער קאַפּיטעל

# די שרפה אין דער לײדיגער געטאָ

עס בלייבען נאָך פאַרבאַהאַלטענע אידען אין אַנדערע קעלערען פון דער געטאָ. ווייל ניט פון אַלע סכראָנען האָט ישיע צוקער געוואוסט, צוליב דעם וואָס די סכראָנען זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען אין דער גרעסטער געהיימניש.

די דאָזיגע אידען וואָס זיינען נאָך געלעגען אין די קעלערען, האָבען שוין געוואוסט וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט די אידען וואָס זיינען ענטדעקט געוואָרען פון צוקער'ן. זייער לאַגע איז איצט נאָך ערגער, האָפנונגסלאָז. זיי פאַרלאָזען ניט די קעלערען, זיי באַמערקען די רעפלעקטאָרען ביינאַכט וואָס וואַרפען אַ שרעק אויף די קעלער איינוואוינער, זיי פאַרשטייען אַז די געטאָ איז נאָך גוט באַוואַכט. פון אַרויסכאַפּען זיך איז קיין רייד ניטאָ.

לייבל פאָליאַק'ס ווייב צינדט אונטער די הייזער אין שטעלער פון איטשע גימפּעלס און חנא סאָקאָלאָוויטש. דיינקענדיג אַז אין אַ טומעל פון אַ פייער וועט זיך איינגעבען צו אַנטלויפען פון דער געטאָ. לײדער האָט דער פּלאַן אויך ניט געאַרבייט. אין דעם טומעל פון דער שרפה איז די געטאָ נאָך מער באַוואַכט געוואָרען.

די וואָס מאַכען אַ פאַרזוך זיך אַרויסצורייסען פון געטאָ ווערען דערשאָסען פון פּוילישע פּאָליציאַנטען אָדער איבערגעגעבען צו די דייטשען.

אין דער שרעקליכער נאַכט פון 15־טען אויפ'ן 16טען נאָוועמבער זיינען געפאַלען 23 קרבנות. אַלע האָבען באַצאָלט מיט זייער לעבען פאַר מאַכען אַ פאַרזוך אַרויסגנב'ענען זיך פון דער געטאָ.

די פאָלגענדע האָבען באַצאָלט מיט זייערע לעבענס אין דער שרעקלי־כער נאַכט :

לייבל פאָליאַק'ס ווייב, איר טאָכטער 17 יאָר.

ביין פאַרקאַן פון דער געטאָ ווערען דערשאָסען :

קיווע יאַמשין 24 יאָר,

מאיר חיים קאנאפיאטע, 21 יאָהר אַלט,

אברהם יענטשמאַן, חיה שרה יענטשמאַן, אברהמעס פרוי, אַ 5 יאָריג קינד, וואָס איז געווען מיט אברהמען אין סכראָן. די דריי ווערען געכאַפּט פון צוויי בריינסקער קריסטען, סטאַשעק פּאָפּלאָווסקי און סטאַזשעק קוטלינסקי. זיי ווערען באַרויבט און איבערגעגעבען צו די דייטשען. אברהמע, זיין פרוי חיה שרה און דער אומבאַקאַנטער קינד וואָס איז געווען מיט זיי, ווערען דער־שאָסען לעבען אָרקע קצב׳ס שטוב. די נאַכט פון 15־טען אויפן 16־טען נאָ־וועמבער 1942.

אברהם בוראַק, חיים בוראַק׳ס דעם קצב׳ס זוהן מאַכט אַ פּאַר־זוך צוזאַמען מיט זיין פרוי, יענקל זאַוול׳ס טאָכטער מיט צוויי קינדער זיך אַרויסצוכאַפּען, האָט אים באַמערקט דער פּאָליציאַנט זשעוואוצקי. עס קומט פאָר אַ געראַנגעל צווישען אברהמען מיט׳ן פּאָליציאַנט. אברהם בוראַק כאַפּט אָן זשעוואוצקין ביים גאָרגעל. עס פאַלט אַ שאָס, אברהמע בוראַק פאַלט, זיין פרוי און די צוויי שיינע קינדער ווערען דערשאָסען לעבען אַפּטייק אין דער נאַכט פון 15־טען נאָוועמבער.

ביי באָבע גרשון בער׳ס אויפ׳ן פּאָדוואָר איז דערשאָסען געוואָרען אַ ווייבל. לײדער האָט קיינער ניט געוואוסט איר נאָמען. די געשיכטעס האָבען קריסטען דערציילט. פיעלע פון אַנדערע נעמען זיינען אויך ניט באַוואוסט, די צאָל פון 23 קרבנות איז באַשטימט. די אַלע 23 זיינען דורך בריינסקער קריסטען באַערדיגט געוואָרען אויפ׳ן אידישען בית עולם.

הערשל שפּאַק, דער איינציגער וואָס האָט זיך געראַטעוועט. פון די איבע־ריגע אידען אין געטאָ דערציילט דאָס פאָלגענדע:

איך הער אַ געשריי, עס ברענט! איך באַמערק, עס איז ליכטיג. דער פייער איז גאָר נאָענט. איך בין דאַן געווען ביי סקאָוראָנעק דעם שוסטער אויפ׳ן בוידעם. איך קען ניט רוהען. איך כאַפּ אַ עמער און גיי לעשען, ווי נאַריש איך בין געווען. איך באַווייז זיך אין גאַס. באַגעגענען מיר שקצים, זיי פאַנגען אָן שרייען: אָ, הערשקאָ! איך ציה זיך צוריק. איך הער שיסע־רייען, האַרצרייסענדע געוויינען, גסיסה געשרייען. איך ווייס שוין וואָס דאָס מיינט. איך באַרוהיג זיך עטוואָס. איך גיי אַריבער צום קריסטליכען שכן זשירע אין שייער געסעל. זיי דערשרעקען זיך פאַר מיר. איך זאָג זיי אַז איך גיי שוין פון זיי אַוועק. אי האָב קיין שוועריגקייטען אַריבערצוגיין דעם פּאַרקאַן.

אַביסל ווייטער ווער איך באַמערקט פון פוילישע פּאָליציאַנטען. מען צילט שוין מיר צו דערשיסען. פּלוצלינג שרייט אויס ראָמאַק, אַ קריסט, דזשעז־שינשטשיכעס אן איינקעל: „לאָזט אָב הערשקען". זיי האָבען מיר געלאָזט גיין. אין געציילטע מינוטען בין איך שוין געווען אין בריינסקער וואַלד. אַלעס איבערגעלעבט.

עס זיינען נאָך פאַרבליבען אידען אין געטאָ. דעם 20־טען נאָוועמבער מאַכען אַ פאַרזוך אַרויסצוגיין פון געטאָ ליבע יאַסקאָלקע, רערל דעם שמיט׳ס שטיפטאָכטער מיט איר דריי יעריגען זוהן נאָטע. זיי ווערען געכאַפּט פון דייטשען געהיים אַגענט מיכאַל פּאַנאַשוק. ליבע און איהר זוהן ווערען דער־שאָסען.

דעם 21־טען נאָוועמבער האָט דער זעלבער פּאַנאַשוק אויסגעפינען די באַהעלטעניש פון אידען אין געטאָ. ביי יענקל וואַיטעק אין פּאָדוואָר, דאָרט ווערט דערשאָסען אַלטער גאָטליעב, יעקב יענטשמאַנ׳ס איידעם מיט צוויי קינדער, פון 11 און 14 יאָהר. יעקב טשעסליאַק, יצחק דעם קאשניקס איידעם און זיינע צוויי זיהן אברהמל 19 יאָר און חיים 17 יאָר. זעה די רעקאָרד פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים ביאַליסטאָקער וואָיעוואדישען קאָמיטעט, לויט נומער 17/47 על. פּי..

קעגען די מערדערס פּאנאַשוק, זשעוואוצקי, קוטלינסקי, פּאָפּלאַווסקע האָב איך אַריינגעטראָגען אַ קלאַגע צום פּראָקוראָר דעם 22־טען יאַנואַר 1947 אין ביאַליסטאָק. קיין רעזולטאַטען זיינען נאָך ניטאָ. די דערמאָרדעטע פון דער מסירה און די געכאַפּטע פון פּאַנאַשוקען זיינען באַערדיגט געוואָרען אויפ׳ן בריינסקער בית עולם.

אויסציגע פון היסטאָרישער קאָמיסיע וועגען דעם פוילישען פּאָליציאַנט מאַרקאָפּסקע, אַ שרעקליכער רוצח. ער איז באַרימט אַלס דער מערדער פון קליינע אידישע קינדער. באַצייכענט אונטער 17/47 על. פּי.

דער געיעג אויף אידען נעמט אָן אַ שרעקליכע פאָרמע. מען זוכט אידען, אום פון זיי צו צונעמען געלד. דער קלאַנג איז אַז ביי אידען זיינען דאָ אַ סך געלד. דערצו ווערט אויסגענוצט די איינגעפלאַנצטע פיינטשאַפט צום אידען וואָס האָט נאָך פון פריערדיגע יאָרען עקזיסטירט.

דער מאַרקאָפּסקע פון שייער געסעל האָט דערשאָסען יוסף קאָפּעליוש, פישעל ספּישינערס איניקעל, 22 יאָר, לייבל הורוויץ, הערשל הורוויצעס

זוהן, 28 יאָר, לייבל שערעשעפסקי, אַלטער שערעשעפסקי׳ס זוהן, משה נוסי־
כעס אייניקל 26, דעם 5 יעריגען שייקע ברוידע.

דער מארקאָפסקי פלעגט אָבוואַרטען ביים שאָסיי, ווי קליינע אידישע
קינדער פלעגען אַרומוואַנדערען זוכען טאַטע מאַמע. זיי האָבען נעביך ניט
געוואוסט אַז מען זוכט זייער אומשולדיגען יונגען לעבען אומצוברענגען. אַזוי
האָט מארקאפסקי געכאַפּט לעבען שייער געסעל יאָסקע מנוחה׳ס אייניקעל
פון 9 יאָר, חנה שוואַרצ׳ס אינגעל 12 יאָר. דאָס איז חנה איצל אברהם בער׳ס.

ביידע קינדער שכנים פון איין גאַס, ביידע ערמאָרדעט פון איין באַנדיט.

ער האָט אויך ערמאָרדעט לייבל בוראָק׳ס אַ בחור פון 16 יאָר.

נאָך דער באַפרייאונג איז ער אַרעסטירט געוואָרען. דער רעזולטאַט: מען
האָט אים באַפרייט. זיינע פאַרברעכענס קעגען אידישע קינדער זיינען ניט
געווען גרויס גענוג באַשטראָפט צו ווערען.

איך האָב קעגען מאַרקאָפסקין אַריינגעטראָגען אַן אָנקלאַגע. איז ער
ערגעץ פאַרבאַהאַלטען.

**פערצענטער קאַפּיטעל**

# דער גורל פון ברײנסקער אידען אין דערפער אַרום ברײנסק

אַליעקשאַן, פּאַטאָק, טשאַיע, דאָלאַבאָווע, כאַיעווע, גלניק, זאַניע

יעדער ברײנסקער אײנוואוינער איז באַקאַנט מיט די דאָזיגע דערפער אַרום שטאָט. צענדליגער אידען פלעגען באַזוכען די דאָזיגע דערפער כמעט טעגליך. פלעגען האַנדלען מיט דער קריסטליכער באַפעלקערונג דאָרטען. עס איז געווען פאַרבונדען אַ באַקאַנטשאַפט פון דורות. די עלטערע קריסטען פלעגען רעספּעקטירען די ברײנסקער אידען. קומען צו זייערע הייזער ווי פריינד, אַלטע באַקאַנטע.

די ברײנסקער אידען וואָס זײנען אַנטלאָפען פון געטאָ, האָבען געדיינקט אַז ביי דיזע שכנישע קריסטען וועלען זיי זיין זיכער פון די נאַצישע פאַר־פאָלגער. ניט האָבענדיג וואו צו לויפען האָבען פיעלע פון די אידען געזוכט שוץ ביי די דאָרפישע אַלטע באַקאַנטע זייערע.

ליידער איז אַ נייער דור אויסגעוואקסען אין די דערפער. אַ דור וואָס האָט אין זיך גוט אײנגעזאפט די פריערדיגע פּוילישע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַ־ציע. די דאָזיגע עלעמענטען האָבען איצט באַקומען אַ געלעגענהייט אויס־צופירען זייערע טייפעלשע פלענער. זיי האָבען זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט מיט זייער גיריג צו כאַפּען אידען, זיי ברײנגען צו די דייטשען, אָדער אַליין זיי ערמאָרדען און פטור ווערען פון זיי.

די בעסערע קריסטען האָבען די אידען גע׳מוסרט: פאַר וואָס אַנטלויפט איר? איר ווייסט דאָך אַז אייער דור מוז אונטערגיין. ס׳וועט אייך גאָר ניט העלפען. דאָס האָט געהייסען מוטה צוגעגעבען.

די אַנטלאָפענע אידען וואָס זײנען אַרויס פון געטאָ האָבען ניט געגלויבט אַז זיי פאַלען אַריין אין אַ שרעקליכען פייער, וואָס וועט אין קורצע צוויי מאָנאַטען אָבווישען אַלעס און אַלעמען.

וואָס עס איז געוואָרען מיט די איבער 100 אידען, וואָס זיינען געבליבען אין געטאָ, ווייסען מיר שוין פון די פריערדיגע קאַפּיטלען.

איצט ווילען מיר זעהען דעם גורל פון די אַנטלאָפענע אין די דערפער אַרום בריינסק.

די געשיכטע פון אומקום פון 27 בריינסקער אידען ביים בריינסקער וואַלד אין קאָזשע צווישען די דערפער גליניק זאַני.

דאָס זיינען געווען אין די לעצטע טעג פון נאָוועמבער 1942. דאָרט אין וואַלד האָבען זיך גרופּירט אַרום 30 בריינסקער אידען. זיי זיינען געלעגען אין גריבער, אַנטלאָפענע פון בריינסקער געטאָ, ניט קיין באַוואָפענטע. עס פּאַסירט אַ פּראָוואָקאַציע פון קריסטען. פּלוצלינג באַווייזען זיך זשאַנדאַרען מיט פּוילישע פּאָליציאַנטען, מען לויפט. די פאָלגענדע איז געלונגען צו אַנט־לויפען: וועלוול האַלפּערן, אינדיטשקעס איניקעל, ביסקע נידעלמאַן, חיים קעווליאַקער, מאָטל קעווליאַקערס זוהן, ישראל ברענער, פּסח דעם מילנערס איניקל, לייבל סטעלמאַך׳ס איניקל און בנימין וואינאוויטש פון בענדוגע.

די זשאַנדאַרען באַפוילען אַז אַלע זאָלען אַרויס פון די גריבער, זיי פאַר־זיכערען זיי אַז זיי ווילען אַלעמען אַוועקפירען קיין בריינסק, ווען אַלע זיינען אַרויס פון די גריבער האָבען די זשאַנדאַרען געעפענט פייער פון מאַשין ביקסען. אַלע קומען אום.

מיר איז געלונגען צו באַקומען טיילווייז די נעמען. איניגע נעמען האָב איך שוין ניט געקענט אויסגעפינען.

מאָטל וורובעל, 65 יאָר,
הערשל וורובעל, 24 יאָר,
שיינע האַלפּערן, הינדעטשקעס שנור 60 יאָר,
הערשל האַלפּערן, הינדעטשקעס איניקל 30 יאָר,
ירחמיאל ברענער, פּסח מילנערס איניקל 18 יאָר,
איטשע וואלקאוויטש, פּסח מילנערס איניקעל, 22 יאָר,
אברהם וואָינאָוויטש פון בענדוגע 23 יאָר,
רייזל זיין שוועסטער 28 יאָר,
פייגעלע אברהם וואָינאָוויטשעס שוועגערין, 30 יאָר,
חביבה פייגעלס קינד, 3 יאָר,
וועלוול יערוסאַלימסקי, פּסח דעם סופר׳ס זוהן, 19 יאָר,
יאָסל ברוידע, קעסילקע שייקעס זוהן אַ קצב 35 יאָר,

נאָטע ברוידע, יאָסעלס אַ קינד 8 יאָר,
יאַכע סוסעל, משה סוסעלס טאָכטער 25 יאָר,
מנוחה הורוויץ, הערשלס טאָכטער 27 יאָר,
אַ איד פון סאָקאָלע, נאָמען אומבאַקאַנט 40 יאָר,
חיים הערש ראָטענשטיין, מענדל טאָקער'ס זוהן 40 יאָר
יעקב ראָטענשטיין, ענאַך לייבל סטיעלמאַכ'ס 40 יאָר,
פסח קאַפּלאַן, שלומה וואָלפקעס איידעם 47 יאָר,
בערל יאַטץ, שלומה וואָלפקעס זוהן, 50 יאָר,
מלכה יאַטץ, בערל'ס אַ מיידעל 18 יאָר,
שאָלעמייקע דעם מלמד'ס אייניקל 24 יאָר,
הערשל פּולשאַנסקי, טשעבטשעס אַ זוהן 18 יאָר,
צאַליע ברוידע, שייקעס אייניקל 28 יאָר.



בערל יאַטץ



בערלס טאָכטער מלכה יאַטץ לינקס
און שמשון בריינסקי רעכט

די איבעריגע נעמען קען איך ניט אויסגעפינען. די עטליכע וואָס זיינען אַנטלאָפען זיינען געשטאַנען אויף אַ בערגל, זיך צוגעקוקט און געזען די עקזע־קוציע. אַלע זיינען באַערדיגט געוואָרען אין דער גרוב. נאָך דער באַפרייאונג זיינען אַלע 27 אומגעקומענע געבראַכט געוואָרען צו קבר ישראל אויפ'ן בריינסקער בית עולם, אַ דאַנק חיים וורובעלס שווערע באַמיהונגען.

פון היסטאָרישער קאָמיסיע פּראָטאָקאָלען 17/47 על .פּי..

פיעלע בריינסקער אידען זיינען אומגעקומען פון בריינסקער קאָמענדאַנט נאַכטוואַרטע מאָניק זאַוואַצקע.

אידען פלעגען אין די נעכט קומען קיין בריינסק אָבנעמען ביי קריסטען באַהאַלטענע זאַכען, האָט ער שוין אַזעלכע אָבגעוואַרט, אָדער די קריסטען, ניט וועלענדיג צוריק געבען די זאַכען האָבען אים דערציילט.

זאַוואַצקי׳ס קרבנות זיינען געווען 12, ליידער קען איך נאָר אָנגעבען: חיים פיעקוצקע, באַבטשעס זוהן 16 יאָר און יענקל פיעקוצקי משה חנאַלעס זוהן 23 יאָר.

איך האָב געגען זאַוואַצקין אַריינגעטראָגען קלאַגעס צום פּראָקוראָר אין ביאַליסטאָק דעם 21טען יאַנואַר 1947.

אַזוי זיינען די באַנדיטישע פּאָליאַקען זיך באַגאַנגען מיט די אידישע שוצלאָזע אָבגעשוואַכטע מענשען פון בריינסק, דערצו די ניט אָרגאַניזירטער־הייט, ניט באַוואפענטקייט האָט געבראַכט צו די פּוילישע נצחונות איבער׳ן אידען.

עס זיינען נאָך געווען אידען אין אַנדערע דערפער.

**אַליעקשאָן** — דער דאָרף אַליעקשאָן געפינט זיך לעבען בריינסק אין אַ זומפּיגען וואַלד געגענד. אין די זומפּיגע וואַלד ערטער האָבען זיך אויפגע־האַלטען אַנטלאָפענע אידען פון געטאָ. דיינקענדיג אַז קיינער וועט זיי ניט באַ־מערקען אין די זומפען.

קיין שפּייז האָבען די אידען ניט געהאַט מיט זיך, זיינען זיי געווען גע־צוואונגען אַרויסצוקריכען פון די זומפען זיך אָוועקלאָזען צו די דערפער בעטען אַ שטיקעל ברויט. אָדער קויפען פאַר געלד ברויט.

פיעלע האָבען גראַדע יאָ געגעבען ברויט צו די אידען. אָבער דער פאַקט אַז אידען געפינען זיך אין די געגענדען איז אַזוי אַרום באַקאַנט געוואָרען אין דאָרף אַליעקשאָן.

דער אַליעקשענער סאָלטיס יאָזעף אַדאַמטשיק האָט גערופען אַ דאָרף פאַר־זאַמלונג. דאָרט האָט ער געוואָרענט אַלע קריסטען פון געגענד אַז זיי זאָלען מיט קיין זאַך ניט העלפען די זשידעס. ער האָט זיי אויפגעפאָדערט, אַז מען זאָל די אידען כאַפּען, בינדען זיי און איבערגעבען צו די דייטשען.

דעם זעלבען אָוועגט האָט אַדאַמטשיק געצוואונגען אייניגע קריסטען און אַנדערע האָבען אָנגענומען פרייוויליג, און זיי האָבען זיך אָוועקגעלאָזט אויף אַ ווילדען געיעג צו כאַפּען אידען. מען כאַפּט און מען בינדט די אידען אַזוי ווי שעפסען. מען פאַרפאַקט זיי געבונדענערהייט אין אַ שטאַהל אַ פאָר טעג, ביז די דייטשען קומען אָן און דערשיסען אַלע אידען.

אין דעם געיעג זיינען עלף אידען געכאַפּט געוואָרען. אַלע זיינען דער־שאָסען געוואָרען אין אַליעקשאַן אויפ׳ן וועג צום דאָרף קליכע.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ צווייטער געיעג פון דעם זעלבען כוליגאַן אַדאַמטשיק ביי וועלכען פינף אידען זיינען געכאַפּט געוואָרען. די פינף זיינען שוין אָבגעפירט געוואָרען קיין בריינסק און דאָרטען דערשאָסען געוואָרען.

## דאָס זיינען די קרבנות פון באַנדיט אַדאַמטשיק

אסתר אָסקאָרד, מרדכי אָסקאָרד׳ס שנור, ישראל חיים׳ס ווייב 55 יאָר,

מרדכי אָסקאָרד, ישראל חיים׳ס זוהן, 5 יאָהר,

קאָזאַק, ערשטער נאָמען ניט באַוואוסט, משה פריבוט׳ס אידעם, 56 יאָר,

רובען קאָזאק, אייניקעל פון משה פריבוט, 20,

לאה קאָזאק, משה פריבוט׳ס אייניקל, 18,

יאָסל פריבוט, טעפּלצימעס זוהן, 35,

פיניע טשיגעלסקי דעם שערערס זוהן 26,

יעקב ראָטנשטיין, משה מענדל טאקערס זוהן, אומגעפער 21,

לייבל ראָסע, אַלטער שלומה היצל׳ס זוהן וואָס איז אַנטלאָפען פון ביעלסק פון באַהן, 12 יאָר.

פעשע ראָזען, דוד שמיד׳ס אייניקל 20,

נפתלי אַוואַל, ריקל ביבערס אייניקל 16,

שמשון בריינסקי, יאָסקע מנוחה׳ס אייניקל 16,

אברהם דאַווידאָוויטש פון קאָלניע, סאַנעס אייניקל 30,

שרה טאבאק פון ווישאָנק, איר פאָטער איז געווען אַ לאָדע מאַכער, אומ־געפער 25,

איינער איז ניט באַוואוסט.

איך האָב דעם פאַקט אַריינגעטראָגען אין ביאַליסטאָקער היסטאָרישער קאָ־מיסיע פון אידישען קאָמיטעט, אונטער דעם נומער 47־1־3 על. פי. דורך דער פאַרמיטלונג פון דער קאָמיסיע האָב איך אַריינגעטראָגען אַ קלאָגע צו דער געריכטס מאַכט. יאָזעף אַדאַמטשיק ווערט אַרעסטירט, די עדות אַנטקעגען אים זיינען די וואָס האָבען זיך אַרויסגעריסען פון די הענט פון אַליעקשאַנער קריס־טען, דאָס זיינען משה אָסקאָרדס זכריה שניידערס זוהן. אים האָט אַ פריינדליכער קריסט אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, חיים וועלוול און יוסף פריבוט׳ס צוויי ברידער, שמוליע פאָפלאָווער׳ס אייניקלעך. ער האָט זיך אַנטקעגען געשטעלט

מיט אַ ווידלע, געכאַפּט שטעכען די וואָס ווילען צו גיין צו אים. די קריסטען, יונגע שקצים האָבען זיך דערשראָקען און צולאָפען. זיין ברודער יוסף האָט זיך געראַטעוועט, ווייל ער איז אַרויס פון שטאַהל, זיך באַהאַלטען אונטער אַ איבערגעקערטע פאַס וואָס איז געשטאַנען אין הויף. יוסף האָט ניט איבער־געלעבט, זעה ווייטער ביי אָבלאָוועס. די אָנקלאַגע קעגען יאָזעף אַדאַמטשיק זיינען אונטערגעשריבען געוואָרען פון ביאַליסטאָקער אידישען מאַגיסטער הער טורעק, אויפ'ן סמך פון די צוויי עדות משה אָסקאַרד און חיים וועלוול פּריבוט, מיט מיין אונטערשריפט אָנגעבענדיג די מאָטיוועז פאַר די מערדערייען.

הער בורשטיין, דער יעצטיגער פּרעזידענט פון וואָיעוואָדישען קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק האָט מיר צוגעשריבען די ידיעה אַז אַדאַמטשיק איז אַרעס־טירט געוואָרען.

באַמערקונג פון דזשוליוס קאָהען.

מיט דער רעליף קאָמיטע אין ניו יאָרק באַזיצען פאָטאסטאַטישע קאָפּיעס פון אַלע געריכטס אָנקלאַגעס קעגען די פּוילישע באַנדיטען וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער מיטהילפע צו מאָרדען אידען.

די אָנקלאַגעס זיינען אונטערגעשריבען געוואָרען אין אַלע פעלע פון עדות, וואָס האָבען בייגעוואוינט די סצענעס. די הויפּט פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר ברייניגען די אידען מערדער צום געריכט געהערט צו אַלטער טרוס. ער האָט זיך ניט אָבגעשטעלט אויף קיין זאַך. סטראַשונקעס האָבען אים ניט צוריקגע־האַלטען. די געשוואוירענע עדות האָבען אויך געהאַנדעלט ווי אמת'ע העלדען. ווייל אויך זייערע לעבענס זיינען געווען אין געפאַר, דאָך האָט די בריינסקער שארית הפליטה צוגעשטעלט צום געריכט פיעלע אידען־מערדער צווישען וועלכע יאָזעף אַדאַמטשיק איז געווען איינער. מיר גיבען דאָ איבער די פאָטאָסטאַטישע געשווארענע קאָפּיעס פון דער אָנקלאַגע. איצט, מאַרטש דעם 9־טען האָב איך באַקומען אַ נאָטיץ פון ביאַליסטאָקער היסטאָרישען קאָמיטעט, אין וועלכען זיי אינפאָרמירען, אַז יאָזעף אַדאַמטשיק איז פאַראורטיילט געוואָ־רען צום טויט דורך הענגען דעם 27־טען פעברואַר 1948. די געשוואוירענע ערקלערונגען פון בריינסקער אידען האָבען געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע ביים פּראָצעס וואָס האָט געדויערט דריי טעג. אַ האַרציגען ישר כח אייך בריינסקער מוטהיגע העלדען פאַר אייער בראַווע שטעלונג.

מיר באַזיצען העכער 30 פּידזשעס פאָטאָסטאַטישע דאָקומענטען. צוליב

די גרויסע קאָסטען פון רעפּראָדוצירען זיי אין דעם בוך ברייגען מיר בלויז די וואָס באַציהען זיך צו אַדאַמטשיק'ס אָנקלאַגע.

דעם 1־טען מאַרטש 1948 פאַנגען זיך אָן די געריכטען איבער די מער־דער ריטש ברידער פון כאָיעווע און דעם באַנדיט קאַמינסקי, ווייל דער בוך איז שוין אין דרוק ווייסען מיר ניט צי מיר וועלען קענען ברייגען די רעזולטאַטען פון די פּראָצעסען אין צייט.

## די שחיטות ביי פּאַטאָק טשאַיע, דאָלאָבאָווע

אויך אין דאָרף פּאַטאָק האָבען זיך געפונען אידען פאַרבאַהאַלטענע, אַנט־לאָפענע פון בריינסקער געטאָ.

צוויי פּאַטאָקער קריסטען, די ברידער טאָור האָבען געכאַפּט די אידען האַלב טויטע, צושלאָגענע געבונדען און געבראַכט קיין בריינסק צו די זשאַנ־דאַרען וואו זיי זיינען דערשאָסען געוואָרען. פאָלגענדע זיינען די קרבנות: לייזער סקאַוראָנעק, אהרן טשעשליערס איידים, 60 יאָר, מאַנעס סקאַוראָנעק לייזערס זוהן 23 יאָר, ניסל נאָך אַ זוהן, 21, אַ אידישער בחור פון לאָפּי, נאָמען אומבאַקאַנט, 25.

זומער 1943 האָט שוין דער פּאַרטיזאַנער אָטריאַד געאַרבייט טיילווייז אָביסעל אָרגאַניזירט, זיינען געקומען אין פּאַטאָק ביינאַכט נאָך שפּייז האָבען די זעלבע טאָור ברידער געכאַפּט יעקב אָליענצקי (משה אליענצקי'ס זוהן) 30 יאָר. צופעליג האָט דער פיסטאָליעט ניט געאַרבייט, האָבען זיי אים גוט צו־שלאָגען און געבראַכט צו די זשאַנדאַרען. די זשאַנדאַרען האָבען אים ווידער געשלאָגען, ער זאָל אַרויסגעבען די אַנדערע פּאַרטיזאַנער. די פּאַרטיזאַנער האָבען שוין געהאַט דעם פּלאַץ עוואַקואירט. יעקב אָלענצקי איז דערשאָסען געוואָרען אין וואַלד ביים פירען צום סכראָן. די פּאַרטיזאַנער האָבען אים באַערדיגט נאָך דער באַפרייאונג. געבראַכט געוואָרען צו קבר ישראל אויפ'ן בריינסקער בית עולם.

געגען די צוויי ברידערלעך טאָור האָב איך אַריינגעטראָגען קלאַגען צום פּראָקוראָר דעם 7־טען יאַנואַר 1947 מיט די אָנגעגעבענע מאָטיוען פון דער אידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין ביאַליסטאָק נומער 7/47 על. פּי.

די ברידער טאָור זיינען אַרעסטירט.

**טשאַיע** — אין דאָרף טשאַיע האָבען זיך ענדע נאָוועמבער געפינען בריינ־סקער אַנטלאָפענע, די פאַמיליע קרוקאָווסקי, די פאַמיליע ווערט באַפאַלען פון אַ באַנדע קריסטען דריי ברידער דלוגאָלענסקי און אַנדערע. זיי ווערען געשלאָ־

גען, געבונדען און געבראַכט צו די זשאַנדאַרען קיין רוטקע. זיי ווערען דאָרט דערשאָסען. דאָס זיינען די פאָלגענדע קרבנות:

יאָסל קרוקאָווסקי, 53 יאָר,

לייבל, יאָסל קרופסקיס זוהן 21 יאָר,

חנה, יאָסל׳ס טאָכטער 24 יאָר,

אַ קינד פון ניין יאָר.

אָון קרוקאָפסקיס ברודער מיט׳ן צונאָמען טעגאַלע 25 יאָר.



רעכטס רובאלע דעם רב׳ס אייניקל, אברהם גראַזשינסקיס זוהן, אינמיטען משה טאקערס מיידל, לינקס



יעקב אָליענקצי

איך האָב אַריינגעטראָגען קעגען די קריסטען אַן אָנקלאַגע דורך דער אידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין ביאַליסטאָק לויט׳ן נומער 17/47 על. פי. ביז היינט הערט מען נית פון קיין רעזולטאַטען. עס פעהלען באַווייזע.

**דאָלאָבאָווע** — אין דעם דאָרף זיינען אין מאָנאַט דעצעמבער באַפאַלען געוואָרען פון קריסטען וועמעס נעמען מען האָט ניט געקענט באַשטימען. די פאָלגענדע אידען בערל פאַם, קאָפקעס אייניקל 25 יאָר, אליה רובינשטיין, זאַוול הערש חסיד׳ס אייניקל 23 יאָר און איטשע רימערס זוהן 23 יאָר, זיינען געווען די קרבנות פון דעם איבערפאַל.

די מערדערייען פון ליעשניק קאָשאַק מיט זיין העלפער יאָהאַנוטש.

דאָס זיינען געווען באַוואָפענטע לעשניקעס (וואַלד היטערס) ביי פלאָנעווע־ספישין. דאָס זיינען זייערע קרבנות:

אייזיק וויינשטיין, משה הערש דעם טויבענס איידעם 52, געבונדען און איבערגעגעבען צו די בריינסקער זשאַנדאַרען און דערשאָסען געוואָרען.

יאָסל אָקראָנגליע, בערל קליכער׳ס זוהן, 21 יאָר,

יאָסל פריבוט, לאַזער שמיד׳ס זוהן, 55 יאָר,

יאָסל׳ס טאָכטער, טויבע 20 יאָר,

און חנה אסתר פריבוט 18 יאָר.

אין דאָרף קליכע האָבען די ליעשניקעס אומגעבראַכט יאָסל פריבוט׳ס צוויי קליינע קינדער יענקל 10 יאָר און מרדכי אַכט יאָר. זיי האָבען באַרויבט און ערמאָרדעט דעם בריינסקער אידישען אַדוואָקאַט און זיין פרוי. זיי האָבען אויך געכאַפּט און געבונדען משה ליעוו 24 יאָר, פודערס איינילק, געבראַכט צו די זשאַנדאַרען און דערשאָסען געוואָרען.

דורך זיי איז ערמאָרדעט געוואָרען משה דער שטעפער, וואָלקאָוויטש, פסח מילנערס זוהן 60 יאָר, באַשקע משה שטעפערס פרוי, 52.

זיי האָבען אָבגעוואַרט און אַטאַקערט די 2 ברידער גאָלדוואַסער, מענדע לייב 65 יאָר און לייזער 54 יאָר. מאיר כיליכעס זיהן. די צוויי ברידער האָבען זיך אַרויסגעריסען. זיי זיינען שפּעטער אַריינגעפאַלען צו די דייטשען און דערשאָסען געוואָרען.

נאָך אין יאָר 1943 האָבען זיי געכאַפּט נחום קליינאַט, עלבער דעם שוסטער׳ס זוהן 30 יאָר, געבונדען און געבראַכט צו די זשאַנדאַרען צו דערשיסען.

דער קאָשאַק איז אין אָנפאַנג 1944 דערשאָסען געוואָרען אויפ׳ן סמך פון אַ פּאַרטיזאַנער טויט אורטייל, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרען.

געגען יאַהאַנושען האָב איך אַריינגעטראָגען דורך דער אידישער היסטאָרישער קאָמיסיע קלאַגען צום פּראָקוראָר, 5/47 על. פי. לײדער באַהאַלט ער זיך.

**דער אומקום פון יאָסל שפּיטאַלנע** — יאָסל שפּיטאַלנע 21 יאָר אַלט, געבליבען דער איינציגער פון דער פאַמיליע, אַלע אָבגעפירט געוואָרען קיין טרעבלינקע. זיין פאָטער־מוטער און נאָך אַ ברודער, אַ לערער. ער איז געוועזען אַליין, געבליבען ביים ליקווידירען די געטאָ, האָט יאָסל אַלע מאָל אַרויסגעפירט זיינע בעסערע זאַכען צום באַקאַנטען קריסט טרושקאָפסקע. דער טרושקאָפסקע האָט לעצטענס געוואוינט אין אַ קאָלאָניע ביים וואַלד לעבען בריינסק.

דער יונגער יאָסל פלעגט אַלע מאָל קומען צו טרושקאָפסקען נאָך אַביסעל געלד אָדער נאָך קליידער.

טרושקאָפסקע וויל פּטור ווערען פון יאָסלען כדי ביי אים זאָל אַלעס בלייבען. ווען יאָסל קומט צו אים אַמאָל האָט ער אים געגעבען גוט אָבצוועסען און אים געבעטען ער זאָל גיין אין שייער און דרעשען די קאָרן. יאָסל האָט דאָס גערען געטאָן. טרושקאָפסקע איז אַוועק אין בריינסק, עס נעמט ניט לאַנג, טרושקאָפסקע קומט צוריק מיט'ן באַוואוסטען מערדער מאַרקאָפסקי, דער פּויליש־דייטשער פאָליציאַנט.

יאָסל שפּיטאַלנע זעהט שוין זיין אומגליק. מאַרקאָפסקי הייסט יאָסלען אַנטלויפען. יאָסל נעמט לויפען, מאַרקאָפסקי צילט זיין רעוואָלווער, שיסט יאָסלען אין פּלייצע. ביים ערשטען שאָס איז יאָסל שפּיטאַלנע געלעגען אַ טויטער. נאָך דער שטיקעל אַרבייט פיהלט שוין טרושקאָפסקע זיכער מיט'ן פאַרמעגען פון אידישען מילנער, קיינע יורשים וועלען זיך שוין ניט באַווייזען מער. ער גרייט צום טיש, ער און מאַרקאָפסקי זיינען זיך משמח ביי אַ שנאַפּס, די גראַמאָשקע שפּילט. 100 פוס וייטער ליגט יאָסל שפּיטאַלנע אין אַ טייך בלוט. קיינער איז ניט באַשטראָפט. מאַרקאָפסקען קען מען ניט געפינען.

**כאָיעווע** — אין דאָרף כאָיעווע האָבען זיך באַהאַלטען דריי בריינסקער פעסט געבויעטע אידען, ריזיגע העלדען. דאָס זיינען געווען, בערטשע יענטשמאַן 35 יאָר, יענקלס זוהן, שלומה הערש דעם חסיד'ס אייניקל. און דעם פאָרצעלייניקס צוויי אייניקלעך פסח יאָסל טאָפּטשעווסקי 40 יאָר און נחום לייזער טאָפּשעווסקי 24 יאָר.

דער סאָלטיס קאַמינסקי און די ברידער ריטש האָבען אָרגאַניזירט אַן איבערפאַל אויף זיי אין וועלכען עס האָבען איינטייל גענומען 20 קריסטען. זיי האָבען געשטעלט אַ שרעקליכען ווידערשטאַנד. ענדליך זיינען זיי באַזיגט געוואָרען. דאָס געלד האָט מען ביי זיי צוגענומען, מ'האָט זיי געבונדען און אויף פוהרען אָבגעפירט צו די בריינסקער זשאַנדאַרען. זיי ווערען דערשאָסען ביים טייך, אפילו ניט רעכט באַערדיגט. די פוקסען האָבען די קערפּערס צושלעפּט גלידערווייז.

ניט וייט פון דאָרף כאָיעווע האָבען זיך געפונען אין אַ גרוב אין פעלד חנה יענטשמאַן 22, חייטשע יענטשמאַן 32, באָבטשעס טאָכטער און ריבה לאה טשעסליאַק 45, יצחק דעם קאַשניקס טאָכטער. די כאָיעווער קריס־טען זיינען מיט זיי געווען זייער באַפריינדעט. די ברידער ריטש, פאָליאַקען פון דאָרף כאָיעווע זיינען זיי באַפאַלען, באַרויבט, אויסגעטאָן ביז נאַקעט אין דעם זעלבען גרוב אַלע דערמאָרדעט.



ריבה לאה טשעסליאַק
יצחק קאשניקס טאָכטער און איידעם



בערטשע יענטשמאַן

ביי די ריטשעס איז געווען פאַרבאַהאַלטען די האָב און גוטס פון די דערמאָרדעטע. האָבען די מערדערס געוואָלט ווערען זיכער מיט דער ירושה.

אין דער זעלבער צייט האָט מען אין טייך נורעץ באַמערקט שווימען דעם קערפּער פון יענקל יענטשמאַן, שלומה הערש דעם חסיד׳ס זוהן 70 יאָר.



שטיקלאַך פון אַ צוריסענעם פּאַספּאָרט
אַלעס וואָס איז געבליבען פון דוד יענטשמאַנס פאַמיליע

פּריבוטס אָנקלאַגע אויף דעם אידען מערדער אַדאַמטשיק

WOJEWODZKA
ZYD.KOMISJA HISTORYCZNA
BIALYSTOK, dnia 5.I.1947.
L.p...3/47..

**Zeznanie Prybuta Arie-Lejba**

o mordach dokonywanych na branskich Zydach przy pomocy miejscowej ludnosci.

Prybut Arie-Lejb, urodzony w Bransku w 1907 r., z zawodu rolnik, przebywal w branskim ghetcie, nastepnie w partyzantce. Obecnie zamieszkuje w Bialymstoku, Nowy Swiat 23.

Swiadek zeznaje, ze soltys wsi Oleksin, gmina Bransk, powiat Bielsk-Podlaski, Adamczuk Jozef, oraz pomocnicy jego Byczkowski Boleslaw i Nieroda Edward w nocy 14 na 15 grudnia 1942 r. na wlasna reke (Niemcy nie brali udzialu) urzadzili lapanke na Zydow, ktorzy zdolali uratowac sie z akcji urzadzonej przez Niemcow 2-go listopada 1942 r.
Zebrali 16 Zydow, imiona ich sa nastepujace:
1. Oskard Estera, lat 40
2. Oskard Mordchaj, lat 5
3. Oskard Sara, lat 16
4. Kozak Liba lat 48
5. Kozak Rubin lat 19
6. Kozak Leja lat 17
7. Prybut Zoel (przezwisko Cynes), lat 32
8. Szczygielski Pinia, lat 23
9. Rotensztejn Jankiel, lat 21
10. Chawal Naftoli, lat 17
11. Dawidowicz Abram z Kolna, lat 18
12. Tabak Sora, lat 23
13. Rozen Pessa, lat 20
14. Rosse Lejb, lat 15
15. Brajnski Szymszon, lat 14

Nazwiska jednego Zyda swiadek nie pamieta.
Podczas likwidacji ghetta w Bransku, wyzej wymienieni Zydzi zdolali uciec, lamiac plot ghettowy, przeplyneli rzeke Nurzec i udali sie w strone wsi Poplawy i Oleksin.
Ciekawy jest fakt ucieczki Rosse Lejba z pociagu wiozacego Zydow do Treblinki. Wyskoczyl z pociagu, pieszo przyszedl do wsi Oleksin. W ciagu dwoch tygodni byl utrzymywany przez hospodarzy Oleksina. Nalezy zaznaczyc, ze gospodarze Oleksina wykazali jemu duzo serca, codzien karmil go inny gospodarz, a gdy Adamczuk Jozef przyszedl chlopca zabrac, lezal w lozku, gospodarz Jaworowski sprzeciwil sie, nie chcial go oddac.
Pomocnik Adamczuka, Byczkowski Boleslaw, wyciagnal go sila za nogi z poscieli i nagiego poprowadzil.
Szydor Ludwik, gospodarz wsi Oleksin znalazl w swojej stodole Kozak Libe, Kozaka Rubena i Kozak Leje, wlasnorecznie zwiazal tych ludzi i oddal w rece Adamczukowi.
Ogorek, gospodarz wsi Oleksin, szwagier soltysa popedzil konno galopem do Branska po zandarmerie. Czy pojechal po swojej woli, czy byl zmuszony przez Adamczuka swiadek nie moze stwierdzic.
Wszystkich wylapanych Zydow Adamczuk zamknal u Ogorka w spichrzu. Trzymal ich zwiazanych w zamknieciu dopoki nie przyszli Niemcy.
Niemcy dali rozkaz, zeby nieszczesni Zydzi wykopali dla siebie mogile przy pierwszej smudze na goscincu, ktory prowadzi z Oleksina do Klichow.
Z wyzej wymienionych Zydow Niemcy zastrzelili 11-tu. Pomocnicy Adamczuka mogile zasypali.
Pieciu ludzi: Kozak Leje, Kozaka Rubena, Kozak Libe, Rozen Pesse i Branskiego Szymszona, zwiazanych dostarczono do branskiej zandarmerii, gdzie zostali rowniez w kilka dni pozniej rozstrzelani.
Ci 5-ciu nie zostali odrazu zgladzeni, gdyz obiecali dac zloto, ktore bylo niby schowane w Bransku.
Jednoczesnie swiadek stwierdza, ze Adamczuk i Byczkowski Boleslaw zamordowali 2 Sowietow. Jeden z Sowietow chowal sie u gospodarza Szafrana w kolonii Oleksin, drugi u gospodarza Demiana w tejze kolonii. W nocy ci dwaj poszli do wioski, tam przylapali ich Adamczuk z Byczkowskim, zastrzelili i wlasnorecznie pochowali na Konotopii (teren wsi Oleksin).
Te wszystkie fakty moze potwierdzic Symojla Jakob, ktory przeszyl razem z swiadkiem w lasach, a obecnie znajduje sie w Bialymstoku, Nowy Swiat 23.

Swiadek *[signature]*

Protokolant
Mgr.B.Fuks *[signature]*

Przewodniczacy
Woj.Zyd.Komisji Historycznej
Mgr.M.Turek

Bialystok 2* grudnia 46r.

Do
Wojew.Komitetu Zydowskiego
w Bialymstoku

Od Altera Trusa zam.w B-stoku przy ul.Pieknej 2 prezesa kola ziomkow z m. Branska w Bialymstoku

PODANIE

Jestem w posiadaniu materialu opisujacego likwidacje Zydow m.Branska,miedzy innymi figuruje nazwisko Adamczuka Jozefa ktory byl za czasow niemieckich soltysem wsi Oleksin gm.Branskx pow. Bielsk-Podlaski,ktory wspolpracowal z niemcami przy wylapywaniu ukrywajacych sie Zydow w lesie i w terenie,oraz zmuszal swoich ludzi do pomagania mu.Wylapywanych Zydow zwiazywal i dostarczal do pobliskiej zandarmerii,gdzie zostawali rozstrzeliwani.

Podaje liste ofiar,ktore zginely z jego reki:

Oskard Estra 1.40
Oskard Mordko 1.5
Oskard Sora 1.16
Kozak Liba 1.48
Kozak Ruwim 1.19
Kozak Leja 1.17
Prybut Josel 1.32 ( przezwisko "Cymes")
Szczygielski Pinia 1.23
Rotensztejn Jankiel 1.21
Chawol Naftoli 1. 17
Dawidowicz Abram 1.18 (z Kolna)
Tabak Sora 1. 23
Rozen Fesza 1. 20
Rosse Lejb 1. 15
Branski Szymszon 1.14

Co moga stwierdzic nastepujacy swiadkowie:

Moszko Jeczmien Wroclaw ul.Sepa-Szarzynskiego 56/4
Oskard Moszko B-stok " Piekna 2
Trus Lejo B-stok ul. Piekna 2
Oledzki Aba " " Rabinska 16
Alpern Wolf " " Rabinska 13
Okon Chawa " " Mazowiecka 1
Prybut Arje Lejb " " N-Swiat 29
Dawidziuk soltys wsi Bruchaty gm.Bransk
Byczkowski Gieniek wies Oleksin gm.Bransk
Muraski wojt gm.Bransk

Prezes Kola ziomkow Branskich
w B-stoku
Alter Trus /

קלאגע געגען אַדאַמטשיק׳ן באַשטעטיגט פון עדות

WOJEWODZKA
ZYD.KOMISJA HISTORYCZNA
BIALYSTOK, dnia.7.I.1947
L.p...67...

Do
Wojewodzkiej Zydowskiej Komisji Historycznej
w Bialymstoku

Od Trusa Altera b.mieszkanca m.Branska,
prezesa Kola Zydow branskich w B-stoku.
Obecnie zamieszkuje w B-stoku, Piekna 2.

P O D A N I E

W zebranych przezemnie materialach o likwidacji branskich Zydow figuruje nazwisko Pietraszko. Pietraszko za czasow niemieckiej okupacji byl soltysem we wsi Pietraszko, gmina Bransk, powiat Bielsk-Podlaski. Zajmowal sie dobrowolnie wylapywaniem Z c .

Na wies Pietraszko na poczatku 1943 r. przyszli dwaj Zydzi, bracia Ptak (przezwisko Baltarze) Joel lat 27 szewc i Zawel lat 24, krawiec, zamienic ubranie na chleb. Bhowali sie w lesie na terenie wyzej wymienionej wsi. Soltys Pietraszko sledzil za nimi, zatrzymal ich, zmusil swoich ludzi do zwiazania ich, przyprowadzil zandarmerie, poprowadzil ofiary na pole ze strony Domanowa, razem z zandarmeria rozebral Zydow do naga, rozstrzelal i pochowal tamze. Dostal ubranie zamordowanych Zydow, jako wynagrodzenie za swoja "prace".

Pietraszko sledzil za Z dami przechowujacymi sie na terenie swojej wsi.

Wysledzil w lesie schron, w ktorym ukrywali sie Sliwko Mendel lat 30, Kolesnik, Rybko Chaim-Rubin stolarz,oboje z Branska.Sprowadzil zandarmerie do schronu, tam rozebrano obu Zydow do naga i rozstrzelano. Ubrania dostal Pietraszko.

Zajmowal sie rowniez wylapywaniem ukrywajacych sie Sowietow, tych odprowadzal do zandarmerii. Branski partyzancki oddzial im. Zukowa, ktoremu b la wiadoma jego mordercza robota, poszukiwala go, ale nie dal sie zlapac, ukrywal sie.

Nalezy zaznaczyc, ze miejscowa ludnosc byla przeciwna dzialalnosci oskarzonego.

Podaje swiadkow, ktorzy moga powyzsze fakty stwierdzic.

1. Oskard Moszko, mieszkaniec Bialegostoku, Piekna 2
2. Kaczmien Moszko " Wroclawia, Sepa-Sarzynskiego 56 m4
3. Tykocki Moszko " Szczecina

A.Trus
Prezes Kola Branskich Zydow w B-stoku.
Byly prezes Zarzadu gminy wyznaniowo-zydowskiej w Bransku.

Protokolant
Mgr.B.Fuks

Przewodniczacy
Woj.Zyd.Komisji Historycznej
Mgr.M.Turek

אָנקלאַגע אויף פּיעטראַסקען געחתמט פון משה אָסקאַרד משה יענטשמאַן און משה טיקאָצקי

WOJEWODZKA
ZYD.KOMISJA HISTORYCZNA
BIALYSTOK, dnia.7...11.47
L.p....7.47...

Do
Wojewodzkiej Zydowskiej Komisji Historycznej
w Bialymstoku

Od Trusa Altera b.mieszkanca m.Branska
prezesa Kola Zydow branskich w B-stoku.
Obecnie zamieszkuje w B-stoku, Piekna 2.

PODANIE

We wsi Patoki, gmina Bransk, powiat Bielsk-Podlaski dwaj bracia Tur, jeden krawiec, drugi kowal pracowali na rzecz okupanta. Zajmowali sie wylapywaniem Zydow wbrew woli mieszkancow wsi i soltysa Sobolewskiego.

Na drugi dzien po likwidacji ghetta w Bransku bracia Tur zlapali dwoch Zydow branskich Skowronka Lejzera lat 55, wlasciciela samochodu ciezarowego i syna jego Skowronka Lanesa lat 19. Zwiazali ich, meldowali o nich soltysowi, zeby dostarczyl do Branska. Soltys odmowil. Sami sprowadzili Niemcow, razem z Niemcami zabili dwoch wyzej wspomnianych Zydow.

W koncu 1943 r. Zankiel Olendzki przyszedl na wies Patoki po chleb, ukrywal sie wtedy w lasach na terenie tej wsi. Bracia Tur jego zlapali, zwiazali i wlasna fura zawiezli do branskiej zandarmerii. Tam zostal rozstrzelany.

Oskarzeni zajmowali sie takze wylapywaniem ukrywajacych sie Sowietow.

Fakty te potwierdza nastepujacy swiadkowie:
1. Olendzki Dawid, Bialystok, Rabinska 13
2. Olendzki Abe " "
3. Olendzki Dyna " "
4. Sobolewski b.soltys wsi Patoki.

A.Trus
Prezes Kola Branskich Zydow w B-stoku.
Byly prezes Zarzadu gminy wyznaniowo-zydowskiej w Bransku.

Przewodniczacy
Woj.Zyd.Komisji Historycznej
Mgr.M.Turek

Protokolant
Mgr.B.Fuks

באַשולדיגונג קעגען די טאור ברידער פאַר׳ן מאָרד פון די סקאָווראָנעקס

WOJEWODZKA
ŻYD. KOMISJA HISTORYCZNA

BIAŁYSTOK. dnia 9.I.1947
L.p. 9/47

Zeznanie Rubina Jankiela

O mordach dokonanych na brańskich żydach przy pomocy miejscowej ludności.

Rubin Jankiel urodz. 1909 roku w Brańsku, cieśla, przeżył w lasach okolicy Chojewo-Kiersnowo, obecnie mieszka w Białymstoku, Rynek-Kościuszki 40 mieszkanie 17.

Swiadek zeznaje, że Kaminski lat 40 i bracia Rycz mieszkańcy wsi Chojewo, gmina Brańsk zajmowali sie wyłapywaniem i mordowaniem ukrywających sie Żydow i Sowietow.

Swiadek zeznaje, że na początku 943 r. chował się w stodole we wsi Chojewo, widział jak zrana Kaminski i bracia Rycz wieźli na dwoch furach związanych trzech Zydow:

I. Jęczmienia Berko, 2. Topczewskiego Pejsacha i 3. Topczewskiego Lejzera.

Swiadek słyszał jak Zydzi krzyczeli: "Kaminski ratuj".

Dzień przedtem wieczorem na wsi mowiono, że Kaminski i bracia Rycz złapali Zydow, że za to dostaną od Niemcow metr cukru.

Wyżej wspomniani Zydzi przyszli do wioski Chojewo po chleb, a tam zostali przyłapani przez kaminskiego i braci Rycz. Noc przeleżeli związani, a zrana Kaminski i bracia Rycz powieźli ich na furach do brańskiej żandarmerji, gdzie zostali rozstrzelani. Zwłoki zostały pogrzebane w Bransku koło stodoły organisty, gdzie ipo dziś dzień leżą.

Swiadek zeznaje, że Kaminski i bracia Rycz w końcu 42r. dokonali mordu na trzech żydowskich kobietach: I. Jęczmień Chajcze 2. Jęczmień Rywa 3. Cieśluk Rywa-Leja.

Swiadek w lesie spotkał się z Jęczmieniem Jankielem lat 65, z ktorym poszedł do wioski Kiersnowo po chleb, wracając udali się w kierunku schronu Jęczmienia, gdzie znajdowały się wyżej wymienione kobiety. Nagle usłyszeli, że idzie fura. Swiadek razem z Jęczmieniem schowali sie w krzakach w jałowcu. Odrazu poznali Kaminskiego po głosie i po wzroście /jest on najwyższy we wsi/, poznali rownież braci Rycz. Swiadek i Jęczmień przed wojną codziennie bywali we wsi Chojewo i bardzo dobrze znali ludność tej wsi. Swiadek słyszał, że Kaminski i bracia Rycz rozmawiali między sobą o ubraniu, komu się dostała obrączka i.t.p. Ze swojej kryjowki też widzieli, że na furze leży ubranie, suknie i koce.

Gdy fura odjechała świadek razem z Jęczmieniem, poszli do schronu i tu zobaczyli zabite kobiety całkiem nagie. U Jęczmień Chajczy była ścięta głowa, a z ust wyjęte złote zęby, u Cieśluk była odrąbana ręka, a na niej odrąbane dwa palce. u trzeciej kobiety była przerżnięta szyja.

Ludność wsi i okolicy wie, że ten mord jest robotą Kaminskiego i braci Rycz.

Za kilka miesięcy ci sami złapali Jęczmienia Jankiela i utopili w rzece Narzec, trup wypłynął w Brańsku ze związanymi rękoma i nogami, trup był w jednej koszuli.

W brańsku często znajdywali zwłoki utopionych ludzi ze związanymi rękoma i nogami. Powszechnie jest wiadomym, że topieniem Zydow zajmowali się Kaminski i bracia Rycz.

Kaminski i bracia Rycz związali Trusa Lejba lat 25 i wrzucili do rzeki, ten cudem się uratował i żyje.

Ten fakt może potwierdzić Trus Lejb, mieszka w Białymstoku, Piękna 2.

Swiadek wyraża życzenie, żeby powyższe zeznanie zostało skierowane do prokuratury, chce być świadkiem dla potwierdzenia tych zbrodni.

Te zbrodnie chcą potwierdzić pozostali przy życiu Zydzi brańscy

| | | | |
|---|---|---|---|
| I. | Olendzki Abe | miesz. Białegostoku, | Rabinska 16 |
| 2 | Alpern Wolfke | " " | " 13 |
| 3 | Okoń Chawa | " " | Mazowiecka I |
| 4 | Prybut Arje-Lejb | " " | Nowy-Swiat 23 |
| 5 | Trus Lejb | " " | Piękna 2 |
| 6 | Oszard Mejsze | " " | " " |
| 7 | Jęczmień Moszke | " Wrocław | Sępa-Sarzyńskiego 56 m.4 |

Swiadek

Protokolant

Mgr. B. Fuks

Przewodniczący
Woj. Żyd. Komisji Historycznej
Mgr. M Turek

אנקלאגע אויף קאמינסקי און די ריטש ברידער (אונטערגעשריבן פון מאגיסטער פוקס)

די קאָפּ אָבגעהאַקט. עס איז באַשטעטיגט געוואָרען אַז דאָס האָבען אויך געטאָן די ריטש ברידער, ווייל אויך יענקלס פאַרמעגען איז געווען פאַרבאַהאַלטן ביי זיי.

אַביסעל שפּעטער האָט מען אין טייך געפונען דעם קערפּער פון משה סמורזשיק 20 יאָר, לייזער קצב׳ס אייניקל. אויך דאָס איז געווען אַ מאָרד פון די כאַיעווער קריסטען ריטש ברידער, ווייל מען האָט געוואוסט אַז משה סמורזשיק באַהאַלט זיך אויס ביי זיי.

דעם דערטרונקענעם קערפּער האָט מען געפונען געבונדען די הענד און פיס. פריער ערמאָרדעט געוואָרען, דאַן אַריינגעוואָרפען אין טייך.

ביים צוזאַמענשטעלען דעם מאַטעריאַל געגען קאַמינסקין און די ברידער ריטש האָט די היסטאָרישע קאָמיסיע פערזענליך אויסגעהערט בריינסקער לעבען געבליבענע: יענקל רובין, לייבל טרוס, לייבל פּריבוט, משה אָסקאַרד, חוה אָקאָן און משה יענטשמאַן. דעם 22־טען יאַנואַר 1947 איז דער אַקט געשלאָסען געוואָרען און איבערגעשיקט געוואָרען צום פּראָקוראָר פון ביאַ־ליסטאָקער קרייז געריכט 7/47 על. פּ. איז דער נומער פון רעקאָרד. ליידער האָט מען קאַמינסקין און די ריטש ברידער ניט געקענט געפינען. זיי האָבען זיך אויסבאַהאַלטען.

דעם 9־טען יאַנואַר האָבען פישל גרודער און אברהמע פּיעטקאָווער, בריינסקער אידען באַמערקט קאַמינסקין אין ביעלסק. קאַמינסקי ווערט פאַר־האַלטען פון אברהמע פּיעטקעווער. די בילסקער פּאָליציי האָט ניט קיין מאַ־טעריאַל געגען קאַמינסקען, זיי ווילען אים אָבלאָזען, האָט מען מיר גערופען אויפ׳ן טעלעפאָן קיין ביאַליסטאָק, מיר דערציילט די געשיכטע. איך האָב זיך גלייך פאַרבונדען מיט דעם פּרעזעס פון ביאַליסטאָקער אידישען וואָיע־ווארישען קאָמיטעט מאַגיסטער טורעק. דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז דער פּראָקוראָר האָט פאַראָרדענט אַז מען זאָל קאַמינסקען פאַרהאַלטען. אָט אַזוי איז דער קאמינסקע אַרעסטירט געוואָרען דורך די הילף פון פישל גרודער און אברהמל פּיעטקעווער.

די ריטש ברידער זיינען געכאַפּט געוואָרען אין מאָנאַט יולי 1947 און אַרעסטירט געוואָרען. זייער פּראָצעס וועט פאָרקומען אין 1948.

אַנדערע פון די אַנטלאָפענע עלטערע מענשען האָבען ניט געקענט זיך צופאַסען צום לעבען אין די קאַלטע נאַסע וועלדער. זייערע אַלטע ביינער האָבען פשוט ניט געקענט מער פאַרטראָגען אַזאַ סאָרט לעבען. די פּראָסטיגע נעכט, די נאַסע בלאָטעס בייטאָג האָבען דורכגעדרינגען זייערע קערפּערס.

זיך ניט געקענט האַלטען אויף די פיס מער. קיין קריסטען האָבען זיי ניט ערלויבט צו זיך אין די הייזער. אַזעלכע האָבען זיך דאַן געבעטען ביי די קריסטען מען זאָל זיי אַוועקפירען קיין בריינסק. זיי האָבען ניט געוואָלט אויס־גיין ערגעץ אין די יעדזשערעס פון די וועלדער, געוואָלט שטאַרבען, זאָל זיין פון די דייטשע קוילען אַבי אין בריינסק אין זייער היים.



יאָסל פירשכאלער
די בילד איז צוגעשיקט געוואָרען פון אַ קריסט וואָס האָט איהם געקענט



הערשל פירשכאלער

משה פריבוט, משה אליה דוד׳ס דער דאַמסקער שניידער אין די 80־ער יאָרען, קען ניט זיין אין וואַלד, קען ניט ווידערשטיין די קעלטען וואָס צוברעכען זיינע 80 יאָריגע אויסגעאַרבייטע ביינער. ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט ביים דאָרף וואָיטקע מיט זיין טאָכטער ריקל. ער בעט זיך ביי די קריסטען זיי זאָלען אים אַוועקפירען קיין בריינסק. ער וויל שטאַרבען אין בריינסק. די קריסטען בריינגען דעם 80־יאָריגען צובראָכענעם מענשען קיין בריינסק, גיבען אים איבער צו די זשאַנדאַרען. משה פריבוט איז ניט דערשראָקען. ער פאָדערט פון די זשאַנדאַרען, זיי זאָלען אים דערשיסען אויפ׳ן בית עולם. זיין ביטע ווערט ערפילט. משה שטאַרבט פון נאַצישע קוילען אַ צופרידענער.

מירקע נאָסקע קצב׳ס טאָכטער מיט צוויי קינדער און בערע לייבישעס צוויי טעכטער וואַלגערען זיך אַרום, קיינער וויל זיי ניט אַריינעמען צו זיך, נאָכדעם ווי זיי האָבען פאַרלאָזען די געטאָ. קומען זיי אַליין צוריק, גיבען זיך איבער די זשאַנדאַרען. זייער גורל איז גוט באַוואוסט. זיי פאָרען צוזאַמען

מיט דער בריינסקער קהילה קיין ביעלסק דעם 7־טען נאָוועמבער 1942 און דאַן נאָך טרעבלינקער גאַז־קאַמערען, אין קרעמאַטאריום.

## בריינסק נאָכ׳ן אַרויספירען די אידען צו די גאַז־קאַמערען

די קריסטען פון בריינסק און אומגעגענד האָבען זיך געוואָרפען אויף אידיש גוטס אַזוי ווי הונגעריגע וועלף. מען האָט זיך באַקליידעט מיט אידישע קאָסטיומען, פאַלטעס, מען האָט אַריינגענומען צו זיך אידישע מעבל, בעט־צייג און בעטגעוואַנט, כאָטש די געטאָ האָט מען נאָך באַוואַכט, דאָך זיינען די קריסטען אַריין, געזוכט, גענישטערט אין די אידישע הייזער.



חיים ווערפּיכאָווסקי



משה בערל פּעלכאָוויטש

די דייטשען האָבען צונויפגעזאַמעלט די בעסטע זאַכען פאַר זיך, די איבע־ריגע צעטיילט אַלס פּרייז פאַר׳ן העלפען כאַפּען און מאָרדען אידען. מען האָט אויך פאַרקויפט אויף עפענטליכע ליציטאַציעס, און די קריסטען זיינען געלאָפען כאַפּען מציאות.

פיעל אידישע הייזער זיינען פאַרקויפט געוואָרען. די גוים האָבען עס געקויפט און אַראָבגעפירט צו בויען פאַר זיך הייזער פון די מאַטעריאַלען. מען האָט די הייזער פאַרקויפט פאַר גראָשענס. טאָמער האָט ווער געהאָלפען כאַפּען אידען האָט ער געהאַט פירשעסטוואָ, דאָס הייסט די ערשטע האַנד צום קויפען. עס זיינען אַזוי פאַרקויפט געוואָרען דער נייער בית המדרש. אברהם אַבע דעם טאָקער׳ס הויז, הערשל בוראַקס הויז, לייזער רובינ׳ס הויז, מרדכי שערערס,

חיים קאטלאוויטשעס, בערל באקערס און איטשע גימפלס הייזער, אברהמע ריפקעס און יאַנקיטשקעס הייזער און פיעלע אַנדערע.

עס מוז נאָך באַמערקט ווערען די שווינדלעריען פון די קריסטען צו אידען, זיי האָבען גענומען אידישע קליינע קינדער צו פאַרבאַהאַלטען ביי זיך. זיך געהייסען באַצאָלען דאלארען און גוטע מלבושים. אַם ענדע אַז מען האָט שוין אַלעס באַקומען, האָט מען ערשט די קינדער אַוועקגעטראגען צו די זשאַנדאַרען.

דאָס האָט פאַסירט מיט קיווע יאַמשינס 2½ יאָריג קינד. ביי זיי האָט מען גענומען 200 דאלאר נאָכדעם ווי זיי האָבען באַקומען די געלד האָט מען דעם קינד אַוועקגעטראָגען צו די זשאַנדאַרען. זיי, די זשאַנדאַרען האָבען זיך גע־שפילט מיט'ן שיינעם אינגעלע, אים געגעבען עסען און ביים פאַרוויילען זיך האָט מען דעם אומשולדיגען קינד דערשאָסען. ברכה שפאַק וואָס איז געווען פאַרהייראַט מיט בעבל פאַם האָבען זייער קינד אַוועקגעגעבען צו אַ קריסטין צו דערציען, האָבען פאַר דעם גוט באַצאָלט. דאָס קינד איז געבראַכט געוואָ־רען צו די זשאַנדאַרען אַלס אַ מתנה און איז דערשאָסען געוואָרען. פישל ליעוו איטשע אָליארניקס זוהן האָט אַוועקגעגעבען דעם קינד וואָס איז געבליבען אָן אַ מאַמען, אַ זעקס יאָריג מיידעלע צו קריסטען פאַר גוט געלד. דאָס קינד איז איבערגעגעבען געוואָרען צו די דייטשען און דערשאָסען געוואָרען. די מוטער פון קינד, דינטשע זייפמאַנ'ס טאָכטער איז גע'הרג'עט געוואָרען דעם 7־טען סעפּטעמבער פון דייטשע עראָפּלאַנען.

חיים און מאָטל פינקלשטיין, ראָכקעס פון בענדוגע האָבען אָבגעגעבען זייער דריי יעריגע מיידעלע צו אַ קריסט פון טאַפּטשעווער געגענד פאַר גוט געלד. דאָס געלד האָט מען צוגענומען און דעם קינד איבערגעגעבען צו די דייטשען צום דערשיסען.

דער אידישער בית עולם איז צוראַבירט געוואָרען. די פאַרקענער זיינען צונומען געוואָרען פון בריינסקער און ברעזשניצער קריסטען. די מצבה'ס זיינען אַראָבגענומען געוואָרען, מ'האָט פון זיי געמאַכט טראָטואַרען פון שטאָל צום שטוב, אַנדערע האָבען געמאַכט שאַרף־שטיינער פון די מצבות. אַלעס וואָס איז געווען אידיש איז געווען הפקר. זאָגאַר די אידישע טויטע זיינען געשענדעט געוואָרען.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט דער יאָר 1942, בלויז צוויי מאָנאַטען און אַזוי פיעל אומגעבראַכט. דאָס איז דער באַריכט פון אַכט וואָכען, פון נאָוועמ־בער דעם 2טען 1942 ביז ענדע פון יאָר.

אין ווייטערע קאַפּיטלען וועלען מיר אָנפאַנגען פון 1943.

### פופצענטער קאַפּיטעל

## 1943 אָנפאַנג פון ווידער שטאַנד

רוסישע מענשען לאָזען ניט צו קיין ברײנסקער אידען אין וואַלד.— העלדען־טהאַטען פון ברײנסקער יוגענד

פון די פאַסירונגען פון די לעצטע צוויי מאָנאַטען פון יאָר 1942, קען מען שוין זעהן ווי אַזוי און דורך וועמען עס זיינען אומגעקומען אַלע וואָס האָבען זיך פאַרבאַהאַלטע ביי באַקאַנטע קריסטען, אָדער די וואָס האָבען זיך געפונען אַרום די דערפער אין גריבער, וואָס די קריסטען האָבען פון דעם געוואוסט. דאָס זיינען געווען ברײנסקער אידען וואָס האָבען זייער פאַרמעגענס, מאַנכע גאַנץ באַדייטענדע פאַרמעגענס, אַוועקגעגעבען צו גוים וואָס זיינען געווען זייערע באַקאַנטע פאַר יאָהרען.

עס מוז באַמערקט ווערען אַז די יעניגע וואָס האָבען זיך פאַרבאַהאַלטען, געווייינליך פאַר שווערע געלד ביי קריסטען, זיינען געווען צוריקגעצויגען פון די איבעריגע אידען פון געטאָ. ס'איז ניט געווען מער קיין פאַרבינדונג צווישען די פאַרבאַהאַלטענע מיט די אַנדערע אַנטלאָפענע. וואהרשיינליך האָבען זיי זיך געפיהלט גליקליך מיט דעם וואָס זייערע באַקאַנטע קריסטען האָבען זיי אַרונטערגענומען אונטער זייער שוץ.

צום באַדויערען זיינען די דאָזיגע פאַרבאַהאַלטענע געווען די ערשטע קרבנות. די קריסטען אין זייער דורשט צו ירשה'נען די אידישע פאַרמעגענס האָבען אָן רחמנות געראויבט און ערמאָרדעט זייערע קרבנות מיט די שוידערליכסטע רציחות. זיי האָבען געוואָלט מאַכען זיכער אַז עס זאָל קיינער ניט בלייבען, וואָס זאָל שפּעטער קומען פאָדערען די געראויבטע פאַרמעגענס.

די קאַטעגאָריע מענשען וואָס זיינען געווען פאַרבאַהאַלטען אין די פאַרבאָרגענע גריבער אין דער געטאָ גופא זיינען אומגעקומען פון פאַרראַט, פון

שפּיאָנען, פון פוילישע פּאָליציאַנטען. אַלע אַזעלכע זיינען אין די צוויי מאָנאַטען — נאָוועמבער און דעצעמבער פון יאָר 1942 ערמאָרדעט געוואָרען.

עס זיינען געווען אַנדערע וואָס האָבען קיין זאַך ניט געהאַט, זיינען אַנט־לאָפען אין וואַלד ווי זיי שטייען און גייען, זיך ניט פּאַרטרויעט צו קיינעם, האָבען געלעבט פון וואָס עס האָט זיך געמאַכט. שפּעטער זיינען צוגעקומען אין וואַלד אַזעלכע, וואָס זיינען אַנטלאָפען שוין נאָך דעם ווי זייער האָב און גוטס איז פון זיי צוגענומען געוואָרען. צווישען די אַלע אומגליקליכע מענשען האָט זיך נאַטירליך ענטוויקעלט אַ געמיינזאַמע באַקאַנטשאַפט און אַ וואַרימע פריינדשאַפט ווי ברידער פון איין משפחה, אָבער ניט אַזוי לייכט איז דאָס צוגעגאַנגען.

ערשטענס זיינען געווען אייניגע, וואָס האָבען שוין געהאַלטען דעם וואַלד פאַר זייער אייגענס, און געשטורעמט פאַרוואָס אַלע קומען דאָ אין וואַלד? די ערגסטע צרה איז געווען, וואָס אין וואַלד האָבען זיך דאַן אויפגעהאַלטען סאָ־וועטישע אַנטלאָפענע פון דייטשען געפאַנגענשאַפט, אויך אַ געוויסע צאָל דע־זערטירען וואָס האָבען זיך אויסבאַהאַלטען אין די וועלדער, געלעבט פון וואַלד. זיי האָבען אין אַלגעמיין ניט אַריינגעלאָזען קיין אידען אין וואַלד. ביי דער ערשטער געלעגענהייט האָבען די סאָוועטסקע אַנטלאָפענע צוגענומען פון די אידען זייער קליידונג, שיך און אַלעס וואָס די אידען האָבען געהאַט ביי זיך. אין גרעסטען פּראָסט האָבען זיי געלאָזען די בריינסקער אידען נאַקעט.

אַזוי זיינען די אַנטלאָפענע פון געטאָ באַגעגענט געוואָרען מיט אַ דריטען פיינד. אין שטאָט דייטשען, ביי די דערפער פּאָליאַקען, אין וואַלד די סאָוועטישע חברה, וואָס פלעגען רויבען און לעבען פון די גערויבטע זאַכען, פלעגען שטענ־דיג שיכור'ן. די ענדע איז געווען אַז ביסלעכוויז זיינען די רוסען ערמאָרדעט געוואָרען פון דייטשען, ווייל ביי זייער אויפפירונג האָבען זיי ניט געהאַט די נויטיגע פאַרזיכערטקייט זיך צו היטען. זיינען זיי אַריינגעפאַלען צו די נאַציס ביסלעכוויז.

ענדליך האָט זיך מיט די איבערגעבליבענע סאָוועטישע לייט איינגעגעבען צו פאַרבינדען פריינדשאַפט. אַ דאַנק דעם קליינעם הערשאַלע רובין און משה רובינשטיין, אָבער ניט לייכט איז עס אָנגעקומען.

הערשעלע רובין, אַ 17 יאָריגער בחור, אַ קליינער און אַ דאַרער אינגעל. ער איז יענקל שמעון'ס אייניקל. זייער אַ שיינער און אַן אינטעליגענטער און פיעל באַלעזענער בחור. ער איז געווען אַ חבר פון מיין אומגעקומענעם

זוהן עוזר טרוס, צוויי חברים, באַוואוסטזיניגע סימפּאַטיקער פון פּראָגרעסיווען אַרבייטער אידעאַליזם.

נאָך אין די געטאָ טעג האָט הערשעלע זיך באַזאָרגט מיט געווער. ער האָט דאָס באַקומען פון זיינעם אַ חבר אַ דייטשער סאָלדאַט, היינץ אַ קאָמוניסט. דער היינץ האָט געראַטען אידען זאָלען אָנגרייטען געווער און אַנטלויפען אין די וועלדער.

ווען די בריינסקער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרען איז שוין הערשעלע מיט זיין שוועסטער דאָרע געווען אין וואַלד גוט באַוואָפּענט. אין וואַלד באַ־געגענט ער זיך מיט משה רובינשטיין, זיין שוהל פריינד. און הערשעלע באַ־שליסט אַז ער וועט צושיסען אַלע סאָוועטישע דעזערטירען, ווייל זיי לאָזען ניט אַריין קיין אידען אין וואַלד. משה רובינשטיין, דער יאָזעפינעכס אייניקל שטימט ניט איין מיט דעם פּלאַן. ער זאָגט מען דאַרף מאַכען אַ פאַרזוך מיט גוטען. משה רובינשטיין וואַרנט די רוסען אויסצומיידען דעם קליינעם הער־שעלען, ער זאָגט זיי אַז הערשעלע איז שטאַרק באַוואָפּענט, אַ גוטער שיסער. זיי האָבען פאַר הערשלען זיך שטאַרק געשראָקען. צום ענדע זיינען זיי אַלע באַפריינדעט געוואָרען און גערופען הערשעלען דער העלדישער ערשקאָ. דאָס האָט געפירט צו אַ דערנענטערונג פון די רוסען צו די אידישע וואַלד־גרופען.

הערשעלע זיצט ניט מיט קיין פאַרלייגטע הענד. זיין רעוואָלווער איז צו אים שטענדיג נאָענט. ער באַנוצט אים זייער אָפטער. דער גאַנצער געגענד ווייס שוין פון קליינעם הערשעלע. דייטשען באַשטימען אַ פּרייז פאַר זיין קאָפּ. הערשעלע קריגט שטיצע פון פוילישע אינטעליגענטען, פון די לערערס, פון גלח, מען ברייגנט אים שפּייז, געווער, אויף אים קוקענדיג האָבען זיך אַלע שוין איינגעשאַפּט געווער. דער פאַרזאַמלונגס פּונקט איז דער פוילישער סמענ־טאַרזש. דאָרט טרעפען זיך אויך פוילישע אונטערשטיצער.

ער וואַרפט אָן אַ שרעק אויפ'ן גאַנצען געגענד. ער שטייט ביים שאָסיי ביעלסק־בריינסק און שיסט אויף דורכפאָרענדע. ער פירט אָן פּראָפּאַגאַנדע צווישען אַלע, מען זאָל זיך שטעלען קעגען שונא. בריינסקער לאַכען פון אים.

הערשעלע גייט אַוועק אין דאָרף מאַרקעווע, אַכט קילאָמעטער פון בריינסק. אין מאַרקעווע האָבען די דייטשען איינגעאָרדענט אַ שולע צו לערנען (טריינען) יאָגד הינט צו העלפען כאַפּען די אידען אין וואַלד.

פלוצלינג באַפאַלט הערשעלע אויף דער הינטישער שוהלע, דער וועכ־

טער אַנטלויפט, אַלע הינט ווערען פון הערשעלען דערשאָסען. ביי די דייטשען הערשט אַ פּאַניק, און הערשעלע ווערט נאָך מער פּאָפּולערביים גאַנצען געגענד.

די צייט פון פוילישע קאַרניוואַלען פלעגען פאָרקומען חתונות ביי די פּאָליאַקען. צו די חתונות פלעגען געלאַדען ווערען אַלס הויפּט מחותנים די דייטשע זשאַנדאַרען. הערשעלע זאָגט „מיר פּינסטערען אָן עסען, וואַלגערען זיך ווי הינט, זיי מאַכען שמחות און ברייגען אַראָב די נאַציס אַלס געסט. ניין, דאָס וועט ניט פּאַסירען". ער אָרגאַניזירט אַ גרופּע עפּעס צו טאָן דערצו. אין פּאָפּלאָוו דאַרף פאָרקומען אַזאַ חתונה ביים פּאָליאַק זאַרסקי. די גרופּע מאַכט זיך גרייט. זיי קומען פון וואַלד איבער'ן טייך קיין פּאָפּלאָוו, טרעפען נאָך ניט אַלע געסט, דאָרטען. די טהיר ווערט באַוואַכט. זיי מאַכען אַ גוטען שנאַפּס, האָבען אַ גוטען מיטאָג. די איבעריגע ווערט פאַרגאָסען מיט נאַפט. די חתונה קליידער צושניטען, די געבעקס אָנגעגרייט מיטצונעמען. הערשעלע זאָגט צו די מחותנים, דאָס איז ווייל איר לאַדעט איין צו אייערע שמחות די דייטשע זשאַנדאַרען. דאָס איז בלויז אַ וואָרנונג, דעם 2טען מאָל וועט פּאַסירען ערגערס. פאַרשטייט זיך אז די געסט זיינען געהאַלטען געוואָרען גוט באַוואַכט פון אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערען. די טהיר איז געווען באַוואַכט פון אויסענ־ווייניג. זיי פאַרלאָזען דעם פּלאַץ און לאָזען זיך צוריק אין וואַלד דורך פאַר־שידענע וועגען.

די זשאַנדאַרען זיינען אָנגעקומען צו דער חתונה צעהן מינוט שפּעטער. צומאָרגענס ווייס שוין דער גאַנצער געגענד פון הערשקע'ס שטיקעל אַרבייט. קיין דייטשע זשאַנדאַרען זיינען מער ניט געווען צו קיין פוילישע חתונות. ער האָט געלערענט די בריינסקער אידען ווי זיך צו באַגיין מיט געווער. און זיך צו היטען ניט דורך צופאַלען, אַליין האָט זיך ניט געהיט צופיל, דאָס ברענגט צו זיין פריצייטיגען טויט.

זומער אין שניט צייט ווערט ער פאַרראַטען. פּאָליאַקען האָבען אויס־געפונען אַז ער געפינט זיך אין דאָרף פּאָליעטל. עס קומען אַ גרויסע צאָל זשאַנדאַרען, זיי באַפאַלען אים. הערשל'ס פּיסטאָליעט פאַרהאַקט זיך, דאַן ווען ער שטייט מיט דעם פיינד פּנים אל פּנים, ער האָט זאָגאַר ניט געקענט ראַכע נעמען פון קיינעם. ער פאַלט טויט מיט זיין שוועסטער דאָרע.

די פּאָליעטעלער קריסטען באַערדיגען זיי מיט מיט גרויס רעספּעקט אין דאָרף פאליעטל צו בריינסק.

עהרע זייער אָנדענקען.



הערשאלע רובין אין וואַלד

הערשעלע׳ס טויט האָט געבראַכט צו אַ בעסערע פאַראייניגונג פון אַלע אין וואַלד. דערצו האָבען זיי שוין איינגעזעהן אַז מען טאָר ניט זיין אין קיין דאָרף נאָר אין וואַלד.

אידען וואָס זיינען געווען דערווייטערט טרעפען זיך שוין צוזאַמען. עס ווערען שוין געמאַכט געמיינזאַמע סכראָנען (גריבער), עס ווערט איינגעאָרדענט אַז שפייז זאָל באַזאָרגט ווערען פאַר אַלעמען.

**מאָרדען אין דערפער** — עס איז אָנגעגאַנגען דער זעלבער געיעג אין די דערפער, טאָמער וועט מען נאָך ווען כאַפּען, און פיעלע אידען האָבען באַצאָלט מיט זייער לעבען.

אין דאָרף סמורלע זיינען אין פריהלינג פון 1943 געווען פאַרבאַהאַלטען איינינע אידען. די סמורלער קריסטען האָבען זיי אַלע געבונדענערהייט געבראַכט קיין בריינסק און די פאָלגענדע זיינען דערשאָסען געוואָרען:

קיווע סאַשין, 24 יאָר אַלט,

זיין פרוי בלומע,

אליה סאַשין, קיוועס ברודער, 19 יאָר אַלט.

נחום שרויט׳ס מיידעל קומט צו קריכען אין דאָרף אָליענצק אָנפאַנג ווינ־טער 1943, אַ געפרוירענע, הענט און פיס, נאָז און געזיכט אָפגעפרוירען בעט זיך מען זאָל איר אַוועקפירען צו די דייטשען. די קריסטען ווילען דאָס ניט טאָן. זיי זעהען אַז ס׳איז שוין ניטאָ וועמען צו פירען. זיי פירען איר קיין טאָפּטשעווע צו די זשאַנדאַרען. די מיידעל בעט זיך, דערשיסט מיך. זיי האָבען איר צוליב געטאָן.

משה, וויגדער קצב׳ס אינגעל, 6 יאָר, ווערט געפונען אין דאָרף זאַליעשע. אַ קריסט כאַפּט דעם אינגעל, פירט אים אַוועק צו די זשאַנדאַרען אין טאָפּטשע־ווע. די זשאַנדאַרען נעמען מיט דעם אינגעל מיט זיך אין וואַלד. נעמען מיט זיך אַ לאָפּעטע מיט וואָס אים צו באַגראָבען. אין וואַלד האָבען זיי אויסגעשאָסען אין דער לופטען, געהייסען דעם אינגעל אַנטלויפען. אים אָנגעזאָגט ער זאָל מער ניט קומען אין דעם געגענד. דאָך איז דער אינגעל פאַרלאָרען געגאַנגען. לויט באַשטימטע קלאַנגען פון פּאָליאַקען איז ער דערמאָרדעט געוואָרען.

בערל שרויט, אברהם מאיר דעם פאַרבער׳ס, האָט זיך אַרויסגעריסען פון געטאָ, געוואָלגערט פאַרשטעקט אין פעלדער, וועלדער, ווערט ענדע זומער 1943 געכאַפּט פון פּאָפּלאָווער קריסטען. ער האָט שוין ניט געהאַט מער קיין מענשליכען אויסזעהן פון די צרות וואָס ער איז אויסגעשטאַנען. ער ווערט געבראַכט קיין בריינסק. די זשאַנדאַרען דערשיסען אים ביים טייך און ער ווערט דאָרט באַערדיגט.

בערל אָקאָן, חיים בוראַקס שוואָגערס אַ זוהן, זייער אַ פיינער בחור, ער האָט זיך געראַטעוועט פון געטאָ מיט צוויי שוועסטער, חוה און לאה. זיי האָבען זיך באַהאַלטען אין געגענד אַרום קליכע, פּלאָנעווע, אַליעקשין, האָבען זיך אויסגעשטאַנען געגנוג פון דייטשען, פּאָליאַקען. ענדע 1943 גייט בערל באַ־זאָרגען עפּעס שפּייז, האָט ער געטראָפען איין אָבלאַווע. ער באַהאַלט זיך אין אַ קעלער, קומען דאָרט פלוצלינג אַריין זשאַנדאַרען, כאַפּען אים, פירען אים קיין אָליעקשען. ביים וואַנט פון פּילינסקעס שייער ווערט בערל דערשאָסען פון זשאַנדאַר שומאַנסקי. ער איז דאָרט באַערדיגט געוואָרען.

בערל טאַבאַק, אָשער דאַמסקען שניידערס איידעם, 30 יאָר און זיבען



בערל אָקאָן



שלומה אַליענצקי פּאַרטיזאַן

ווישינקער אידען, נעמען ניט באַוואוסט, ווערען דערמאָרדעט אין דאָרף מיען ביי בריינסק. די מערדער זיינען ביז איצט ניט באַוואוסט.

**אין רוטקער וואַלד** — אין געדיכטען רוטקער וואַלד האָבען זיך געפונען אַ פאַרבאַהאַלטענע גרופּע אידען אין אַ טיפען סכראָן (גרוב). דער פּאָליאַק סקאַוו־ראָנעק פון דאָרף רוטקע האָט באַמערקט דעם סכראָן, איז געקומען מיט זשאַנ־דאַרען און אָנגעוויזען זיי דעם סכראָן. די זשאַנדאַרען האָבען מיט גראַנאַטען אויפגעריסען דעם סכראָן. דער זעלבער סכראָן איז געוואָרען דער קבר פאַר די פאָלגענדע פערזאָנען:

משה אָרליאַנסקי, יענקל זאַוולס זוהן 45 יאָר,
פרומע אָרליאַנסקי, משה'ס ווייב, 42 יאָר,
זעלדע זייער טאָכטער, 10 יאָר,
חייקע זייער טאָכטער, 7 יאָר,
הערשל אָרליאַנסקי, יענקל זאַוולס זוהן 47 יאָר,
איטשע יענקל פּריבוט, לאַזער דעם שמיט'ס זוהן 37,
משה'ס 5 יאָריג קינד, נאָמען ניט באַקאַנט.

אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג האָט באַשטעטיגט אַז דער פּאָליאַק סקאַוו־ראָנעק האָט דעם סכראָן אויפגעדעקט. אַן אָנקלאַגע צום פּראָקוראָר דורך דעם ביאַליסטאָקער אידישען היסטאָרישען קאָמיטעט נומער 4/47 על. פּי.

**פיעטראַסק** — ביים דאָרף פיעטראַסק זיינען פיעלע אידען אומגעקומען דורך דער מערדערישער האַנד פון פיעטראַסקער סאָלטעס מיט׳ן נאָמען פיעט־ראַשקע. דאָרט זיינען געווען צוויי סכראָנען.

יאָסל פטאַק, אַ שוסטער 27 יאָר אַלט,

זאַוועל פטאַק, אַ שניידער, 24 יאָר אַלט,

מענדעל שליפקע, סטעלמאַך, 33 יאָר לאַט,

לאָזער ריפקע, יעקב משה ריפקעס זוהן, 21 יאָר אַלט.

דער סאָלטעס פיעטראַשקע האָטביידע סכראָנען אויסגעפונען און גע־בראַכט זשאַנדאַרען. פיעטראַשקע באַפעהלט די קרבנות זיך אויסצוטאָן. זיי ווערען דערשאָסען און קומען צו קבורה אין זייערע גריבער. די מלבושים נעמט צו פיעטראַשקע פאַר זיין אַרבייט.

די פטאַק ברידער זיינען ענטדעקט געוואָרען אין אָנפאַנג ווינטער 1943. די אַנדערע צוויי זיינען ענטדעקט געוואָרען פריהלינג 1943. פיעטראַשקע האָט געטאָןביידע שטיקלעך אַרבייט אין דעם זעלבען מערדערישען אופן.

אָנקלאַג צום פּראָקוראָר דעם 7־טען יאַנואַר 1947, היסטאָרישע קאָמיסיע נומער 6/47 על. פי.

קריסטען פון דאָרף ליענדיווע האָבען שוין ניט מטריח געווען די דייט־שען מיט דערשיסען אידען. זיי האָבען שוין דאָס געטאָן אַליין מיט זייער איי־גענע קרעפטען. צו וואָס מטריח זיין די זשאַנדאַרען. די מלחמה איז אין פולען גאַנג, מען דאַרף צושטעלען צו דער נאַצישער אַרמיי פלייש, פוטער, טאַבאַק, טהע, זאָלען די זשאַנדארען אויפפאַסען אויף דעם טראַנספּאָרט, מאָרדען אידען וועלען זיי שוין אַליין אָן אימיצענס הילף. אַגב האָבען שוין דאָרט געאַרבייט די אַרמי־קרייאָווע, געדאַרפט קעמפען מיט די דייטשען אָבער האָבען זיך בלויז אָבגעגעבען מיט מאָרדען אידען. פאָלגענדע זיינען געווען די קרבנות פון ליענדיווער רוצחים:

חיים ראַיבאַק, שיע אַפריקאַנערס זוהן, 70 יאָר,

שעפסל ברויזמאַן, שעפסל טרעגערס אייניקל, 17 יאָר,

לערמאַן דענטיסט, 42 יאָר,

לערמאַנ׳ס פרוי 40 יאָר,

סטעליע לערמאַן, זייער טאָכטער, 18 יאָר.

צעהן אידען פון שטעדטעל סאַקאָלע, נעמען ניט באַוואוסט.

וואַרשעווער מיידעל, נאָמען ניט באַוואוסט.

אַ טשעכענאָווצער אינגעל, נאָמען ניט באַקאַנט.

עס איז באַוואוסט אַז אַ פּאָליאַק פּלאָנסקי איז געווען איינער פון דער באַנדע.

אין וואַלד האָט מען גערופען ליענדעוועו „שעכט הויז". יאָ, די זשאַנדאַרען האָבען געהאַט גוטע מיטהעלפּערס.

**זאַלוסקע,** — לייבל איטשע קרינסקיס זוהן, דער היטעלמאַכער איז געווען פאַרבאַהאַלטען אין דאָרף זאַלוסקע. אין פריהלינג פון 1943 האָט אַ פּאָליאַק מיט'ן נאָמען אַלדיכאָווסקי געכאַפּט לייבלען. לייבל האָט זיך געשטעלט אַנט־קעגען. ער באַקומט פון פּאָליאַק אַ זעץ מיט אַ האַק איבער'ן קאָפּ, און ער ווערט אין אַ באַוואוסטלאָזען צושטאַנד אַוועקגעפירט קיין בריינסק צו די זשאַנדאַרען. ער ווערט דערשאָסען ביים באַרג און דאָרט באַערדיגט. דער פּאָליאַק אַלדי־כאָווסקי האָט פאַר זיין אַרבייט באַקומען קרינסקיס מלבושים און אַ האַלבען קילאָ צוקער.

אָנקלאַגע אין היסטאָרישע קאָמיסיע לויט 17/47 על. פּי.

רישקע צוכטליער, בן ציון דעם הינקענדיגען מלמד'ס טאָכטער איז באַ־מערקט געוואָרען ווי זי איז געגאַנגען פון דאָרף שווירייד צום דאָרף זאַלוסקע זומער 1943. די קריסטען האָבען זיך גענומען איר צו כאַפּען. זי איז שוין ניין מאָנאַטען אין פעלד הונגעריג און שוואַך. פאַרשטייט זיך, האָט ניט געהאַט מער קיין קרעפטען צו לויפען, איז זי שנעל געכאַפּט געוואָרען פון די אָבגע־פרעסענע שיכורע גוים. זיי האָבען איר געבונדען. זי האָט זיך געבעטען, גע־וויינט, ליידער האָט מען איר געבראַכט צו די זשאַנדאַרען, מ'האָט איר שוין די שיך אַראָפּגעצויגען. זי ווערט דערשאָסען ביי לייזער קצב אויפ'ן פּאָדוואָר. די גוים האָבען אויך באַקומען דעם פרייז אַ האַלבען קילאָ צוקער. שוין אַ באַשטימטער פרייז פאַר כאַפּען אידען. ביז איצט האָט מען ניט געקענט פעסט־שטעלען ווער עס זיינען געווען די קריסטען, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דעם פאַל.

שיינע וואָלקאָוויטש, פסח דעם מילנערס אייניקל, משה דעם שטעפּערס מיידעל, 22 יאָר, איז געווען באַהאַלטען צוזאַמען מיט משה קאַמען און פערל פענכערזש אין אַ גרוב. דאָרט איז פאָרגעקומען עפּעס אַ קריגעריי און זי, שיינע פאַרלאָזט דעם אָקאָפּ. זי גייט צום דאָרף גלינעק זיך צו טרעפען אין וואַלד מיט בריינסקער אידען. זי האָט געוואוסט אַז איר קאָזין ישראלקעלע געפינט זיך ערגעץ אין וואַלד. דאָס איז געווען זומער 1943. זי איז געכאַפּט

געוואָרען פון אַ גליניקער פּאַליאַק, געבראַכט געוואָרען קיין בריינסק צו די זשאַנדאַרען. זיי האָבען איר געשלאָגען מערדערליך, זי זאָל זאָגען וואו און מיט וועמען זי איז געווען די גאַנצע צייט. שיינע האָט ניט אויסגעגעבען טראָץ דעם וואָס זי איז כמעט פאַרטריבען געוואָרען פון אָקאָפּ. זי האָט שוין געוואוסט אַז איר טויט איז נאָענט. דאָך ניט אויסגעגעבען קיינעם. זי איז דערשאָסען געוואָרען אונטערן קאָסטשיאָל, דאָרט באַערדיגט געוואָרען. עהרע איר אנ־דענקען. דאָס איז ריכטיגע העלדענטאַט.

איטשעלע בוראַק, 13 יאָר, לייבל בוראַק׳ס אינגסטער זוהן, האָט זיך אַרויסגעריסען פון געטאָ, זיך אַרומגעוואַלגערט אין פעלדער, וועלדער, דער־פער, געווען זייער פעהיג צו באַזאָרגען זיך מיט שפּייז. באַגעגענט זיך מיט זיין פעטער וועלוול בוראַק, זיינען זיי געווען צוזאַמען אַ געוויסע צייט, איטשאַלע האָט געשאַפען שפּייז פאַר זיך און פאַר וועלוולען.

עפּעס איז געשעהן וואָס וועלוול לאָזט אַוועק פון זיך זיין פּלי־מעניק. וואָלט איטשאַלע געקענט דערגרייכען די בריינסקער אין וואַלד, וואָלט ער פילייכט איבערגעלעבט. האָט ער זיך אָבער אויפגעהאַלטען אין געגענד צווישען קערסנאווע־קאַלניצע. זומער איז ער געלעגען פאַרבאַהאַלטען אין די קאָרן שטעקלאַך, אַ זשאַנדאַר שטייענדיג אין דער הויך אין קערסנאָווער ווינט מיהל האָט אים מיט זיין בינאָקל געזעהן, זיך געצילעוועט און דער איטשאַלע בוראק ליגט שוין אין אַ טייך בלוט אין די קאָרן זאַנגען.

זיין פעטער וועלוול קומט שפּעטער אין וואַלד און ראַטעוועט זיך, און ער לעבט דורך.

קלאַנגען ווערען צוטראָגען, אַז ביאַליסטאָקער געטאָ איז ניט גערירט. און וועט ניט גערירט ווערען צוליב פאַרשידענע אורזאַכען. מ׳האָט געוואָלט גלויבען אַז עס איז ריכטיג, האָבען זיך קאָנספּעראַטיוו געגרינדעט אַ גרופּע בריינסקער מיט׳ן צוועק זיך צו דערשלאָגען קיין ביאַליסטאָק, וואו די געטאָ אידען לעבען נאָך. דאָס איז געווען אָנפאַנג 1943. די גרופּע באַשטייען פון:

שמעון רובין, 35 יאָר, שציאָפּקעס זוהן,
חייטשע שמעונ׳ס ווייב, 29 יאָר,
שמעונ׳ס צוויי יאָריגער זוהן,
מאיר רובין, 40, לייזער רובינ׳ס זוהן,
מנוחה רובין, מאיר׳ס ווייב, עלקע ריבה׳ס טאָכטער,
מאיר׳ס צוויי קינדער,

זעליג קעסטין (קופטשי זשעלאָזעס) 23 יאָר,

משה חיים דאָבראָווסקי, באַטקער מלמד׳ס אייניקל, 22 יאָר,

ניסקע נודעלמאַן, איטשקע (זאַלישעכס זוהן) 26 יאָר,

בלומע קאסארסקי, געווען פאַרהייראַט צו אַ קוזין, אַן אַמעריקאַנער,

אַ פּיעקוטער בחור וואָס האָט געוואוינט אין בריינסק אייניגע יאָר.

די גרופּע שאַפּען זיך אַ פוהר און מאַכען אַ פּאַרזוך אָנצוקומען קיין ביאַ־ליסטאָק.

אין געגענד פון פּיעטקעווער וואַלד ווערען זיי פון וועמען פאַרראַטען, זיי ווערען פון דייטשען באַגעגענט און אַלע ווערען דאָרט דערשאָסען.

חאַצקל דעם שוחט׳ס אַ בחור 16 יאָר באַהאַלט זיך אין געגענד פון קליכע־וואָיטקע לעבען בריינסק. ער ווערט געכאַפּט פון קריסטען, אַוועקגעפירט קיין באָטקע צו די זשאַנדאַרען. ער ווערט אין באָטקע דערשאָסען .

צוויי שוועסטער פינקלשטיין, אַביכעס אייניקלעך און די פרוי פון פּסח יאָסל טאַפּטשעווסקי מיט איר דריי יאָריגען קינד געפינען זיך ערגעץ צווישען קערסנאָווע און קאַלניצע. צוליב אַ מסירה פון אַ קריסט באַבליעוויטש פון דאָרף מערוויזנע ביי בריינסק, זומער 1943 מאַכען די זשאַנדאַרען אַן איבערפאַל אויף דעם געגענד און אַלע אויבענדערמאַנטע ווערען דאָרט דערשאָסען.

אין דער זעלבער צייט ברייננט אַ קערסנאָווער קריסט יאַנעק סטעפּאַ־נאָוועס די דייטשען צום סכראָן צווישען דאָרף קאַלניצע און קערסנאָווע. דאָרט אין סכראָן געפינען זיך די פאָלגענדע:

בענצל רובין, יאָסל שמעון פאַרבערס זוהן, 21 יאָר,

חנה פיעקוצקי, 16 יאָר, באַבטשעס זוהן,

לייבעלע יענטשמאַן, בערטשע יענטשמאַנ׳ס זוהן, 8 יאָר,

צוויי וויסאקער ליטאָווסקער אידען, נעמען ניט באַשטימט.

אַלע ווערען אַרויסגעטריבען פון סכראָן און ווערען דערשאָסען. די קליידער שוין פאַרפוילטע, נעמט צו יאַנעק סטעפּאַנאָוועס פאַר זיין אַרבייט. ער וואַרפט אַלע קערפּערס צוריק אַריין אין סכראָן, דאָרט איז זייער קבר פאַרבליבען.

אויסצוג היסטאָרישע קאָמיסיע, 10/47 על. פּי., אָנקלאַגע געגען יאַנעק׳ן 9/1/47.

אין מאָנאַט אַפּריל 1943 ווערט דורכגעפירט אַן אָבלאַווע אין געגענד פון די בלאָטעס צו רוטקער וואַלד. דאָרט זיינען געווען דייטשען און פוילישע

פּאָליציי. וואַרשיינליך אַ פאַרראַט. זיי קומען אויף די שפּורען פון די אויס־באַהאַלטענע אידען. עס ווערט אַ שיסעריי פוןביידע זייטען, אין וועלכע דוד פריבוט, 55 יאָר, שמוליע פּאָפּלאָווערס זוהן פאַלט טויט פון אַ קויל. לייבל סאַשין, יאָסל פריבוט, און אליה יענטשמאַן געלינגט אין דער שיסעריי צו אַנטלויפען. שוין דעם 2טען מאָל ווי אליה יענטשמאַן באַוויזט צו אַנטלויפען.

מיט אַ פּאָר מאָנאַט שפּעטער אין 1943 קומט פאָר אַ צווייטע אָבלאַווע אין דעם זעלבען געגענד. די באַנדיטען קומען צו אַ סליאַד פון אידען. עס פאַלען טויט לייבעל סאַשין 22 יאָר, ראובן קצב'ס איניקל, דאָרט פאַלט טויט דער גוט באַקאַנטער פועלי ציוניסט אליה יענטשמאַן, 44 יאָר אַלט.



אליה יענטשמאַן זיין פרויא דבורקע און זוהן דודל

מיט'ן אומקומען פון דעם אליה יענטשמאַן ווערט פאַרלוירען די גאַנצע געשיכטע פון בריינסקער אידעןאויפ'ן וועג צו טרעבלינקע. ער איז געווען דער איינציגער בריינסקער וואָס איז אַנטלאָפען פון טרעבלינקע. ער האָט געהאַט וואָס צו דערציילען. ער האָט ניט דערלעבט איבערצוגעבען דער וועלט די פאַקטען פון דער רייזע ביעלסק־ביאַליסטאָק־מאַלקין־טרעבלינקע. וואָס ער האָט געוואוסט. ער האָט די געשיכטע מיטגענומען מיט זיך אין טיפען קבר. עהרע דיין אנדענקען, אליה יענטשמאַן, מוטיגער קעמפער, בראַווער העלד!

יאָסל פריבוט, 15 יאָר, איז בלויז פאַרוואונדעט געוואָרען אין האַנד, ער איז געלאָפען צו בריינסק בענדוגע צום טייך. די דייטשען האָבען אים באַ־האָגעלט מיט קוילען. יאָסעלע באַהאַלט זיך אין אַ קעלער קאַרטאָפליעס. די דייטשען זוכען אים קענען אים ניט געפינען, זיי פאָדערען די קריסטען זיי זאָלען

אין אַ האַלבע שטונדע אים געפינען. מען האָט אים אָבער אַ דאַנק די הילף פון די קריסטען ניט געפונען.

ביינאַכט איז ער מיט דער הילף פון אַ קריסט פּילינסקע פאַרשטענדיגט געוואָרען מיט דער גרופּע בריינסקער אין וואַלד. דאָרט איז געווען זיין ברודער חיים וועלוול פּריבוט. מען האָט אים געהיילט די וואונד. ער איז פאַרבליבען מיט דער וואַלד גרופּע. ער איז אָבער געפאַלען שפּעטער. וועגען זיין אומקום — אין שפּעטערדיגע קאַפּיטלען.

**אויסגעמאַטערטע בריינסקער שטאַרבען** — ביי דער צייט זיינען שוין כמעט אַלע געווען אַזוי פאַרהונגערט און מיעד, אַז עס זיינען שוין ניט געווען מער קיין קרעפטען אַריבערצוטראָגען די שווידערליכע מאַטערנישען. זיינען פיעלע אויסגעשטאָרבען מיט נאַטירליכע טויטען, אין וואַלד און אין פעלד, שוין ניט פון דירעקטע שיסערייען פון דייטשען אָדער פון פּאָליאַקען, נאָר פשוט אויסגעגאַנגען.

איך האָב זיך באַמיט צו זאַמלען די פאַקטען אָבער ניט אַלע זיינען דאָ באַצייכענט.

אליה משה מנשה׳ס 19 יאָר שטאַרבט אין וואַלד ענדע 1942, ער האָט ניט געקענט דורכטראָגען קיין צוויי מאָנאַטען וואַלד־לעבען. ער קומט צו קבורה פון משה אָסקאַרד און די פּטאַק ברידער. זיי האָבען נאָך דאַן געלעבט.

גדליה קרינסקי, היטעלמאַכער, אום געפער 43 יאָר, שטאַרבט אויף די בלאָטעס צווישען פּאָפּלאָוו, אַליעקשין ביי בריינסק, אַ געפרוירענער, ערשעפּט, געבליבען איינזאַם, שטאַרבט איינזאַם, קיינער ווייסט ניט צי ער איז ערגעץ צו קבורה געקומען.

לייבל קאַמען 20 יאָר, יודל גאַליסעס מיטעלער זוהן שטאַרבט פון אַ וואונד וואָס ער באַקומט פון אַ פאַרזשאַווערטער טשוואָק וואָס ווערט באַנוצט צו מאַכען אַ נייעם סכראָן ביים דאָרף פּאַטאָק. דער סכראָן וואו זיי זיינען געווען איז באַמערקט געוואָרען, האָט מען געמוזט מאַכען אַ צווייטען. דאָס איז געווען זומער 1943. זיין ברודער משה מיט דער הילף פון פערל פּענ־כערזש ברייגגען אים צו קבורה אויפ׳ן פעלד לעבען פּאַטאָק.

אברהמעלע גראַדזשינסקי, 55 יאָר, איטשע גימפּלס זוהן שטאַרבט אין זיין גרוב באַהעלטעניש ביים דאָרף דאָמינאָווע. אברהמל איז דאָרט געווען מיט זיין זוהן 15 יאָר אַלט, מיט׳ן צונאָמען גריל. דער קריסט וואָס האָט זיי פאַר גאָלד געבראַכט עפּעס עסען איין מאָל אין פינף טעג האָט געזעהן, אַז

די געלד ענדיגט זיך, האָט ער מער ניט געבראַכט קיין שפּייז, איז אברהמל געשטאָרבען פון הונגער. זיין זוהן באַערדיגט אים לעבען דאָרף דאָמינאָווע. דער 15 יעריגער אינגעל איז נאָך דעם טאַטענ׳ס טויט משוגע געוואָרען. דער קריסט האָט אים מיט צוויי מאָנאַטען שפּעטער געבראַכטקיין בריינסק צו די זשאַנדאַרען. ער ווערט דערשאָסען אויפ׳ן פערד־מאַרק.

זעליג ראָזען 46 יאָר, אַ שמיד, דוד שמיד׳ס זוהן איז געווען ערגעץ אין אַ גרוב מיט זיין זוהן פּסח, איז געשטאָרבען ביים דאָרף לובישטש ביי בריינסק. ער איז שוין געווען געשוואָלען צוויי מאָנאַטען איידער ער איז גע־שטאָרבען. זיין זוהן פּסח, 20 יאָר, באַערדיגט אים אין וועלדל לעבען דאָרף.

אַזוי האָבען זיך געענדיגט די לעבענס פון די בריינסקער אַנטלאָפענע, געכאַפּט, געשאָסען, ערמאָרדעט, אָדער געשטאָרבען, געשוואָלענע פון הונגער־פּיין.

### זעכצענטער קאַפּיטעל

# קליינע צאָל אידען פאַרבליבען אין וואַלד

העלדישער קאַמף פון רחל טשעסליאַק און באָבטשע רובינשטיין. — באַוואַפענטער פאַרטיזאַנער אַטריאַד געגרינדעט, טויט אורטייל דורכגעפירט צו אַ פאַררעטער.

אין אָנפאַנג פון יאָר 1944 האָט זיך די לאַגע פון דער קליינער צאָל פאַרבליבענע בריינסקער אידען אין די וועלדער שטאַרק פאַרערגערט. די פוילישע באַוואפענטע באנדעס פון דער אַרמיי קראַיאָווא באַפאַלען און אָנגעטאָן צרות.

פון זיך אַליין ווערט געגרינדעט אַ פאַרטיזאַנער אָטריאַד. די צייט האָט מיטגעווירקט צו דער גרינדונג פון דעם אָטריאַד. די נאַציס ווערען געטריבען צוריק פון רוסלאַנד. אויף די נאַצישע קברים פון סטאַלינגראַד וואַקסט שוין גראָז.

די סאָוועטישע אונטערגרונד לייטע האַלטען זיך נאָך פון ווייטען. זיי האָבען צו זיך ניט צוגעלאָזען, וואַרשיינליך ניט זיכער געווען מיט די אידען.

אַ דאַנק משה רובינשטיין איז ענדליך געשאַפען געוואָרען אַ פריינדליכע אַטמאָספערע מיט די סאָוועטישע מענשען, וואָס האָבען פריער ניט געלאָזען קיין אידען אין וואַלד. עס קומען פאָר אָפטע באַגעגענישען פון אידען מיט די סאָוועטישע מענשען. קיין געווער נעמט מען שוין ניט אָב פון די אידען.

וואַרשיינליך, די נייעס פון פראָנט, וואָס באַריכטען סאָוועטישע זיגען האָבען דערצו געבראַכט.

משה רובינשטיין האָט שפּעטער זיך אַרויפגעאַרבייט צו ווערען דער סעקרעטאַר פון וואַלד אָטריאַד ביים קאָמסאָמאָל (דאָס מיינט די קאָמוניסטישע יוגענד).

נאָך דער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ, דעם 15־טען אויגוסט 1943 באַווייזען זיך אין וואַלד פרישע מענשען. עס קומען אָן אין בריינסקער

וואַלד יעקב פּאָבריצקע, אַ ביאַליסטאָקער אַדוואָקאַט, אָלעק גזשעבין, געווע־זענער אָנפירער פון דער אַקאַדעמישער יוגענד אין וואַרשע, מאַטעס, אַ ביאַ־ליסטאָקער דיכטער. אייניגע טשעכענאָווצער באַוויזען זיך אויך. אַבטשע ליפשיץ, שלומה אָקס אייניקל מיט זיין פוילישן חבר גראַבאַזש, וועלכער ווערט שפּעטער פון די זשענדאַרן דערמאָרדעט.

צו דער זעלבער צייט זיינען די פוילישע באַנדעס פאַרשטאַרקט געוואָ־רען. מיר באַקומען ידיעות פון מאַסען־מאָרדען אויף אידען.

אין דאָרף האָדישאָווע ווערט געפונען אַ ביאַליסטאָקער מיידעל עדיע קאַטץ אַ שוועד פּאַרוואונדעטע פון דער פוילישער באַנדע, וואָס האָט זיך גערופען „האַנול שמירטש", הערשל ליפּע און חיים וורובעל נעמען איר צו זיך און גיבען זיך אָב מיט איר קוראַציע. עס איז געשאַפען געוואָרען מעדיצינען, פאַרשטייט זיך פאַר געלד. פינף חדשים האָט גענומען ביז זי איז געזונט געוואָ־רען. זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט הערשל ליפּע. זיי האָבען שוין אַ פיינעם זוהן.

די עדיע קאַטץ איז מיט נאָך אַ גרופּע אַנטלאָפען פון וועג, ווען זיי זיי־נען געפירט געוואָרען מיט אַלעמען פון ביאַליסטאָקער געטאָ נאָך טרעבלינקע. זיי האָבען זיך ביסלעכווייז דערשלעפּט צום בריינסקער געגענד ביים דאָרף האָדישאָווע. זיי האָבען זיך איינגעאָרדענט אין אַ וואַלד גרוב. די פוילישע אַרמיי קראַיאָווא, באַנדיטען האָבען אויסגעפונען די גרוב און האָבען אַריינגע־וואָרפען האַנד־גראַנאַטען אין זייער סכראָן. אַלע זיינען געטויטעט געוואָרען.

חיים וורובעל, דער קעווליאַקער איז געגאַנגען זיי באַערדיגען, האָט ער געפונען, אַז עדיע קאַטץ לעבט נאָך, האָט ער איר גענומען צו זיך. זיין מיהע איז ניט געווען אומזאָנסט.

די טהעטיגקייטען פון חיים וורובעל איז באַשטאַנען אין העלפען אַלע בריינסקער אידען אין וואַלד מיט שפּייז, מעדיצין, קליידונג און שוכוואַרג, און אויך באַזאָרגט מיט אויסבאַהעלטעניש.

כאַראַקטעריסטיש איז דער דאָזיגער פאַקט. ענדע 1943, ווינטער צייט ביים דאָרף האָדישאָווע געפינט חיים וורובעל אַ ביאַליסטאָקער 9 יעהריגע מיידעלע סטעלאַ טשעסליאַנסקאַ, אויך זי איז געשפרונגען פון באַהן פאָרענדיג צו טרעבלינקע. די קליינע סטעליע איז אַרומגעקראָכען אין וואַלד אַליין, חיים האָט איר געפונען מיט אָבגעפרוירענע פיסלעך. אייניגע קריסטען האָבען דער מיידעלע אָנגעצייגט חיים'ען. ער נעמט איר צו זיך אין סכראָן. ער באַקליידט

איר, זי ווערט אויסגעהיילט און ווערט אַנגעשלאָסען אין דער בריינסקער גרופּע אונטער זיין אויפזיכט. מ׳האָט גרויסע שוועריגקייטען פון קינד, אין צייטען פון אָבלאַוועס. דאָך האָט סטעליע אַלעס איבערגעלעבט. זי געפינט זיך איצט אין פּאַלעסטינע. חיים בענקט נאָך איר אַזוי ווי נאָך אַ אייגענע שוועסטער.



חיים וורובעל אין קעמפּ פאָהרענוואַלד



יוסף קאַטלאָוויטש, איצט אין ישראל

חיים וורובעל, קעווליאַקער פאַרדינט דעם גרעסטען רעספּעקט פאַר זיין העלדישע געטרייע אַרבייט אונטער אַזעלכע שווערע אומשטענדען.

אין דאָרף אַליענצק ביי בריינסק באַווייזט זיך אַ קליין אידישע מיידע־לע פון אַרום צוועלף יאָר. קריסטען האָבען באַגעגענט מיין זוהן לייבל און אים דערציילט, אַז ערגעץ וואַלגערט זיך אַרום אַ מיידעלע. לייבל רעדט אָפּ מיט׳ן קריסט אַז מען זאָל דער מיידעלע איבערלאָזען אין אַ געוויסען טאָג ביים ברונעם. צו דער ריכטיגער צייט קומען צום ברונעם מיין זוהן לייבל טרוס, משה־בער פעלכאָוויטש און שלומה אָלענצקי. די מיידעלע איז געשטאַנען אַ קראַנקע מיט אָבגעפרוירענע פיס ביים ברונעם. זי ווערט מיטגענומען אין וואַלד. עס ווייזט זיך אַרויס אַז איר נאָמען איז לובע פראַנק. געבוירען אין קאָוונע, זיך געפונען אין ביאַליסטאָקער געטאָ. זי איז געפירט געוואָרען צו טרעבלינקע. אויפ׳ן וועג אַנטלויפט זי, זי האָט אַרומגעבלאָנקעט אַליין ביז זי איז אָנגעקומען אין בריינסקער געגענד. זי באַקומט קליידונג, מעדיצינישע

הילף. ווערט אָנגעשלאָסען אין דער בריינסקער גרופּע, אויסגעהאַלטען פון מיין זוהן לייבל טרוס מיט עסען, קליידונג און מעדיצין. זי לעבט איבער די מלחמה, געפינט זיך איצט ביי אירע קרובים אין אָסטראַליע.




לייבל טרוס פּאַרטיזאַן ליובע פראַנק

פאַרבלאָנזעט אין בריינסקער וואַלד זיך געראַטעוועט

צוליב זיכערקייט ווערען אַלע צוטיילט אין קליינע גרופּען, לאָזען זיך אַוועק אין פאַרשידענע ריכטונגען פון וואַלד און פעלד מיט קליינע געווער זאַפּאַסען.

ענדע 1943 פּאַסירט אַ פאַרראַט. אַ שווירידער פּאַליאַק מיט'ן נאָמען דניעסטאָר, קאָמענדאַנט־וואַכטע פון דאָרף שוויריד, ברייננט דייטשען צו אַ סכראָן וואָס געפינט זיך צווישען דאָרף שוויריד און אָליענצק. אין דער גרוב האָבען זיך דאַן אויפגעהאַלטען די פאָלגענדע בריינסקער: משה קליינאָט, עלבער דעם שוסטערס אייניקל, לייבל פּאַוו פון טשיזשעוו, לעצטענס געוואוינט אין בריינסק, בנימין פריבוט, 18 יאָר, שמוליע פּאַפּלאָווערס אייניקל, רחל טשעסליאַק, 18 יאָר, יצחק דעם קאַשע מאַכערס אייניקל, און באַבטשע רוביני־שטיין, דער יאָזעפינערס אייניקל.

די דייטשען פאָדערען, אַז אַלע זאָלען אַרויסקריכען פון אָקאָפּ. די פון גרוב ענטפערען מיט אַ האָגל פון קוילען אויף די נאַציס און אויף דניעסטאָרן. נאָך אַ פּאָר שטונדען לאָזען זיך אויס די קוילען, ניטאָ מער מיט וואָס צו פאַרטיידיגען זיך. די מענער פרובירען אַנטלויפען. לויפענדיג פון אָקאָפּ פאַלען

אַלע איינציגווייז טויט. אין גרוב בליבען בלויז באַבטשע רובינשטיין און רחל טשעסליאַק. די דייטשען דערנעהענטערען זיך צום אָקאָפּ, באַוואַרפען דעם אָקאָפּ מיט האַנד גראַנאַטען. רחל טשעסליאַק און באַבטשע רובינשטיין



רחל טשעסליאַק יצחק קאשעמאַכערס אייניקל

כאַפּען די האַנד גראַנאַטען און שליידערען צוריק צו די דייטשען. באַבטשע האָט שוין פאַרלאָרען איין האַנד. זיי גיבען זיך ניט אונטער. עס קומט צו דער פאַררעטער פראַנעק. ער ברייגגט בינטלעך שטרוי, און וואַרפט אין אָקאָפּ ברענענדיגע בונטען שטרוי. דער פייער און שטיקענדער רויך צווינגען באַב־טשען און רחל'ן אַרויסצוקומען פון אָקאָפּ, און ווערען דערשאָסען.

ביים ברעג פון דעם אָקאָפּ ליגען פינף העלדישע בריינסקער, געפאַלענע יונגע בריינסקער מאַרטירער. זיי האָבען זיך העלדיש פאַרטיידיגט און העלדיש געפאַלען.

דער דאָזיגער פאַל צווינגט אַלעמען צו זוכען מיטלען ווי צו ענטפערען אויף דעם מאַסען־מאָרד. ביי אַ באַראַטונג רעקאָמענדירען די סאָוועטסקע אונ־טערגרונד אַרבייטער, אַז עס זאָל ווערען אַרויסגעטראָגען אַ טויט־אורטייל אי־בער דעם דניעסטאַר'ן, דעם פאַררעטער. עס פאַלט אַ באַשלוס איינשטימיג: טויט־אורטייל. עס מעלדען זיך די בעסטע חברים פרייוויליג. דער קאָמענ־דאַנט פון אָטריאַד ראַדזין, פּיעטקע, ניקאָליי ציגאַן און צוויי אומבאַקאַנטע. אין אַ שבת פאַרנאַכט, ס'איז נאָך געווען ליכטיג, קומען זיי אַריין אין דאָרף שווירידי, טרעפען צו דניעסטאַר'ס הויז, קומען אַריין אין הויז מיט אַ ברייטען

זדראַווסטוואיטע, נעמען אַרויס אַ פּאַפּיר און פרעגען זיך: ווער איז דאָס דער פראַנעק דניעסטאָר? דאָרט אין שטוב איז געווען אַ שכן, ער דערשמעקט אַז עס מיינט טויט, האָט ער גלייך אָנגעוויזען אויף אים: „דאָס איז פראַנעק דניעסטאָר".

פאַר וואָס האָסטו געוואָרפען ברענענדע סנאָפּעס שטרוי אויפ'ן אָקאָפּ? פאַר וואָס האָסטו געבראַכט דייטשען צום אָקאָפּ?. „איך וועל דאָס מער ניט טאָן", ענטפערט פראַנעק. „מיר וועלען שוין זעהען אַז דו זאָלסט עס ניט טאָן מער" — ענטפערען די אָטריאַד מיטגלידער. „פראַנעק, אויף דיר איז פאַראַן אַ טויט אורטייל פון פאַרטיזאַנער אָטריאַד דורך שיסען". מען הייסט פראַנעקן זיך אונטערשרייבען אויפ'ן טויט אורטייל. דער שכן שרייבט זיך אויך אונטער.

פּיעטקע איז מכבד פראַנעק'ן מיט 5 קוילען. פראַנעק דניעסטאָר פאַלט אויף פּיעטקען, וועלכער וואַרפט צוריק דעם קערפּער מיט זיין פוס.

דער קאָמאַנדיר ראַדזין וואַרענט אַז קיין פאַררעטער וועלען מער ניט געדולדעט ווערען.

צו פראַנעק'ס ווייב זאָגט ראַדזין אַז זי זאָל ערציען אירע קינדער אין אַ בעסערען וועג ווי זייער טאַטע פראַנעק איז געגאַנגען. ער זאָגט דאָסטוי־דאַניע און זיי גייען אַוועק. (אויסצוג פון היסטאָרישע קאָמיסיע ביאַליסטאָק).

צו מאָרגענס ווייס שוין דער גאַנצער געגענט פון אורט־יל. די אָרטיגע פּרעסע מאַכט אַ געוואַלט. די סאָוועטען מיט די אידען מאָרדען אומשולדיגע מענשען פון דער פוילישער באַפעלקערונג. די איינוואוינער פון די דערפער ווערען דערשראָקען. אַ טייל פון זיי זאָגען, גוט אַזוי. פראַנעק האָט ניט געדאַרפט מסר'ען.

נאָך פראַנעק דניעסטאָר'ס טויט, אורטייל האָט שוין קיין פּאָליאַק מער ניט געכאַפּט קיין אידען. מען וואַגט שוין ניט מער.

אין דאָרף גליניעק האָבען אַ גרופּע סאָוועטישע אָרגאַניזאַטאָרען פון אָט־ריאַד געבעטען ברויט פון אַ גוי. דער פּאָליאַק האָט געסטראַשעט אַז ער וועט ברייגען דייטשען צו זיי. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז גלייך געלעגען אַ טויטער. דאָס האָט געבראַכט, אַז מען האָט אָנגעפאַנגען צו האָבען רעספּעקט פאַר די פאַרטיזאַנער.

צוויי טעג נאָכדעם ווי דער טויט אורטייל ווערט דורכגעפירט אויף

פראַנעק׳ן איז דער פּאַרטיזאַנער אָטריאַד ווידער אָרגאַניזירט געוואָרען. עס זיינען איינגעפירט געוואָרען ראַנגען מיט פּאָליטישע קאָמיסאַרען, מיט איין אָפיציעלען טאָג־בוך. עס איז איינגעשטעלט געוואָרען אַ באוואפענטע וואַך מיט ספּעציעלע באַשטימטע פּלעצער, וועלכע זיינען אַלע מאָל געענדערט געוואָרען ווען נויטיג.

עס זיינען אויך איינגעפירט געוואָרען פּלאַנמעסיגע מיטלען ווי אַזוי צו באַקומען שפּייז. דער אָטריאַד האָט נאָך עקזיסטירט פון פריער. נאָר ער האָט ניט געאַרבייט אַלס אָרגאַניזירטער פאַקטאָר. ספּעציעל איז געווען וויכטיג די רעפאָרמע אין באַצוג צו קריגען שפּייז. ביז יענער צייט איז די שפּייז שאַפונג אָנגעגאַנגען פון איינאיינציגע באַזונדערע פעלע, ניט אָרגאַניזירט. יעדער וואָס איז געווען פעהיג האָט געקריגען שפּייז.

לויט דער דערקלערונג פון וועלוול גאָלדע אין זיין בריף שרייבט ער דאָס פאָלגענדע: „צו וויאָסנע, ווען עס איז געוואָרען אַביסעל וואַרימער, האָבען מיר געמוזט פאַרלאָזען דעם פּויער׳ס הויז, וואו מיר זיינען געווען, איך און מיין שוועסטער. מיר זיינען אַוועק אין וואַלד. איך בין געווען זייער צושראָקען. איך בין אַרומגעקראָכען דעם גאַנצען טאָג, פיליכט וועל איך טרעפען אייניגע אידען. איך האָב קיינעם ניט געטראָפען. אַזוי זיינען אַריבער עטליכע וואָכען. שפּייז האָבען מיר צייטענווייז באַקומען פון באַקאַנטע ליעשניקעס. זיין ביי זיי איז געווען אוממעגליך. אין דער רוהיגער צייט זיינען זיי געווען זייער פריינדליך. איצט זיינען זיי גאָר אַנדערע מענשען.

ענדליך האָב איך געטראָפען אידען. מען האָט מיר צוזאַמען געבראַכט מיט לייבל טרוס, בין געווען דאָרט אַ לאַנגע צייט. איך בין אַריין אין דער פּאַרטיזאַנקע און איך האָב באַקומען אַ ביקס. איך בין דעם ערשטען טאָג געגאַנגען מיט לייבלען אין דאָרף, באַקומען שפּייז. די קריסטען האָבען מיר געגעבען וואָס מיר האָבען געפאָדערט פון זיי. זיי האָבען געהאַט דרך ארץ פאַר מיר מיט׳ן ביקס. דער ביקס איז געווען די גאַנצע חיונה.

באַלד נאָכ׳ן אַנטלויפען פון געטאָ איז מען געגאַנגען בעטען שפּייז. עס האָבען זיך געפונען אייניגע וואָס האָבען יאָ עפּעס געגעבען.

דער פּאָליעטעלער פּאָריץ פלעגט שטענדיג טראָגען שפּייז פאַר אידען. די דייטשען האָבען זיין עלטסטען זוהן ערמאָרדעט, איז ער געווען גוט צו אידען. אַדעליע שטיינמאַנאווע האָט שטענדיג געבראַכט שפּייז פאַר גיטל יאָ־זעפינער מיט די קינדער, וואָס האָבען זיך געפונען אין וואַלד.

אין דאָרף האָבען די דייטשען אין 1939 ערמאָרדעט פיעלע קריסטען, זיינען זיי דערפאַר געווען אַביסעל פריינדליך.

**פרעה'ים דריטע מכה כנים** — משה בערל פעלכאָוויטש. ער איז געווען פון דאָרף פאָביקרע, לעצטענס האָט ער געוואוינט אין בריינסק, איז געווען אַלע מאָל צוזאַמען מיט מיין זוהן לייבל. זיי זיינען אַריינגעקומען צו אַ קריסט מיט'ן נאָמען דאַנקעוויטש, אין דאָרף פאָליעטל בעטען עפּעס עסען.

דאַנקעוויטש זאָגט צו זיי: וואָס, איר לעבט נאָך? אין דאָרף זיינען דאָ דייטשען. ער הייסט זיין זוהן פאַרשפאַרען די טהיר און ער לויפט שוין בריינ־גען דייטשע זשאַנדאַרען. משה בערל און לייבל טראָגען זיך אָב, איידער דער שייגעץ האָט זיך אַ ריר געטאָן, און ער ליגט עטליכע טעג קראַנק, ער האָט ניט געקענט קומען צו זיך פון שרעק.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט דער פאַליעטעלער פריץ דערציילט משה בערלען אַז דאַנקעוויטש באַרימט זיך פאַר אַלע קריסטען ווי אַזוי ער האָט איבערגע־שראָקען די צוויי זשידקעס.



משה בערל פעלכאָוויטש



מוליע רעכלזאָן פּאַרטיזאַן

משה בערל באַשליסט צו נעמען נקמה פון דאַנקעוויטש'ען.

אין ווינטער 1943 זיצט משה בערל אין וואַלד, ניטאָ וואָס צו טאָן. קרי־כענדיגע זיינען פאַראַן געגנוג, קלייבט ער זיי אויף. ער קלייבט אויף אַ פולע פושקעלע מיט קריכענדיגע. איצט דאַרף מען די קריכענדע ערגעץ באַשטאַטען. אָנפאַנג אָווענט קומט ער אַריין צום זעלבען דאַנקעוויטש'ען, זאָגט אים אַ

ברייטען דאָברי וויעטשער. דאַנקעוויטש וואונדערט זיך, דו לעבסט נאָך אַלץ מאָשקע? — פרעגט דאַנקעוויטש. — יאָ, ענטפערט משה בערל. און אַלעס לעבט מיט מיר. „טראָג זיך שוין אָב, אויב ניט ברייננג איך די דייטשען״. — זאָגט דער גוי. „פּאַניע דאַנקעוויטש, גיב אַ שטיקל ברויט״, בעט זיך משה בערל. „גיי, גיי, טראָג זיך שוין אָב״ — שרייט ער מיט גרויס רציחה. „איך וויל נאָר זעהן דעם זייגער״ — ענטפערט משה בערל. דער זייגער איז געהאנגען אויפ׳ן וואַנט איבער דער בעט. משה בערל עפענט זיין פושקעלע, לאָזט אַרויס די קריכענדע לעבעדיגע אויפ׳ן בעט. אָט אַזוי האָט ער איינגעטיילט פּרעה׳ס דריטע מכה צו דאַנקעוויטש׳ען.

קומענדיג פון רוסלאַנד האָב איך זיך באַגעגענט מיט׳ן פּאַליעטעלער פּריץ, האָט ער מיר דערציילט די געשיכטע און דערביי געלאַכט, ווי דאַנקעוויטש האָט זיך געקראַצט און געשאָלטען משה בערלען.

די איבעריגע שפּייז האָט מען שוין געשאַפען מיט אַנדערע מיטלען. ערשטענס איז מען געגאַנגען גנב׳ענען שפּייז. אָם לעצטען האָט מען גענומען שפּייז מיט געווער.

מוליע רעכעלזאָן, דבורה דינעס איינקל איז געווען דער ספּעציאַליסט. ער האָט געפירט אַ חשבון פון די פעטע שעפּסען, קעלבער און חזרים. צו וואָס נעמען קליינע מאַגערע, אַז מ׳קען קריגען גרויסע פעטע, עס זאָל זיין פאַר אַלעמען. יאָ, ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט, ערשטע קלאַס. אָבער ער פאַרלאָזט זיך נאָר אויף גנב׳ענען. ער גייט אָן געווער. עס איז זיכערער. אין שטאַל פלעגט ער שוין שעכטען, אויסמאַכען, צוטיילען די חלקים פאַר יעדער גרופּע באַזונדער. פאַר זיך און זיין גרופּע נעמען דעם קלענסטען חלק. ס׳זיינען דאָ נאָך שעפּסען, וועט מען נעמען אַנאַנדער טאָג, פלעגט ער זאָגען. ער האָט אָבער ניט פאַרגעסען איבערצולאָזען די פיס, דאָס קעפּל, און די קישקעס פאַר׳ן קריסט, איבערלאָזען אַ צעטל: דאָס איז פאַר דיין אַרבייט צו מאַכען די קעלבער און שעפּסען פעט.

דאָוועטשע — אַליענצקי וואָיטעקס, איז געווען נאָך אַ גרעסערער קינסט־לער. ער פלעגט גיין גנב׳ענען שפּייז פאַר׳ן אָטריאַד. ער האָט קיין מאָל ניט געבראַכען קיין שלאָס. ער פלעגט אַריינקריכען דורך אַ פענסטער צום קריסט אַרויסנעמען די שליסעלע, עפענען די שטאַל אָדער שייער, נעמען וואָס עס האָט זיך געלאָזען, פאַרשליסען די שטאַל, צוריק אַריינקריכען אין שטוב, אויפהענגען

דעם שליסעל אויפ׳ן וואַנט. דאָס איז געווען זיכער, ווייל דער גוי האָט ניט באַמערקט וואָס אים פעהלט, האָט מען געקענט קומען נאָך אַמאָל.

דער בעסטער מיטעל איז געווען מיט געווער, געפאָדערט און געקריגען ברויט פלייש און אַנדערע שפייזען.

דאַן איז מען געגאַנגען צו אַנדערע דערפער, געטאָן די זעלבע זאַך לויט דער רייע. קיין מאָל ניט צוויי מאָל אין זעלבען דאָרף. דאָס איז געווען לייכטער.

**נייע אָנשיקעניש — אַרמיי קראַיאָווע** — דאָס האָט געזאָלט זיין אַ פוילישע אַרמיי, העלפען געווינען די מלחמה און פאַרטרייבען די דייטשען, וואָס זיינען שוין געטריבען געוואָרען צוריק פון די רוסישע גובערניעס. זיי האָבען זיך אָבער אָבגעגעבען בלויז מיט מאָרדען אידען.

די אידען וואָס זיינען געווען אין וואַלד זיינען געווען זיכערער, ווייל זיי זיינען געווען גרופירט און גוט באַוואפענט, אָבער די אויסבאַהאַלטענע וואָס זיינען נאָך פאַרבליבען אין אָדער לעבען די דערפער, זיינען איצט געפאַלען קרבנות פון דער אַרמיי קראַיאָווער באַנדע.

די נייעס דערגרייכט אין וואַלד.

אין דאָרף סאָלציע ביים ענדע 1943, אין אָנפאַנג 1944 ווערען ער־מאָרדעט פון די א. ק. די פאָלגענדע פערזאָנען יאָסקע סמורזשיק 56 יאָר, לייזער קצב׳ס זוהן, קיילע סמוזשיק, יאָסקעס טאָכטער 25 יאָר, יאסקע סמור־זשיקס זוהן 30 יאָר. דעם נאָמען קען איך ניט אָנגעבען. ער איז געווען מאָטל רימער׳ס איידעם, און מאָטל ריהמערס פיער זיהן אין זעלבען דאָרף.

מאיר וואָלטשינסקי — 28 יאָר,

יעקב וואָלטשינסקי, 23 יאָר,

שמעון וואָלטשינסקי, 21 יאָר,

יאָסל וואָלטשינסקי 16 יאָר,

ביים דאָרף קערסנאָווע זיינען פון די זעלבע באַנדיטען אומגעבראַכט גע־וואָרען חיים דעם בעקערס (חיים קאטלאוויטשעס) אינגסטער זוהן, 16 יאָר, נאָמען ניט באַקאַנט, יאָסקע קאטלאוויטש, דער עלטערער זוהן חיים בעקער׳ס 27 איז בלויז פאַרוואונדעט געוואָרען.

ביים דאָרף רוטקע, ענדע 1943 זיינען פון פוילישע באַנדעס מיט דער הילף פון זשאַנדאַרען ערמאָרדעט געוואָרען משה שוסטער 23 יאָר, דוד שמיד׳ס איניקעל,ביילקע פיינסאָדס אַ 20 יאָריגע מיידעל. אַלטער קצב׳ס איניקל.

אין 1944, אין דאָרף פרושאַנקע זיינען געווען אויסבאַהאַלטען די ברידער

האַלפּערן, אינדיטשקע שלומה־מאַכערס צװײ זיהן, יעקב האַלפּערן 45, און שײע האַלפּערן 38 יאָר, די באַנדע האָט זײ אױסגעפּונען און בײדע װערען ערמאָר־דעט שױן פון באַקאַנטע קריסטען.

זומער 1944, שױן אײניגע טעג פאַר דער באַפרײאונג איז אין דאָרף קאָשיװע ערמאָרדעט געװאָרען פון דער זעלבער באַנדע אברהם נאַדאָבראָצקי, 40 יאָר, אַלטער דעם געלענ׳ס זוהן. עס איז אױסגעפאָרשט און באַװיזען געװאָרען, אַז דער יונגער קריסט פון דאָרף קאָשיעװ, קראָסאָסקי איז געװען דער מערדער.

אױך אין ברײנסקער װאַלד, זומער 1944 זײנען ערמאָרדעט געװאָרען אַדװאָקאַט גזשעבין פון לאָדזש און מאַטעס אַ באַװאוסטער ביאַליסטאָקער דיכטער. אױך אַן אומבאַקאַנטער איד פון קעלץ. זײ זײנען אַלע געװען קראַנק, אומבאַװעגלעך, זיך ניט געקענט העלפען.



די אײנציגע בילד פון װאַלד גרופּע, דוד אַליענצקי לינקס, לעבט
יעקב אַליענצקי דאָרע רובין און משה קלײנאַט אומגעקומען

די אַלע געשיכטעס פון נײע סאָרט מאָרדען פון אידען אַרום ברײנסק האָט געװירקט נאָך מער צו דערנעענטערען די נאָך געבליבענע לעבעדיגע אידען. מען האַלט זיך אין גרעסערע גרופּען, אַלע מיט געװער, מען האַלט זיך נעענטער צו די רוסען. זײער צאָל אין װאַלד איז באַדײטענד פאַרגרעסערט. אַלע לערנען זיך אױס די קונסט צו ברענגען שפּײז, און איצט שױן

אין אַלגעמיינעם קעסעל. נאָך שפּייז גייט מען יעדען נאַכט ניט גנב'ענען, ניט בעטען נאָר נעמען מיט געווער. מען גרייט אָן זאַפּאַסען קאַרטאָפליעס כדי וואָס ווייניגער צו גיין אין די דערפער.

עס קומט אָן קלאַנגען, אַז עס וועט ווערען דורכגעפירט איין אָבלאַווע. אַלע עוואַקואירען זיך אין אַ צווייטען וואַלד, מען קוקט זיך אַרום, עס פעהלט דוד וויגאָצקי. פאַרשטייט מען שוין, אַז ער איז געכאַפּט געוואָרען. מען באַשליסט ניט אַוועקצוגיין ביז מען וועט דוד'ן ראַטעווען. עס ווערט אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן, מען צולייגט זיך אויפ'ן וועג פון גליניק קיין בריינסק צו וואַרטען ביז מ'וועט דוד'ן דורכפירען. עס איז שוין טאָג, שוין 8 אין דער פרי, 10 אינדערפרי, שוין בייטאָג, מען פירט קיינעם ניט. עס באַווייזט זיך איינער מיט אַ בשורה, אַז דוד איז שוין דאָ. וואו איז ער געווען? דוד דערציילט ביים עוואַקואירען פון וואַלד, האָט ער דערווייל עפּעס אָבגעקאָכט צום עסען. מיעד איז ער געווען, איז ער אַוועקגעפאַלען שלאָפען. איז געשלאָפען זעכצען שטונדען. דאָס צייגט די אייניגקייט פון אַלעמען. אַלע האָבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס צו ראַטעווען דוד'ן, ניט אַוועקגעאַנגען פון די פּלעצער טראָץ דער גרויסער געפאַר.

## זיבעצענטער קאַפּיטעל

# „די פּאַרטיזאַנקע"

דאָס איז געווען דער אָפיציעלער נאָמען פון דער גרופּע פון ברײנסקער אידען אין רוסישען אָטריאַד.

זײ האָבען געפירט װידערשטאַנד, אויפקלערונג, געלערענט די ברײנסקער אינגלעך, מײדלעך װי אַזוי זיך צו באַגײן מיט געװער. געפירט אַ קאַמף געגען שפּיאָנען, װעלכע האָבען זיך געפונען אַלע מאָל אין װאַלד און געזוכט. מען האָט זיך דערװאוסט פון אַ פאַל, װאו אַ גרויסע גרופּע פון באַװאפענטע מענער האָבען זיך בײ די פּאַסטוכער נאָכגעפרעגט אויף דער „פּאַרטיזאַנקע".

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעצײגט, אַז דאָס איז געװען אוקראַינער װלאַסאָװ־צעס, היטלער׳ס אַרויסהעלפערס.

עס װערט אײנגעפירט אַ שטענדיגע װאַך. פּאַװועל ראַדזין, אַ געלערענטער און פיעל רעספּעקטירטער רוס איז געװאָרען דער קאָמאַנדיר. זײן אַרבײט האָט געבראַכט גרויסע נוצען. עס איז אָבער ניט געװען קײן פאַרבינדונג מיט אַנדערע גרופּען פּאַרטיזאַנער. כאָטש מען האָט געװאוסט אַז עס געפינען זיך אַזעלכע פּאַרטיזאַנער אָבטײלונגען, אָבער קײן פאַרבינדונג צװישען זײ איז ניט געװען.

**װידערשטאַנד** — דעם 8־טען דעצעמבער 1943, באַפאַלען אַ דײטשע גרופּע אָנגעפירט פון דעם טרויעריג באַריהמטען שומאַנסקי, אויפ׳ן װאַלד אין ברײנסק, װען די גרופּע דערנענטערט זיך צום אָקאָפּ װערט געעפענט פײער. װאַניע זשובאטער, דער רוס ציעלט אין שומאַנסקען און טרעפט. די דײטשען טראָגען זיך אָב.

אויף דעם װעג ברײנסק דראָגעטשין האָט זיך געבויט אַ שאָסײ. דער בוי־מײסטער, אַ דײטש, אַ באַנדיט, װאַניע זשובאטער קומט צו אין מיטען טאָג ענדע 1943, דערשיסט דעם בוי מײסטער פאַר אַלעמענס אויגען. ער הײסט

אַלע אַרבייטער אַוועקלייגען די לאָפּאַטעס אויף איין באַרג און אַלעס ווערט פאַרברענט.

**לובע גאָלדבערג.** — אַ טשעכענאָוועצער מיידל פון אַלט־שטאָט, האָט זיך אויף אין בריינסקער וואַלד מיט די בריינסקער פּאַרטיזאַנען. ביים אָנפאַל אויף זייער אָקאָפּ, דעם 8־טען דעצעמבער 1943 באַוויזט זי איר העלדיש־קייט. לובע גאָלדבערג שטייט אין אָקאָפּ מיט'ן האַלבען קערפּער אויסגעשטעלט און שיסט. ווען וואַניע זשובאַטער שיסט, גרייט זי צו פאַר אים געלאָדענע געווער. דערלאַנגט אים: „שיס וואַניע", שרייט זי. העלדיש האָט זי געאַר־בייט מיט'ן אויטאָמאַט אליין, און געהאָלפען וואַניען. אין מערץ 1944 ווערט לובע גאָלדבערג אַוועקגעשיקט אין אַ צווייטען אָטריאַד לעבען באָטקע, ווייל זי איז אַ גוטע שרייב מאַשין אַרבייטאָרין, איר נאָמען איז באַקאַנט אין פּאַרטיזאַ־נער שטאַב אַלס העלדישע מיידל. זי איז לעבען געבליבען.



משה אָסקאַרט



ליובע גאָלדבערג

אָבער אין דערבייאַ־גען אָקאָפּ זיינען געווען די אידען: משה אָסקאַרד, חיים וועלוול פּריבוט און יוסף פּריבוט. זיי האָבען אין דער שיסעריי פאַרלאָזען דעם אָקאָפּ. משה אָסקאַרד און חיים וועלוול פּריבוט געלינגט זיך דורכצורייסען. יוסף פאַלט אַ פאַרוואונדעטער אין פוס. די דייטשען האָבען אים אַריינגע־וואָרפען אין אָקאָפּ אַ'ן צוריסען מיט האַנד גראַנאַטען. אַט אַזוי איז דער העל־דישער יוסף פּריבוט געפאַלען, צוויי מאָל זיך אַרויסגעריסען פון טויט. איצט איז ער אומגעקומען.

(אויסצוג היסטאָרישע קאָמיסיע 17/46 על. פי.).

דעם 28־טען מאַרטש 1944 איז באַפאַלען געוואָרען דער אָקאָפּ ביים וואַלד אין בריינסק. דאָרט האָבען זיך געפונען זיבען בריינסקער אידען: הערשל שפּאַק, זיין טאָכטער ברכה, לייבל טרוס, ישראלקע ברענער, דאָווטשע אָליענצקי, משה בערל פעלכאוויטש און יוכבד גאָלדע.

ברכה שפּאַק באַמערקט אַ הונט פון וויטענס, זי דערציילט עס צו די איבעריגע. זיי לאַכען פון איר. ווי קומט דאָ אַ הונט? אָבער מען שיסט שוין אין אָקאָפּ. עס פאַלען 70 שאָסען. אַלע ווערען פאַרטויבט. די ערד שיט זיך איין אין אָקאָפּ. די אויגען זיינען שוין פאַרשאָטען מיט זאַמד. מען הערט טריט אויבען איבער'ן אָקאָפּ. איז דאָס שוין די ענדע? דער קליינער ישראל־קע ברענער כאַפּט דעם רעוואָלווער פון דאָווטשע וואיטעקס האַנד, שיסט אויס מיט איין אָטעם זיבען שאָסען. די דייטשען טראָגען זיך אָב. מען מוז פון דעם אָקאָפּ שוין אַנטלויפען, טאָמער קומען אָן גרעסערע קרעפטען. מיר פרעגען: „אַלע לעבען?". יאָ, מען שטעלט אַרויס אַ היטעל פון אָקאָפּ. קיינער שיסט ניט אויף דער היטעל. לייבל טרוס גייט אַרויס דער ערשטער פון אָקאָפּ. אַלע גייען נאָך אים. אין אָקאָפּ איז געווען שרעקליך הייס. אַלע זיינען געווען אין די אונטערוועש. אין פעלד איז קאַלט פון שניי און פראָסט, פון קיין מלבושים מיטנעמען איז קיין רייד ניט. לויפט מען נאַקעטערהייט, לויפענדיג שפּירט ישראל'קע ברענער, אַז ער איז פאַרוואונדעט. נאָך אים גייט נאָך אַ סליאַד בלוט.

קוים זיך דערשלעפּט זיבען קילאָמעטער אין צווייטען וואַלד, זיך געטראָ־פען מיט אַ צווייטער גרופּע אידען און רוסען. ישראלקאלעס וואונד ווערט פאַר־בונדען. ביינאַכט גייט מען צוריק צום אָקאָפּ. מען ברענגט די מלבושים.

נאָך אַזעלכע פעלע באַשליסען אַ גרופּע אידען און רוסען זיך אַריבער־צורייסען דורכ'ן פראָנט. די אָפּענסיווע פון דער רוסישער אַרמיי איז שוין אָנגעגאַנגען. דער פראָנט איז געווען ביי אָרשע וויטעבסק קאָוועל. אויפ'ן וועג ביים ביאַלאָוויזשער וואַלד באַגעגענען זיי אויסשפּירער פון סאָוועטישע פאַרטיזאַנער אָטריאַדען, און הייסען זיי גיין צוריק אין בריינסקער וואַלד. מען זאָגט צו אַ פאַרבינדונג.

(היסטאָרישע קאָמיסיע לויט 19/46 על. פי.).

### אַכצענטער קאַפּיטל

# אידען מערדער פאַרמשפּט צום טויט

## ליעשניקעס ווערען געצוואונגען צו שפּיאָנירען פאַר די פּאַרטיזאַנער. ברײנסקער פּאַרטיזאַנער אָנגעשלאָסען אין סאָוועטישען פּאַרטיזאַנער שטאַב, באַקומט דעם נאָמען ברײנסקער זשוקאָוו פּאַרטיזאַנער אָטריאַד

אָנפאַנג 1944 באַווייזט זיך אין ברײנסקער וואַלד די ערשטע גרופּע פּאַרטי־זאַנער פון מאַיאָר קאַפּוסטע בריגאַדי מאַרטינאָוו.

עס ווערען אָרגאַניזירט פיער פּאַרטיזאַן גרופּעס אין פיער געגענדען. די גרעסטע גרופּע אויפ׳ן נאָמען זשוקאָף, איז די ברײנסקער גרופּע.

די ערשטע אַרבייט פון דער ברײנסקער גרופּע באַשטייט פון איבערשניי־דען די טעלעפאָנישע פאַרבינדונג, וועלכע האָט זיך געפונען אויפ׳ן שאָסיי ברײנסק טשעכאָנאָווצע. דאָס איז געווען די דירעקטע ליניע צום פראָנט־וואַרשע. אין איין נאַכט זיינען די טעלעפאָן דראָטען אין עטליכע פּלעצער אויפ׳ן שאָסיי איבערגעשניטען געוואָרען. די סלופּעס אויף אַ שטרעקע פון צוויי קילאָמעטער ווערען אַרויסגעריסען. די גאַנצע ברײנסקער גרופּע פּאַרטיזאַנער האָט זיך אין דער אַרבייט באַטייליגט.

עס ווערט צו דער זעלבער צייט אויפגעשטעלט אַ באַיעוואָיער אָטריאַד, אויך אַ משפּחה לאַגער. צו דעם משפּחה לאַגער זיינען איינגעשלאָסען געוואָרען די פאַמיליעס וואָס האָבען זיך געפונען אין וואַלד. עס זיינען געווען אייניגע גאַנצע משפּחות אין וואַלד. חיים פינקלשטיין, זיין ווייב און דריי קינדער. גיטל רוביג־שטיין 65 יאָר און אירע צוויי טעכטער. נאָך אַנדערע. חיים איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דעם משפּחה אָטריאַד.

**טויט אורטיילען** דער ברײנסקער אָטריאַד באַשליסט צו נעמען ראַכע פון דעם פּאָליאַק קאָשאַק דער פאַררעטער און אידען מערדער.

ביי אַ זיצונג פון אָטריאַד קאָמאַנדע ווערט געגען דעם קאָשאַק׳ן אַרויס־געטראָגען אַ טויט אורטייל.

זעקס באוואפענטע מענער ווערען איבערגעגעבען דורכצופירען דעם באַ־פעל. צווישען זיי געפינען זיך מוליע קליינאַט און יאָסל ברוידע.

דער וועג צו קאָשאַקן איז אַ לאַנגער, מ׳דאַרף דורכגיין די גאַנצע שטאָט. דער שניי מאַכט לייכט צו דערקענען די טריט. עס ווערט באַנוצט דער וועג אַרום און אַרום ביי פערציג קילאָמעטער. אין איין טאָג קען דער מאַרשרוט ניט דורכגעפירט ווערען. די גרופע באַשליסט זיך אָבצושטעלען אין וועג נעכטיגען און איבערוואַרטען ביז מאָרגען פאַרנאַכט.



שמחה פּאַם פּאַרטיזאַן



סאָניע רובינשטיין מיטעלסטע

זיי שטעלען זיך אָב ביי אַ פּוילישען קאָלאָניסט. ער מוז זיי געבען עסען און זיין מיט זיי דעם גאַנצען אָוונט און טאָג. ער קען ניט אַרויס פון הויז. די טהיר איז געוויינטליך גוט באַוואַכט.

ווען עס ווערט טונקעל לאָזען זיי זיך אַוועק אין וועג און קומען אַריין צו קאָשאַק׳ען אין שטוב. דערזעהענדיג די געסט ווערט ער בלייך, זיי בעטען אים עסען און מען דערלאַנגט. מען דערלאַנגט שנאַפּס, חברה לאָזען זיך ניט פאַרפירען, האַלטען דעם קאָפּ קלאָר.

נאָכ׳ן עסען זאָגט דער קאָמאַנדיר ראַדזין צו קאָשאַק׳ן: „כאַזייען, איצט דאַרפען מיר זיך צו רעכענען.

קאָשאַק זאָגט אַ צושראָקענער: גייט געזונטערהייד, איר זייט מיר גאָר ניט שולדיג. איך דאַרף ניט ביי אייך אָרימע קיין געלד.

„ניין, זאָגט ראַדזין. דו האָסט געראַוועט, געמאָרדעט, גוט באַדינט די דייט־שען, דערפאַר דאַרפען מיר זיך צורעכענען.״

מען הייסט אים זיצען, ניט וואַגען צו רירען זיך. ערשטענס גיב אַוועק אַלעס וואָס דו האָסט ראַבירט ביי דיינע קרבנות. ער באַקומט אַ פּאָרציע קלעפּ. ער גיט אַוועק גאָלד, דאָלאַרען, מלבושים און אַ שיין מעסערל. דער מעסערל איז באַלד דערקענט געוואָרען, אַז דאָס איז דעם בריינסקער 19 יאָה־ריגען יצחק אָקראָנגליעס, איינער פון קאַשאַק׳ס קרבנות. ער גיט אויך איבער אַלע געווער. אַ ספּעציעלע וואַך גייט מיט זיין ווייב און נעמען צו אַלע געווער וואָס ער האָט געהאַט. דאַן ווערט פאַר אים פאָרגעלעזען דער טויט אורטייל: „אין נאָמען פון ראַטען פאַרבאַנד, אין נאָמען פון פעלד געריכט, פון בריינס־קער זשוקאָף פאַרטיזאַנער אָטריאַד, ווערסטו קאַשאַק פאַראורטיילט צום טויט דורך שיסען.

ער ווערט געבעטען זיך אונטערצושרייבען אויף דעם טויט אורטייל. אַן אַליעקשענער שיקסע זיצט דערביי, און זי ווערט אויך אויפגעפאָדערט אונטער־צושרייבען דעם דעקרעט אַלס עדות. אַ שרעקענדיגע שרייבט די שיקסע אונטער דעם פּאַפּיר מיט ציטערענדע הענט.

מוליע קליינאָט, דער פאַרטיזאַן ווערט מכבד מיט דער אַרבייט, דורכצו־פירען דעם טויט אורטייל.

מוליע געדיינקט גוט ווי קאַשאַק האָט געבראַכט זיין פעטער נחום געבונ־דענערהייט צו דייטשע זשאַנדאַרען צום דערשיסען. מוליע שיסט צוויי מאָל פון זיין רעוואָלווער. קאַשאַק ליגט אויסגעצויגען. מען טאַפּט דעם פולס, טויט. אין פּראָטאָקאָל ווערט פאַרציכענט די צייט, ווען דער אורטייל איז דורכגעפירט געוואָרען. מען שרייבט אָן אַ מעלדונג צו דער באַפעלקערונג, אַז קאַשאַק איז געטויטעט געוואָרען פון זשוקאָף פאַרטיזאַנער אָטריאַד אין בריינסקער וואַלד. פאַר זיינע מאָרדען און רויבערייען. די שיקסע באַקומט די אַלע פּאַפּירען און ווערט שטאַרק פאַרזאָגט, אַז זי זאָל די פּאַפּירען אויפהענגען אויף אַן עפענטליכען פּלאַץ.

ראַדזין פאַרגעסט ניט צו באַמערקען צו דער מוטער, זי זאָל אירע קינדער ערציען אין אַ בעסערען גייסט.

צו מאָרגענס איז אין אַלע צייטונגען געווען באַשריבען דער פאַל. דער פאַרטיזאַנער אָטריאַד איז נאָך מער אָנזעהענדיג געוואָרען ביי דער באַפעל־קערונג.

דער אָטריאַד האָט געצוואונגען די ליעשניקעס צו געבען אינפאָרמאַציע וועגען אַלע פאַרדעכטיגע פּאַסירונגען. פאַר מורא, האָבען זיי געגעבען וויכטיגע אינפאָרמאַציע.

איינער פון די ליעשניקעס באַריכטעט צום אָטריאַד, אַז אַ מענש קומט אַלע מאָל צו אים זיך פרעגען ווי פיעל זיינען זיי די פּאַרטיזאַנער? צי זיי האָבען אַ סך געווער ביי זיי? ער בעט אים אַז דער ליעשניק זאָל ניט דערציילען קיינעם פון זיין באַזוך.

דער אָטריאַד ווייס שוין פון דעם, מען זוכט דעם פּאַרשוין. ענדליך ווייזט דער ליעשניק אָן אויף אים. מען באַגעגענט זיך מיט'ן פּערזאָן. ער ווערט אַזוי גערירט פון דער געלעגענהייט זיך צו טרעפען מיט די פּאַרטיזאַנער.

נאָך אַ קורצען אונטערזוכונג ווערט באַמערקט אַז דער חברה מאַן טראָגט ווייסע וועש, פיינע שטיוועל, און האָט גענוג געלד, פיינע פּאַפּיראָסען. זיין ערקלערונג אַז ער איז שוין זעקס מאָנאַטען אין וואַלד ווערט צובראָכען מען זעהט שוין דאָס ער איז אַ שפּיאָן, אָן פראַגעס ווערט אַרויסגעגעבען אַ באַפעהל דערשיסען.

דער אָטריאַד האָט אויך געצוואונגען אַ סך קריסטען צו זיין שפּיאָנען. איבערגעבען אַלעס וואָס זיי האָבען געזעהן אָדער דורכצופירען שליחות. וואָס בלויז די קריסטען האָבען געקענט טאָן. זיי זיינען געסטראַשעט געוואָרען מיט'ן טויט. מיט פאַרברענען זייערע הייזער, אָבער זיי האָבען געפאָלגט. פיעלע נויטיגע אינפאָרמאַציע זיינען געקומען פון די געצוואונגענע שפּיאָנען. זיי האָבען זיך גערופען „ליגאַלניקעס".

צו אַ געוויסער צייט, שוין פאַר דער באַפרייאונג פלעגט קומען צום אָטריאַד אַ רוסישע פּאַרטיזאַנקע. זי איז געווען אַ יונגע שיינע רוסישע פרוי, פלעגט קומען אַביסעל פאַרברייגגען. זי ווערט פאַרדעכטיגט אין שפּיאָנסטווא. עס ווערט באַשלאָסען אַז אַ באַשטימטע אונטערזוכונג מוז ווערען דורכגעפירט. ווען זי קומט אַהער אַ צווייטען מאָל. ווערט נאָך איר נאָכגעשיקט איינער פון די ליגאַלניקעס. ער גייט איר נאָך פון וויטענס, ער באַמערקט זי גייט קיין בריינסק פון וואַלד. אין בריינסק איז דער ערשטער באַזוך אירער צו דער זשאַנדאַרמעריע.

אין וואַלד זיינען צו יענער צייט געווען הויכע בעאַמטע פון צענטראַלען זשוקאָף אָטריאַד. פּאַראַשוטיסטען און אַנדערע וואָס זיינען אָנגעקומען פון צענטראַלע. מיט איין וואָרט, וויכטיגע בעאַמטע, די געפאַר איז, אויב די שיקסע האָט זיי אַלעס איבערגעגעבען, וועלען די דייטשען אָרגאַנזשירען אַן אָבלאַווע.

אויב די שיקסע האָט ניט באַמערקט צופיל וועט זי זיכער קומען נאָך אַמאָל. די לאַגע ווערט ערנסט.

ס'ווערט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּראָגנט וואָך פון דער זייט פון בריינסק ביז'ן וואַלד. איינער פון די פּאַרטיזאַנען שטייט אויף אַ בוים מיט אַ שפּאַקטיוו און מען וואַרט. ער באַמערקט פון ווייטען אַז זי גייט אַליין. מען נעמט איר אויף זייער פריינדליך, מען פאַרברענגט מיט דער רוסישער שיקסע. דאַן נעמט איר דער פּאָליטישער קאָמאַנדיר דאנסקוי, קאָמאַנדיר פון אָטריאַד און אויך דער פּאַרטיי פּאָרשטייער אין וואַלד אויף אַ פאַרהער. נאָך איין שטרייגנע אויספאָרשונג און אַ פערזענליכע אונטערזוכונג ווערט געפונען ביי איר אַ רעוואָלווער און אַ דייטשער באַשטעטיגונג, אַז מ'זאָל איר מיטהעלפען אין איר אַרבייט אַלס געטרייע מיטאַרבייטערין פון דער געשטאַפּאָ. דער פּאַרטיזאַנער געריכט באַשליסט גלייך איר צו הענגען.

דער יונגער איטשאַלע ברוידע פאַרדינט די מצוה, שיסט איר, זי ווערט פאַרוואונדעט. די קאָמאַנדירען הייסען איר הענגען. אַלע פירען דורך דעם אורטייל. שוין מיט איין שפּיאָנקע ווייניגער.

זייער אָפט קומען פאַרושיסטען, דעסיאַטניקעס צום בריינסקער וואַלד. דער בריגאַדיר קאָמאַנדיר מאַרטינאָוו קומט אָפט מיט אַ צעהן באַגלייטער. אויך דער מאַיאָר פון פּאַרטיזאַנעם אָטריאַד וועסאָלאָוו. מאַרטינאָווס פרוי אַ פּאַראַשוטיסטין.

זיי גיבען אַרויס זייער אַ גוטע מיינונג פון בריינסקער אָטריאַד. די באַשפּייזונג איז אַמבעסטען אָרגאַניזירט.

זיי האָבען פאַרבעסערט די דיסציפּלין, גערופען צו דיווערסיע אַרבייט צום קאַמף מיט'ן דייטש און פּוילישע באַנדעס.

אַ שטענדיגע גרופּע פּאַראַשוטיסטען זיינען פאַרבליבען אין בריינסקער וואַלד. עס איז שוין געווען אַ שטענדיגע פאַרבינדונג מיט'ן הויפּט שטאַב און אַנדערע אָטריאַדען. יעדען טאָג זיינען געבראַכט געוואָרען צייטונגען פון מאָסקווע פון פּאַרטיזאַנער פּאָסט.

פראָנט באַריכטען זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען פון בריינסקער וואַלד יעדען טאָג.

דער אָטריאַד גיט אַרויס אַ באַפעהל אַז אַלע רוסען וואָס געפינען זיך ביי קריסטען זאָלען זיך צושטעלען צום פּאַרטיזאַן אָטריאַד. דער אָטריאַד ווערט שוין פאַרגרעסערט.

די ציוויל באַפעלקערונג ווערען געוואָרנט ניט צו שטערען די פּאַרטי־זאַנער אין זייער טהעטיגקייט, זאָנסט וועט מען זיך מיט די שטערער אָברעכענען.

דער פּוילישער 70 יאָהריגער הינקענדיגער דאָקטאָר ציווינסקע ווערט מאָביליזירט. ער ווערט געצוואונגען צו קומען יעדען טאָג אין וואַלד, געבען מעדיצינישע הילף צו פאַרוואונדעטע פּאַרטיזאַנער. מען פלעגט צו אים שיקען אַ פוהר. אים ברייגען, דורכפירען כירורגישע אפעראציעס, מיטברייגגען מיט זיך פאַרשידענע מעדיקאַמענטען. מען מוז באַמערקען אַז דאָקטאָר ציווינסקעס רייזע פון בריינסק אין וואַלד האָט געמוזט דורכגעפירט ווערען אין געהיים. ער האָט אָבער זיין אַרבייט געטאָן ווי אַ העלד.

עס זיינען געשיקט געוואָרען אויף אַרבייט בריינסקער אידען און רוסען. זיי האָבען געלויבט און אנערקענט די העלדישע אַרבייט פון די פּאַרטיזאַנער. יאָסל ברוידע, מוליע קליינאָט, די ברידער אָליענצקי, חיים־וועלוול פּריבוט.

עס האָבען זיך געפונען אייניגע פּאַרטיזאַנער וואָס האָבען געוואָלט רייך ווערען אין וואַלד. צוליב דעם האָבען זיי געשטערט געוויסע נויטיגע אַרבייטען.

ספּעציעל מוז דערמאָנט ווערען חיים וורובעל (מאָטל קעווליאקערס זוהן), זיין אַרבייט האָט געבראַכט אַלעמען נוצען. ער פּערזענליך האָט ניט געזוכט אויסצונוצען דעם וואַלד צו ווערען רייך.

עס זיינען דאַן אָנגעפירט געוואָרען אַנדערע אַרבייטען צו שטערען דעם נאַצישען פּראָנט צו פאַרניכטען דעם שפּייז קאָנטינגענט. אין יעדען דאָרף איז געווען אַ זאַמעלפּונקט פון שפּייז פאַר'ן דייטש. די פּאַרטיזאַנער פלעגען די זאַמעלפּונקטען באַפאַלען, צונעמען אַלעס. די איבעריגע פאַרניכטען. די מילך צענטראַלעס פלעגען אויך באַפאַלען ווערען. די מילך האָט מען אויסגעגאָסען.

בריקען האָבען געדאַרפט פאַרברענט ווערען. זיי זיינען אָבער געווען גוט באַוואַכט. ביי יעדען בריק אַ שטאַרקע וואַך. פאַרזוכען זיינען עטליכע מאָל געמאַכט געוואָרען און דורכגעפאַלען. דאָך איז דער בריק פון שאָסיי וועג בריינסק שעפּעטאווע, צענטראַלער שאָסיי וואַרשע ביאַלעוויעזש יאָ פאַרברענט געוואָרען פון די פּאַרטיזאַנער.

אַ צווייטע גרופּע האָט ביים ביאַליסטאָקער וואַרשע באַהן לעבען שעפּע־טאָווע, צוויי מאָל אַראָבגעשרויפט די רעלסען. דאָס האָט פאַראורזאַכט באַהן קאַטאַסטראָפעס.

לכבוד דעם 1־טען מאַי ווערט אָרגאַניזירט אַ איבערפאַל אויפ'ן מאַיאָנטעק וויעלקאָווע ביי בריינסק. דער מאַיאָנטעק ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ דייטשער

אַדמיניסטראַציע. אַכט רוסען און פיער אידען באַטייליגען זיך אין דעם אָנפאַל. עס ווערט געעפענט אַ שיסעריי נאָך אַ האַלבע שטונדע פון שיסערייען ציהען זיך די פּאַרטיזאַנער צוריק אָן פאַרלוסטען.

ביים צוריקציהען זיך ווערט די גרופּע אַטאַקירט פון אַ באַהעלטעניש פון די אַרמי קראַיאָווע.

פון די פּלוצלינגע אָנפאַלען פאַלט דער בריינסקער איד ישיע טאַבאַק 24 יאָר, אַ ווישענקער, האָט געוואוינט אין בריינסק עטליכע יאָר, ביים פאַך אַ מייסטער פון שעצקאַרניעס פאַרריכטען, פאַרוואונדעטע זיינען געווען שלומה אליענצקע, יעקב וואיטעקס זוהן און מוליע קליינאָט, עלבערס אייניקל.

די פאַרוואונדעטע רוסען ווערען אָבגעפירט דורך בריינסק קיין טשאַיע. צו זיי קומט דר. ציווינסקע היילען ביז זיי ווערען געזונט. די 12 אידישע פאַרוואונדעטע ווערען איינגעקוואַרטירט ביי קריסטען און דער זעלבער דאָק־טאָר ציווינסקי קומט זיי קורירען.

דעם 8־טען מאי 1944 ווערט באַמערקט אַז אַ גרויסע גרופּע מענשען דערנעענטערן זיך צום וואַלד. מען געפינט שנעל אויס אַז 600 דייטשען און אוקראַינער מיט זייער טויט באַטאַליאָנען האָבען בלאָקירט דעם וואַלד. די לאַגע אויפ׳ן מאָמענט איז געווען ערנסט. 28 קריגספעהיגע פּאַרטיזאַנער שטעלען זיך אַנטקעגען 600 גוט באַוואפענטע דייטשען און וולאָסאָווצעס. דערצו זיינען אין משפחה לאַגער דאַן געווען פערציג פרויען און קינדער קראַנקע. עס ווערט נויטיג דעם משפחה לאַגער צו עוואַקואירען פון דעם וואַלד. קיין געלעגענהייט דאָס צו טאָן איז ניטאָ, ווייל די גרויסע באַנדע רייסען זיך צום וואַלד. די פּאַרטיזאַנער פאַרטיידיגען דעם וואַלד העלדיש. עס פאַלען קרבנות פון בײדע זייטען. די פאַשיסטען ציהען זיך צוריק.

דער משפחה לאַגער איז געוואָרען איבערגעפירט אין אַ צווייטען וואַלד. פון דער אַטאַקע איז געפאַלען טויט מייער ווישנעוויטש 20 יאָר, קאָפקעס אייניקל און איין רוס.

צו מאָרגענס איז באַשריבען געוואָרען אין דער פּרעסע אַז די דייטשען האָבען פאַרניכטעט דעם בריינסקער פּאַרטיזאַנער אָטריאַד פון רוסען מיט אידען.

דער צענטראַלער אָרגאַן פון די פּאַרטיזאַנער „פּאַרטיזאַן" האָט געשרי־בען: 28 פּאַרטיזאַנער האָבען באַזיגט 600 דייטשען און וולאַסלאַווצעס. דערביי קרעדיטירט דעם בריינסקער זשוקאָף פּאַרטיזאַנער אָטריאַד.

נאָך דער אַטאַקע פאַרשטייט זיך אַז דער וואַלד קען מער ניט באַנוצט

ווערן, באַשליסט מען זיך איבערצוטראָגן אין ביעלסקער געגענד צום פּאַפּאָכאָווס אָטריאַד. אָבער ביי דעם אָטריאַד זיינען שוין אויך פאָרגעקומען איבערפאַלן פון פּוילישע באַוואפענטע באַנדעס. אָבער עס קומט אָן אַ באַפעל פון שטאַב צוריק אין בריינסקער וואַלד. מיר אָרדענען זיך איין צוריק אין וואַלד, לעבען פּיעטקעווע.

**מען נעמט געפאַנגענע** — דער פראָנט דערנענטערט זיך. דער נעמאַן ביי גראָדנע איז שוין איצט דער שלאַכטפעלד. די פאַרטיזאַנער וואַך נעמט געפאַנגען 19 וולאסאוועס, גוט באַקליידעטע אין דייטשע מונדירען. זיי האָבען ביי זיך שטענדיג ליפלעטס וואָס די רוסישע עראָפּלאַנען וואַרפען אַרונטער.

די פאַרטיזאַנער לאָזען זיך ניט פאַרפירען. זיי נעמען צו די דייטשע קליידער פון זיי. דאָס ווערט איצט זייער נויטיג. די וועגען ווערען אָנגע־פּילט פון צוריקטרעטענדע נאַציס, מען קען אין די אַלטע מלבושים ניט גיין נאָך קיין שפּייז, באַנוצט מען די נייע דייטשע מונדירען. צוועלף יאַטען טוהען אָן די מונדירען און לאָזען זיך אַוועק צו די קריסטען, מען ברענגט קעלבער, שעפּסען, ברויט, פּוטער. אַנדערע פּאַליאַקען האָבען געצווייפעלט צי דאָס זיינען ריכטיגע דייטשען, האָבען געשאָלטען, דאָך געגעבען.

די פראַגע פון וואַסער איז געוואָרען זייער וויכטיג. מען קען מער ניט גיין צום דאָרף נאָך וואַסער. מען באַשליסט צו גראָבען אַ ברונעם אין וואַלד, די געפאַנגענע 19 באַטראַכטען דאָס אַז מיר גייען גראָבען פאַר זיי אַ קבר. האָבען זיך גענומען אַזוי אויפפירען, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען נאָר צו מאַכען דעם גרוב פאַר זייער קבר.

דער פראָנט דערנענטערט זיך מיט שנעלע טריט. עס קומט אָן אַ באַפעל אַז אן אולטימאַטום זאָל געגעבען ווערען צו דער פּוילישער אונטערערדישער באַנדע אַז זיי זאָלען אָבשטעלען זייערע אָפּעראַציעס קעגען די פאַרטיזאַנער.

ביי אַ באַגעגעניש מיט געוויסע פּוילישע אויסגעשטודירטע פאַרטיזאַנער אין אַ הויז פון אַ פּויער האָט קאָמאַנדיר מאַיאָר ווערסאָלאָף אָפען געזאָגט, אַז אין איינעגע טעג אַרום וועלען מיר האָבען די מאַכט איבער'ן געגענד. די רויטע אַרמיי קומט. מאַכט זיך גרייט אָבצוגעבען אייער געווער.

דער פראָנט איז שוין נאָענט. מען הערט דייטליך די שיסעריי אַרום בריינסק, אַרום דער שטאָט ברענט, עס פליען סאָוועטישע עראָפּלאַנען, באַ־וואַרפען די שטאָט מיט ליפלעטס, די נאַכט איז באַלויכטען פון ריזיגע פּראָ־

זשעקטאָרען און פון די פייערען אַרום. דער פּאַרטיזאַנער אָטריאַד געפינט זיך אין מיטען פראָנט.

וועסאלאָוו באַפעהלט אין קליינע גרופּען זיך איינטיילען. מען צעטיילט זיך אין קליינע גרופּען אין דריי פּערזאָן אין גריבער אָדער אַנדערע לעכער. אויף יעדען טריט מיליטער, דער וואַלט איז פול מיט אינפאַנטעריע און אַרטי־לעריע.

דעם 2־טען אויגוסט 1944 4 פאַרטאָג באַקומען די פאַרטיזאַנער אַ באַפעהל אָבפאָרען.

נאָך אַ קורצע פויזע באַווייזען זיך די ערשטע אַוואַנגאַרדען פון דער רויטער אַרמיי. זיי ווייסען אַז דאָ געפינען זיך די זשוקאָווצעס. דאָס הייסט דער בריינסקער זשוקאָוו אָטריאַד. מען דריקט די הענד דעם קאָמאַנדיר וועסאָלאָוו און ראַדזין דאַנסקוי און אַלע סאָוועטישע און אידישע פּאַרטיזאַנען.

די שטאַב־אָפיציערען פון דער רויטער אַרמיי באַפעהלען צו די בריינסקער פּאַרטיזאַנען זיך אומצוקערען קיין בריינסק. ווייל דאָ אין די וועלדער אַרום פיעטקעווע גליניק וועלען פאָרקומען גרויסע שלאַכטען.

גרופּענווייז קומען מיר צוריק קיין בריינסק. קליינע גרופּקעס פון זעקס אָדער צעהן פּערזאָן. צוזאַמען זיינען מיר געווען 64 פּערזאָן.

מיר שטייען אין בריינסקער גרויסען מאַרק. אַ שווידערליכע בילד האָבען מיר פאַר זיך געזעהן. די געטאָ איז נאָך אַרומגעצאַמט, פּוסט איז די אידישע בריינסק. אַ ווידערקלאַנג הערט זיך. דער ווידערקלאַנג פון די אידישע שטימען, פון אידישען לעבען, דער ווידערקלאַנג פון די לעצטע געוויינען, פון טאַטע־מאַמע, פון קינדער, וואָס איז דאַכט זיך געבליבען אין דער לופט. מיר הערען קלאָר די ווערטער: פאַר וואָס ? גאָט, פאַרוואָס ?

ווי פאַרהאַרטעוועט מיר זיינען געוואָרען אין די 21 מאָנאַטען פון וואַלד לעבען, אַ לעבען פון חיות ניט פון קיין מענשען, זיינען אונזערע הערצער צוגאַנגען געוואָרען, אונזערע אויגען וואָס האָבען לאַנג פאַרלאָרען די פעהיג־קייט צו גיסען טרערען, זיינען פלוצלונג אָנגעפילט געוואָרען מיט הייסע ביטערע טרערען.

מיר באַטראַכטען זיך אַליין, אונזערע 64 פּערזאָן, אָבגעריסענע, פאַר־חושכ׳טע געזיכטער. מיר קוקען אויף דער פוסטער, מוראדיגער פאַרצאַמטער געטאָ, וואָס שטייט איינגעוויקעלט אין טרויער און בייַנקט נאָך אירע קינדער וואָס וועלען זיך מער קיינמאָל ניט צוריק קערען צו איר.

## ניינצענטער קאַפּיטעל

# איינער פון די 64

### דערציילט פון זאַוול רובינשטיין צו דזשוליוס קאָהען

אין דעם אַרטיקל וועלן מיר ברענגען די געשיכטע פון איינעם פון די לעבענגעבליבענע בריינסקער, וואָס האָט שוין זוכה געווען צו קומען אין ניו־יאָרק.

מיט פיעל מיהע, איז מיר געלונגען צו באַוועגען זאוולען ער זאָל דער־ציילען זיין געשיכטע, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט פון ערשטען טאָג, ווען די נאַציס זיינען אַריין אין בריינסק, ביז דעם צווייטען אויגוסט 1944, ווען ער איז צוריק אַריין אין בריינסק. איינער פון 64 לעבען געבליבענע פון דער גאַנצער בריינסקער אידישע באַפעלקערונג פון קנאפע דריי טויזענד.

זאַוול איז אַן אוראייניקעל פון זאַוול הערש דעם חסיד, זאַוול איז ביים פאַך אַ ריהמער. געאַרבייט מערסטען מיט זיין פאָטער ביי דעם פאַך. ריהמע־ריי איז אַ פאַך וואָס ווערט מערסטענס באַנוצט פון קריסטען צו זייערע פערד און געשפאַנען. דערפאַר האָט ער געהאַט פיעל באַקאַנטע קריסטען וואו זיך צו פאַרבאַהאַלטען פון צייט צו צייט.

דאָך איז ער געבליבען לעבען אַליין פון זיין פאַמיליע פון אַכט פערזאָן. זיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער זיינען אַלע אומגעקומען.

דאָס איז זיין געשיכטע ווי ער האָט דערציילט צו דזשוליוס קאָהען.

דער ערשטער באַפעל פון די דייטשען איז געווען צו מאָביליזירען אַלע פערד אין בריינסק. דער מאָביליזאַציע פונקט איז געווען אין שייער גאַס. ביי די ריהמערס האָט מען געמאַכט אונטערזוכונגען צו קאָנפיסקירען אַלע מאַטעריע־לען פאַר די געשפאַנען.

ביי אונז אין הויז האָבען די נאַציס אַלעס פאַרנומען. זיי האָבען אַלע סחורות אַרויפגעלייגט אויף מיינע פּלייצעס און געהייסען מיר אַליין אָבטראָגען צום שייער געסל.

איך בין געווען באַלאַדען מיט כאמאנטען, שלייעס, צוימלעך. כ׳האָב זיך ניט געקענט רירן. איך גיי אַזוי מיט אַלע סחורה צום זאַמלפונקט. דער דייט־שער זשאַנדאַר גייט פאָראויס. איך האָב זיך געשלייכט ביי די ווענט, ביי די פאַרקאַנעס, לעבען די הייזער און געקוקט אויפ׳ן דייטש. ביי דער ערשטער געלעגענהייט האָב איך אַריבערגעוואָרפען אַ פּאָר צוימלעך איבער׳ן פאַרקאַן. עס איז מיר געוואָרען לייכטער. ביסלעכווייז האָב איך זיך באַפרייט פון כמעט אַ העלפט פון מיין באַלאַסט. ענדליך בין איך אַ פאַרשוויצטער געקומען צום פונקט. דער נאַצי באַטראַכט מיר און וואונדערט זיך. עפּעס געפעלט אים ניט. ער פאָדערט מיר אויף זיך צו נעמען צו גרייטען אַלע געשפאַנען אויף די פערד. איך ערקלער אים אין אַ ריינעם אידישען דייטש, אַז איך האָב ניט קיין געצייג. איך שיק מיין ברודער אליה 19 יאָר, וואָס איז מיר נאָכגעגאַנגען ער זאָל מיר ברענגען געצייג, בעט אים און זאָג אים דורך אַ וואונק ער זאָל זיך נעמען צייט. ענדליך באַקום איך די געצייג. אַרבייט ביז נאַכט, דאַן נעם איך מיין געצייג און וויל גיין אַהיים. איך באַקום מערדערליך געשלאָגען און ווער באַשולדיגט אַז איך האָב געוואָלט צונעמען דייטשע געצייג.

די דייטשען פירען מיך אַוועק אין מאַגיסטראַט. דער באַקאַנטער באַנ־דיטישער דאָקטאָר דאָמבראָווסקי קוועלט פון דער ערשטער געלעגענהייט צו דערשיסען אַ איד׳ן. ער באַפוילט זיינע פוילישע פּאָליציי צו מאַכען אַ בייע אונטערזוכונג ביי אונז אין הויז. די פוילישע פּאָליציי וואָס זיינען ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק געווען פּאָליציאַנטען ביי די סאָוועטען מאַכען אַ גוטער אונ־טערזוכונג. זיי זוכען לעדערוואַרג, כאָמאָנטען און געפינען אַנדערע ווערטה־פולע קליינע חפצים און שטופען אין די קעשענעס. מיין מוטער רופט זיי אָן באָלשעוויקעס. די פּאָליציאַנטען ברענגען מיין מוטער אויך אין מאַגיסטראַט, דאָמבראָווסקי קוועלט נאָך מער. ער טעלעפאָנירט צום דייטשען אַמטס־פאָר־שטייער, אַז מען דאַרף די ערשטע אידען אויסשיסען, וועלען די איבעריגע האָבען רעספּעקט פאַר דער נייער מאַכט. ער באַשולדיגט אונז, אַז מיר האָבען פיעל סחורה באַהאַלטען, אַז מיר האָבען געוואָלט רויבען דייטשעס פאַרמעגען.

דער דייטשער קאָמיסאַר פאָדערט אונז צו ברענגען צו זיך. ער וויל זעהען די פאַרשוינען. אין שטאָט ווייסט מען שוין אַז מיר וועלען זיין די ערשטע קרבנות. ער פרעגט מיין מוטער פאַרוואָס זי האָט באַליידיגט די פּאָליציי? ציגט זי אָן אויף באָרקאָפּסקען און זאָגט, אַז ער איז געווען דער פּאָליציאַנט ביי די באָלשעוויקעס און ער טראָגט איצט דעם זעלבען ביקס. דער אַמטס־קאָמיסאַר

באַפרייט מיין מוטער. דאַן פרעגט ער מיר, וויפיעל מענשען אַרבייטען אין מיין פאַבריק? זאָג איך אים אַז מיין פאָטער איז שוין אַ קראַנקער מענש, אַרבייט אויך מיט אים צוזאַמען. איך האָב געאַרבייט דעם גאַנצען טאָג ביי די דייטשען מיט מיין געצייג. איצט נעם איך די געצייג צו אַרבייטען אין דער היים. איך ווער אויך באַפרייט און דאָמבראָווסקי בלייבט מיט אַ נאָז.

עטליכע טעג האָב איך געאַרבייט און באַקליידעט די פערד, דאַן ווער איך צוריקגעשיקט אַהיים. ביינאַכט האָב איך צוזאַמען געקליבען מיינע סחורה פון אַריבער די פאַרקאַנס, כ'האָב עפּעס געראַטעוועט.

דאַן קומט אָן אַ פאַרלאַנג נאָך ריהמערס צו אַרבייטען אין פּיעטקעווע. דאָרט אין פּיעטקעווע האָבען שוין דאַן געאַרבייט ביי 50 מיידלעך פון צוועלף יאָר ביי גראָבען קאַרטאָפעל. די אַרבייטער זיינען שוין געשיקט געוואָרען פון יודען־ראַט. וויסענדיג אַז מען וועט מיר צווינגען צו גיין אַרבייטען, האָב איך זיך פרייוויליג געמאָלדען צו דער אַרבייט. איך האָב דאָרט געאַרבייט צוועלף וואָכען, אונטער דעם פּוילישען ריהמער שצערבינסקי דורך דער צייט האָב איך געמאַכט אַרבייט פאַר פּריוואַטע פּויערים, וואָס האָבען זיך זייער געצויטיגט אין געשפּאַנען, מיט דער צושטימונג פון שצערבינסקי'ן. זיי זיינען געקומען צו מיר אין פּיעטקעווע, געבראַכט די אַרבייט. איך האָב מיין לעבען געשטעלט אין געפאַר. נאָר וויסענדיג אַז די פּויערים וועלען מיר געבען שפּייז פאַר זיך און פאַר מיין פאַמיליע, האָב איך איינגעשטעלט. זיי האָבען מיר גוט באַצאָלט. זיי האָבען געשיקט גענוג קאַרטאָפעל צו מיין הויז און אַנדערע שפּייז. איך בין געווען זייער באַפריינדעט מיט די דייטשע אויפזעהער און זיי האָבען זיך ניט געמאַכט זעהענדיג. ווען די אַרבייט האָט זיך געענדיגט בין איך געקומען אין בריינסק, געפאָדערט פון יודען־ראַט צו העלפען די קינדער, וואָס אַרבייטען דאָרט ביי די קאַרטאָפליעס און אויף די פעלדער.

עס קומט אָן צום יודען־ראַט אַ צווייטער פאַרלאַנג נאָך אַרבייטער אויך אונטער דעם פּוילישען ריהמער שצערבינסקי. דער יודען־ראַט זעהענדיג אַז איך האָב באַקומען שפּייז אַרבייטענדיג אונטער שצערבינסקי'ן באַשליסען אַז זייערער אַן אייגענער מענש זאָל געשיקט ווערען אַהין אַרבייטען, זיי שיקען אַהין מאָטל ריהמער'ס זוהן.

שצערבינסקי איז ניט צופרידען פון דעם אַרבייטער און די דייטשען צו־שלאָגען אים און הייסען אים גיין אַהיים. אַלטער יאַמשין, דער פּרעזידענט פון

יודען־ראַט קומט אָן אויסצוגעפינען וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, און ער ווערט אויך פון די נאַציס שרעקליך צושלאָגען.

משה טיקאצקי און יצחק פינקלשטיין פון יודען־ראַט קומען צו מיר מיט אַ שמייכעלע: דו ביזט דאָך שוין אַ קאַנדידאַט, טאָ גיי דאָרטען אַרבייטען. ענדליך האָב איך איינגעשטימט צו ווערען אַוועקגעשיקט ווידער צו אַרבייטען. איך געפין אויס, אַז די אַרבייט איז אין וואולקע, דאָרט איז דאָ אַ פּאַלאַץ, און אַ גרויסע אימעניע וואָס האָט באַלאַנגט צו פרוי פּילסודסקי, איצט אונטער אַ דייטשען קאָמיסאַר מיט׳ן נאָמען גאַגאָ. דער הויפּט אויפפּאַסער איז ווידער דער קריסט שצערבינסקי. מיר געפינען דאָרט אַ גרויסען זאַפּאַס לעדער, וואָס די סאָוויעטען האָבען איבערגעלאָזען. מיר נעמען זיך צו דער אַרבייט, צושניי־דען די בעסטע לעדער צו מאַכען שלייעס. איך זעה אַז אַ שוסטער קען דאָרט אויך האָבען פּרנסה. קום איך צום יודען־ראַט און פאָדער זיי זאָלען שיקען חיים ציפּלינסקי דעם שוסטער. ער מאַכט גוטע שטיוול פאַר׳ן דייטש פון די לעדער. איך מאַך גוטע געשפּאַנען און מיר שיקען עס אַוועק צו גאַגאָ׳ן אויף זיין הויף. די איבעריגע מאַכט מען פאַר׳ן דייטשען געברויך אויך פאַר דאָרטיגע פּויערים ווערט געמאַכט אַרבייט פון די לעדער. איך באַקום ווידער קאַרטאָפליעס, האָניג, און שפּירט פאַר מיין פאַמיליע. מאַנכעס מאָל געפינט זיך אין די קאַרטאָפליעס אַ גוטע שטיקעל לעדער. אין הויז ווייס מען וואָס צו טאָן מיט די אַרטיקלען. מען קריגט טשוועקלעך ביי משה טיקאַצקין און זיי אַרבייטען ביסלעכווייז אויס די סחורה.

נאָך צוויי מאָנאַטען, ענדיגט זיך אין וואולקע די אַרבייט און די לעדער. איך ווער געצוואונגען זיך אונטערצושרייבען אַז איך וועל קומען צוריק אַרבייטען אין פריהלינג, אָדער ווען זיי וועלען קריגען נייע זאַפּאַסען לעדער, ווייזט אויס אַז קיין לעדער האָבען זיי ניט געקריגען, ווייל מען האָט מיר ניט געפאָדערט מער צו דער אַרבייט, און דער יודען־ראַט האָט מיר ניט געשיקט אויף קיין אַרבייט. אָט אַזוי בין איך די זומער מאָנאַטען געווען באַשעפטיגט מיט מיין פאָטער אין הויז, פאַרדינט ווי עס איז אונזער שטיקעל ברויט. דערביי איינ־געשטעלט דאָס לעבען. ווייל עס איז געווען פאַרווערט צו באַזיצען אירגענד וועלכע לעדער.

**נאָוועמבער** 1942. ביים ענדע פון אָקטאָבער מאָנאַט מערקט זיך אַ גרוי־סע ענדערונג אין דער באַציהונג פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג. די דייט־שען וואָס האָבען געהאַט אַרבייט אין געטאָ ביי די אידישע וואַרשטאַטען איי־

געגנטימער האָבען זיך פלוצלינג באַוויזען און געפאָדערט די אַרבייט זאָל גע־ענדיגט ווערען וואָס שנעלער. אַנדערע נעמען אַרויס די אַרבייט ניט קיין געענדיגטע. זיי וויסען פון עפּעס וואָס דאַרף פּאַסירען, אידען וואונדערען זיך, וואָס איז דאָס פאַר אַ איילעניש? עס ווערט קלאָר. די געטאָ וועט ווערען באַצויגען מיט דראָט, מ׳זאָל ניט קענען אַריבערקריכען איבער זיי. די טויערען ווערען שטאַרק באַוואַכט, מען פיהלט אַז אַ געפאַר איז נאָהענט. די טעג זיינען געציילטע.

איך באַשליס אַרויסצופירען מיין פאַמיליע פון געטאָ. איך בעט מיין פאָטער ער זאָל אַרויס פון געטאָ. ער זאָל גיין צו באַקאַנטע קריסטען ביז מען וועט זעהן וואָס וועט דאָ ווערען. מיין פאָטער נעמט דער מוטער און דריי קינדער און גייען אַרויס פון געטאָ. אויפ׳ן וועג האָבען זיי געטראָפען דעם בורמישטש, האָבען זיי זיך דערשראָקען און געקומען צוריק אין געטאָ. איך נעם זיי ביין האַנד און פיר זיי אַרויס פון געטאָ דורך די פעלדער און איך הייס זיי געהן צו זשילינסקי׳ן. יצחק פינקלשטיין, דער יודען־ראַט מיטגליד שיקט אַרויס זיינע צוויי טעכטער מיט שמעון רובינ׳ס פרוי און קינד, מיט אַ וואָגען. ביי אונז אין הויז פאַרבלייב איך, מיין שוועסטער פעשע, מיין קוזינע שרה קלאָדע און אַ קאָזין אַ סאָקאָלאָווער. מיין ברודער איז די נאַכט ניט געווען אין דער היים.

איך זאָג צו מיין שוועסטער פעשע, אַז מיר דאַרפען זיין גרייט, ווייל איך פיהל, אַז היינטיגע נאַכט וועט עפּעס פּאַסירען. איך בעט איר, אַז זיי זאָלען די נאַכט שלאָפען אָנגעטאָן און זיין גרייט פאַר אַלעס וואָס עס קאָן פּאַרקומען. איך האָב אויפגעקליבען פון הויז ווערטפולע זאַכען און עס באַגראָבען לעבען דער טהיר פון אונזער הויז.

לאַנג האָבען מיר ניט געדאַרפט וואַרטען. פאַרטאָג הערט זיך פון ווייטענס דער געריש פון אָנקומענדע סאַמאָכאָדען. באַלד הערען מיר שווערע טריט אַרום די געטאָ. דער קאָרדאָן איז שוין דאָ. די געטאָ ווערט אַרומגע־רינגעלט. מיר פאַרלאָזען די הויז, פאַרשליסען די טהיר, און קומען צו צום פאַרקאַן פון געטאָ צום וואַלד. מען האָט אונז געמוזט באַמערקען, ווייל עס הערט זיך אַ שיסעריי צו אונז. מיר לויפען, גליקליכערווייזע זיינען קיינער פון אונז ניט פאַרוואונדעט געוואָרען צוליב דער פינסטערניש.

מיר זיינען געווען עטליכע טעג אין וואַלד. אַנדערע אידען זיינען שוין אויך געווען דאָרט. מיר הערען קלאַנגען אַז פיעל אידען האָבען זיך געראַטע־

װעט אַרום אַליעקשאַן. מײן שװעסטער פעשע גײט אַװעק צו זשילינסקי'ן װאו עס האָבען זיך געדאַרפט געפינען אונזערע עלטערען. זשעלינסקי דערציילט איר, אַז אונזער פאָטער מיט אַ טאָכטער איז פרייטאָג צוריק געגאַנגען אין געטאָ. אַ׳ן איז שבת אַרויסגעפירט געװאָרען גלייך מיט אַלעמען. מײן מוטער איז אַװעק צו דאָלאָבאָװע, װאו זי איז געבוירען, זי דענקט אַז דאָרט אין דאָרף װעט זי קריגען בײ באַקאַנטע קריסטען אַ פלאַץ זיך צופאַרבאַהאַלטען.

אין אַ פאָר טעג אַרום טרעפן מיר אין װאַלד אונזער ברודער אליה'ן מיט אונזער קאָזין בעבל פאַם. מיר באַשליסען צו גײן צו דאָלאבאָװע זוכען װאו אונזער מוטער געפינט זיך, נאָר מיר האָבען מורא זיך צו צײגען פאַר קריסטען. איך טרעף זיך נאָך אַמאָל מיט זשעלינסקין, ער קען אונז ניט האַלטען בײ זיך. ער גיט מיר אַ בריף צו זײנעם אַ מחותן אין דאָרף שעשקע. דאָרט װעט זײן פלאַץ פאַר דרײ זיך צובאַהאַלטען. איך דערצײל דאָס בעבלען. בעבל פאם װײל דורכאױס געפינען זײן פרוי ברכה מיט'ן קינד, װעמען ער האָט איבערגעלאָזען בײם קריסט ראָמאַך יאַװאָרסקי. ער, יאַװאָרסקי גיט בעבלען צוריק פיעל זאַכען, װאָס זײנען געװען בײ אים פאַרבאַהאַלטען. מיטנעמען ברכה'ן מיט'ן קינד קען מען ניט. װײל מען װעט געװיס דורכפאַלען. יאַװאָרסקי פאַרזיכערט אַז ער װעט צושטעלען ברכה'ן מיט'ן קינד צו אַ געװיסען פונקט אױפ'ן שאָסײ, דעם קומענדען אָװענט. נאָר מיר דאַרפען דאָרט זײן און נעמען זײ צו אונז. ער גיט אונז אַ בריף צו אַ באַקאַנטען שגץ מיט'ן נאָמען טרושקאָפסקע, װעלכער נעמט אונז מיט אַ װאָגען צום שאָסײ. מיר געפינען דאָרט ברכה'ן מיט'ן קינד, מיר זײנען שױן אַלע אין װאַלד.

איך גײ אַװעק אין דאָרף שעשקע צו באַקומען ערגעץ פלאַץ פאַר זײ בײ דעם קריסט װאָס זשילינסקי האָט רעקאָמענדירט. ער ערלױבט נאָר דרײ פערזאָן צו זײן בײ אים. איך געפין פלאַץ פאַר בעבלען מיט דער פרוי און קינד. בײ אַ צװײטען קריסט מיט'ן נאָמען גוגליעפסקי אין אַ קאָלאָניע לעבען דאָרף זאַליעשע. איך מיט מײן שװעסטער פעשע און מײן ברודער אליה שטעלען זיך אָב אין שעשקע. זעלבסטפאַרשטענדליך האָבען מיר גוט באַצאָלט פאַר דעם. בײנאַכט פלעגען מיר זיך אַלע טרעפען אין װאַלד. איצט אַז מיר האָבען שױן באַזאָרגט אַלעמען, װאו צו זײן, באַשליסען מיר צו גײן קײן דאָלאָבאָװע אױסגעפינען װאו אונזער מוטער מיט די קינדער געפינען זיך — מיר האָבען אָבער ניט קײן זאַכען אָנצוטאָן. ספּעציעל װאַרימע קלײדער.

טרושקאָפסקי דערציילט אונז, אַז אידען קומען אין געטאָ ביינאַכט, נעמען אַרויס זאַכען פון זייערע הייזער. דער שגץ טרושקאָפסקי זאָגט, אַז ער וועט אונז צופירען צום געטאָ און דאָרט וואַרטען אויף אונז. דעם ערשטען אָוונט איז געלונגען. בעבל איז אַריין אין געטאָ, אָליע זשעוואוצקע איז געשטאַנען אויף וואַך. ער האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג, ער זאָגט זיי אַז זיי זאָלען קומען נאָר אין די שטונדען וואָס ער איז אויף דער וואַך. דעם צווייטען אָוונט איז בעבל ווידער אַוועק אין געטאָ עפּעס זוכען, ספּעציעל ווערטהפולע זאַכען.

אין הויז, אַ געדיכטע פינסטערניש. בלויז דער וואַנט־זייגער קלאַפּט נאָך. ער צינדט אָן אַ שוועבעלע, די פּלוצלינגע ליכט פון דער שוועבעלע האָט געבראַכט דייטשען צום געטאָ. בעבל פאָם און מיין ברודער אליה אַנט־לויפען קוים מיט׳ן לעבען.

בעבל זאָגט צו אונז, אַז מיר מוזען שאַפען געווער, זיך צו קענען פאַר־טיידיגען. זאָנסט זיינען מיר פאַרלוירענע. ער באַקאַנט זיך מיט אַ יונגען שגץ וואָס וויל אים פאַרקויפען געוועהר. ער באַשטימט דעם פּרייז, נאָר דער שגץ גיט אים ניט די געווער. ער הייסט אים קומען מיט אַ וואָך שפּעטער מיט די געלד. דאָס איז פאַרדעכטיגט. מיר קומען ניט מער צום שגץ.

## בערל און מיין ברודער אליה פאַלן קרבנות

מיר מוזען איצט גיין אין דאָלאָבאָווע זוכען דער מאַמען. בערל און אליה לאָזען זיך אַוועק. איך מיט פעשען בלייבען אין שעשקע.

ליעשניקעס קומען אויפ׳ן סליאַד פון זיי, און זיי ווערען געכאַפּט, איבערגעגעבען צו די דייטשען. זיי ווערען ביידע דערשאָסען.

גוגליעפּסקי ווייס שוין אַז בערל איז טויט. קיין געלד וועט ער שוין פון בערלען ניט קריגען, וויל ער ניט האַלטען ברכה׳ן מיט׳ן קינד. ער זאָגט אַז ער האָט מורא פאַר די דייטשען.

איך געה אַוועק אַליין צו דאָלאָבאָווע זוכען דער מאַמען אויפ׳ן וועג צו קאַלניצע, באַגעגענט מיר טעטליצקי דער וואָלקער פּריץ, אַ געוועזענער פּוי־לישער סענדזשע. ער וואָרנט מיר אויב איך וויל בלייבען לעבען זאָל איך זיך ניט געפינען אין וואַלד נאָר ערגעץ פאַרבאַהאַלטען אין אַ הויז אָדער שייער. ער וואָלט מיר באַהאַלטען אין זיין הויף, כאָטש דייטשען זיינען דאָרט די הויפּט־פירער, נאָר ער שרעקט זיך פאַר זיינע אייגענע פאַראָבקעס.

ער דערציילט מיר, אַז אייניגע פאַראָבקעס האָבען באַהאַלטען אין אַ

שייער אַ אידישען אינגעל, זיי גיבען אים עסען. ער מאַכט זיך ניט וויסענדיג. דאָס איז געווען יאַנקעלע ראָטשטיין, מענדל טאָקער׳ס אייניקל. ער פאַר־זיכערט מיר, אַז ער וועט ברייגנען בגנבה שפייז צו אַ געוויסען פּלאַץ. ער צייגט מיר אָן ביים וועג אַ קליין בערגעל לעבען אַ שטיין. איך זאָל עס קומען נעמען שפּעט ביינאַכט אויף מיינע אייגענע פאַראַנטוואָרטליכקייט. איך דאַנק אים פאַר זיין גוטסקייט, און איך לאָז זיך אַוועק ווייטער.

איך טרעף דעם פויער יאַנעק קאָצעסקי. דערציילט ער מיר אַז די מאַמע איז געווען נעכטען אין דער קאָלאָניע. זי האָט געזאָגט אַז זי גייט אַוועק מיט אַ טאָכטער צום דאָרף זאַלוסקע. ער דערציילט מיר אויך אַז פינקל־שטיינ׳ס צוויי מיידלעך געפינען זיך ביי זיינעם אַ שכן פאַרבאַהאַלטען. זיי נייהען פאַר׳ן פויער, דערפאַר גיט מען זיי עסען.

אין זאַלוסקע געפין איך אַז די מאַמע איז שוין דאָרט ניטאָ. זי איז אַוועק צום דאָרף קאָזוסקע. ענדליך קום איך אָן אין קאָזוסקע און געפין דער מאַמען מיט דער שוועסטער שיינע.

איך נעם דער מאַמען מיט שיינען צום פויער גורסקי. ער ערלויבט אַז פיער פון אונז זאָלען זיין ביי אים. איך ברייגנג מיין שוועסטער פעשע פון דאָרף שעשקע אויך צו גורסקי׳ן. די מאַמע וויל אַז איך זאָל אויך זיין צוזאַמען מיט זיי. ווען איך בין געקומען אין דאָרף שעשקע נעמען מיין שוועסטער פעשע, הער איך ווי אימיצער איבער׳ן וואַנט הוסט. פרעג איך: ווער איז דאָרט? דערציילט מיר דער קריסט, אַז דער טאָפּטשעוועער גלח האָט אים געבעטען צו באַהאַלטען אַ אידען מיט׳ן נאָמען אַראָן, אַ לאַפּעסער דאָקטאָר, און דערפאַר וועט ער אונז ניט קענען האַלטען, ווייל ער וועט ניט האָבען קיין שפּייז פאַר אַלעמען. האָב איך פעשען צוגענומען און אַוועק צו גורסקי׳ן. צו־מאָרגען איז דער פּלאַץ באַפאַלען געוואָרען און דאָקטאָר אַראָן ווערט דער־שאָסען. דער גאַנצער געגענד נעמט זיך אָן פאַר׳ן גלח און דער קריסטליכער פאַמיליע, וואָס האָט געהאַלטען דעם אידישען דאָקטאר, און זיי ווערען באַפרייט. איך בין שוין מיט מיין מוטער און צוויי שוועסטער געבליבען ביי גורסקי׳ן דעם גאַנצען ווינטער.

## מוטער און שוועסטערס פאַלען קרבנות

אין פריהלינג, זאָגט מיר גורסקי אַז די דייטשען דאַרפען קומען אין די דערפער קאָנטראָלירען די בהמות, פערד, הינער, דאָס מיינט אָבשאַצען וואָס

יעדער פויער דאַרף אָבגעבען צו די דייטשען. עס וועט זיין געפערליך פאַר אונז צו זיין ביי אים אין די שטעלער, ווייל די דייטשען וועלען אונז געפינען.

ער האָט אונז געראָטען אַז מיר זאָלען זיך אויף עטליכע טעג אויפ־האַלטען אין וואַלד, ביז די אונטערזוכונגען וועלען דורכגעפירט ווערען. מיר פאַרלאָזען דעם פויער גורסקי און קומען אָן אַלע אין וואַלד. דאָרט טרעפען מיר מיט זיך נאָך זעקס אידען: בערל ראָזינקע, בערל יאַקאָבצינער, לייבל גראזשינסקי׳ס אַ זוהן, יענקל מוליער׳ס זוהן, און אַ ביאַליסטאָקער אידען, וואָס איז געשפרונגען פון באַהן, און באַבעלעס אייניקל, אַ 12 יאָהריגער אינגעל.

מיר טרעפען זיך עטליכע מאָל אין וואַלד, מיר זוכען פּלענער וואָס צו טאָן ווייטער. צו זיין ביי גורסקי׳ן איז געווען אוממעגליך, ערשטענס האָט זיך שוין אויסגעלאָזען די געלד, מ׳האָט שוין ניט מיט וואָס צו צאָלען. צוויי־טענס, לויט גורסקי׳ס ערקלערונגען זיינען די שייערען שוין ליידיג און מען קען זיך ניט באַהאַלטען מער דאָרט.

בערל ראָזינקאַ זאָגט אַז מיר זאָלען לעבען איצט אין וואַלד, ווייל ס׳איז שוין זומער, מ׳קען לעבען אין וואַלד און זיין זיכער. שפייז וועט מען דאַרפען באַקומען ערגעץ אָן געלד. מיר בלייבען צוזאַמען אין וואַלד. פאָרלויפיג דאַרפען מיר בלויז שאַפען אַ פּאָר שטיוועל פאַר איינעם פון דער גרופּע וואָס גייט באָרוועס.

דאָס איז געווען דער ערשטער מאַי 1943, 26 טעג אין ניסן.

מיר לאָזען איבער אין וואַלד מיין מוטער, די צוויי שוועסטער און דעם קליינעם באַבעלעס אייניקל, און מיר געהען ערגעץ אין דאָרף שאַפען אַ פּאָר שטיוועל.

זיי ווערען אַלע באַפאַלען און דערשאָסען. מיר הערען פון וויטענס די שיסעריי. איך פאַרשטיי שוין, אַז די קרבנות זיינען מיינע, די איבעריגע פון מיין פלייש און בלוט. מיר פרעגען זיך ביי פויערים. וואָס האָט פּאַסירט? וואָס פאַר אַ שיסעריי איז דאָרט געווען? האָבען זיי אונז געוואָלט כאַפּען? מיר האָבען זיך פון די פויערים אַרויסגעדרייט. נאָך ניט וויסענדיג גענוי וואָס עס האָט פּאַסירט. מיר קומען אַריין צו גורסקי׳ן אין שייער, ער דערציילט אונז אַז לעוואנדאווסקע פון דאָרף טשאַיע איז געפאָרען רייטענדיג האָט ער באַ־מערקט די גרופּע אין וואַלד, און געבראַכט זשאַנדאַרען פון טאָפּטשעווע. אַלע זיינען דערשאָסען געוואָרען. גורסקי האָט זיך געפיהלט שולדיג וואָס מיר

ווינען אַוועק פון זיין הויז. דו ווייסט אַז עס איז געווען פאַר מיר אוממעגליך ווייטער אייך צו האַלטען, זאָגט ער צו אונז.

מיר פאַרלאָזען גורסקי'ן. איך בין איצט אַליין אין דער וועלט. איינער פון דער משפחה געבליבען. איך און ראָזינקא מיט'ן יאַקאָבצינער און דער קליי־נער ישיעלע לאָזען זיך אַוועק אין אַ צווייטען וואַלד, ניט וויסענדיג וואו מען קען זיך ערגעץ באַהאַלטען. איך האָב שוין זאַגאַר פאַרלאָרען דעם לוסט צו באַהאַלטען זיך. דער לעבען איז איצט פאַר מיר גאָרניט ווערט.

בערל ראָזינקאַ, אַליין אַ ביאַליסטאָקער, זאָגט, מיר דאַרפען איצט זיך לאָזען צו ביאַליסטאָק. דאָרט איז די געטאָ נאָך דאָ. אידען לעבען דאָרט און זיי אַרבייטען. איך האָב זיך ענטזאָגט צו גיין מיט זיי, ענדליך שטים איך איין און מיר לאָזען זיך אַוועק צום וועג קיין ביאַליסטאָק.

אויפ'ן וועג צו ביאַליסטאָק קומען מיר אין אַ דאָרף לוצאַיעוו צו אַ קריסט מיט'ן נאָמען פאַלקאָווסקי. ער נעמט זיך אונטער אונז צו האַלטען. ער גיט אונז גוט עסען. צוויי וואָכען זיינען מיר געווען ביי פאַלקאָווסקען. ער קען אָבער ניט האַלטען אַלע זעקס. ער האָט פלאַץ פאַר דריי. די אַנדערע דריי האָבען ניט וואו צו נעכטיגען. באַשליסען מיר אַלע צו גיין ווייטער קיין ביאַ־ליסטאָק.

צווישען סטראַבליע און סוראַז דאַרפען מיר אַריבער דעם טייך נאַרעוו מיט אַ פראָם. ביי נאַכט האָבען מיר אויפגעוועקט דעם פראָמשטשיק ער זאָל אונז אַריבערפירען דעם נאַרעוו. ער צייגט אונז דעם וועג אויף וועלכען מיר זאָלען זיך נעמען צו גיין אין ביאַליסטאָק.

מיר האַלטען זיך צוזאַמען. מיר קומען אָן צו אַ פונקט לעבען שטאָט, ווערט אויף אונז אַן איבערפאַל פון זשאַנדאַרען. אַלע צולויפען זיך אין פאַר־שידענע ריכטונגען. איך בלייב ליגען אין אַ גרוב אין מיטען פעלד. איך זעה אַרום זיך קיינעם ניט מער.

פלוצלינג באַמערק איך אַ יונגען שגץ ניט ווייט פון מיר אין פעלד. איך גיב אים מיין קורטקע אַ פרעזענט. ער איז צופרידען. איך בעט אים ער זאָל מיר ברייינגען עפעס אַן אַלטען זומערדיגען רעקל און וואַסער צום טרינקען. דער שגץ באַטראַכט די פעלצענע קורטקע. עס איז אים געפעלען. ער קומט צוריק שפעטער מיט וואַסער און אַ צוריסענעם, צולעכערטען רעקל. איך טהו אָן דעם זומערדיגען רעקל. איך פרעג דעם שייגעץ צי עס זיינען דאָ אידען אין ביאַליסטאָק. יאָ, זאָגט ער. ליג דאָ אין גראָבען ביז פאַרנאַכט, דאַן גייען

דורך די אידען פון דער אַרבייט צוריק אין שטאָט, וועסטו זיך קענען אָנשליסען אין דער פּאַרטיע און אַזוי אַריין אין ביאַליסטאָק. איך באַדאַנק דעם שייגעץ, און איך בלייב ליגען אין גרוב. דער שווייס גיסט זיך, איך בין אַליין. מיינע חברים זיינען ניטאָ מער מיט מיר. וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט ווייס איך ניט.

פאַרנאַכט באַמערק איך אַ גרויסע גרופּע אידען מאַרשירען אין דער רייהע אויף דעם שליאַך גייענדיג פון דער אַרבייט. איך שלייך זיך צו נעענטער צום וועג. שטעל זיך אויף, און שליס זיך אָן אין די מאַרשירענדע אידען וואָס גייען אַהיים פון צוואַנגס־אַרבייט. שטיל מאַכט מען פּאַר מיר אַ פּלאַץ אין די רייהען. אום די רייהען זאָלען זיין גלייך און ניט קענטיג. אַ איד? — פרעגט מיר איינער. — יאָ, ענטפער איך. ער גיט מיר אַ שטיקל פון זיין געלער לאַטע: „טהו אָן שנעל", זאָגט ער. מיר מאַרשירען צוזאַמען. ווי שטאָלץ איך האָב זיך געפילט מיט דער שטיקעל געלער לאַטע אין יענעם מאָמענט, קען איך ניט באַשרייבען.

איך הער ווי אימיצער פון די מאַרשירענדע אונטער מיר ברומט: „גיב אים עפּעס צו טראָגען". ערשט באַמערק איך, אַז אַלע מאַרשירענדע טראָגען פּעקלעך געצייג. נאָר איך האָב גאָר ניט מיט זיך. מיין לאַגע איז ניט זיכער, טראַכט איך ביי זיך. „נעם דאָס", עמיצער פון די רייהען שטופּט מיר אַ זעקעל אין האַנד. „נאַ, טראָג", זאָגט ער. איצט בין איך גלייך מיט אַלע. איך טראָג אַ פּעקעל און אַ געלע לאַטע. איך גיי צוזאַמען מיט אַלע אידען פון צוואַנגס־אַרבייט צוריק אין געטאָ אין ביאַליסטאָק, וואָס איז מיר פרעמד, ווייל איך בין דאָרט קיין מאָל ניט געווען. ווי עלענד איך בין געווען, בין איך אין יענע מינוטען געווען דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט, אַ איד צווישען אידען. כ'האָב זיך געפילט שטאָלץ און זיכער צווישען מיינע אייגענע.

מיר קומען צום טויער, וואו אַלע ווערען אָבגעשטעלט און באַזוכט. איך באַטראַכט מיין זעקעל. איך זעה אַז אין זעקעל געפינט זיך אייער. געוויס אַ געפערליכער אַרטיקעל, ווייל קיין שפּייז איז געוויס ניט ערלויבט אַריינצוברייגען אין געטאָ. דאָס האַרץ קלאַפּט ווידער מיט שרעק. וואָס וועט זיין איצט? עס קומט מיין רייהע. דער דייטש עפענט מיין זעקעל. ער געפינט אייער. ער דערפרייט זיך מיט דעם. ער נעמט עס צו פון מיר מיט שמחה. איך זעה אַז די אייער וועלען מיר ראַטעווען. יאָ, דער דייטש לאָזט מיר דורך דעם טויער.

**אין ביאַליסטאָק** — דאָס איז געווען אין מיטען מאַי 1943. איך קום

אַריין אין געטאָ. עמיצער זאָגט מיר וואו צו גיין און געפינען פּלאַץ צו נעכ־טיגען. די לייטע אין הויז גיבען מיר עסען. מאָרגען בין איך שוין אַ ביאַליס־טאָקער געטאָ איד. זיי גיבען מיר אַן אַדרעס. איך קום אָן דאָרט. זיי גיבען מיר אַרבייט אין געטאָ, וואָס באַשטייט פון צוזאַמענשטעלען ביקסען פון קליינע טיילען, וואָס ווערען שטיקלעכווייז אַריינגעשמוגעלט אין געטאָ, דורך פאַרשידענע געהיימע מיטלען.

דאָס איז געווען אַן אונטערערדישע געהיימע אָרגאַניזאַציע. זיי האָבען פיעל געליטען פון מסירות, ספּעציעל זיינען דאָרט געווען דריי סלאָנימער ברידער מיט'ן נאָמען יודקאָפּסקי, וואָס האָבען פאַראורזאַכט פיעל צרות אין געטאָ.

די אָרגאַניזאַציע פאַרלאַנגט פון מיר באַווייזע, אַז איך וועל זיין געטריי. איך פאַרזיכער זיי אַז איך וועל טאָן אַלעס צו נעמען ראַכע פאַר מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער. זיי גלויבען מיר אויפ'ן וואָרט. זיי זעהען אַז איך בין פאַרצווייפעלט.

**איך באַקום געווער** — אין דעם פּלאַץ וואו איך שלאָף, הער איך ווי איינער דערציילט, אַז ער אַרבייט אין אַ הויז פון אַ געוועזענעם אָפיציר אַלס אַ מאַליער. ער האָט דאָרט באַמערקט צוויי רעוואָלווערען באַהאַלטען אין וואַנט. איך פאָדער פון אים, אַז ער זאָל מיר מאָרגען מיטנעמען מיט זיך צו דער אַרבייט. ער ענטזאָגט זיך. איך סטראַשע אים. עס ווירקט. אין דער פריה גיט ער מיר אַ טאָפּ מיט קאַלך און שמאַטעס און מיר גייען ביידע צו דער אַר־בייט. מיר קומען אין דער הויז, איך פרעג אים, וואו האָסטו געזען די רע־וואָלווערען. ער וויל ביט זאָגען. מיינע סטראַשונקעס ווירקען. ער ציינט מיר אין וואַנט, איך נעם אַרויס אַ קעסטעלע מיט צוויי נייע רעוואָלווערען. פאַר־נאַכט וויקל איך איין די רעוואָלווערען אין אַ שמאַטע, באַדעק עס מיט די קאַלך און טראָג עס אַריין אין געטאָ.

איך טראָג אַוועק די רעוואָלווערען צו דער אָרגאַניזאַציע. אַ מיידעל ווע־מען אַלע האָבען גערופען יודיטע, איז די הויפּט וואָרט זאָגעריך. זיי זיינען צופרידען מיט די געווער, זיי גיבען מיר צוואַנציג רובל און זאָגען אַז איין רעוואָלווער קען איך האַלטען פאַר זיך. איך וועל עס דאַרפען אין דער ווייי־טערער אַרבייט.

די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט דורכצופירען פיל אַרבייט אין געטאָ און אויסער'ן געטאָ. מיר האָט מען אַלע מאָל געשיקט צו דער אַרבייט

אויסערן געטאָ צו שמוגלען געווער. מען האָט געפיהלט אַז די געטאָ וועט ענדליך ליקווידירט ווערען. אין געטאָ, אין אַ געהיימער שטוב ביי לייבל דעם בעקער אויף ניי וועלט זיינען די געווער צונויפגעשטעלט געוואָרען. דאָרטען זיינען פיעל ניט געניט אין דער אַרבייט. פּוילווער ווערט באַנוצט פון הענד וואָס האָבען קיין מאָל אַזאַ אַרבייט ניט געטאָן. פּאַסירט אַז די גאַנצע הויז ווערט אויפגעריסען און ווערט ענדליך פאַרברענט. דריי מענשען פאַרלירען זייערע לעבענס. די זשאַנדאַרען פאַנגען אָן אונטערזוכונגען. זיי ווייסען אַז עס זיינען דאָרט געווען אויפרייסונגען, ניט קיין געוויינליכע שרפה.

צו מיין גרעסטע איבערראַשונג טרעף איך אין געטאָ בערל ראַזינקען און בערל יאַקאָבצינער. זיי זיינען אָנגעקומען אין געטאָ דורך אַנדערע מיטלען מיט אַ וואָך שפּעטער פון מיר. מיר דערפרייען זיך ביי דער באַגעגעניש און האַלטען זיך צוזאַמען. מיר זיינען אין ביאַליסטאָק ביז מיטען אויגוסט. איך ווער גוט באַקאַנט אין דער אונטערגרונד אָרגאַניזאַציע. מ'האָט צו מיר צו־טרויען.

די אַרבייט אויסער'ן געטאָ איז פאַרבונדען מיט געפאַר, ביים אַרויסגיין און אַריינקומען אין געטאָ. איך בעט מען זאָל מיר געבען אַרבייט אין געטאָ, ווייל איך האָב ניט קיין פּאַפּירען מיט זיך, און ביי יעדען דורכפאַל וועל איך באַצאָלען מיט'ן לעבען.

איך ווער געפלאַגט פון אַ פאַרלאַנג אַוועקצוגיין פון ביאַליסטאָק. דערצו דאַכט זיך מיר אַלץ אַז די מאַמע בעט מיר, פאָדערט מיר, „זאַוול, געה אַוועק פון געטאָ".

דער טאָג פון דער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ דערנענטערט זיך. מיר באַשליסען צו טיילען אונזערע קרעפטען. אייניגע זאָלען זיך געפינען אין די וועלדער ארום שטאָט און וואַרטען עטליכע טעג.

ביאַליסטאָקער געטאָ ווערט דערוויל אַרומגערינגעלט פון דריי קאָרדאָנען. מיר געפינען זיך 45 מאַן אין וואַלד. מיר האָפען אַז מ'וועט געפינען אַנטלאָ־פענע פון געטאָ. איך ווייס אַז פון בריינסק האָבען זיך הונדערטער אידען אַרויסגעריסען פון געטאָ. ליידער איז קיינער פון געטאָ ניט אָנגעקומען אין וואַלד. ביאַליסטאָקער געטאָ איז שוין ליידיג. קיינער האָט זיך ניט געראַ־טעוועט. אונזער אַרבייט איז געענדיגט. אין וואַלד האָבען זיך געפונען אַ פּאָר רוסען, האָבען זיי געראַטען אַז די גרופּע זאָל צוטיילען די געווער צווישען די 45 פערזאָן און מיט געווער זאָלען זיך די מענשען אויפהאַלטען אין קליינע

גרופקעס פון פינף פערזאָן. איך, ראזינקע און יאקאָבצינער באַקומען אונזער טייל געווער. מיר באַשליסען צו גיין צוריק אין בריינסק.

אויפ׳ן וועג צו בריינסק אונטער דעם דאָרף מאַלינאָווע קומען מיר צו אַ פויער מארזשווינסקי. מיר בעטען אים ער זאָל אונז ערלויבען זיך אָבצורוהען עטליכע טעג. די געווער האָבען מיר פאַרבאַהאַלטען אין וואַלד. ער זאָגט אונז, אַז ער האָט אַליין ניט וואָס צו עסען, קען ער אונז ניט געבען קיין עסען. מיר פאַרזיכערען אים, אַז מיר וועלען ניט דאַרפען זיין עסען. ער ערלויבט אונז צו שלאָפען אין שייער.

ביינאַכט נעמען מיר די געווער און גייען אַוועק אין וויטע דערפער. מ׳האָט דרך ארץ פאַר די ביקסען. מיר ברייגען גענוג שפייז. מיר גיבען מאַרזשווינסקין אויך עסען. ער איז צופרידען אונז צו האַלטען. איין מאָל אין וואָך זיינען מיר געגאַנגען שאַפען שפייז. מיר האָבען גענומען אַלעס וואָס מיר האָבען געקענט קריגען: שעפסען, חזרים, קאַרטאָפליעס, מעהל, געבראַכט צו מאַרזשווינסקין. ער האָט אונז קיין מאָל ניט געזעהן מיט די געווער, אַזוי פאַרזיכטיג זיינען מיר געווען. מיר טרעפען אין וואַלד איטשע גראַזשינסקי, שיעלע און אַ ביאַליסטאָקער. מיר גיבען זיי אויך שפייז. אַט אַזוי האָבען מיר איבערגעלעבט דעם גאַנצען ווינטער ביי דעם פויער. דער פריהלינג דערנעענטערט זיך, די נעכט ווערען קלענער. מ׳קען ניט גיין ווייט נאָך קיין שפייז. אין דעם געגענד האָבען מיר ניט געוואָלט גיין, ווייל מאַרזשווינסקי וואָלט אויך פאַרשאָטען געוואָרען. באַשליסען מיר אַז איצט מוזען מיר אָנגרייטען שפייז פאַר׳ן גאַנצען זומער.

מיר לאָזען זיך אַוועק מיט אַ וואָגען וואָס דער פויער האָט אונז געגעבען. מיר באַקומען אַ פולען וואָגען מיט שפייז, פלייש און מעהל. מען דאַרף דאָס אָבפירען אין דאָרף צום פויער, ער זאָל עס איינזאַלצען און אַוועקלייגען.

די נאַכט איז שנעל אַוועק. עס פאַנגט שוין אָן טאָגען. מיר פאָרען אַריין אין דאָרף. וואַרשיינליך זיינען איניגע פויערים שוין געוועזן וואַך, און האָבען באַמערקט דעם וואָגען שפייז מיט אַנדערע סחורה צו פאָרען צו מאַרזשווינסקין. און זיינען געוואָרען פאַרדעכטיגט.

מיר ווייסען ניט פון דעם. דער גאַנצער זאַפּאַס שפייז איז צוגעגרייט געוואָרען, גוט איינגעפּאַקט געוואָרען מיט זאַלץ. מיר זיינען זיכער אַז מיר וועלען איצט האָבען שפייז, מיר וועלען דעם גאַנצען זומער ניט דאַרפען מער גיין נאָך שפייז. מיר שלאָפען אין שייער.

מאַרזשווינסקי האָט דורך דעם ווינטער זיך אַליין גוט אויסגעפּאַשעט. די קריסטען וואונדערען זיך, זיין פרוי טראָגט אַ נייע אידישע קליידל, וואָס מיר האָבען איר געשענקט. צו דער זעלבער צייט ווערען אין ביעלסק צוטראָגען קלאַנגען, אַז אידישע באַנדעס ראַבירען ביי גוטע פוילישע בירגער, און מאַר־זשווינסקי ווערט נאָכגעשפּיאָנירט.

מיר געפינען זיך אַלע אין שייער. ביינאַכט הערען מיר הינט בילען. איך קוק דורך די שפּאַרינעס, איך זעה באַטערייקעס באַלייכטען דעם וועג. אונזער געווער איז דאָן געווען אין שייער. איך נעם די כלי זיין און קריך אַראָב פון שייער. איך ווער באַמערקט, עס הערט זיך אַ שיסעריי. איך בין לייכט פאַר־וואונדעט. איך ענטפער מיט פייער. בערל ראַזינקע און משהל דער ביאַליס־טאָקער שיסען אַרויס פון שייער. די באַנדע ציהט זיך צוריק, ווען מיר בליי־בען שטיל, שיסען זיי ניט צוריק, דענקענדיג אַז מיר זיינען שוין ניט קיין לעבע־דיגע. 15 מינוט שפּעטער קומען מיר אַרויס אין הויף. די קריסטין קומט אַרויס פון שטוב. מיר וואַרענען איר אַז זי זאָל ניט דערוועגען צו געבען קיין נעמען. זי צלמ'ט זיך, פאַרזיכערט אונז, אַז זי וועט ניט רעדען קיין וואָרט.

פאַרוואונדעטערהייט קריך איך אַוועק צוועלף מייל צום דאָרף קאָזוסקע צום באַקאַנטען גורסקין. איך קום אָן דריי ביינאַכט, קלאַפּ אין טהיר און גורסקי זאָגט צו זיין פרוי: „זאַוול איז ביים טהיר".

זיי עפענען די טהיר און איך קום אַריין אין שטוב. גורסקי זעהט מיין געזיכט, זאָגט ער: זאַוול, וואָס איז דיר? איך בין פאַרוואונדעט פון זשאַנדאַרען, ענטפער איך אים. ער גיט מיר אַ געלעגער. איך זאָג אים, אַז בערל ראַזינקא געפינט זיך ערגעץ אין וואַלד. ווען ער וועט זיך פרעגען אויף מיר, זאָלסטו אים זאָגען אַז איך בין ערגעץ אין דאָרף.

איך האָב אָבגעמאַכט מיט בערלען זיך צו טרעפען אַלע דריי טעג לעבען וואַלד, ביי די צוויי מיהלען. ווען אימיצער וועט ניט קומען מיינט עס אַז ער איז טויט.

מיט עטליכע טעג שפּעטער האָב איך אָנגעפאַנגען עפּעס צו מערקען, אַז די קריסטען זיינען ניט די זעלבע. זיי שושקען זיך איך זאָל ניט הערען. זיי פאַרדעכטיגען מיר, אָדער ווילען מיר איבערגעבען צו די דייטשען. איך גיי צום שייער, באַטראַכטען מיינע געווער וואָס איך האָב פאַרבאַהאַלטען. ערשט גורסקי'ס שייגעצעל גייט מיר נאָך פון ווייטענס. איך זעה אַז די געווער איז

געריירט, אָבער אַלעס איז דאָ, דאָס הייסט אַז גורסקי ווייסט שוין, אז איך און מיינע פריינד באַזיצען געווער.

איך טרעף משהלען אין וואַלד ביים מיהל. בערל ראזינקא איז ניטאָ. איז ער שוין טויט? עס איז אוממעגליך. מיר באַשליסען צו וואַרטען נאָך אַ טאָג. פון גורסקין מוזען מיר שוין אַוועקגיין. צומאָרגענס זאָגט מיר גורסקיס שייגעצעל, אַז עמיצער מיט אַ גרינעם פלאַשטע האָט זיך געפרעגט אויף מיר. אלזא בערל איז דאָ. שפעט בייניאַכט טרעפען מיר אים אין וואַלד, און מיר באַשליסען צו גיין קיין אַליעקשין.

אין אַ קאָלאָניע לעבען דאָרף אָליעקשין וואוינט אַ קריסטין סטאַניסלאַווע קרויזע. מיר קומען אַריין צו איר אין הויז. זי איז צופרידען אונז צו האַלטען. „ביי מיר וועט איר איבערלעבען די מלחמה", זאָגט זי. דער פראָנט איז שוין נאָהענט, שוין ביי בריסק. דריי מאָנאַטען זיינען מיר געווען אין דער קאָלאָניע ביי קרויזען. שפייז האָבען מיר געמוזט שאַפען מיט אונזער געווער. די סטאַניסלאַווע האָט געוואוסט, אַז מיר האָבען געווער, און ווי אַזוי מיר שאַפען שפייז.

אין מיטען זומער האָבען די פוילישע פּאָליציי וואָס זיינען געווען געטרייע נאַציס ביז איצט שוין איינגעזעהן, אַז די רוסען זיינען נאָהענט, און מען דאַרף איצט ווערען צוריק פוילישע פאַטריאָטען. 25 בריינסקער פוילישע פּאָליציי-אַנטען, צוזאַמען מיט אַביסעל יוגענד האָבען זיך אָרגאַניזירט אין דער זאָגע-נאַנטער אַרמיע קראַיאָווע אין פוילישע פּאַרטיזאַנער גרופּעס. זיינען זיי אַלע מיט זייערע געווער געקומען אין די וועלדער. אידישע פּאַרטיזאַנער האָבען געהאַט גענוג צרות פון די פוילישע חברה. זייער ערשטע אַרבייט איז געווען אויסצוראָטען אידען, וואָס זיי האָבען געפונען אין די וועלדער.

מיר גייען אַוועק בייניאַכט איין מאָל פון אָליעקשאָן צו קריגען שפייז. מיר קריגען ברויט, אייער און פּוטער. מיר ווילען שוין נעמען די פּעקלעך און גיין צו אונזער פאַרבאַהאַלטעניש, זאָגט בערל ראזינקע, אַז ער האָט געזעהן ביים פויער אַ טעפּעל סמעטענע. ער וויל ניט אַוועקגיין. ער האָט שוין לאַנג ניט געגעסען קיין סמעטענע. מיר וואַרטען אויף אים און קומען צוריק צו קרויזען.

דערווייל קומען אָן די קראַיאָווצעס, זיי באַמערקען אונז. זיי דיינקען אַז מיר זיינען פוילישע. זיי פרעגען אונז אַ פּאַסיר וואָרט. זיי האָבען ערוואַרטעט

צו געפינען אַ טייל פון זיי אין שייער, וואו זיי זיינען געשלאָפען. יעדענספאַל — זיי האָבען אונז פאַרלאָזען, מיטגענומען זייער חברה און צוזאַמען אַוועק. גייענדיג צוריק הער איך ווי זיי זאָגען: ווער זיינען געווען די חברה וואָס האָבען ניט געוואוסט דעם פּאַסיר צייכען? עס זיינען ניט געווען אונזערע. זיי שיסען אויס עטליכע מאָל, און גייען אַוועק.

מיר קריכען אַריין אין שייער און לייגען זיך שלאָפען. פאַרטאָג הערען מיר ווי די קרויזע מעלקענדיג די קיה רעדט צו די בהמות, מיר זאָלען הערען: צוויי באַנדעס האָבען זיך נעכטען געטראָפען דאָ. צעהן פון זיי זיינען גע־שלאָפען אין שייער.

ביים ענדע פון מאָנאַט דזשולי אין אַ זונטאָג איז שוין דער פראָנט ביי אליעקשין. דייטשען ציהען זיך צוריק מיט'ן טראקט. די רוסען קומען אָן מיט'ן וואַלד. מיר זעהען דעם קאַמף פון שייער. אַלע הייזער אַרום דאָרף ברענען פון די קוילען. מיר ווילען מוזען פאַרלאָזען דעם שייער, ווייל דער שייער וועט וואַרשיינליך יעדער מינוט אָנפאַנגען ברענען. מיר קענען ניט אַרויס פון שייער. מ'וועט אונז זיכער באַמערקען. די רוסען אָדער דייטשען. מיר קענען ניט מאַכען קיין שוועריגקייטען פאַר דער קרויזע, וואָס איז געווען גוט צו אונז.

דייטשען קומען אָן אין הויף. זיי זוכען פערד צו לויפען צוריק. דערווייל געפינען זיי אין הויף אַ יונגע שיקסע, זיי שלעפען איר אַוועק אין וואַלד און פאַרגעסען אין די פערד.

מיר לאָזען זיך אַראָפּ פון שייער, באַהאַלטען זיך אין די הויכע אָבער. די דייטשען נעמען אָן פּאָזיציעס. זיי באַשיסען אליעקשין. די רוסען געפינען זיך אויף דעם צווייטען זייט פון דאָרף. קוילען פליהען איבער די קעפּ. מיר ליגען אין די האָבער, פּלוצלינג הערען מיר אַ דייטשער פּאַנצער טאַנק לאָזט זיך אַראָפּ פון דעם וועג און פאָרט אַריין אין פעלד. מיר ערוואַרטען שוין דעם טויט, צוקוועטשט צו ווערען פון די שרעקליכע מאָנסטערס, וואָס גרייכען ביי צוואַנציג פוס פון פּלאַץ, וואו מיר ליגען פאַרבאַהאַלטען. צום גליק האָבען די דייטשען דעם טאַנק אויסגעקירעוועט כמעט לעבען אונזערע קערפּערס. נעמען שיסען צום וואַלד. מיר בלייבען לעבען, נאָר מיר וואגען ניט אַרויסצוקריכען פון הויכען האָבער. דער אָוועגט קומט אָן. די רוסישע אַרטילעריע הערט זיך נעהענטער. די דייטשע אַרטילעריע ציהט זיך צוריק. מיר קריכען ווידער אַריין אין שייער, וואָס איז דורך אַ נס געבליבען שטיין, ניט פאַרברענט. מיר

לייגען זיך אַוועק. האָבען מיר זיך טאַקע געראַטעוועט? אָדער מיר וועלען נאָך ווערען קרבנות פון די פליענדע קוילען.

באַגינען קומט אַריין קרויזע. זי זאָגט אַז קיין דייטשען זעהט מען שוין ניט. שוין אויסגערייניגט זיי פון דאָרף.

עס קומט אָן איין אָפיציר. איך דערקען אַז עס איז אַ סאָוועטישער אָפי־ציר. ער פרעגט אונז, ווער מיר זיינען, זאָגען מיר אים, איבערגעלעבטע אידען. ער הייסט אונז גיין אין בריינסק.

מיר גייען אַריין אין דאָרף אליעקשאַן שוין פרייע מענשען. מיר קומען אַריין צו אַדאַמטשיקען דעם סאלטיס, דעם גרעסטען באַנדיט. זיין פרוי נעמט אונז אויף ווי טייערע געסט. זי גיט אונז דעם ערשטען פריהשטאג. עפּעס גאָר אַנאַנדער אַדאַמטשיק איז זי. דער מאַן איהרער איז ניט געווען.

אין דער פרי קומען מיר קיין בריינסק. עס איז אַ רעגענדיגער דריבנער קאַלטער פריהמאָרגען.

מיר געפינען שוין משה יענטשמאַן און דאַווטשע אליענצקי אין שטאָט. דאָס איז די געשיכטע פון זאַוול רובינשטיין.



זאוול רובינשטיין

### צוואַנציגטער קאַפּיטעל

# בריינסק נאָך דער באַפרייאונג

ביסלעכווייז קומען מיר צו זיך. מיר פאַנגען זיך אָן פאַנאַנדערקלייבען אין דער לאַגע. פאַנגען אָן צו באַגרייפען די גאַנצע טראַגעדיע אונזערע.

עס באַווייזט זיך שפּעטער אַ סאָוועטישער מיליטערישער הויכער בעאַמטער. דאַכט זיך אַ באַן אינזשעניער. ער פרעגט זיך נאָך ביי אַלעמען. ער איז ספּעציעל אינטערעסירט אויסצוגעפינען וועגען די פאַמיליע צוקערמאַן, דעם בריינסקער רב'ס משפּחה. פיליכט איז אימיצער געבליבען לעבען. ער מאַכט אַ ספּעציעלע אונטערזוכונג. עס נעמט ניט לאַנג, ער געפינט אויס דעם שרעקליכען אמת, אַז קיינער פון רב'ס פאַמיליע איז ניטאָ מער צווישען די לעבעדיגע. דאָס איז געווען הרב צוקערמאַנ'ס אַן אייניקל מיט דער סאָוועטישער אַרמיי. געקומען זוכען וועמען פון דער משפּחה, געפונען האָט ער חורבן.

יעדער נעמט זיך צו עפּעס אַ פּרנסה. די פּוילישע באַנדעס לאָזען אונז ניט זיך איינבירגערען אין בריינסק. יעדער פרימאָרגען ווערען פּלאַקאַטען אויסגעקלעפּט, וואָרנען די אידען צו פאַרלאָזען בריינסק.

די אידישע הייזער ווערען באַזעצט מיט פּאָליאַקען. דער האַנדעל, האַנדווערקעריי — אַלעס ביי פּאָליאַקען.

מיט האַרץ ווייטיג קוקען מיר צו ווי די קריסטען גייען אין קאָסטשיאָל זונטאָג אָנגעטאָן מיט די אידישע מלבושים. איך דערקענט אייער טאַטענ'ס אָנצוג.

ביז וואַרשע איז באַפרייט געוואָרען זיינען נאָך אין בריינסק געווען סאָוועטישע מיליטער, האָבען די פּאָליאַקען ניט געקענט הערשען צו פיעל. שפּעטער ווען די סאָוועטען האָבען זיך געגעזעגענט צוריקגעצויגען, איז דאָס אידישע לעבען געוואָרען הפקר. ביי טאָג געאַרבייט, ביינאַכט פלעגען מיר זיך אַלע צוזאַמענ-

קומען געכטיגען ביי יצחק גאָטליעב אין מויער אויפ׳ן צווייטען עטאַזש. באַ־פאוועגטע זיינען מיר געשלאָפען דאָרט. אייניגע פון אונז האַלטען וואַך.

## מאָרדען נאָך דער באַפרייאונג

אין מאַרטש 1945 זיינען זיסל טאפטשעפסקי (ליפע פּאָרצעלייניקס) און משה טיקאַצקי׳ס אַ שוועגערין געגאַנגען צו דער אַרבייט ביי דער שטיינמאנאָווע אויף בענדוגע. די שטיינמאנאָווע האָט געהאַלטען אַ שניידעריי וואַרשטאַט. די שטיינמאַנאָווע האָט געבראַכט צו אידען שפייז, ווען זיי זיינען געווען פאַר־באַהאַלטען אין וועלדער. פּלוצלינג ווערט אַ געוואַלט, מען האָט אימיצען דער־שאָסען. מען קומט צו דער שטיינמאנאווע, מען געפינטביידע מיידלעך צוזאַמען מיט דער פּוילישער שטיינמאַנאָווע דערשאָסען.

אַביסעל שפּעטער איז איטשאַלע ברוידא צוזאַמען מיט אַ דראָגעטשינער בחור געפאָרען אויפ׳ן דאָרף, זיינען זיי ביידע אויפ׳ן וועג ערמאָרדעט געוואָרען.

דער איד פאַקטשעווע וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון די גאַז קאַמערען פון טרעבלינקע, האָט געהאַלטען אַ מיידאַן ביים דאָרף שעמיאָן איז ער אַהין געפאָרען צוליב געשעפט, איז ער דאָרט ערמאָרדעט געוואָרען.

## אַקציע צו בריינגען אידען צו קבר ישראל

חיים וורובעל דער קעווליאקער אָרגאַניזירט די אַרבייט צו בריינגען צו קבר ישראל אַלע פון די צעוואָרפענע פעלצער, וואָס מען ווייסט אַז דאָרט זיינען אידען געפאַלען. עס ווערען אָרגאַניזירט אין בריינסק גרופּעס. מיר מאַכען אויף אַרונות. יעדער גרופּע לאָזט זיך אַוועק אין אַנדערע דערפער, קלייבען צוזאַמען די געפאַלענע, בריינגען זיי צו קבורה. דאָס איז געווען אַן אמת העל־דישע אַרבייט, ווייל דער לעבען איז געווען איינגעשטעלט ביים פאָרען אין די דערפער. דאָך האָבען זיי אַלעס דורכגעפירט אין איין טאָג. זאַוול רובינשטיין דערציילט אַז דאָס איז געווען מסירות נפש. אַלע האָבען געהאָלפען, בלויז איינציגע געציילטע האָבען זיך ניט געוואָלט אין דעם באַטייליגען.

זייענדיג אין ביאַליסטאָק האָט מיר קיינער ניט געקענט געבען קיין גענויע אינפאָרמאַציע, ווער עס איז צו קבורה געקומען. ביז איך האָב באַקומען די אינפאָרמאַציע פון וועלוול גאָלדע אין קעמפּ אין דייטשלאַנד.

דאָס איז די ליסטע פון די געבראַכטע צו קבר ישראל :

מאיר רובין, לייזער רובינ׳ס זוהן,
מנוחה זיין פרוי און צוויי קינדער זייערע,
קעסטין זעליג,
קוסאַרסקי שרה, פערל יאנקל אָלשווערס טאָכטער,
רחל טשעסליאק, דעם קאשניקס אייניקל,
באָבטשע רובינשטיין, יאזעפינערקעס אייניקל,
קליינאָט משה, עלבערס אייניקל,
לייבל פאַוו, אַ טשיזעווער,
שמעון רובין מיט פרוי און קינדער,
יעקב אָליענצקי, משה אליענצקיס זוהן,
בנימין פריבוט, לאַזער שמיד׳ס אייניקל,
חיים הערש ראָטענשטיין, מענדל טאָקער׳ס זוהן,
יעקב ראָטענשטיין, לייבל סטעלמאַכ׳ס אייניקל,
שיינע האַלפערן, אינדיטשקעס שנור,
הערשל האַלפערן, אינדיטשקעס אייניקל,
מנוחה הורוויץ, הערשל׳ס טאָכטער,
יאַכע סוסעל, משה סוסעל׳ס
וואינאָוויטש אברהם, פון בענדוגע,
וואינאָוויטש רייזל,
וואינאוויטש פייגל,
וואינאוויטש חביבה 2 יאָר,
רחמיאל ברענער, פסח מילנערס,
בערל יאַץ, שלומה וואלפקעס זון,
מלכה יאַץ, אייניקל שלומה וואלפקעס,
יאָסל ברוידע, שייקעס זוהן,
צאַלקע ברוידע, שייקעס זוהן,
נאָטע ברוידע, שייקעס אייניקל,
קאַפלאַן, פסח, שלומה וואלפקעס איידים,
יערוסאַלימסקי וועלוול דעם סופר׳ס,
שאלעמייקע דעם מלמד׳ס אייניקל,
הערשל פולשאַנסקי, טשעבטשעס זוהן,

יצחק וואָלקאָוויטש, פסח מילנערס אייניקל,
וורובעל מאָטל, קעווליאקער,
וורובעל הערטל, מאָטלס זוהן,
ניסקע גודעלמאַן, איטשע זאליטשערס זוהן,
משה חיים דאָמבראָווסקי, באטקער מלמד׳ס אייניקל,
כלאָוונע ביבער, ריקלס ביבערס זוהן,
אַ פיעקוטער בחור, נאָמען ניט באַקאַנט,
אַ פרעמדער איד פון סאקאלע, נאָמען ניט באַקאַנט.
די אַלע האָבען זיך געקענט דערקענען.

עס זיינען באַערדיגט געוואָרען פיל מער וואָס מ׳האָט שוין ניט געקענט וויסען ווער זיי זיינען געווען. פיעלע זיינען דערקענט געוואָרען פון פּאַפּירען וואָס מ׳האָט ביי זיי געפונען. זאָנסט געווען אוממעגליך צו דערקענען. פאַר די דאָזיגע נאָבעלע אַרבייט, צונויפזאַמלען די מתים און בריינגען זיי צו קבר ישראל קומט בלויז צו דאַנקען דעם חיים וורובעל. עס וואָלט נאָך געווען מעגליך פיעל מער מענשען צו בריינגען צו קבר ישראל. דער לעבען איז אָבער ניט געווען זיכער, ספּעציעל אונטער׳ן שטאָט.

עס איז באַוואוסט געוואָרען, אַז אין די דערבייאיגע נאָענטע שטעטלעך וועט אין איין טאָג אָרגאַניזירט ווערען אָנפאַלען אויף אידען. אין סימיאטיץ זיינען שוין פינף געפאַלען, אין סאקאלע פופצעהן, אין טשעכינאָוועצ פיער, טשיזשעוו צוועלף, באָטקע איינער, דראָגעטשיין פיער.

אין בריינסק ווערט שוין אוממעגליך צו פאַרבלייבען, דעריבער באַשליסען מיר צו פאַרלאָזען בריינסק.

פסח 1945 מוזען אַלע בריינסקער אידען פאַרלאָזען בריינסק קוים מיט׳ן לעבען אַנטלאָפען.

קיין גוטס וועט מען שוין פון בריינסק ניט האָבען. ביים פאַרלאָזען בריינסק שטייען די קריסטען און שמייכלען, לאַכען פון אונז, קוועלען פון זייערע נייע הייזער, שיינע מלבושים, נייע מעבעל, און אַלעס וואָס איז געווען אידיש. יעצט וועט שוין קיינער ניט קומען מער נאָך ירושה.

פיעלע פון די געבליבענע האָבען זיך אַוועקגעלאָזען ניט וויסענדיג, וואו זיך אַהינצוטאָן. האָבען ווידער גענומען דעם וואַנדערשטעקען און זיך געשלעפּט איבער בערג און וואַסערען, איבער פאַרשידענע גרעניצען.

איניגע איז געלונגען זיך צו דערשלעפּען צו די די. פּי. קעמפּס אין די אַמעריקאַנער זאָנעס פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

איבעראַל וואו עס געפינען זיך נאָר אַביסעל פון די שארית הפליטה זיינען דאָ אַ פּאָר בריינסקער צווישען זיי.

אַנדערע האָבען מער ניט געהאַט קיין קרעפטען צו די נייע וואגלענישען, זיינען געבליבען אין די פּוילישע שטעט פון נידער שלעזיען.

אַ קליינע צאָל שטעלען זיך אָב אין ביאַליסטאָק.

בריינסק איז געבליבען אידען־ריין.

חיים פינקלשטיין, דער געוועזענער קאָמענדאַנט פון משפחה לאַגער ביים בריינסקער פּאַרטיזאַנער אָטריאַד איז געקומען אין בריינסק צום מאַרק דעם 24־טען פעברואַר 1947 איז ער אין מיטען טאָג, אין צענטער פון מאַרק דער־שאָסען געוואָרען.

בריינסק האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט היגריכטונגען פון אידען אַרום בריינסק מיט מיט הונדערטער יאָרען צוריק, און האָט זיך געענדיגט מיט׳ן מאָרד פון חיים פינקלשטיין דעם 24־טען פעברואַר 1947.

דאָס איז די געשיכטע פון אונזער היים שטאָט בריינסק פון אירע 140 יאָהר לעבען, שטרעבען, האָפנונגען, קאַמפען און ענדליכען חורבן. בריינסק וואס איז בלויז אַ קליין שטעטעל, אַ מוסטער פון גאַנצען אידישען אייראָפּעאישען מיליאָנענדיגען ווירקענדיגען עקזיסטענץ, וואָס האָט זיך געענדיגט אין די יאָרען פון 1939 ביז ענדע 1944. פינף יאָר און אַזוי פיל קרבנות. וועלען אויך די קרבנות זיין אומזיסטע ?

מיר טענה׳ן שטומערהייד אַלץ יענע טענה
וואָס האָט נאָך קיין מאָל ניט דערגרייכט צום הימל
און וועט אפשר צום הימל קיין מאָל ניט דערגרייכען
פאַרוואָס ? פאַרוואָס ? און נאָך אַמאָל, פאַרוואָס ?

(פון ביאַליקס „אין שחיטה שטאָט״)

זאת קראתנו וספרנו בשנון — דאָס האָט מיט אונז פּאַסירט און מיר האָבען עס קלאָר דערציילט. דערמיט דערפילען מיר די צואה פון בריינסקער לעצטען רב ר׳ יצחק זאב צוקערמאַן זצ״ל, וועלכער איז אומגעקומען אין דער שפּיצע פון דער גאַנצער אידישער קהילה פון אונזער היים בריינסק.



יצחק פינקלשטיין פון משפחה אָטריאַד דער לעצטער איד אין בריינסק,
ערמאָרדעט פעברואַרי 1947 פון פּאָליאַקען

### איינאונצוואנציגסטער קאַפּיטל

## ברײנסקער אידען אין פאַרשידענע אַרמייען

צו מאַכען אַ סך הכל פון אַלע ברײנסקער וואָס האָבען אנטייל גענומען אַלס באוואפּענטע סאָלדאַטען אדער אין זייער ראָלע אַלס העכערע אָפיצירען, מוזען מיר אָנקומען צו פאַרשידענע אַרמייען, ווייל איבעראַל זיינען ברײנסקער געווען פאַרטראַטען.

אין אָנפאַנג מלחמה 1939 זיינען פאַרשטענדליך זייער פיעל ברײנסקער גענומען געוואָרען אין דער פוילישער אַרמיי. די ערשטע טעג זיינען גלייך געפאַלען:

מאָטקע אליענצקי,

מאיר פרידמאַן, חנה רייזקעס זוהן,

אין מײדאנעק ביי לובלין האָבען זיך געפונען אין דייטשע געפאַנגענשאַפט 10 ברײנסקער נאָך פון דעם מאָנאַט סעפּטעמבער 1939. פון זיי איז געווען בריף אין ברײנסק ביז ענדע 1942. עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערען פון מאידאנעק ענדע 1942. דאָס זיינען די לייטע:

מרדכי סוראוויטש, יעקב מאיר כארלאפּ׳ס אייניקל,

מענדל ליעווארטאווסקע, אַלטער ראדישאווער שמיד׳ס זוהן,

משה מרדכי פּערלמאַן, אברהם בער׳ס,

קאַפּלאַן, יענקל וואַסער טרעגער׳ס אייניקל אברהמעס זוהן,

מלך גאָלדוואַסער, מענדע לייבס זוהן,

משה גאָלדוואַסער,

פינקלשטיין, בעקער פון בענדוגע,

מרדכי כאַשעס, אַליענצקער שוסטער׳ס זוהן, צוויי זיינען ניט באַוואוסט.

יאסקע ווײנער, יעקב ווײנער׳ס זוהן, (לויט קריסטליכע חברים׳ס ערקלערונגען איז יאָסקע פאַרלאָרען געגאַנגען אין שלאַכט טומעל).

דעם 22־טען דזשון 1941 ווערען אַריינגעצויגען אַריבער 100 אין דער מאָביליזאַציע. פיעלע זיינען שפּעטער צוריקגעקומען אָבער פיעלע זיינען געפאַלען.

ניסקע גאָלאָב, אברהם אבע דעם טאָקער׳ס

מרדכי פריימענער, דבורה דינע׳ס איידעם,

חאַץ, אַ שטעפּער, שטאַמט פון אָרלע,

פיעטריקאווסקי, בוכהאַלטער פון באַנק,

יאָסל בריינסקי, אריה לייב׳ס אַ זוהן, ביילע פייגע׳ס אוראייניקל.

אַרטשיק סעמיאַטיצקי, משה אַבעס זוהן, באַשע סימעס אייניקל,

אייזשע פּאַכטער, יענקל בנימינ׳ס זוהן,

יענקל בוראַק, לייבל בוראַק׳ס זוהן,

קוקאַפקע, דער זייגער מאַכער,

הערצקע ריפקע, מרדכי הערש מלמד׳ס זוהן,

יודל קראַץ, שלום קראַצעס זוהן,

ישראל גראזשינסקי, אברהמעס זוהן,

לייזער ליפּע, גוטמאַן טשאָנעס איידעם,

יעקב קאטלאוויטש, קאַפּוסטעס זוהן,

בערל דייטש, פּרייסל שמיטס,

איטשע מאַן, יענקל מארווינקערס זוהן,

שלומה גראַכאָווסקי, שלומה בעקערס,

לייזער סוסעל, שלומה אפרימ׳ס זוהן,

משה יאָסל טרוס, מאטיע אַבעס זוהן,

משה כאָנדאָווסקי, אייזיק זייפמאַנ׳ס שטיפזוהן,

איטשע ליעווין, שמולקע בעקערס זוהן,

משה מעקלער, קערהסנאָווער שניידער׳ס זוהן,

פּאַצאָווסקע, דוד ליעוו׳ס איידים,

אַרטשיק שפּאַק, הערשל געלענ׳ס זוהן,

סענדער קאַנטשיק, חצקל שוחט׳ס זוהן,

אברהמל בריינסקי, יעלקע בענדוגערס זוהן,

פּאָדראַטשיק, אַלטער פּאַרבער׳ס אייניקל,

זאַבלודאָפסקי, בערטשע, נפתלי דאמינאווערס אייניקל,

אַרטשיק, חיליע טיקאצקי׳ס פריינד.

ס׳זײַנען געװױס פֿאַראַן נאָך, נאָר מיר איז ניט געלונגען צו באַקומען מער קײן אינפֿאָרמאַציע.

אין הערבסט 1944, װען ברײַנסק איז שױן געװען באַפֿרײַט, די שלאַכט איז דאַן אָנגעגאַנגען בײַ פּולטוסק, זײַנען געקומען פֿון פֿראָנט דרײַ בריף פֿון ברײַנסקער אין סאָװעטישען מיליטער. דאָס זײַנען געװען: בעניע מעדװעט, פּײַװל שוסטער׳ס זוהן, דוד באָמבע, יענקל װאַסער־טרעגערס אײניקל און מאיר ריבע, יאָסעל װאָינעסערס זוהן. זײ האָבען זיך דאַן אָנגעפֿרעגט װער פֿון די ברײַנסקער לעבען, לײדער האָט קײנער זײ ניט געענטפֿערט. מען האָט זאָגאַר דעם אַדרעס ניט אַראָבגענומען. אין זומער 1946 האָבען געװיסע לײט זיך אָנגעפֿרעגט אױף זײ, לײדער קען איך ניט ענטפֿערען, װײל עס איז ניט באַשטימט. אין די פֿלעצער זײַנען דאַן געװען גרױסע שלאַכטען, דאָך איז מעגליך, אַז זײ לעבען ערגעץ.

ברײַנסקער אין רוסלאַנד, אין אירע אַרמײען:

הערשל ברײַנסקי, אברהם שקאָפּס זוהן, צוריקגעקערט,

שלומקע טרוס, מאָטיע אבעס זוהן, צוריקגעקערט,

אברהם יודל װאַסער, משה אהרן קלעקטאָר׳ס זוהן, געפֿאַלען אין 1945, בײַ פּילטוסק שױן געװען 50 יאָר אַלט.

אשר װיערטשין, בערל פֿידעלס אײניקל איז געװען אין אַנדערסעס אַרמײ אין נאָענטען מזרח און לעצטענס ענגלאַנד,

חיים װײנשטײן, משה הערש דעם טױבענס,

חנא מאַן, מארװינקעס,

קלמן צוכטליער, בן־ציון מלמד׳ס אײניקל,

ישיע יודל טשיזעצקי, מלכה זיצערקעס אײניקל.

די אַלע האָבען געדינט אין קאָסטשיאָסקאָס דיװיזיע. אַלע זײַנען צוריקגעקומען, מאַנכע מיט מעדאַלען און אױסצײכענונגען.

## ברײַנסקער אידען אַלס אָפֿיציערען אין דער מלחמה:

שלמה טרוס, שלומקע מאָטיע אַבעס, האָט זיך באַטײליגט אין שלאַכטען בײַ קורסק, סטאַלינגראַד, אָריאָל, כאַרקאָװ, קיעװ, קאַרפּאַטען, רומעניע טשעכאָ־סלאָװאַקיע באַטאַליאָנער קאָמאַנדיר, לעצטען טיטול קאַפּיטאַן. אײניגע מאָל פֿאַרװאונדעט, באַקומט אױסצײכענונג פֿון רױטען שטערען און אַנדערע מעדאַ־לען. געװען זײער באַליבט בײם אָפֿיציערען קאָרפּוס.

הערשל ברײנסקי, זיך באַטײליגט אין דער מלחמה אין סאָוועטען פּאַר־באַנד אַלס אָפיציער אין ראַנג פון אָבער לײטענאַנט, געווען קאַפּעלמאַסטער בײם פּאָלק מוזיק, זיך אויסגעצײכענט אײניגע מאָל.

חאָנע מאַן, אָפיציער פון פּאָליטישע ערציהונג, איז אַלט געווען בלויז 22 יאָר, אָבער זײער פעהיג.

חיים װײנשטײן, כאַראָנזשע, אָפיציער אָן אַוואַנס בײ דער קאסטשיאסקע דיוויזיע צו 21 יאָר.

## ברײנסקער אידען אין אַנדערע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדען.

דר. דאַטנער פון ביאַליסטאָק, געווען אײנער פון די בעסטע פּאַרטיזאַנער אין אָטריאַד „נקמה", צײגט אָן אין זײנע באַשרײבונגען און מעמואַרען פון העלדישע קאַמפען פון „נקמה" אָטריאַד. װעגען די העלדישע אַרבײט פון אַ ברײנסקער. דאָס איז יחיאלקע זײפמאַן, דער זוהן פון יאָסל זײפמאַן, אַרטשעס אײניקל. יחיאלקע איז אַ נאָמען נאָך דעם באַרימטען ברײנסקער כלל טוער יחיאל לײב זײפמאַן.

יאָסל זײפמאַן איז געווען טהעטיג אין אַ סך צווײגען פון ברײנסקער לעבען אַלס לערער, אָנפירער פון דער פאָלקס־שוהלע, אַלס רעדאַקטאָר און אַרויס־געבער פון דער לאָקאַלער ברײנסקער צײטונג „ברײנסקער לעבען" און אַנדערע פילזײטיגע טהעטיגקײטען. יחיאלקע האָט באַקומען אַ גוטע און טראַדיציאָנעל־נאַציאָנאַלע ערציהונג, איז געווען אַ חלוץ. אין זײן אַרבײט איז דאָ דער פאַקט וואָס דאָקטאָר דאַטנער ברענגט אַרויס און בעט מיר פערזענליך אַז אין ספר הזכרון ברײנסק זאָל דאָס אַרויסגעבראַכט ווערען.

יחיאלקע זײפמאַן איז געווען זײער טהעטיג אַרום ביאַליסטאָק אין אָטריאַד „נקמה" און וועלכען ער האָט געאַרבײט אַלס אַ געוועזענער פּוילישער סאָל־ראַט, אַ גוטער שיסער בײ מאַשין געווער און אַלע שווערע אַרבײטען זיך באַטײליגט. זײן ספּעציאַליטעט איז געווען אַראָבצולאָזען אַ באַהן־צוג פון די רעלסען אויף דער ליניע ביאַליסטאָק־וואָלקאָוויסק.

ער באַקומט דאַנק־בריף פאַר זײן אַרבײט. דער טאָג־בוך פון „נקמה" אָטריאַד דריקט זיך אויס פון יחיאלקען ווי אַ מוטיגער העלד.

ער האָט געדאַרפט דורכפירן אַ טויט־אורטײל איבער אַ ליעשניק (וואַלד־היטער) וועלכער איז באַוויזען געוואָרען צו זײן אַ דײטשער שפּיאָן מיט צווײ פון זײנע חברים, קומט ער אַרײן צום ליעשניק זונטאָג צו מיטאָג, ער געפינט

ביים ליעשניק פיעל געסט. יחיאלקע שטעלט זיך ביים טהיר מיט אַ ברייטען גוט מאָרגען. ער האַלט אין האַנד אַן אַוטאָמאַט, זיי ווילען זיך אויף אים אַרויפוואַרפען, אָבער יחיאלקע האָט שוין אין די סעקונדען צווייט אַ סעריע קויי־לען, פון וועלכע דער שפּיאָן מיט זיינע צוויי דייטשע געסט ליגען שוין טויטע.

דעם 25־טען אָקטאָבער 1943 פאַלט ער אין קאַמף מיט אַ באַנדע געשטאַ־פּאָווצעס. העלדיש האָט ער זיך פאַרטיידיגט אָבער ער איז געפאַלען ווי אַ העלד.

די פאַרטיזאַנער האָבען דורכגעפירט אַ באַערדיגונג פאַר יחיאלקע זייפ־מאַן מיט׳ן גרעסטען פאַרטיזאַנער כבוד.

**האָדעס סוסעל**, די שוואַרצע מיידעלע משה סוסעלס מיידעל אָדער משה יענקל זלמן אַברהמ׳ס האָט מען גערופען איר פאָטער, ביז דער מלחמה, איז זי געווען אַ מיטגליד פון יוגענד החלוץ.

נאָכדעם ווי די בריינסקער געטאָ ווערט ליקווידירט דעם 7טן נאָוו., 1942, איז זי אַנטלאָפן אין וואַלד, באַגעגענט זיך מיט אַ גרופּע סאָוועטישע דיווערסאַנטען און ווערט גלייך מיטגעריסען אין דער אַרבייט. זי האָט אַלעס געטאָן צו העלפען די שונאים פון די נאַציס, געטאָן זאַגאַר שפּיאָנעריי, און געווען ער־פאָלגרייך אין פיעלע פעלען.

אין זומער 1943 ווערען זיי באַגעגענט פון אַ גרויסע גרופּע דייטשען. דער קאַמף דויערט אַ גאַנצען טאָג. דייטשע אָפיציערען פאַלען טויט. האָדעס שטייט אין מיטען פייער, לאָדעט די געוועהר פאַר די רוסען צו קענען שיסען שנעלער. פון אַלע זייטען פייער. האָדעס גיט ניט אויף איר פּאָזיציע, ביז זי פאַלט גלייך מיט די חברים. עהרע איר אנדענקונג.

## צווייִ און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# ליסטע פון בריינסקער אידען וואָס זיינען געבליבען לעבען

וואו זיי זיינען געווען דורך דער צייט פון 1939—1944

אַלפּערן וועלוול הינדיטשקעס אייניקל, אין וואַלד,
אַלפּערן משה יאָסל, הינדעטשקעס זוהן, אין רוסלאַנד,
אַלענצקי דוד, יענקל וואיטעקס, אין וואַלד,
אַלענצקי, אַבע, יענקל וואָיטעקס, אין וואַלד,
אַלענצקי, שלומה, יענקל וואיטעקס, אין וואַלד,
אַלענצקי, דינה, משה אלענצקערס, אין וואַלד,
אָקאַן, חוה, אין וואַלד,
אָקאַן, לאה, אין וואַלד
אסקאַרד, משה, זכריה'ס זוהן, אין וואַלד,
איידעלמאַן, שכנא, אין רוסלאַנד,
בידער, משה, משה אהרן וואסערס אייניקל, אין רוסלאַנד,
בוראַק, וועלוול, הערשל בוראַק'ס זוהן, אין אַ בונקער,
ברענער ישראל פּסח מילנער'ס אייניקל, אין וואַלד,
ברוידע, יאָסל, לאָזער ברוידא'ס זוהן, אין וואַלד,
באַג, שלומה פישל באַג'ס אין רוסלאַנד,
ברוידע שיינע, שיע צאלקעס אייניקל, אין רוסלאַנד,
ברוידע אברהמל, ניסקעס אייניקל, אין רוסלאַנד,
ברוידא, איטשאַלע, לאָזערס זוהן, ערמאָרדעט אין 1945, אין וואַלד,
גאָלדע, וועלוול, סלאוועס אייניקל, אין וואַלד
גאָלדע עוואַ, סלאַוועס אייניקל, איצט אין אַמעריקע, אין וואַלד,
גאָלדבערג, ישיע, באַבעלע בעקערס אייניקל, אין וואַלד,
גראדזשינסקי מאיר, אין וואַלד,

גראדזשינסקי, איטשע, אין וואַלד,
דאלינסקי, חיים קאַרטאָפליע, אין אַ בונקער,
דאַלינסקי, דוד קאַרטאָפליע, אין אַ בונקער,
ווירטשין, אָשר פידעלס, אין רוסלאַנד,
וואַסער, שלום, משה אהרן וואַסערס אייניקל, אין וואַלד,
וואַסער, מנוחה, משה אהרנ׳ס אין אַ בונקער,
ווראנע, לייזער, אייזיקל פון בענדוגע, אין וואַלד,
ווראנע, חנה, אין וואַלד
וויינשטיין, שאָשקע, משה הערש׳ס איצט אין אַמעריקע, אין וואַלד,
ווראבעל, חיים, קעוואַליאקערס, אין וואַלד,
וויגאָצקי דוד, איידעלס, אין וואַלד
וואינאוויטש, בנימין, בענדוגערס, אין וואַלד,
זילבערשטיין, אברהם, יענקל וואַסער טרעגערס, אין רוסלאַנד,
זאליעפסקי, מאַטל, נאסקע קצב׳ס, אין רוסלאַנד,
חזן, שיינע, מענדל גורסקערס, אין רוסלאַנד,
טאָפּטשעפסקי, זיסל, ליפּע פּארצעלייניקס, ערמאָרדעט 1945, אין וואַלד
טיקאצקי, משה, איצט אין אַמעריקע, אין וואַלד
טיקאצקי חנה, אין וואַלד,
טשיזעצקי, ישיע מלכה׳לעס, אין רוסלאַנד,
טרוס, אַלטער, מאָטיע אַבעס, אין רוסלאַנד, איצט אין שוועדען,
טרוס, לייבל אַלטער זוהן אין וואַלד, איצט אין שווערען,
טשעשיינסקע, סטעלאַ, געפונען אין וואַלד, אין וואַלד,
יטעלד, שאָמע, אַלטער איטעלד׳ס איצט אין אַמעריקע, אין רוסלאַנד,
יענטשמאַן, משה, אברהמס זוהן, אין וואַלד, איצט אין פוילען,
ליעוואַרטאָפּסקי, מינקע שמיד׳ס( אין אַ בונקער,
ליפּע, הערשל טשאָנערס, אין וואַלד,
ליעוו, מולקע דוד׳קעס, לאַגער,
ליעוו, פישל, ארליארניקס, אין אַ בונקער,
ליעוו, חייה שרה, אברהב ריפקעס טאָכטער, אין רוסלאַנד,
ליעוו בנימקע, שיע צאַלקעס אייניקל, אין רוסלאַנד,
ליעוו, טריינע שיע צאַלקעס אייניקל, אין רוסלאַנד,
ליעוו, פעשע, שיע צאַלקעס אייניקל, אין רוסלאַנד,

ליעוו, גיטל, שיע צאַלקעס אייניקל אין רוסלאַנד.
מאַגיד, יעקב, דעם אַלטען שוחט׳ס זוהן איצט אין אַמעריקאַ, אין שאַנכיי
מלמד, דאבטשע, יענטיטשקעס אייניקל, אין רוסלאַנד,
מאַן, חנקע מארווינקערס, אין רוסלאַנד,
סמורזשיק, דבורקע, לייזער קצב׳ס אייניקל, אין לאַגער,
סוקמאַן, זלמן, פיעטקעווער, אין וואַלד,
סוקמאַן פייגעל פיעטקעוורע, אין וואַלד,
סוקמאַן, חיה פיעטקעווער, אין וואַלד,
סאָקאָלאָוויטש, בערגאַלע חנה׳ס, אין וואַלד,
סאַמוילע, יעקב, יענקל הערשל שמיט׳ס אידים, אין וואַלד
פריינד נחמיה, דעם חזנ׳ס זוהן, רוסלאַנד,
פאַם שמחה, ברוך וועלוול׳ס, אין וואַלד,
פענעכערזש פערל, זלמן רוטקערס, אין בונקער, איצט אין ישראל,
פאָסעסאָר, סימע, צוקערמאַנ׳ס, אין רוסלאַנד, איצט אין קעמפּ
פאַוו, משה, שמוליע פאפלאווערס איידעם, אין רוסלאַנד
פאַכטער שלומה בנימקע דעם שוסטער אין רוסלאַנד
פינקלשטיין, חיים, רחקעס פון בענדוגע, ערמאָרדעט 1947, אין וואַלד,
פינקלשטיין, מאַטל, אין וואַלד,
פינקלשטיין אברהמל, אין וואַלד,
פינקלשטיין, שאָשקע, אין וואַלד,
פינקלשטיין, חנה, אין וואַלד,
פריבוט, אריה לייב, הערשל שמיד׳ס אייניקל, אין וואַלד,
פריבוט, זלמן, אין רוסלאַנד,
פריבוט, חיים וועלוול אין וואַלד,
פריבוט, אסתר, אין וואַלד,
פראַנק, לובע, געפינען אין וואַלד, אין וואַלד ,
צוכטליער, קלמן, בן ציון מלמד׳ס אייניקל, אין רוסלאַנד,
קאמינעטצקי, דאָרע, דאקטערשע, אין אַ בונקער,
קאַמען משה, גאליסעס, אין אַ בונקער,
קאָטלאָוויטש, יוסף, חיים בעקערס, איצט אין ארץ ישראל, אין וואַלד,
קעסטין, יעקב, יעצט אין איטאַליען, אין וואַלד,
קליינאָט, מוליע, עלבער שוסטער׳ס, אין וואַלד,

קעסטין, יוסף בצלאל, איצט אין פּאַלעסטינע, אין רוסלאַנד,
קאַנטשיק, חצקל שלומה'ס אין רוסלאַנד,
קאַנטשיק, שיינע, אין רוסלאַנד,
קאַנטשיק, ליבע, אין רוסלאַנד
רובינשטיין, גיטל, יאזעפינער, געשטאָרבען אין 1945,
רובינשטיין, משה, גיטל'ס זוהן אין וואַלד
רובינשטיין, סאניע, אין וואַלד,
רעזניק, צביה, יאָזעפינערקעס אייניקל, אין אַ בונקער
רעכעלזאָן מוליע, דבורה דינעס אייניקל, אין וואַלד,
רובין, יעקב, רויטען אָנס זוהן, אין וואַלד,
רובינשטיין, זאַוול, זאַוול הערש דעם חסיד'ס איצט אין אַמעריקע וואַלד,
ראָזען, פסח, דוד שמיט'ס אייניקל, אין וואַלד,
ראָזען, חנה באַסל, מעליכעס אייניקל, אין וואַלד,
ראָצלאַוו, בערל, שיע צאַלקעס, אין וואַלד,
ראָצלאַוו פערל, בערל'ס ווייב, אין וואַלד,
ראָצלאַוו, גליקע, בערל'ס טאָכטער, אין וואַלד,
ראָצלאַוו משה זוהן, אין וואַלד,
ראָצלאַוו, פריידע, טאָכטער, אין וואַלד,
ראָצלאַוו, פייגל, טאָכטער, אין וואַלד,
שאַפּירא, פייוול, באַשע סימעס אייניקל, אין אַ בונקער,
שאַפּירא, לייבל, באַשע סימעס אייניקל, אין אַ בונקער,
שפּאַק, הערשל, אַלטער אָרקעס, אין וואַלד, איצט אין קובאַ,
שפּאַק ברכה, אין וואַלד,
שטיין, פסח, מאיר חיימ'ס אייניקל, איצט אין אַמעריקע, אין שאַנכיי.

פון די פיער פערזאָן זיינען געווען בריף אין בריינסק באַלד נאָך דער באַפרייאונג. ליידער האָט מען זיי ניט געענטפערט, קען מען ניט פעסט־שטעלען צי זיי לעבען.

בעניע מעדוויעד, פייוול שוסטערס,
דוד באַנקע, יענקל וואַסער טרעגער,
מרדכי סוכאוויטש, יעקב מאיר כאַרלאפּס,
ריבה מיאָר, יאָסל וואינעסערס.

# ברײנסקער רעליף אָרגאַניזאַציעס

## אין ניו־יאָרק

### ברײנסקער רעליף קאָמיטע

אונטער דעם נאָמען די ברײנסקער רעליף קאָמיטע װערט אָנגעפירט די טהעטיגקײט פון די ברײנסקער לאַנדסלײט לטובת די אַלטע הײם.

די ברײנסקער רעליף קאָמיטע איז געגרינדעט געװאָרען אין יאָר 1918 בײם ענדע פון דער ערשטער װעלט מלחמה. אַלע ברײנסקער סאָסײעטיס אין ניו יאָרק זײנען געװען פאַרטראָטען אין דער רעליף קאָמיטע.

די ערשטע טהעטיגקײט איז באַשטאַנען צו שאַפען געלד פאַר די לאַנדסלײט װאָס האָבען געליטען פון דער װעלט מלחמה. עס זײנען דאַן ניט געװען קײן מעגליכקײטען צו שיקען דירעקטע הילף קײן ברײנסק צוליב די חרוב׳ע פינאַנס אַנשטאַלטען.

עס איז דאַן געװען אַזאַ מאָדע צו שיקען דעלעגאַטען אין די שטעטלעך און ברײנגען די שטיצע דירעקט צו די לײטע אין דער הײם. די ברײנסקער רעליף קאָמיטע איז ניט געװען קײן אויסנאַם. די קאָמיטע האָט דאַן צוגעצויגען פיעל לאַנדסלײט װאָס האָבען געאַרבײט װי די ביהנען. באַזוכט אַלע לאַנדסלײט, באַקו־מען נדבות פאַר דער שטאָט ברײנסק. דערצו זײנען יחידים געװען פאַר־אינטערעסירט אַז זײער געלד זאָל דירעקט גרײכען די קרובים.

די קאָמיטע האָט דאַן געהאַט איר הויפט קוואַרטיר בײ הער זילבערשטײן אין סטאָר, אין סטענטאָן סטריט. טויזענטער זײנען געזאַמעלט געװאָרען איבער געגעבען צום שליח — אברהם זילבערשטײן, װעלכער איז אַװעקגעפאָהרען אין ברײנסק צו ערפילען די אויפגאַבע.

הער זילבערשטײן האָט זײן שליחות דורכגעפירט. נאָר די צײטען פון דער געװאַלדיגער אינפלאַציע אין פוילען זײנען ניט געװען גינסטיג פאַר קײן ממשות׳דיגע הילף. די געלד װאָס די לײטע האָבען באַקומען האָבען אין אַ קורצער צײט פאַרלאָרען די װערדע. מערסטע געלדער זײנען געשיקט געװאָ־רען פון קרובים פאַר עמיגראַציע צװעקען. לײדער האָבען זײער פיל געביטען

זיירע דאָלארען אויף פּוילישע מאַרקען. און זיינען געבליבען אויפ׳ן וואַסער. ניט געקענט דערגרייכען זייער ציעל. פיעלע זיינען געבליבען געשטראַנדעט אין דאַנציג און געבעטען נייע געלד.

בלויז געציילטע לאַנדסלייט, וואָס האָבן ניט געביטען זייער געלט אויף קיין פּוילישע געלט האָבן געקענט דערגרייכען די ברעגען פון אַמעריקאַ.

עס מוז צוגעגעבען ווערען אַז די שלוחים ניט זייענדיג קיין פינאַנציעלע עקספּערטען, זיינען פיל מאָל פון זאַגענאַנטע מאַכערס אָבגענאַרט געוואָרען. מ׳האָט ביי זיי אויסגענאַרט די אַמעריקאַנער דאָלאַרען אין געגעבען זיי פּוילישע מאַרקען לויט טעגליכען קורס. דער בריינסקער שליח, איז ניט געווען קיין אויסנאַמע.

ווען עס האָט זיך איינגעשטעלט אין פּוילען אַביסעל אָרדנונג, האָט מען שוין געשיקט שטיצע דורך היגע באַנק אינסטיטוציעס, די בריינסקער רעליעף־קאָמיטע האָט געשיקט רעגעלמעסיג בעדייטענדע געלד שטיצע פאַר אַלע אָרימע אין שטאָט. ספּעציעל פאַר די וואָס זיינען געווען פון די סאַמע אָרימסטע. און האָבען ניט געקענט ערוואַרטען קיין שטיצע פון די אָרטיגע צובראָכענע פאַראָרימטע מענשען.

דער פּערסאָנאַל פין דער בריינסקער רעליעף־קאָמיטע איז באַשטאַנען, פון פאַרטרעטער פון אַלע בריינסקער סאָסייעטיס אין ניו יארק.

אַבא שטיינבערג און יאָסל טורטשין פון די בריינסקער רודף שלום, אברהם יאַנקל סאַנקעס און שמעון ווילק פון די בריינסקער בראָדערס, אויך דזשוליוס קאָהען האָט פאַרטראָטען די בריינסקער בראָדערס.

פון די בריינסקער יאָנג מענס זיינען געווען פאַרטראָטען: טשאַרלס קעס־לער, אברהם משה בערטשעס, מאָריס ראָזען, דזשייקאָב בעקער, לאָזער פריינד און זעליג זאַלצמאַן.

עס האָבען זיך אויך אָנגעשלאָסען אַזעלכע וואָס זיינען ניט געווען קיין מעמ־בערס אין די דריי סאָסייעטיס: ווילי קאָהען, דזשייקאָב ריטשמאַן, הערשל דאָמענאָווער און דזשייקאָב סאָפּער, ווען סעם ווערפּ איז געקומען פון שיקאַגאָ האָט ער זיך גלייך אָנגעשלאָסען אין די רייהען.

די גרופּע יונגע און עלטערע לאַנדסלייט האָבען געאַרבייט שווער צו זאַמ־לען די רעליף געלדער, וועלכע זיינען אָפּגעשיקט געוואָרען אַהיים. דער אָנפי־רער פון דער גאַנצער אַרבייט איז געווען הער דזשוליוס קאָהען, וועלכער האָט זיך איבערגעגעבען מיט זיין גאַנצער ענערגיע צו העלפען די רעליף זאַמלונגען.

ברייסקער רעליעף קאָמיטע אין 1918



אונטערשטע רייהע פון רעכטס : דזשייק בעקער, אברהם סילבערשטיין, דזשוליוס קאָהען, לאַזער פריינד, אבא שטיינבערג, ווילי קאָהען

אויבערשטע רייהע פון רעכטס : ווילי פיעלס, דזשייקאָב ריטשמאַן, הערי ראָזענטהאַל, מאָריס ראָזען, יאָסל טורטשין, דזשייק סאָפער, גדליה הורוויטץ, אברהם ברייען און טשאַרלס קעססלער

ער האָט אַדרעסירט אַלע פאַרזאַמלונגען, געשריבען בריף, געוועקט די לאַנדס־לייט צו טאָן זייער פליכט. אַלע אינגערע מיטגלידער האָבען זיך אויך אַריינגע־וואָרפען אין דער טהעטיגקייט. די עלטערע זיינען געווען די הערען מיטגלי־דער. קאָמיטעס האָבען באַזוכט די הייזער פון די לאַנדסלייט און דאָרט באַקו־מען באַדייטענדע דאָניישאָנס.

דורך די יאָרען זיינען אַ גרויסע צאָל פון די עלטערע לאַנדסלייט גע־שטאָרבען. די אַרבייט איז פון די אינגערע אָנגעפירט געוואָרען מיט דער זעלבער ענערגיע. דער אינגערער עלעמענט האָט צוגעצויגען צו זיך פיעלע אַנדערע לאַנדסלייט, און האָבען צוזאַמען געאַרבייט צו שאַפען אַלע געלד שטי־צען וואָס זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען אַהיים, פאַר אָרימע לייט אויף יום־טוב אָדער פאַר אַביסעל באַהייצונג וואָס איז געווען בראַנד טייער, פאַר באַ־קליידונג פון קליינע קינדער, פאַר אינסטיטוציעס אין שטאָט ווי לייה קאָסעס, תלמוד תורה.

אין 1922 זיינען שוין אין ניו יאָרק געווען בריינסקער עמיגראַנטען פון דער מלחמה פעריאָד. קומענדיג יעצט פון דער היים האָבען זיי מיטגעהאָלפען אין דער רעליף טהעטיגקייט פון די פריערדיגע בריינסקער.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבען בריינסקער געמאַכט פאַרשידענע לוסט רייזעס אין יוראָפּ, זיינען געפאָרען זעהען זייערע עלטערען און פריינד, זיי איינאָרדענען דאָרט, העלפען זיי מיט וואָס מעגליך, אויך אַריבערנעמען וועמען מען קען אין אַמעריקא. אַזעלכע רייזעס זיינען געמאַכט געוואָרען פון וויליאַם קאָהען, פון סעם און לואיס ווערפּ, פון בנימין זעלווין, און אַנדערע.

דאָס האָט זיי געגעבען אַ געלעגענהייט זיך צו באַקענען מיט דער לאַגע אין בריינסק. ווען זיי זיינען געקומען צוריק אין ניו יאָרק האָבען זיי באַקאַנט געמאַכט די היגע לאַנדסלייט מיט דעם שרעקליכען דלות וואָס הערשט אין דער היים און האָבען פאַרשטאַרקט די רעליף טהעטיגקייטען. צו דער זעלבער צייט האָבען זיי איינגעשטעלט פאַרבינדונגען מיט פאַראַנטוואָרטליכע פּערזאָ־נען אין דער היים, וועלכע זאָלען יושר׳דיג צוטיילען די געשיקטע שטיצע.

די הערען וויליאַם קאָהען און סעם ווערפּ צוזאַמען מיט דזשוליוס קאָהען זיינען געווען די גאַנצע צייט די טהעטיגסטע מיטגלידער אין ניו יאָרקער רעליף קאָמיטעט. די לאַנדסמאַנשאַפט האָט אַלע מאָל ביי מאַסענפאַרזאַמלונגען אויסגעדריקט זייער פולען צוטרויען צו זיי און צו זייער אַרבייט.

אין די ערשטע 30־ער יאָרען פאַנגט זיך אָן דער פּוילישער באָיקאָט



סעם װערפ מיט זיין פאַמיליע ביי אַ באַזוך אין בריינסק

געגען אידען, געגען אידישע געשעפטען, געגען אידישע האַנדווערקער. היט־לער'ס גיפט זאַפט זיך איין אין דער פוילישער נייער לאַנד, וואָס האָט געדאַרפט ווערען אַ פרייע רעפּובליק. בריינסק גלייך מיט אַלע אידישע שטעט און שטעטלעך ליידען זייער פיעל עקאָנאָמיש. דער רעליעף טהוט זיין פליכט, העלפט מיט וואָס ער קען.



לואיס ווערפ אויף קבר אבות אין בריינסק

די באָיקאָט באַוועגונג ווערט שטאַרקער, קריסטען ווערען מיט שטעקענס אַוועקגעטריבען פון אידישע געשעפטען. דאָס ברייננט צו פּאָגראָמען. בריינסק פאַרזוכט דעם טעם פון אַ פולשטענדיגען פּאָגראָם אין זומער 1937. דער בריינסקער רעליף פאַרשטאַרקט זיינע טהעטיגקייט, שאַפט געלד צו לינדערען די לאַגע פון די געליטענע, העלפט אינסטיטוציעס אין דער היים.

די לעצטע געלד שטיצע פאַר פסח איז אָבגעשיקט געוואָרען אין מאָנאַט מאַרטש 1939 קיין בריינסק.

די צווייטע וועלט־מלחמה מאַכט אַן ענדע פון אַלע פאַרבינדונגען מיט בריינסק. ביים ענדע פון דער מלחמה זיינען ענדליך אַרויסגעקומען פאַר דער וועלט די טרויעריגע נייעס וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט'ן גאַנצען פּוילישען אידענטום, און בריינסק בתוכם. מיליאָנען זיינען אין גאַז קאַמערען דערשטיקט געוואָרען. די וואָס האָבען זיך באַהאַלטען זיינען מיט די גרעסטע אכזריות אומ־געבראַכט געוואָרען פון די נאַציס ווען מען זוכט יעצט, צוריק שטאַרק צו מאַכען, און פון באַנדיטישע פּאָליאַקען. בלויז געציילטע מענשען זיינען לעבען געבליבען דורך נסים.

אָנפאַנג זומער 1945 ווערט דער בריינסקער רעליף ווידער טהעטיג. די עלטערע בריינסקער סאָסייעטיס אינטערעסירען זיך מער ניט מיט די לאַנדס־לייט רעליף, ווייל די מערסטע טאָן געבער זיינען דאָרט יעצט דערוויטערט פון בריינסקער נייטען, האַלטען זיך פאַר אַמעריקאַנער פון צווייטען דור.

די בריינסקער יאָנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן קלייבט אויס פון איהרע מיטגלידער אַ קאָמיטעט אָנצופאַנגען אַ רעליף אַקציע. די זעלבע וואָס זיינען אַלע מאָל געווען טהעטיג, וואַרפען זיך ווידער אַריין אין דער אַרבייט. דער ערשטער מאַסען פאַרזאַמלונג אין פאָרווערטס האָל אין מאַי 1945 קלייבט אויס הרב ר' אברהם יצחק עדעלמאַן הערן טשערמאַן, וויליאַם קאָהען טשערמאַן, סעם ווערפּ טרעזשורער און הער דזשוליוס קאָהען ווערט דער עקזעקוטיוו סעקרעטאַר. געלד זאַמלונגען ווערען דורכגעפירט טראָץ דעם וואָס עס איז ניט באַוואוסט צי עס זיינען איבערהויפּט לעבען געבליבען בריינס־קער לאַנדסלייט.

די טרויקע ווי די הערן וויליאַם קאָהען, סעם ווערפּ און דזשוליוס קאָהען ווערען אָנגערופען זיינען שוין ניט מער די יונגע לייט פון אַמאָל. דאָך זיינען זיי די ענערגישסטע, די טהעטיגסטע שאַפען מיטלען צו קענען לינדערען די לאַגע פון לאַנדסלייט ווען און וואו זיי זאָלען זיך געפינען.

אין סעפּטעמבער 1945 איז אין די אידישע צייטונגען ערשינען אַ ליסטע פון 64 מענשען געבליבען אין בריינסק. קיינע פון די צייטונגען האָבען ניט געוואוסט ווי אַזוי מען קען זיך מיט זיי פאַרבינדען. די קאָרעספּאָנדענץ איז אָנגעקומען צו אַ קאַנאַדישער צייטונג און פון דאָרט איבערגעשיקט געוואָרען צו יונייטעד סטייטס.

קייבעלס זיינען גלייך געשיקט געוואָרען צו די נעמען פון די ליסטען מיט פאָראויס באַצאָלטע ענטפערס. זיי זיינען אַריין ווי אין וואַסער. קיין

ענטפער. פּאַקעטען מיט קליידער, סיגאַרעטען, שפּייז זיינען גלייך איבערגע־געבען געוואָרען צו פירמעס וואָס האָבען אַדווערטייזט אַז זיי ווילען עס אָב־שיקען. אַלעס איז פאַרלאָרען געגאַנגען.

מיר האָבען געוויינטליך ניט געוואוסט אַז די עטליכע צענדליג בריינסקער אידען, וואָס זיינען געבליבען לעבען, זיינען יעצט נאָך אין אַ גרעסערער געג־פּאַר, דאַרפען יעצט ווידער אַנטלויפען פון בריינסק. זייגען ניט זיכער אין דער היים. אַז צו פאָהרען אָדער גיין צו פוס ערגעץ זיינען זיי ווידער אויס־געשטעלט צו לעבענס געפאַר.

מיר האָבען ניט געוואוסט אַז פיעלע פון די געבליבענע בריינסקער זיינען שוין ערגעץ איבער בערגער און טייכען ביי פאַרשידענע גרענעצען פון ווייטע און נאָענטע לענדער און מאַכען אַ פאַרזוך אינגאַנצען אַנטלויפען פון דעם וואָס האָט געהייסען היים.



חיים ווײנשטײן, לינקס מיט אַ גרופּע רעפּ־ודזשים אין סטוטגאַרט

אין נאָוועמבער 1945 איז חיים הערש ברײנסקי, ע"ה, דער ברײנסקער לאַנדסמאַן וואָס איז 25 יאָר געווען אַ מיטאַרבײטער פון דזשאָינט, פריער אין פּאַריז און דאַן אין ניו יאָרק, געקומען צו אַ מיטינג פון דער סאָסײעטי. ער האָט געבראַכט אַ בריף וואָס ער האָט באַקומען פון ביאַליסטאָק מיט אַן אַדרעס צו אַ געוויסען פּערזאָן. דער אַדרעס איז געווען אַזוי געשריבען, אַז עס האָט זיך געפּאָדערט אַ ספּעציעלער קינסטלער צו קענען וויסען די באַדײטונג דערפון. אין דזשאָינט האָט מען דעם אַדרעס ניט געקענט דעשיפרירען.

איך בין געווען ביים מיטינג אַלס סעקרעטאַר פון דער ברײנסקער סאָסײעטי. חיים הערש גיט מיר דעם בריף מיט דעם אַדרעס. קוקענדיג אויף די ווערטער האָב איך געקראָגען אַ פאַרדאַכט אַז איך קען דעם בריף ערגעץ איבערגעבען. איך נעם דעם בריף צו זיך אַהיים.

צו מאָרגענס פריה איז דזשוליוס קאָהען שוין געווען אויף אַ באַהן פיהרענדיג דעם בריף צו דעם פּערזאָן אין ווײט פּלײנס ניו יאָרק.

איך האָב גלײך געענטפערט קײן ביאַליסטאָק צו דער שרײבערין פון דעם בריף, וועלכע איז געווען חוה אָקאָן. איך האָב איר געגעבען דעם ריכטיגען אַדרעס פון אירע קרובים. איך האָב זיך אָנגעפרעגט בײ איר פּיליײכט וויס זי עטוואָס פון אַנדערע לאַנדסלײט.

דאָס איז געווען די ערשטע פאַרבינדונג וואָס איך האָב געשלאָסען מיט דער שארית הפליטה פון ברײנסק. אין יאַנואַר 1946 האָב איך באַקומען די נײעס פון די לעבען געבליבענע ברײנסקער, און פון די יעניגע וואָס זײנען אַוועק און ווייסען ניט ווען און וואו זיי וועלען ערגעץ אָנקומען. אין אַלגעמײן די גאַנצע טראַגעדיע פון אידישען פאָלק אין אײראָפּע האָט זיך אַנטפּלעקט אין איר גאַנצע שוידערליכע אומגלויביגע און טרויעריגע געשטאַלט.

פון דאַן פאַנגט זיך אָן די וויכטיגסטע אַרבײט, אויסצוגעפינען און פאַרבינדען זיי מיט זײערע משפחות אין אַמעריקע. דאָס איז געוויינטליך געווען דער ערשטער, דער וויכטיגסטער פאַרלאַנג אין דעם מאָמענט.

קײן פאַרצווייגטע פאַרבינדונג מיט די לאַנדסלײט פון אַנדערע אַמעריקאַנער שטעט האָב איך בײ יענעם מאָמענט ניט געהאַט. זײענדיג סעקרעטאַר פון בײדע עקזיסטירענדע ברײנסקער סאָסײעטיס פאַר צענדליגע יאָהרען בין איך געווען אין אַ לאַגע צו קענען באַהילפיג זיין אין דער אַרבײט.

צום באַדויערען באַלאַנגען ניט אַלע ברײנסקער לאַנדסלײט צו די ברײנסקער סאָסײעטיס.

די אַרבייט האָט זיך אַרויסגעצייגט זייער שווער. איך האָב איבערגעגעבן מיין פולע צייט, מיין גאַנצע ענערגיע דאָס צו ערפילען. דורך פאַרשידענע מיטלען האָב איך באַוויזען אַלעמען אויסצוגעפינען. איך האָב זאָפּאָרט די מענשען ביי קייבעל געלאָזט וויסען פון זייערע משפחות און זייערע אַדרעסען.

צו דער זעלבער צייט האָבען זיך שוין געפונען בריינסקער צושפרייט אין לאַגערען אין קעמפּס פון דעם טייל וואָס איז געווען פאַרנומען פון דער אַמע־ריקאַנישער אַרמיי.

אינטערעסאַנט איז די פאַרבינדונג מיט בריינסקער אין לינז, עסטרייך, אין מאָנאַט מאַי 1946, האָט אַ געוויסער מיסטער בערנסאָן באַקומען אַ קייבל פון לינז, עסטרייך. עמיצער בעט אים אויסצוגעפינען בריינסקער. ער וויל דעם קייבל איבערגעבען צו די צייטונגען. זיין פרוי הערט פון דעם און זי דערציילט עס צו אַ צווייטע שכנטע. די צווייטע שכנטע דערציילט עס צו אַ פרוי, אַן אַמעריקאַנער געבוירענע. זי הערט דעם נאָמען בריינסק, זאָגט זי מען דאַרף זיך פרעגען ביי איר שווער. ער איז אַ בריינסקער און איז טהעטיג אין רעליף. די שכנטע איז געווען מיין שנור, עוועלין קאָהען. מיין שנור דער־ציילט מיר פון דעם. איך קום צום הער בערנסאָן און ער גיט מיר דעם אָרי־גינעלען קייבל, וואָס איז דאַטירט דעם 7־טען מאַי 1946. איך האָב אַ שווערע אַרבייט אויסצוגעפינען ווער עס קענען זיין די מענשען וואָס מען זוכט זיי איך פרעג זיך גלייך אָן ביי זיי דורך קייבל פאַר אַנדערע סמנים. איך באַצאָל פאַר אַן ענטפער. דעם 16טען מאַי האָב איך שוין באַקומען אַ קייבל פון זיי און איך האָב צוזאַמען געבראַכט לייזער ווראָנע מיט זיין טאַנטע אין ברוקלין.

ווען דאָס וואָלט אַריינגעגעבען געוואָרען אין די צייטונגען, וואָס זיינען דאַן געווען פאַרוואָרפען מיט אַזעלכע נאָטיצען, וואָלט עס געוויינטליך גענומען מאָנאַטען ביז דאָס וואָלט געדרוקט געוואָרען. און דאַן פּאַסירט אַז עס ווערט גראַדע ניט געלעזען פון קיין באַקאַנטע, ווייל די נעמען זיינען מערסטענס געענדערט.

די פּאַסירונג איז שנעל באַקאַנט געוואָרען אין יענעם קעמפּ. איך באַקום צענדליגער בריף פון אַנדערע אומגליקליכע וואָגלער. זיי בעטען מיר צו טאָן דאָס זעלבע פאַר זיי. איך נעם אויף זיך צו ערפילען זייער פאַרלאַנג, אויב נאָר מעגליך. איך ווער נאָך מער באַשעפטיגט מיט דער אַרבייט. איך זוך אָב די לאַנדסלייט סאָסייעטיס, אָדער זייערע שוהלען, פרעג זיך נאָך אויף די געזוכטע פערזאָנען. ווען איך געפין זיי גיב איך זיי די בריף פון זייערע קרובים, אין

די קעמפּס. צו דער זעלבער צייט ווערען די קרובים אינפאָרמירט פון מיר ווער און וואו זייערע פריינד געפינען זיך.

איך ווער פאַרוואָרפען מיט אַזעלכע ביטעס. מיין נאָמען ווערט באַקאַנט אין די קעמפּס אַלס איינער וואָס העלפט געפינען קרובים אין אַמעריקע. איך גיב ניט אויף טראָץ דעם וואָס די אַרבייט ווערט פאַר מיר שווערער, פאָדערט כמעט מיין גאַנצע צייט. גיב אָב זייער ווייניג צייט צו מיין אייגענע באַשעפ־טיגונג. די קאָרעספּאָנדענץ פון קעמפּס צו מיר און מיינע ענטפערס גרייכען אין די הונדערטער.

אין דזשאָינט האָט מען מיר גערופען דער פּערזענליכער לאָקיישאן סוירוויס.

די צענדליגער דאַנק בריף פון די וועמען איך האָב צוזאַמען געבראַכט מיט די קרובים זיינען פאַר מיר אַ גוטע באַפרידיגונג פאַר דער שווערער אַרבייט. צו דער זעלבער צייט באַקום איך אַ בריף פון אַלטער טרוס וואָס איז אָנגעקומען פון סאָוועט רוסלאַנד אין ביאַליסטאָק. עס ווערט אַ פאַרבינ־דונג מיט די לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך אין ביאַליסטאָק. אַלטער מאַכט אַ פאַרזוך צו גרייכען די לאַנדסלייט וואָס זיינען שוין ערגעץ אין די וועגען צו פאַרשידענע קעמפּס. זיי צו אינפאָרמירען פון בריינסקער רעליף.



יוסף קאָטלאָוויטש
אויף דער שיף 4 פרייהייטען צוריקגעשיקט פון די ברעגען פון פּאַלעסטינע צו ציפּערן

אין לאָקאַל פון ביאַליסטאָקער קאָמיטעט ווערט דער נאָמען און אַדרעס פון בריינסקער סעקרעטאַר אָנגעשריבען אויפ'ן וואַנט אום אַלע וואָס ווילען זיך ווענדען צו אים זאָלען עס וויסען.

דער הויפּט וואָרט איז דאָרט געווען אַז דער „בריינסקער סעקרעטאַר" וועט געפינען אייער פאַמיליע גיכער ווי אירגענד וועלכער פּערזאָן.

(לויט אַ בריוו פון אַלטער טרוס צו מיר אין יאַנואר 1948)

דער בריינסקער רעליף האָט געשטיצט פּליטים אין שאַנכיי, איטאַליען, שוועדען, שיקט קעיר פּעקעדזשעס צו אַלע פּליטים אין די קעמפּס. געשטיצט דעם אירגון יוצאי בריינסק אין פּאַלעסטינע, אַז זיי זאָלען דאָרט קענען טאָן זייער פליכט צו די פליטים וואָס קומען אָן אין ארץ ישראל. שטיצט אויך דעם יונייטעד דזשואיש אַפּיעל.

עס קומען אָן פּליטים אין ציפּערען וואָס האָבען ניט געוואוסט פון בריינסקער רעליף. ענדליך קומט אָן ברענער וואָס איז געווען אין פאַרבינדונג מיט'ן בריינסקער רעליף דורך זיינע רייזעס פון פּוילען, עסטרייך, איטאַליען, פּאַלעסטינע. פון דאָרט ווערט ער אַוועקגעריסען פון די ענגלישע מיליטער און געבראַכט קיין ציפּערען. די בריינסקער טרעפען זיך אין ציפּערען,




יעקב קעסטין און פרוי
באַגריסען בריינסקער רעליעף צום נייעם יאָהר

געפינען אויס פון בריינסקער רעליף, זיי ווערען פאַרבונדען מיט זייערע פאַ־מיליעס וועלכע נעמען איבער די ארבייט זיי צו העלפען.

דער בריינסקער רעליף שטיצט אין ניו יאָרק אייניגע פון די פּליטים וואָס האָבען ניט ווער עס זאָל זיך מיט זיי אינטערעסירען, באַקליידעט זיי, העלפּט זיי אין אַנדערע אופנים.

דער בריינסקער רעליף האָט דורך יחידים אויסגעאַרבייט אַפידייװיטס אַרי־בערצונעמען געוויסע מענשען פון דייטשע קעמפּס. ליידער האָט דער סטייט־דעפּאַרטמענט די פּערזאָנען אָבגעזאָגט, ניט ערלויבט זיי אַריינצוקומען, ווייל זיי זיינען געכאַפּט געוואָרען ביי אַ געוואַלדיגען פאַרברעכען. זיי האָבען אין קעמפּ פאַרקויפט אַ פּעקעל סיגאַרעטען. זיינען זיי שוין ניט ווערט אָנצוקו־מען קיין אַמעריקע, טראָץ דעם וואָס דער רעליף האָט באַצאָלט פאַראויס פאַר זייערע טראַנספּאָרטיישען.

דער בריינסקער רעליף האָט ביי מאַסענמיטינגען זיך פאַרפּליכטעט צו דרו־קען די געשיכטע פון בריינסקער חורבן, ווען די פאַקטען וועלען פון די שארית הפליטה געזאַמעלט ווערען און אָבגעשיקט ווערען קיין ניו יאָרק. אַלטער טרוס איז אינפאָרמירט געוואָרען פון באַשלוס און ער האָט מיט די הילף פון אַלע לעבען געבליבענע, געזאַמעלט די שוידערליכע פאַקטען פון בריינסקער אידען.

די אַרבייט צו שרייבען דעם בוך אין דער יעצטיגער פאָרמע איז ווידער געפאַלען אויף דזשוליוס קאָהען. זעקס מאָנאַטען האָט ער געווידמעט צו דעם בוך. דער פּלאַן צו שאַפען די געלד מיטלען פאַר'ן פּובליצירען דעם בוך איז אויסגעאַרבייט געוואָרען און דורכגעפירט געוואָרען פון אים. און איז שפּעטער ביי רעליף קאָמיטע מיטינגען גוטגעהייסען געוואָרען.

דאָס איז אַ קורצע באַשרייבונג פון די טהעטיגקייטען פון דער בריינסקער רעליף קאָמיטע אָנגעפירט פון געציילטע מענשען, און דורכגעפירט פון דעם סעקרעטאַר פון דער קאָמיטע הער דזשוליוס קאָהען.

שרייבענדיג דיזען אַרטיקעל וויל איך באַדאַנקען אַלע בריינסקער לאַנדס־לייט אין אַלגעמיין פאַר'ן וואַרעמען אָברופען זיך צו יעדען רוף פון בריינסקער רעליף קאָמיטע.

בריינסקער רעליעף קאָמיטע אין יאָהר 1945



אונטערשטע רייהע פון רעכטס : בנימין ספּעקטאָר, וויליאַם קאָהען, דזשוליוס קאָהען, הרב ר׳ אברהם יצחק עדעלמאַן, סעם ווערפּ, סעם בעקער

מיטעלסטע רייהע פון רעכטס : הערי לעווין, טשאַרלס קעסלער, היימאן נאָוואַק, אייב ברייען, טשאַרלס בערמאַן

אויבערשטע רייהע פון רעכטס : אברהם פרידמאַן, זיידל זאַלעפּסקי, יאָזעף ראָזענבלום, דזשייק סטאָלער, איזי פּיטעל, לואיס ווערפּ, בעני מאָס

# אין שיקאַגאָ

## בריינסקער אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ

דאָס איז דער נאָמען פון דער בריינסקער לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטי אין שיקאַגאָ, דער צווייטער אידישער צענטער אין אַמעריקע.

די סאָסייעטי איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1928, דורך דער איניציאַטיווע פון רבי'צין פּעני אָלשוואַנג, אַ שוועגערין פון בריינסקער באַרימטען רב ר' שמעון שקאָפּ.

די מאָטא פון דער סאָסייעטי איז „וכי ימוך אחיך והחזקת בו". זייער אַ נאָבעלע זאַך צו אונטערשטיצען דעם געפאַלענעם ברודער. די סאָסייעטי ערפילט די אויפגאַבע וואָס זי האָט זיך געשטעלט מיט'ן גאַנצען האַרצען. די גרינדונג פון דער סאָסייעטי איז אויך אַ רעזולטאַט פון די נאָך מלחמה יאָרען, ווען בריינסק האָט געדאַרפט אונטערשטיצט ווערען. ווען אירע אינסטיטוציעס און יחידים זיינען געווען אין גרויס נויט נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה.

שיקאַגא איז ספּעציעל געווען מזל'דיג האָבענדיג צווישען זייערע מיטגלידער אַזאַ פּערזאָן ווי שלום דוד וויין, דער באַרימטער פילאַנטראָפּ און בעל־צדקה, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער שיינער אינסטיטוציע, דער פרייער גמילות חסד וואָס ער האָט געגרינדעט דורך זיין גרעסטע פּערזענליכע נדבה.

די בריינסקער אייד סאָסייעטי אין שיקאַגא איז געוואָרען אַ וויכטיגע אידישע טשאַריטי אינסטיטוציע. זיי זאַמלען געלד פאַר פאַרשידענע וואהלטהעטיגע צוועקען לאָקאַלע, און אידיש נאַציאָנאַלע.

זיי קענען זייער ציעל דערגרייכען ווייל זיי האָבען ניט קיין פּראָטערנאַלע פליכטען צו די מיטגלידער. צו שאַפען געלד פאַר צדקה צוועקען איז זייער הויפּט אויפגאַבע און דערצו ווידמענען זיי זייער גאַנצע טהעטיגקייט.

דאָ איז ווערט איבערצוגעבען דעם פאַקט וואָס הער קאָהען, דער זוהן

פון מאיר שלום קאָהען, דינענדיג אין דער יונייטעד סטייטס אַרמיי, האָט געדינט אין אַמעריקאַנער זאָן פון מיוניך. זיין אַרבייט איז באַשטאַנען אויס־צורייניגען דעם געגענד פון די נאַציס. געטריי האָט ער געדינט דעם צוועק. ער האָט טויזענדער פון זיי פאַרשיקט אין לאַגערען, און געהאָלפען דאָרט די אידישע פּליטים זיך איינאָרדענען. זיי געגעבען ערלויבעניש צו אַרבייטען. פיעלע זיינען דורך זיינע פּערזענליכע באַמיהונגען ערלויבט געוואָרען צו עמיגרירען קיין אַמעריקע.

די אידען פון מיוניך האָבען אין אים געזען אַן אמת׳ן פריינד, זיך געווענ־דעט צו אים דורכ׳ן צענטראַל קאָמיטעט נאָך פאַרשידענע טובות, וועלכע זיינען אַלע מאָל ערפילט געוואָרען.

דער יונגער 22 יאָהריגער אַמעריקאַנער אָפיציר האָט זיך ספּעציעל באַ־מיהט אויסצוגעפינען צי עס געפינען זיך אין די קעמפּס בריינסקער אידען. ער האָט אויסגעפינען פינף אַזעלכע אין דעם קעמפּ, גלייך צוגעשיקט די נייעס צו זיין פאָטער ביי עיר מייל אין שיקאַגא. צו גלייכער צייט האָט ער באַקומען בריף פון זיי און האָט עס אין זיינע מייל צוגעשיקט קיין שיקאַגא צו זיין פאָטער, וועלכער האָט די אינפאָרמאַציע זאָפאָרט אָבגעשיקט קיין ניו יאָרק צו הער דזשוליוס קאָהען.

ווען איך האָב די אינפאָרמאַציע באַקומען פון שיקאַגא דורך ספּעציעל דע־ליוועריד עיר מייל, האָב איך דעם זעלבען טאָג די בריף אָבגעפירט קיין פילאַ־דעלפיא צום נאָהענטסטען קרוב פון די געזוכטע.

אַ דראַמאַטישע סצענע האָט זיך אָבגעשפּילט אין דעם סטאָר פון דעם לאַנדסמאַן צו וועלכען איך האָב געבראַכט די בריף פון זיינע קרובים. הערי ס. ביוטען, דער פילאַדעלפיער פּראָמינענטער טוער פון יונייטעד דזשואיש אַפּיעל איז אנוועזענד געווען דערביי. ער איז געקומען נאָך אַ ביישטייערונג צום אַפּיעל. הער ביוטען איז גערירט געוואָרען פון דער סצענע, פון דעם פּערזענ־ליכען אינטערעס, וואָס לאַנדסלייט צייגען אַרויס. הער ביוטען האָט מיר איינ־געלאַדען צו דינער מיט אים. ער האָט זאָגאַר אַליין ביישטייערט 25 דאָלער צום בריינסקער רעליף אין אנערקענונג פון מיין געטרייע אַרבייט.

עס איז איבעריג צו זאָגען אַז די קרובים זיינען יעצט דאָ אין אַמעריקע און געניסען פון די פרייהייט פון אונזער לאַנד.

דאָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם אינטערעס פון הער קאָהען, דער זוהן פון סעקרעטאַרי פון שיקאגער בריינסקער אונטערשטיצונגס פאַראיין צוזאַ־

מען מיט'ן פערזענליכען אינטערעס פון הער דזשוליוס קאָהען, דעם סעקרעטאַר פון ניו יאָרקער בריינסקער רעליף קאָמיטעט.



מאיר שלום קאָהען
סעקרעטאר פון בריינסקער סאָסייעטי
אין שיקאַגאָ



מתתיהו קאָהען
מאיר שלום'ס זוהן, אור אייניקל פון בריינסקער
רב ר' מאיר שלום הכהן זצ"ל

דער אַדרעס פון סעקרעטאַר פון שיקאגער עיד סאָסייעטי איז:
S. Cohen, 1417 South Central Park Ave.
Chicago 23, Ill.

## אין אַטלאַנטע

### בריינסקער קלוב אין אַטלאַנטאַ

איז דער נאָמען פון דער בריינסקער געזעלשאַפט אין אטלאנטע. טראָץ דעם וואָס דאָרט געפינען זיך בלויז געציילטע בריינסקער פאַמיליעס, האָט דער קלוב אונטער די פירונג פון סעם באַקער, טריינעס זוהן, אברהם בער דעם שמש'ס אייניקל. צוזאַמען מיט דער וואונדערבאַרער מיטהילף פון פסח טענענבוים און זיין פרוי באַוויזען צו שאַפען גרויסע סומען געלד פאַר בריינסקער אין אַלע צייטען. מערקווירדיג ווי שנעל די לאַנדסמאַנשאַפט קען פאַרזאַמעלט ווערען אין אַטלאַנטע. און נאָך שנעלער ווערט דאָרט געשאַפען געלד מיטלען, פאַר אַלע צוועקען פון הילף. זיי האָבען זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט מיט קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר בריינסק, ווען עס איז געווען נויטיג. מיר קענען

זאָגען, אַז אַטלאַנטע איז דער גײסטרײכער צענטער פון ברײנסקער לאַנדס־מאַנשאַפטען אין אַמעריקאַ. דאָס איז דערפאַר וואָס דאָרט געפינען זיך אַ גרויסע טײל לאַנדסלײט וואָס זײנען געווען די קולטור טרעגער נאָך אין יאָר 1905. פערזאָנען ווי יאָסל ליבאווסקי, שמעון רימערס זוהן, וואָס האָט צוזאַמען מיט חיים באַקער ע״ה געגרינדעט די ערשטע ביבליאָטעק אין שטאָט. דער הער לאָענשטײן טהוט אויך זײן טײל אַרבײט צום גינסטען פון זײן פרוי׳ס הײם־שטאָט. זײן פרוי איז אַרציע דעם פעלערס טאָכטער. די ביבער ברידער זײ־נען פראָמינענט מיט זײער באַדײטענדע געלד שטיצע.

פון װײטען דריקען מיר די הענד פון אַלע ברײנסקער לאַנדסלײט אין אַטלאַנטע.

אטלאנטע טהוט איר פליכט יעצט מיט׳ן פולען האַנד, אַ דאַנק צו סעם באַקער און זײנע מיטהעלפערס. זײער שטיצע האָט מיט אַ גרויסע מאָס מעג־ליך געמאַכט אַז דער בוך זאָל קענען פובליצירט ווערען.



פאָל טענענבוים און פרוי
וויכטיגער רעליעף טוהער



סעם באַקער
סעק. ברײנסקער קלוב אין אַטלאַנטאַ

דער אַדרעס פון סעקרעטאַר סעם באַקער אין אַטלאַנטע איז:
Sam Baker, 801 Washington St., S. W., Atlanta Ga.

# אין אַרגענטינע

## סאָסייעטי די עקס רעזידענטעס דע בריינסק

דאָס איז דער נאָמען פון דער בריינסקער סאָסייעטי אין אַרגענטינע. די צאָל פון בריינסקער לאַנדסלייט אין דער סאַוט אַמעריקאַנער רעפּובליק איז קליין אין פאַרגלייך מיט די ריזיגע לאַנדסמאַנשאַפט אין די נאָרט אַמעריקאַנישע גרויסע שטעט. דאָך ווערט דאָרט דורכגעפירט וואונדערבאַרע אַרבייט פאַר בריינסק אין אַלע אינסטיטוציעס וואָס העלפן בריינסקער.



אברהם לייזער זאַגעל, פרעזידענט



חיים קעסטין, סעקרעטאַר

איך בין איבערראַשט געוואָרען צו געפינען אַזאַ שיינע האַרציגע אינטעליגענטע לאַנדסמאַנשאַפט אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, ווי די וואָס ווערט אָנגעפירט פון הער זאגעל אַלס פרעזידענט און ח. קעסטין אַלס סעקרעטאַר, מיט דער מיטהילף פון די בעאַמטע. בנימין גאָלדינג, ישראל מעסעל, שמואל צוכטליער, אייזיק פענכאַרזש, חיים פישעלעוו און ראובן רוצקי. אַרגענטינע האָט זיך פאַרדינט איר פלאַץ צווישען די אמת האַרציגע פריינדליכע לאַנדסמאַנשאַפטען אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען אַלע מאָל גרייט אויסצושטרעקען אַ הילפס האַנט צו אַלע בריינסקער וואו זיי געפינען זיך.

ליבע האַרציגע פריינד פון דער סאָסייעטי דע עקס רעזידענטעס דע בריינסק צוזאַמען מיט אַלע מיטגלידער אייערע אין בוענאָס איירעס, זייט באַגריסט פריינד פון ווייטען אַרגענטינע.

דער אַדרעס פון פרעזידענט פון בריינסקער לאַנדסלייט סאָסייעטי אין אַר־גענטינע איז:

H. Zagiel, Tres Arroyos 771, Buenos Aires, Argentina

## אין יאָהאַניסבורג, סאוט אַפריקע

### בריינסקער פאַראיין אין יאָהאַניסבורג, סאַוטה אַפריקע

דאָס איז דער נאָמען פון די בריינסקער סאָסייעטי אין אַפריקע, דער עק־זיסטענץ פון דער געזעלשאַפט איז פאַר מיר געווען אַ נייעס. ערשט אין אָנפאַנג יאָר 1946 האָב איך ערפאַהרען פון גרויסע מאַטעריאַלע שטיצע וואָס זיי האָבען געשיקט צו די לעבען געבליבענע בריינסקער וואָס האָבען זיך געפונען אין ביאַליסטאָק. דאָס האָב איך זיך דערוואוסט דורכ׳ן דזשאָינט.

נאָך מער בין איך איבערראַשט געוואָרען פון זייער וואַרימען אינטערעס אין בוך „בריינסק״ וואָס זיי האָבען גענומען, זיך געבעטען רחמים ביי מיר איך זאָל חלילה ניט פאַרקירצען די אַרבייט פון בוך, ווען איך וועל אים שריי־בען, אָדער איבעראַרבייטען.

איצט איז די סאָסייעטי פאַרבונדען מיט׳ן בריינסקער רעליף. אָפטע קאָ־רעספּאָנדענציעס ווערען צו מיר געשיקט פון די טהעטיגע מעמבערס, ספּע־ציעל פון חנה סמורזשיק און הינדע ליס.

אַלע בריינסקער לאַנדסלייט זיינען דאָרט אָנגעשלאָסען אין דער אָרגאַני־זאַציע. זייער אַרבייט דאָרט צו שאַפען שטיצע פאַר אַלע בריינסקער אין קעמפּס, ציפּערן, ארץ ישראל, איז באַדייטענד.

דער ערשטער טראַנספּאָרט קליידער און שפּייז איז אָנגעקומען אין ביאַ־ליסטאָק פאַר די בריינסקער פון דער יאהאניסבערגער אָרגאַניזאַציע. דער פּרע־זידענט איז דער הער מ. פּעק, חנאלע דעם פאַרבערס איניקל. די ניו יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט האָט געהאַט דעם פאַרגעניגען זיך צו באַקענען פערזענליך מיט דעם פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי, ווען ער אַלס אַ גאַסט אין ניו יאָרק האָט באַזוכט אונזער מיטינג. זיין שעהנע רעדע, זיין וואַרימער אינטערעס פאַר בריינסק האָט אונז באַגייסטערט, ספּעציעל זיין שיינער ענגליש מיט דעם אָקספאָרד אַקצענט, האָט צופרידענגעשטעלט אַלע אַמעריקאַנער מיטגלידער,

וואָס זיינען געווען ביי דעם מיטינג. עס איז ווערט צו דערמאָנען אַז ביי דעם מיטינג צו באַגריסען הער פּעק זיינען אנוועזענד געווען 200 מענטשען.

ביי דער זעלבער פאַרזאַמלונג זיינען אויך אנוועזענד געווען בערל סאַשין מיט זיין פרוי. דאָס איז מרדכי פוהרמאַנס זוהן. זיי זיינען פון די וויכטיגסטע מיטאַרבייטער אין דער בריינסקער סאָסייעטי אין יאהניסבערג. הינדע ליס די סעקרעטאַרין פון דער סאָסייעטי איז אַ טאָכטער פון דעם בערל סאַשין. אָט אַזוי האָבען זיך באַגעגענט די וויכטיגסטע טוער פון בריינסקער לאַנדס־לייט אין אַפריקע מיט די ניו יאָרקער מיטגלידער, זיך באַקענט, און צוזאַמען באַשלאָסען אָנצוהאַלטען די פאַרבינדונג וואָס זועט זיכער ברענגען גוטע רע־זולטאַטען.

די 21 בריינסקער פאַמיליעס אין אַפריקע האַלטען זיך צוזאַמען, ספּע־ציעל איז דער אינטערעס פאַר אַלע בריינסקער טהעטיגקייטען זייער גרויס ביי זיי.

מיר באַגריסען אייך אַלע לאַנדסלייט פון יאהאניסבערג, סאוטה אַפריקע. בריינסקער פון דער גאַנצער וועלט שטרעקען אויס צו אייך ליבע פריינט אַ ברייטען, האַרציגען שלום עליכם.

דער אַדרעס פון דער סעקרעטאַרין פון בריינסקער סאָסייעטי אין יאָהאַ־ניסבערג איז:

H. Lees, 561 Jules Street, Marvern, Johanesburg, South Africa

## ברייסקער פאַראיין אין יאָהאַניסבורג, סאוטה אפריקע

ערשטע רייהע פון רעכטס : מאָטל פעק טשערמאַן, לינא שאַמעס, אַרטשיק פעק, חייה מילגנער און שוירלי סאַסין
צווייטע רייהע : יאָספּע סקורניק, מיכלע אדעסניק, רבקה סאַסין, באַבקע פעק, שרה וויינער, רייזל אַלביטער, און חנה ריפקע
דריטע רייהע : חלאַוונע קאָב, זיידל אַדעסניק, בערל סאַסין, שואלקע פריבוט, איטשע מאיר פעק, חיים פריבוט, וועלוועל אַלביטער, און חיים ריפקע
אויבערשטע רייהע : הערי הערים, ווייס טשערמאַן, מלכה לעווין, אברהם יצחק סאַסין, גיטל בירגער־סאַסין, ברכה הערים־וויינער, אברהם ליס, און הינדע סאַסין־ליס סעקרעטאַרין

# אין ארץ ישראל

## אירגון יוצאי ברייגסק תל אָביב

דאָס איז דער נאָמען פון דער בריינסקער סאָסייעטי אין ארץ ישראל.

נאָך אַלע שוידערליכע איבערלעבונגען פון די שארית הפליטה פון אייראָפּעאישען יודענטום ווערען זיי געהאַלטען אין לאַגערען אין די פאַרשידענע זאָנעס פון די אָקופּירענדע לענדער, אָהן וועלכע עס איז האָפענונגען זיך קענען ריאַביליטירען און אָנפאַנגען אַ לעבען פון זעלבסטשטענדיגע נוצליכע מענשען.

די פּליטים אין די לאַגערען זיינען נאָך ביז איצט אָנגעוויזען אויף צדקה פון אידישע קאָמיטעטען. קיין לאַנד האָט פאַר זיי ניט קיין פּלאַץ. אַלע טהירען זיינען פאַר זיי געשפאַרט. איבעריגע באַשעפענישען זיינען זיי אין דער וועלט.

פאַר יעדער לאַנד געפינט זיך מיליאָנען איר צו העלפען אין דער איבערגאַנגס פעריאָדע פון מלחמה צו פרידען, נאָר ניט פאַר קיין אידען.

פאַר אַלע לענדער זיינען פאַראַן פּלענער זיי צו העלפען זיך צו שטעלען אויף די פיס. מיליאָנען אַמעריקאַנער דאָלאַרען ווערען אויסגעגעבען צו העלפען די דייטשען וואָס האָבען זיך אַרויסגעצייגט צו זיין די ערגסטע פאַרברעכער וואָס די וועלט געשיכטע האָט ווען עס איז אַרויסגעגעבען.

נאָך מער, אַמעריקאַנער מיליאָנען ווערען געוואָרפען אויפצוהאַלטען דער באַנקראָטירטער היסטאָרישׂ צוויי זייטיגער ענגלאַנד פון אַ פאַלשטענדיגער צוזאַמענברעכונג, ניט אַכטענדיג דערויף וואָס די פאַלשע ענגלאַנד באַנוצט די אַמעריקאַנער מיליאָנען צו העלפען די אַראַבער, שונאים פון די אַליאירטע אין דער צייט פון דער מלחמה און דירעקטע העלפער צו די נאַציס.

טויב און שטום איז די וועלט צו דער אידישער לאַגע. די זאָגענאַנטע ציוויליזירטע פעלקער זיינען געבליבען טויב צו די גסיסה געשרייען פון זעקס מיליאָן אומשולדיגע נפשות, וואָס זיינען אומגעקומען אין די גאַז קאַמערען און די קרעמאַטאָריומס.

שטום זיינען די ציוויליזירטע לענדער געוואָרען. קיינער וויל ניט אָדער וואַגט ניט אַרויסרעדען דאָס וואָרט „גענוג". זאָל נעמען אַ ענדע צו דער שענדליכער האַנדלונג מצד דער וועלט קעגען די שארית הפליטה, וועלכע האָבען געבראַכט די גרעסטע צאָל קרבנות.

ניט ווילענדיג רייסט זיך דורך אַ געדאַנק אַז היטלער האָט געוואונען די מלחמה אַנטקעגען די אידען. דער פאַקט אַליין וואָס יעצט ווען היטלער איז שוין דריי יאָר טויט, ווערען זיינע פּלענער געגען אידען דורכגעפירט מיט אַ טייפּעלשער פּינקטליכקייט. ניט מער פון זיינע נאַציס, נאָר יעצט שוין פון אַלע זאָגענאַנטע ציוויליזירטע פעלקער. אין דער שפּיצע שטעהט יעצט די רעגירונג וואָס איז געווען היטלערס גרעסטער קרבן, די לאַנד וואָס האָט באַצאָלט דעם גרעסטען פּרייז פאַר איר פּאָליטישע הילף צו היטלערן. די לאַנד וואָס איז יעצט געוואָרען אַ צווייטע און אפשר אַ דריטע קלאַס מאַכט, פאַנגט אָן אַ שרעקליכען קאַמפּיין קעגען אידען, נעמט אָן די פריינדליכע שטיצע פון היטלער׳ס לעבען געבליבענעם מיטהעלפער דעם מופטי, און צוזאַמען שטייען זיי געאַרעמט אין קאַמף אַנטקעגען ישראל׳ס לעצטע האָפענונגען אויפ־צובויען פאַר זיך אַ היים אין פּאַלעסטינע.

ווען די יונייטעד ניישאָנס האָבען באַשלאָסען צו געבען די אידען אַ טייל פון ארץ ישראל וואָס זיי האָבען מיט זייער בלוט און שוייס פון אַ וויסטעניש אַ בליהענדע לאַנד געמאַכט, האָט ענגלאַנד אומפאַרשעמט דערקלערט אַז זי וועט זיין צופרידען מיטצוהעלפען אין יעדען פּלאַן וואָס וועט פון די אידען און אַראַבער איינשטימיג אָנגענומען ווערען. וויסענדיג זייער גוט אַז זי אַלס די מאַנדאַטען מאַכט אין פּאַלעסטינע האָט 25 יאָהר געזייט די לערע פון האַס און גיפט צו די אידישע פּיאָנירען וואָס האָבען געבויט דאָס לאַנד, און די מעג־ליכקייטען פאַר אַ פריינטליכע פאַרשטענדעניס איז ניטאָ מען צווישען זיי. ווי אונפאַרשעמט.

ענגלאַנד האָט געהאָפט אַז ישראל וועט בעקומען דעם טויט קלאַפּ פון די אַראַבישע אַרמייען וואָס זיינען פון איהר געשטודירט געוואָרען, און באַ־וואָפענט מיט איהרע קאַנאָנען, געשפייזט מיט איהרע ברויט, באַקרוינט מיט די ענגלישע אַנערקענונג, און געשטיצט מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרען וואָס זי באָרגט, קיינמאָל ניט אַוועק צו געבען צוריק.

דער אומגעלומפּערטער נאַרישער ענגלישער שווינדעל ווערט אָבער ארויס־געזעהן פון יעדען. די אידען אין פּאַלעסטינע האָבען געזעהן די גרויסע חכמה פון דעם בריטיש פּאָריין אָפּיס. און האָבען זיך געגרייט צום טאָג ווען בעווין וועט איבערצייגט ווערען אַז די אידען זיינען אין ארץ ישראל צו פאַרבלייבען. און ניט אַלס ענגלישע אָדער אַראַבישע אונטערטאַנען, נאָר בירגער פון אַ איי־גען לאַנד, — ישראל.

דאָך מאַכען זיך ענגלאַנדס פאַרטרעטער תמ׳עוואַטע און פיהרען די זעלבע אידען־פרעסערישע פּאָליטיק אין דער יונייטעד ניישאָנס.

די וועלט זעט אָבער די אַנדערע זייט פון דער מטבע אַז ענגלאַנדס ציעל אין מיטען מזרח האָט געקענט דערגרייכט ווערען מיט אַ אידען פריינדליכע פּאָליטיק, בעסער ווי דורך דער פּראָ־אַראַבישע אַגיטאַציע.

ענגלאַנד קען זיך פאַרגינען צו ספּענדען מיליאָנען אַמעריקאַנער דאָלארס צו העלפען איהר אין דער פינסטערער אונטערנעמונג, אָבער דער טאָג פון רעכענונג וועט קומען. די אידישע בלוט וואָס ווערט פאַרגאָסען אין ישראל וועט פאַלען אויף די קעפּ פון די שולדיגע.

אין די פאַראייניגטע שטאַטען, די לאַנד, פון פרייהייט, גלייכהייט, און פעיר־פּלעי, איז ענדליך אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ געזעץ, צו פאַרלייכטערען די עמיגראַציע פון רעפּיודזשיס, קרבנות פון היטלעריזם. זייער אַ פיינע זאַך. איז אָבער דער געזעץ פּראָיעקט אַזוי בעאַרבייט געוואָרען פון די געזעץ־געבער פוןביידע הייזער, אַז דער גרעסטער קרבן פון היטלעריזם, ישראל וועט פריהער אויסשטאַרבען אין די די. פּי. קעמפּס ביז ער וועט קענען אַריינ־קומען אין די פאַראייניגטע שטאַטען. אַ נייעם דור המדבר האָבען די קאָנ־גרעסלייט און סענאַטאָרען באַשאַפען אויף 40 יאָר.

דאָס זעלבע האָבען געטאָן אַל׳ע אַנדערע לענדער וואָס באַזיצען טויזענטער מיילען ליידיגע לאַנד וואָס וואַרט און בעט זיך מען זאָל קומען עס באַאַרביי־טען. פאַר אידען זיינען די טירען פאַרשלאָסען.

איז דען אַ וואונדער וואָס די שארית הפליטה האָבען זיך מיט אידישע עקשנות געשטעלט איין ציעל צו דערגרייכען די ברעגען פון ישראל, וויסענדיג גאַנץ גוט, אַז זיי וועלען זיך ווידער דאַרפען שטעלען אין די רייהען פון קעמ־פער פאַר זייער אַלטער קיינמאָל ניט פאַרגעסענער היים?

צווישען די הונדערט טויזענד פּליטים וואָס האָבען זיך געשטעלט דעם ציעל, געפינען זיך אויך אונזערע בריינסקער לאַנדסלייט. ביסלעכווייז נאָך די גרעסטע שוועריגקייטען גרייכען זיי דעם ציעל. קומען אָן אין ארץ ישראל וואו זיי שליסען זיך אָן אין די רייהען פון דער העלדישער ישראל אַרמיי, וואָס האָט געגעבען נאָטיס צו דער גאַנצער וועלט אַז קיין אידישע בלוט וועט מער ניט זיין הפקר. קיין אידען וועט מען מער ניט פיהרען אין קיין גאַז קאַמערען ווי די אומשולדיגע שעפּסעלעך. אַז דאָס אידישע פאָלק וועט זיך ניט לאָזען מקריב זיין אויפ׳ן מזבח פון אַראַבישע אויל. אַז ענגלאַנד וועט

ווידער באַצאָהלען דעם פּרייז פאַר איהר זאָגענאַנטער (סטופּיד בריטיש פּאָריין פּאַליסי) אָנגעפיהרט פון אָפענעם שונא בעווין, וואָס גייט אין די פוס־טריט פון טשעמבערליין.



י. צ. אפרתי
סעקרעטאַר אירגון יוצאי בריינסק

דער אירגון יוצאי בריינסק אין תל אביב פאַרנעמט זיך מיט דער אַרבייט צו דערלאַנגען די דאָזיגע בריינסקער פּליטים אַ פריינטליכע האַנט, העלפט זיי מיט אַלעס מעגליך זיך איינאָרדענען דאָרט.

אין דער שפּיצע פון דעם אירגון יוצאי בריינסק געפינען זיך פּראָמינענטע בריינסקער לאַנדסלייט וואָס האָבען זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו העלפען די בריינסקער. הער יוסף חיים העפטמאַן (עמנואל), דער באַריהמטער רעדאַק־טאָר, איז דער פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי, און י. צ. אפרתי איז דער סעק־רעטאַר דאָרט.

די פּליכט פון די בריינסקער לאַנדסלייט אין דער גאַנצער וועלט איז יעצט צו שטאַרקען די הענד פון אירגון יוצאי בריינסק, אַז זיי זאָלען האָבען די פולע מעגליכקייט צו לייסטען אמת'ע הילף צו אַלע בריינסקער וואָס זיינען אָנגעקומען און וועלען אין גיכען אָנקומען אין ארץ ישראל. צו קענען זיי העלפען אָנצופאַנגען אַ נייעם לעבען אין לאַנד ישראל וואָס וועט זיכער איבער־לעבען אַלע אירע שונאים און וועט לעבען און זיין אַ שטאָלץ אין דער וועלט לאַנג נאָך דעם ווי די בריטישע אימפּעריע וועט בלויז זיין אַ בלאַט געשיכטע, פאַרגעסענע געשיכטע.

זייט באַגריסט חברים פון אירגון יוצאי בריינסק אין תל־אביב. בריינס־קער לאַנדסלייט אין דער וועלט זיינען מיט אייך.

דער אַדרעס פון אירגון יוצאי בריינסק איז:

י. צ. אפרתי, רחוב אחד העם 98, תל אביב ישראל.

# בריינסקער פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס

## בריינסקער יאָנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן

דאָס איז דער נאָמען פון דער וויכטיגסטער בריינסקער לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטי אין ניו יאָרק. זי איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1904 אַלס אַן אַפּאָזיציע צו דער עלטערער בריינסקער סאָסייעטי וואָס האָט שוין דאַן עק־זיסטירט איבער צעהן יאָר. צוויי פון איהרע גרינדערס זיינען געווען בריינס־קער, די איבעריגע זיינען ווישאַנקער.

זייער שווערע צייטען האָט די יונגע געזעלשאַפט דורכגעמאַכט אין די ערשטע יאָהרען פון איר עקזיסטענץ. זי האָט זיך געזעצליך פאַרפליכטעט צו צאָלען געוויסע בענעפיטען צו קראַנקע און נויטליידענדע מיטגלידער. דאָך האָט זי איהרע אָבליגאַציעס דורכגעפירט אויף אַ הערענהאַפטען שטייגער. אַ דאַנק די אמת׳ע געטריישאַפט וואָס איינגע יונגע לאַנדסלייט האָבען אַרויסגעצייגט צו דער סאָסייעטי. מיט אמת׳ע איבערגעבענהייט האָבען די יונגעלייט געאַרבייט צו שאַפען געלד מיטלען צו פאַרשטאַרקען די סאָסייעטי און פאַרגרעסערען איר פּרעסטיזש.

פיעלע פון די מיטגלידער זיינען שוין יעצט ניטאָ. די צייט האָט זיי אַוועקגעריסען, מאַנכע גאַנץ יונג. עס איז ווערט די לייטע צו דערמאָנען. דאָס זיינען געווען משה יאַנטשעס, פריינק באָס, זעליג זאַלצמאַן, אייזיק טשאַדוויק פון סאָקאָלע, דזשייקאָב מאַגיד, און לואיס פאַקס. שטענדיג וועט די סאָסייעטי געדיינקען די געטרייע אַרבייט פון דיזע פאַרשטאָרבענע מיטגלידער.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערען די יעניגע מיטגלידער וואָס שטייען ביז היינטיגען טאָג אין די רייהען פון די טהעטיגע מעמבערס. צווישען אַזעלכע פאַרנעמען אַ בכבוד׳ן אָרט די לאַנדסלייט טשאַרלס קעסלער, (שואלקע קאַשטאַן פון דער הים), הערי סטיין, דאָס איז זושע שניידערס איידעם, היימאַן נאָוואַק, שלומה היצלס איידעם, פיעלע פון די מעמבערס וואָס זיינען ביז לעצטענס געווען טהעטיג זיינען יעצט צוליב פאַרשידענע אורזאַכען ניט אימשטאַנד צו

געבען די זעלבע מאָס אַרבייט וואָס זיי האָבן געקענט טאָן ווען זיי זיינען געווען אינגער. זיי דאַרפען אויך דערמאָנט ווערען, דאָס זיינען אַזעלכע לאַנדס־לייט ווי מאָריס סילבערשטיין, היימאַן פאָקס און העריס גרינבערג.

אַלע האָבן אין זייערע צייטען פיעל געהאָלפען אַז די בריינסקער יאָנג מענס זאָל יעצט פאַרנעמען דעם אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער לאַנדסמאַנשאַפט.

די בריינסקער סאָסייעטי איז געווען מזל'דיג מיט דעם וואָס אין די 20־ער יאָרען זיינען צוגעקומען נייע מיטגלידער וועלכע האָבן איבערגעשטיגען אין אמת'ע האַרציגע געטרייע טהעטיגקייט אַלעס וואָס אירגענד וועלכע סאָסייעטי האָט ווען עס איז געהאַט. דאָס זיינען זעלבסט פאַרשטענדליך די מיטגלידער וואָס זיינען יעצט ביי אַלעמען באַוואוסט אַלס סעם ווערפּ און ווילי קאהען.

די צוויי מיטגלידער האָבן אַריינגעבראַכט מיט זיך אַ נייעם שטראָם יונגע לאַנדסלייט, נאָר וואָס אָנגעקומענע פון בריינסק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די מיטגלידערשאַפט פאַרגרעסערט זיך געוואַלדיג. דורך זייער איינפלוס אויף אַלע וואָס קומען אַריבער פון בריינסק.

זיי ווערען צו דער זעלבער צייט זייער פראָמינענט מיט'ן שאַפען פינאַנציעלע מיטלען צו פאַרשטאַרקערען און פאַרזיכערען די צוקונפט פון דער בריינסקער יאָנג מענס. זיי אַרבייטען צוזאַמען מיט די פריער דערמאָנטע פערזאָנען און ווערען די פיהרערס, די וואָרט זאָגערס אין דער סאָסייעטי, וועלכע ווערט אַלץ מעד באַקענט אין דער לאַנדסמאַנשאַפט.

אין די 30־ער יאָרען פאַנגט זיך אָן אַ צופלוס פון מעמבערס וועלכע זיינען מערסטענס קינדער פון לאַנדסלייט, אַמעריקאַנער געבוירענע, ענגליש רעדענדע. אַ נייער מאָדערנערער גייסט ווערט אַריינגעפירט אין דער סאָסייעטי. די אידישע שפּראַך שוין אַביסעל פאַרענגלישט.

דער אַמט אין דער סאָסייעטי אַלס פּרעזידענט ווערט פאַרנומען פון די יונגע אַמעריקאַנער נייע מיטגלידער. דאָס איז בנימין ספּעקטאָר, דער אידים פון זעליג זאַלצמאַן.

יוסף יאַווראָפסקי, יעקב יצחק דעם טאָקערס אייניקל איז אויך געווען פּרעזידענט אייניגע טערמינען.

יוסף ראָזענבלום, דעם פּאָרצעלייניקס אייניקל פאַרנעמט שוין עטליכע יאָר דעם אַמט אַלס וויס פּרעזידענט.

הער דזשוליוס קאָהען איז דער פינאַנס סעקרעטאַר אין דער סאָסייעטי

פון יאָר 1931 ווען ער איז געדרעפטעט געוואָרען צו דינען די אינטערעסען פון דער בריינסקער יאָנג מענס. זיין אומפּאַרטייאישע האַלטונג, זיין אינטע־ליגענץ, העלפט די פאַראייניגונג פון די אַמעריקאַנער יונגע לייט מיט די עלטערע לאַנדסלייט.

וויכטיגסטע מיטגלידער פון בריינסקער יאָנג מענס



אונטערשטע רייהע פון רעכטס: יוסף ראַזענבלום, דזשוליוס קאָהען, בנימין ספּעקטאָר און היימאַן נאָוואַק

אויבערשטע רייהע פון רעכטס: סעם ווערפ, וויליאַם קאָהען, און טשאַרלס קעסלער

די מיטגלידערשאַפט באַשטייט יעצט אַרום 240. צוזאַמען מיט די משפחות אַרום 1000 פּערזאָן, כן ירבו.

די אַלע פינף יעהרליכע פייערונגען וואָס די סאָסייעטי האָט דורכגעפירט זיינען געווען גרויסע יום־טובים ביי דער לאַנדסמאַנשאַפט. אַלע מאָל געפינען מיר אַז דער לאָקאַל איז צו קליין פאַר די הונדערטע וואָס ווילען בייוואוינען די פייערונגען.

איינע פון די היסטאָרישע צוזאַמענקונפטען פון דער סאָסייעטי איז געווען מאַי דעם 9־ען 1943 אין פּענסילווייניע האָטעל באָל רום. דאָרט איז גע־וואָרען אויפגעוויקעלט דער האָנאָר ראָל פון בריינסקער יוגענד וואָס זיינען געווען אין דער אַרמיי פון די פאַראייניגטע שטאַטען, איבער 60 אין צאָל.

די רעדעס פון הרב ר' אברהם יצחק עדעלמאַן, בנימין ספּעקטאָר און דזשוליוס קאָהען וועלען זיין אין שטענדיגען אנדיינקונג ביי אַלע לאַנדסלייט.

# Brainsker Young Men's Benevolent Association

## Honor Roll

### In the Service of Their Country

1941 —

Herbert Cohen
Seymour Pollack
Leonard Heckelman
Sam Appelbaum
Wilfred Singer
Max Silverstein
Herman Rosenberg
Saul H. Wynshaw
Jacob Levine
Sol Pittel
Melvin Powell
Benjamin Horowitz
William Silverstein
Isadore Narimofsky
Harold Webman
Harry Gottlieb
Bernard Berman
Bernard Bryan
Milton Handel
Dr. Charles Saltzman

Sidney Kessler
David P. Greenberg
Robert A. Pollack
Henry Smith
Louis Novick
A. B. Silverstein
Bernard Wynshaw
Bernard Fein
Harry J. Rossenberg
L. G. Diskin
Irving Ross
J. M. Lubar
Abie Kantrowitz
Sam Rockmaker
Harold D. Webman
Harry Pollack
Herman M. Kefkowitz
Seymour S. Weinberg
Harold Bryan
Morris Schechter

B. H. Rosenberg
Isadore Burak
Bernard Piels
Paul Smith
Emanuel Novick
Leo Silverstein
David Wynshaw
Norman Fein
Sidney Fox
Philip H. Cole
David Horowitz
Jack Silverstein
Harry Burack
Herman Cohen
Leon Myssiorek
Stanley M. Feinman
Stanley Goldstein
Louis Shuman
Harry Wilkins
Jacob Brown

ערען־ליסטע פון די מעמבערס זיהן וועלכע האָבן געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי

קאַפּיטאַן פיליפּ ה. קאָל, דער זוהן פון דזשוליוס קאָהען צוזאַמען מיט סאַרדזשענט האָראָוויץ, דער זוהן פון לואיס האָראוויץ האָבען איבערגעגעבען דעם האָנאָר ראָל צום פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי, הער בנימין ספּעקטאָר אונטער אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטען און גליק ווינשונגען.



קאַפּיטאַן פיליפּ ה. קאָל



סאַרדזשנט האָראָוויטץ

אַלע זיינען דאַנקען גאָט צוריקגעקומען פון דער מלחמה גאַנץ און אומ־באַשעדיגט.

די פאַרזאַמלונג איז פאַרבליבען אין די אַנאַלען פון די סאָסייעטי אַלס איינע פון די וויכטיגסטע ביז היינטיגען טאָג.

דער אַדרעס פון פּרעזידענט איז:

Benjamin Spector, 150 Nassau Street, New York 7, N. Y.

## בריינסקער בראָדערס אייד אַסאָסיאיישאָן

דאָס איז די עלטערע בריינסקער סאָסייעטי. וועלכע איז געגריינדעט גע־וואָרען אין יאָר 1894 פון צוויי באַרימטע בריינסקער לאַנדסלייט פון באַרימטע בריינסקער איינגעזעסענע פאַמיליעס. שמעון ווילק, יעקב־מרדכי דעם חסיד'ס אַ ברודער און אברהם בראון, יענקל סאַנקעס.

די סאָסייעטי וועלכע איז דאַן באַשטאַנען פון די עלטסטע בריינסקער אימיגראַנטען האָט איבערהויפּט געהאַט זייער אַ שווערען עקזיסטענץ, ווייל ביי יענער צייט האָט אַ סאָסייעטי געדאַרפט און געמוזט ערפילען פיעלע פליכ־

טען. די נייע אריבערגעקומענע עמיגראַנטען זיינען געווען פרעמד אין דער גרויסער וועלט שטאָט. זיי האָבען געדאַרפט האָבען ווער עס זאָל זיי אָנצייגען אַ דרך, געפינען ארבייט פאַר זיי. די מיטגלידער פון דער סאָסייעטי האָבען די פליכטען זייער שיין דערפיהלט. אויסער די געזעצליכע אָבליגאַציעס וואָס אַזאַ פאַראיין האָט זיינען די סאָציאַלע פונקציעס אויך גוט דורכגעפירט געוואָרען.

פון יאָר 1906 איז דער הער דזשוליוס קאָהען פאַרבונדען מיט דער בריינסקער סאָסייעטי אַלס רעקאָרדינג סעקרעטאַר און אַרום 35 יאָר אַלס פינאַנץ סעקרעטאַר.ביים אָנפאַנג פון יאָר 1948 האָט דזשוליוס קאָהען רעזיגנירט פון זיין אַמט. ער האָט געוואָלט אַביסל זיך באַפרייען פון די שווערע סאָציאַלע אָבליגאַציעס וואָס ליגען אויף אים שוין העכער 40 יאָר. דערצו דער בריינסקער רעליף נעמט אַוועק אַ סך צייט פון אים, האָבען די מיטגלידערשאַפט אים באַפרייט. נאָר האָבען אים געוויילט איינשטימיג אַלס פרעזידענט.

אין די 54 יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט די בריינסקער בראָדערס דורכגעלעבט פאַרשידענע קריזיסען און איז אַלע מאָל געבליבען אַ שטאַרקע סאָסייעטי. אירע פיהרער פון פאַרשידענע צייטען זיינען געווען באַקאַנטע בריינסקער לאַנדסלייט פון עלטערען דור, וואָס זיינען שוין ביי יעצטיגען טאָג אויפן עולם האמת. דער ערשטער גרינדער איהרער שמעון ווילק איז געשטאָרבען אַ פאַרהעלטניס מעסיג יונגער מאַן אין יאָר 1916. דער צווייטער גרינדער אברהמע יענקל סאַנקעס איז געשטאָרבען אין יאָהר 1941.

איינציגע פון די גאָר ערשטע מיטגלידער זיינען נאָך היינט טראָץ זייער הויכע עלטער זייער טהעטיג אין דער סאָסייעטיס אַקטיוויטעט. דאָס זיינען די צוויי וועטעראַנען,ביידע ניט קיין בריינסקער. ישראל סנדלר. ער איז חיה אסתר׳ס איידעם. דער צווייטער הער היימאן גרינשפאַן איז פון אָרלע. ער האָט בלויז געאַרבייט אין בריינסק אין יאָר 1880.

איינער פון די וויכטיגסטע אנערקענטע פירער פון דער בריינסקער בראָדערס איז לואיס קאסאפסקי, אַ ביאַליסטאָקער, משה חסיד׳ס אַ זוהן. דער לואיס קאסאפסקי איז טהעטיג אין דער סאָסייעטי שוין אויך באַלד 40 יאָר, איז יעצט פון די וויכטיגסטע בעאַמטע אַלס קאַסירער.

די צאָל מיטגלידער אין דער בריינסקער בראָדערס ווערט אַלע מאָל קלענער צוליב טויטענפעלע. קיין אינגערע צייגען זיך ניט מער.

ביים יעצטיגען מאָמענט זיינען די קינדער פון ערשטען גרינדער שמעון

ווילק געקומען צום באַשלוס צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ אין דער סאָסייעטי וואָס זייער פאָטער האָט געגרינדעט. אָט אַזוי זיינען דזשייקאָב ווילק און סע־מיועל ווילק, שמעונ'ס צוויי זיהן די יעניגע וואָס האַלטען אָן די קייט וואָס זייער פאָטער האָט אָנגעפאַנגען אין יאָר 1894. די בריינסקער בראָדערס אייד אַסאָסיאיישאָן האָט זיך אַלע מאָל וואַרעם אָבגערופען אויף אַלע לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע אידישע נויטען. טראָץ דעם וואָס זי איז געווען אַ קלענערע אָר־גאַניזאַציע זיינען איהרע ביישטייערונגען צום אידישען אַפּיעל געווען באַדיי־טענד גרעסער ווי די יונגע גרעסערע סאָסייעטי.


שמעון ווילק
ערשטער גרינדער


לואיס קאַסאָפּסקי
איצטיגער קאַסירער

בלויז יעצט, ווען די מיטגלידערשאַפט איז פיעל פאַרקלענערט געוואָרען, איז די סאָסייעטי געצוואונגען צו שניידען דעם אַלגעמיינעם בודזשעט, במילא אויך דעם בודזשעט צו אַלע אַנדערע אידישע אַנשטאַלטען און אינסטיטו־ציעס. די שטיצע צום יונייטעד דזשואיש אַפּיעל איז אָבער פאַרדאָפּעלט געוואָרען.

די בריינסקער בראָדערס אייד אַסאָסיאיישאָן ווערט ביי היינטיגען טאָג געציילט אין ניו יאָרק צווישען די אַלטע אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען סאָ־סייעטיס נאָך פון דער ערשטער פעריאָדע פון אידישע עמיגראַנטען טהעטיג־קייט אויף דעם געביט פון זעלבסטהילף דורך פראַטערנאַלע מיטלען.

דער אַדרעס פון פרעזידענט איז:

Julius Cohen, 2060 Ocean Ave., Brooklyn 30, N. Y.

## בריינסקער רודף שלום

דאָס איז דער נאָמען פון דער עלטסטער בריינסקער פראַטערנאַלע אָרגאַני־זאַציע. זיך געגרינדעט אַלס אַ לאַדזש פון דעם אַלטען אידישען אָרדען ברית אברהם אין יאָר 1888, ווען דער אָרדען איז ביסלעכווייז אונטערגעגאַנגען, ווייל ער האָט ניט אנערקענט די וויכטיגקייט איינצופירען די מאָדערנע וויסענשאַפט־ליכע סיסטעם פון צאָהלונגען לויט די עלטער פון מיטגלידער.



יאָשע הערש בריינסקי, דער עלטסטער בריינסקער לאַנדסמאַן

די רודף שלום לאַדזש האָט זיך אָפּגעריסען און אין יאָר 1917 איז זי געוואָרען זעלבסטשטענדיג, האָט זיך גערופען קאָנגרעגיישאָן רודף שלום.

די עלטסטע סאָסייעטי וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון אברהם זיל־בערשטיין און יאָשע הערש בריינסקי פון די עלטסטע בריינסקער אימיגראַנטען האָט ניט געקענט צוציהען די אָנקומענדע גרויסע צאָל לאַנדסלייט און איז גע־בליבען אַ קליינע ניט וויכטיגע סאָסייעטי. איר מיטגלידערשאַפט יעצט איז אומבאַדייטענד, דאָך עקזיסטירט זי. זי האַלט אָן מיט גרויסע שוועריגקייטען אַ קליינע שוהל אויף שבתים און יום טובים אין דער איסט סייד פון ניו יאָרק, אַ דאַנק די אונערמידליכע אַרבייט פון עלטסטען בריינסקער לאַנדסמאַן אין אַמעריקע ר' יאָשע הערש בריינסקי.

דער סעקרעטאַר פון דער סאָסייעטי איז יוסף וואטניק, משה אהרן היטל־מאַכערס איניקל. זיין אַדרעס איז:

Joe Watnick, 1970 East 18th Street, Brooklyn, N. Y.

## בריינסקער ליידיס אָקזילערי

דאָס איז דער נאָמען פון דער בריינסקער פרויען אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1937 דורך די איניציאַטיווע פון די בריינסקער יאָנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן.

אין די 11 יאָר פון איר עקזיסטענץ איז די בריינסקער ליידיס אָקזילערי געוואָרען אַ וויכטיגע פרויען אָרגאַניזאַציע. זי גיט זיך אָב ספּעציעל מיט שאַפען געלד צו שטיצען לאָקאַלע צדקה אָרגאַניזאַציעס. די אקזיליאַרי שטיצט אויך יונייטעד דזשואיש אַפּיעל, הסתדרות, און אַלע אַנדערע וויכטיגע אידי־שע אינסטיטוציעס.

די ליידיס אקזיליאַרי האָט בייגעטראָגען זייער פיעל צו מאַכען די מיט־גלידער פון דער בריינסקער יאָנג מענס מער אינטערעסירט אין זייערע מיטינגען.

דורך דער מיטהילף פון שוועסטער פעני קאָהען האָט זיך די אָקזיליאַרי אינטערעסירט אין העלפען בריינסקער פּליטים אין פאַרשידענע קעמפּס מיט שפּייז פּאַקעטען. פעני קאָהען וואָס האָט דורכגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה אין בריינסק טראָץ דעם וואָס זי איז געבוירען געוואָרען אין ניו יאָרק. האָט זיך פאַראינטערעסירט אין בריינסקער רעליף אַרבייט ווען זי איז געקומען די ערשטע עמיגראַנטין אַלס אַמעריקאַנער בירגערין. זי האַלט אָן דעם אינטערעס ביז יעצט.

דורך איר מיטהילף האָט זי געווירקט אויף נייטען סטיינבערג צו שיקען דעם ערשטען טראַנספּאָרט שפּייז אין ביאַליסטאָק צו די בריינסקער וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען אין יאָר 1946. פאַר דעם דאַרף מען דאַנקען נייטען סטיינ־בערג און פעני קאָהען.

די אַקזיליארי האָט זיך וואַרעם אָבגערופען און בייגעשטייערט צום פאָנד צו העלפען פאַרווירקליכען די פּובליצירונג פון בוך בריינסק.

די וויכטיגסטע מיט־אַרבייטערינס אין דער אָקזיליארי איז שוועסטער לינאַ סטאָלער, די גרינדערין, יעצט פּרעזידענטין. זייער איין אינטעליגענטע פרוי.

לאה פּאָללאַק די פרוי פון לאַנדסמאַן דזשוליוס פּאלאַק צוזאַמען מיט איר טאָכטער איידע זעלמאַן. און שרה ליבע קאַפּלאַן, בישקע שניידערס איינקל מיט איר שנור גערטרוד אָרלינסקי טוהען זייער אַרבייט זייער געטריי.

די ווערפּ שוועגערינס חנה און דזשעסי און בעסי קאָהען די פרוי פון וויליאַם קאָהען, די וויס פּרעזידענטין חמא נאוואק, שלומה־היצל דעם חסידס טאָכטער, און די געוועזענע פרעזידענטין מרס. גאָלדשטיין, די פרוי פון לאַנדס־מאַן היימאַן גאָלדשטיין, דער שפּאַקיער זיינען אויך וויכטיגע מיט־אַרבייטאָ־רינס פאַר דער ליידיס אַקזיליערי.

די באַאַמטע פון דער ברייַנסקער ליידיעס אָקזי־לערי



זיצן פון רעכטס : לאה פּאָללאַק, לינא סטאָלער, חמא נאָוואַק
שטייען פון רעכטס : מרס. זאַלעסקי, איידע זעלמאַן, האַנאַ גרינבערג, מרס. פיטעל

די סעקרעטאַרין, די גאַנצע 11 יאָר איז די גוט באַקאַנטע מרס. אַנאַ גרינ־בערג, די שנור פון גרינדער פון דער ברייַנסקער יאָנג מענס, העריס גרינ־בערג. האָט גרויסע פאַרדינסטען צו העלפען אין דער פאַרבינדונג פון אַלע מיטגלידערינס פון דער אקזיליאַרי.

די ברייַנסקער ליידיס אַקזיליאַרי איז יעצט איינע פון די וויכטיגע פרויען אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק אויף דעם פעלד פון לייטען שטיצע צו אַלע שטאָטישע טשאַריטי אַנשטאַלטען.

די ברייַנסקער ליידיס אקזיליאַרי גראַדע ווי די ברייַנסקער רעליף קאָמיטע שטייען אונטער דעם אויפזיכט פון דער ברייַנסקער יאָנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן.

דער אַדרעס פון דער סעקרעטאַרין איז :

MRS. HANNA GREENBERG
201 Linden Boulevard, Brooklyn, N. Y.

# דזשוליוס קאָהען'ס קורצע ביאָגראַפיע

## געשריבען פון איהם אַליין, אויפ'ן דירעקטען פאַרלאַנג פון אַלטער טרוס

צווישן די לאַנדסלייט וואָס האָבען דורך אייגענע מיהע דערגרייכט צו וועלטלעכע בילדונג דאַרף אויך אַריינגערעכענט ווערען דזשוליוס קאָהען, געבוירען אין בריינסק אין יאָהר 1888.

אין דער היים האָט מען אים גערופען יודל יענטשמאַן, דער אינגסטער, דער 8־טער קינד ביי זיינע עלטערן. ביז 12 יאָר געלערנט אין בריינסק ביי די בעסטע מלמדים, ווי בנימקע, חיים גרשונ'ס און ביי משה הערצקען. דאַן פאָרט ער קיין ביאַליסטאָק, וואו ער קומט אָן אין תלמוד תורה זיך צו צוגרייטען אַריינצוטרעטען ביי ר' פנחס'ן אין דער ישיבה. דאָרט האָט ער געליטען פיעל ווייל דער ראש הישיבה האָט ערוואַרטעט פיעל מער פון אים. ערקלערענדיג אַז ער האָט גוטע פעהיגקייטען נאָר ער וויל ניט אויסנוצען זיי.

פון ביאַליסטאָק קומט ער אָן אין סאָקאָלקע ביי דעם באַרימטען ראש הישיבה ר' שמשון קאַצענעלענבויגען. דאָרט איז ער צוזאַמען מיט ישראל מיכלען דעם זוהן פון בריינסקער אַלטער משה היצלס, וועלכער איז אומגעקומען אַלס רב פון אַ קהילה אין אַ שטעטל אין קאָוונער גובערניע.

דאַן באַשליסט ער צו פאָהרען ערגעץ אין גרעסערע שטעט פון תחום וואו ער דיינקט זיך אָבצוגעבען מיט וועלטליכע בילדונג. ער פאָהרט געוויינליך אַלס בלינדער פאַסאַזשיר, דאָס הייסט אונטער'ן באַנק. קיין בילייעט קען ער ניט קויפען.

פאַסירט אַז ער ווערט פון קאָנטראָליאר פון די באַנען געכאַפּט, מען שלעפּט אים אַרויס פון אונטערן באַנק און מען וואַרפט אים אַרויס ביי אַ סטאַנציע. דאָס איז געווען די שטאָט פינסק.

ער געפינט זיך ביים וואָקזאַל אין פינסק אין דער גרעסטער שרעק, אימיצער זאָל אים ניט פרעגען פאַר קיין פאַסּפּאָרט, וואָס ער האָט ניט געהאַט. עס איז געווען אַ קאַלטער יעשענדיגער פרימאָרגען, האָט ער זיך ביי די איזוואָשטשיקעס געפרעגט וואו צו קומען צום שטאָט. ער קומט אָן פאַרטאָג אין אַ שוהל אויף די לינישציעס, און זעצט זיך אַוועק ביי אַ גמרא לערנען. טרוי־

עריג אויפ׳ן האַרצען איז אים געווען, כמעט אַ קינד 15 יאָר אַליין, האָט ער זיין גאַנצען טרויער אין דעם גמרא ניגון אויסגעדריקט.

עזריאל וואָכערניקס זוהן, אַ באַרימטער געלערנטער יונגערמאַן איז שוין דאַן געווען אין בית המדרש. ער פרעגט זיך ביי אים פון וואַנעט ער קומט, אנשטאט איין ענטפער האָט ער באַקומען איין האַרציגען געוויין. ער פאַר־אינטערעסירט זיך אין אים, שאַפט פאַר אים פלעצער צו עסען און יחיאל דער שמש דערלויבט אים צו שלאָפען אין בית המדרש עטליכע טעג ביז זיי וועלען באַקומען פאַר אים אַ פלאַץ וואו צו שלאָפען.

יודל פאַרבלייבט אין פינסק, לערנט אין דער שוהל, ווערט באַליבט ביי די בעלי הבתים וואָס באַשטייען מערסטענס פון אָרימע אַרבייטער פון דעם געגענד. ער נוצט אויס די געלעגענהייט, באַקומט פון די באַקאַנטע יונגע לייט פיעל ביכער און ער לערנט זיך רוסיש און אַנדערע וועלטליכע למודים.

אין יאָר 1905 איז ער געקומען אַהיים פון פינסק, שוין אַ געלערענטער יונגערמאַן. ער געפינט אוראָקען, דאָס הייסט קינדער מיט וועמען צו לערנען שרייבען אידיש, העברעאיש, רוסיש און אַריפמעטיק.

צו דער זעלבער צייט איז די לופט איבעראַל אָנגעפילט געוואָרען מיט רעוואָלוציאָנערען גייסט וועלכע האָט דערגרייכט בריינסק.

צוזאַמען מיט יאָסל ליבאווסקי און חיים באַקער, משה היצל מענדעלס גרינדען זיי אין בריינסק די ערשטע ביבליאָטעק. ער אינטערעסירט זיך מיט דער אַרבייטער באַוועגונג טראָץ דעם וואָס ער איז פון די זאַגענאַנטע אינטע־ליגענטען. ער אַדרעסירט פיל קאָנספיראַטיווע מיטינגען אין וואַלד און אונ־טער די מיהלען. ער ווערט גוט באַוואוסט פאַר אַ גוטען אָראַטאָר, ספּעציעל פאַר אַזאַ וואָס קען פּאָפּולאַריזירען די שווערע האַמעטנע ענינים, מאַכען אַלעמען עס צו פאַרשטיין.

אין 1906 ווען די געפאַר פאַר אַלע וואָס זיינען געווען פאַרדעכטיגט אין רעוואָלוציאָנערע טהעטיגקייט איז גרויס געווען, באַשליסט ער אַוועקצופאָרען קיין אַמעריקאַ.

עס קומט צום געזעגענען זיך מיט די עלטערען, געפינט ער זיין מוטער חנה, וואָס אַלע אין בריינסק וועלען צוגעבען, אַז צו איהר גוטסקייט איז קיין גרונד ניט געווען, אַ שטילע שווער אַרבייטענדע פרוי צו העלפען פאַרזאָרגען אַ שטיקעל ברויט פאַר די קינדער, ליגט איינגעגראָבען די קאָפּ אין די קישענס, זי וויינט שרעקליך, קען זיך ניט געזעגענען מיט׳ן מוזיניק איהרען.

דער פּאָטער שלמה הערש, אַ חסידישער איד, אַ גערער חסיד, האָט זיך אָנגעגעזעגנט מיט מוטה און זאָגט צו זיין מוזיניק:

— יודל, דו פאָהרסט קיין אַמעריקע, וויל איך דיר זאָגען איין וואָרט, אַז אין אַמעריקע איז אויך דאָ גאָט. מער האָט ער קיין ווערטער ניט געקענט אַרויסברייננגען. דער שטאָלצער איד האָט זיך צעוויינט.

## אין אַמעריקע

דעם 7־טען מאַי 1906 קומט ער אָן אין ניו יאָרק. ער פאַלט אַריין אין דעם שניידער פאַך ביי פענטס פיער וואָכען, זיך געלערענט די מלאכה, דאַן האָט ער געדאַרפט באַקומען דריי דאלאר אַ וואָך. דער בעל הבית, אַ גע־וויסער מיסטער מאַגער, פון די ערגסטע טיפען סוועט־שאָפּ־האַלטער אין טשערי סטריט, איבער אַ סטייבל פון פערד. די לופט אין שאָפּ איז אונערטרעגליך. דער געשמאַקער ריח ניחוח פון די פערד אונטען פאַרגיפטעט דעם אָטעם.

ביי דער פינפטער וואָך, ווען ער האָט ערוואַרטעט צו באַקומען די דריי דא־לער איז ער שוידערליך איבערראַשט געוואָרען, ווען דער מיסטער מאַגער האָט אים דערלאַנגט אַ האַלבען דאָלער.

מיט אַ ביטער געמיט פאַרלאָזט ער דעם שמעקענדיגען פּאַלאַץ און ער איז אָנגעקומען אַרבייטען אין עליזאַבעט סטריט ביי מילער און קאַפּלאַן, אַ פירמע וואָס האָט עקזיסטירט אין ניו יאָרק כמעט 50 יאָר. דאָרט האָט ער געאַרבייט 18 יאָר ביז ער האָט דעם פאַך גענצליך אויפגעגעבען. לויט מיסטער מאַקס פערלמאַן, דער איינציגער פון דער פירמע מילער און קאַפּלאַן וואָס לעבט נאָך, דערציילט יעצט, האָט ער רחמנות געהאַט אויף דעם שטילען איידעלען בחור און האָט אים ערלויבט צו אַרבייטען טראָץ וואָס זיין אַרבייט האָט אָנפאַנגס ניט געטויגט.

ער שליסט זיך אָן דער יוניאָן אַלס פעהיגער רעדנער ביי פאַרזאַמלונגען אין צייט פון סטרייקס, וואָס זיינען דאַן געווען יעדען סיזאָן. ווייל ביז דער סיזאָן האָט זיך געענדיגט זיינען אַלע געווינסען פון די פריערדיגע געוואונענע סטרייקס פאַרלאָרען געגאַנגען. די יוניאָן דעלעגאַטען נעכעמיעס, וויס, און אַבי־סעל שפעטער, גאָלדבערג, לייגען גרויסע האָפענונגען אויף אים אַלס אַרביי־טער פיהרער. נאָר דזשוליוס קאָהען ווי ער האָט זיך יעצט גערופען, איז מער אינטערעסירט אין זעלבסט בילדונג, ער פאַרברייננגט זיין איבעריגע צייט

נאָך די לאַנגע אַרבייטס שטונדען זיך צו לערנען ענגליש און אין אַלגעמיין זיך גוט צו באַקענען מיט דער אַמעריקאַנער סיסטעם פון רעגירונג.

ער אינטערעסירט זיך צו העלפען די אַרבייטער פון זיין שאַפּ צו קענען ווערען בירגער, זיי מאַכען מעגליך צו קענען שטימען ביי די וואַהלען, ניט פאַר־בלייבען שטענדיגע נאָכלויפער אין די יערליכע קאַמפּיינס פון דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי. כמעט אַלע זיינע מיטאַרבייטער זיינען דורך זיין הילף געוואָ־רען בירגער. ער האָט זיי געלערנט צו פאַרשטיין די פאָרמע פון דער שטאָט, סטייט, און פעדעראַלע רעגירונג אום זיי זאָלען ניט דורכפאַלען ביי די עקזאַ־מינײשאָנס.

דער ערשטער וואָס האָט זיך באַנוצט מיט דעם איז געווען דזשאָ סיללען, דער פאָטער פון באַוואוסטען ראַדיקאַלען רעדאַקטאָר פון די ניו מאַסעס סעם סיללען. דזשוליוס קאָהען איז דאַן געווען אַ נאַטוראַליזיישאָן ביורא אין מיני־אַטור.

ער האָט זיך אויך אָנגעשלאָסען אין דער לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטי און איז ערווילט געוואָרען אַלס סעקרעטאַר. אין דיזער סאָסייעטי איז ער אַ באַאַמ־טער ביז היינטיגען טאָג, שוין 42 יאָהר.

דאָס האָט אים נאָהענט געמאַכט צו די לאַנדסלייט. און ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה ווערט ער טהעטיג אין בריינסקער רעליעף. אויך אין דער אַרבייט איז ער פאַרנומען ביז היינטיגען טאָג. גיט אַוועק פיעל פון זיין בעסטע צייט צו אַזעלכע טהעטיגקייט, ניט אַכטענדיג וואָס זיינע אייגענע עקאָנאָמישע אינ־טערעסען ליידען דערפון.

אין יאָהר 1924 האָט ער גענצליך אויפגעגעבען זיין פאַך און איז געוואָרען אַן אינשורענס בראָקער. אַ ביזנעס אין וועלכע ער איז באַשעפטיגט ביז יעצט.

זייענדיג מער אָדער ווייניגער זעלבסטשטענדיג, האָט ער מער צייט צו העלפען זיינע לאַנדסלייט אויף פאַרשידענע אופנים.

אין יאָר 1931 ווערט ער געדרעפּטעט פון דער בריינסקער יאָנג מענס בענעוואָלענס אַסאָסיאיישאָן צו ווערען איר סעקרעטאַר. ביז היינטיגען טאָג טראָגט דעם וואָס ער איז איבער 60 יאָר, ווערט ער ניט באַפרייט פון זיינע שווערע פליכטען אין דער סאָסייעטי. ער ווערט געצוואונגען פון יאָהר צו יאָהר וויטער אָנצוהאַלטען דעם אַמט.

צו דער זעלבער צייט פּאַסירט אַ פאַקט וואָס האָט איהם שטאַרק ווי גע־טאָן. ער האָט אין דער דאָזיגער פּאַסירונג געזעהן דעם אָנפאַנג פון דער

אידישער טראַגעדיע. גלויבענדיג אין דער דעמאָקראַטישער אַמעריקע איז ער ענטוישט געוואָרען ווען ער האָט באַמערקט ווי זיין זוהן פיליפּ, אַ גראַדו־אירטער אינזשעניר פון קופּער יוניאָן און אויך פון ניו יאָרק יוניווערסיטעט, האָט צוויי יאָהר צייט ניט געקענט באַקומען קיין באַשעפטיגונג, פיעל אַד־ווערטייזמענטס אין צייטונגען האָבען אַזעלכע מענטשען פאַרלאַנגט. ער האָט געשריבען בריוו צו די פירמעס, אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט. זיינע חברים וואָס האָבען ניט געהאַט קיין ספּעציפישע אידישע נעמען האָבען יאָ באַקומען שטעלעס.

אין אַ ביטערען שפּאַס האָט ער אָפּגעשיקט אַ בריוו צו אַ פירמע אין וועל־כען ער האָט זיך אונטערגעשריבען פיליפּ ה. קאָל. ער האָט די שטעלע באַקו־מען. דאָס צווינגט איהם צו ענדערען זיין נאָמען. דאָך האָט דאָס איהם ניט געשטערט זיך אָנצושליסען אין דער יונייטעד סטייטס אַרמיי ווען ער האָט געדינט מיט זיינע ספּעציעלע פעהיגקייטען פינף יאָהר צייט, און זיך אַרויפּ־געאַרבייט צום ראַנג פון קאַפּיטאַן.

דזשוליוס קאָהען האָט אין דער פּאַסירונג געזען דעם אָנפאַנג פון ראַסען האַס וואָס ענטוויקעלט זיך אין אַמעריקע. איז דאָס דער אָנפאַנג ? אָדער בלויז אַ פאַרבייגייענדיגע פּאַסירונג.

ווער ווייס ?

אין 1937 האָט די בריינסקער יאָנג מענס געגעבען אַ טעסטימאָניעל באַנקעט פאַר איהם אויס דאַנקבאַרקייט פאַר זיין גוטע געטרייע אַרבייט פאַר דער סאָסייעטי אין די 6 יאָהר וואָס ער איז דאַן געווען סעקרעטאַר.

דזשוליוס קאָהען איז אויך געווען דער סעקרעטאַרי ביי די באָדקער יאָנג מענס, כמעט אַ פערטעל יאָרהונדערט. ער האָט דורכגעפירט אַ באַוואוסטע רעליף אַקציע לטובת די באָדקער רעליף. צוליב זיינע פליכטען אין בריינסקער רעליף וואָס פאַרגרעסערען זיך אַלע מאָל, האָט ער זיך צוריקגעצויגען אַלס סעק־רעטאַר ביי די באָדקער, צו קענען ווידמענען זיך צו זיין הויפּט אַרבייט פאַר בריינסקער.

די באָדקער לאַנדסלייט האָבען אַנערקענט זיין אַרבייט פון 25 יאָר און האָבען איהם געגעבען אַ שיינעם באַנקעט נאָוועמבער 15־טען 1947, ביי וועלכען עס זיינען אָנוועזענד געווען 300 מענשען. אַלע האָבען איהם געוואונטשען גליק, איהם הארציג באַדאַנקט פאַר זיין טהעטיגקייט.

אין זיין רעדע פאַר די פאַרזאַמעלטע האָט ער אַרויסגערופען גרויס אינ־טערעס ווען ער האָט באַשולדיגט די וועלט, אַז זי אינטערעסירט זיך מער צו פאַרשטאַרקערען די הענד פון די נאַציס איידער צו העלפען די שארית הפליטה, די קרבנות פון די נאַצישע מערדערישע הענד. ער האָט גוט פאַר־אויסגעזעהן די יעצטיגע לאַגע וואָס האָט זיך ענטוויקעלט צו אַ געיעג צו העלפען צוריק בויען דער וועלטס גרעסטער מערדערליכע לאַנד. און אַן אָפענע, פיינדליכע שטעלונג צו אַלע אידישע האָפנונגען.



באַמטע פון די באָדקער יאָנג מענס ביים באַנקעט לכבוד דזשוליוס קאָהען׳ס 25 יאָהריגע טעטיגקייט

ביים גאָלדענעם יובילייאום פון דער בריינסקער בראָדערס אייד אַסאָ־סיאיישאָן, אין מאַרטש 1946, האָט ער ארויסגעגעבען אַ זשורנאַל אין וועלכען ער האָט דאָן אָנגעצייגט אויף די שענדליכע האַנדלונג פון ענגלאַנד אַנטקעגען די אידען. ער האָט באַשולדיגט ענגלאַנד אַז זי וויל מפקיר זיין דעם אידישען ישוב אין ארץ ישראל צוליב איר חשק זיך צו פאַרזאָרגען מיט איין אַראַבישע האַלב ציווילייזירטע מדינה, וואָס זאָל קענען פאַרנעמען דעם אָרט פון אינדיען, וואָס גליטשט זיך אַרויס פון איהרע הענד.


The Council of
Fraternal and Benevolent Organizations
of the
FEDERATION
OF JEWISH PHILANTHROPIES
Presents this Scroll to
Julius Cohen

to give public testimony of its appreciation for his efforts, during the 1944 campaign, on behalf of the 116 health and welfare agencies affiliated with Federation.

His devotion has strengthened these institutions of healing and mercy, safeguarding their day-to-day services to the sick, orphaned and distressed, while helping them to prepare for the nearing problems of the post-war period.

President of the Council

President of Federation

דאַנק סערטיפיקאַט צו דזשוליוס קאָהען פאַר זיין הילף צו דער
פעדעריישאָן אָף דזשואיס טשאַריטיס

דזשוליוס קאָהען מיט זיין פאַמיליע און נאָענטסטע קרובים ביים באַנקעט פון די באָדקער יאָנג מענס



פון רעכטס אונטערשטע רייהע: פיליפ און איידא זיין זוהן און שנור. אברהם און עני ריטשמאַן, זיין שוואָגער און שוועגערין

צווייטע רייהע:. פיליפ לוצקי און פרוי איידע, זיין פלימעניק. סעם און פרוי אסתר. עוועלין און בעני זיינע זיהן און שניר

שטייען: דזשוליוס קאָהען און זיין פרוי שרה

ווי ריכטיג דאָס האָט זיך אַרויסגעצייגט יעצט אין ליכט פון די היינטיגע פּאַסירונגען.

דזשוליוס קאָהען האָט אויך געווידמעט פיעל צייט צו שאַפען שטיצע פאַר די פעדעריישאָן אָף דזשואיש טשאַריטיס אין ניו יאָרק, פאַר וועלכע ער איז באַהערט געוואָרען מיט אַ סערטיפיקאַט פון ריכטער דזשאָנאה גאָלד־שטיין, דער טשערמאַן פון אָרגאַניזאַציאָנס קאונסיל פאַר דער פעדעריישאָן.

אין די מלחמה יאָרען האָט ער פיעל צייט אָפּגעגעבען צו העלפען פאַר־קויפען רעגירונגס באָנדס. פאַר דער דאָזיגער טעטיגקייט איז ער אויך עט־ליכע מאָל באַעהרט געוואָרען מיט ספּעציעלע סערטיפיקאַטען.

וועגען זיינע ספּעציעלע לייסטונגען פאַרן בריינסקער רעליעף זעה פריהער־דיגע קאַפּיטלען.


WE BOUGHT EXTRA WAR BONDS
4TH WAR LOAN
For patriotic and effective services rendered in behalf of the Fourth War Loan.. this citation is awarded to
Julius Cohen
by the War Finance Committee for New York
United States Treasury Department
EXECUTIVE MANAGER
STATE CHAIRMAN
THESAUR. AMER. SEPTENT. SIGIL.

ספּעציעלע אַנערקענונג צו דזשוליוס קאָהען פאַר זיין מיטהילף צו פאַרקויפען קריג באָנדס

אָט אַזוי איז דזשוליוס קאָהען פון זיין יוגענט אָן אין ניו יאָרק פאַרבונדען מיט סאָציאַלע, געזעלשאַפטליכע אַרבייט. זיין אַרבייט ארויסצובריינגען דעם בוך בריינסק אין דער עפענטליכקייט איז זיין הויפּט ציעל יעצט.


יזכור
די נעמען פון די
בריינסקער
אומשולדיקע קרבנות
וואָס זענען אומגעקו־
מען דורך מערדערי־
שע הענט אין דער
צייט פון דער צוויי־
טער וועלט־מלחמה
1945 · 1939
תנצב״ה
NOTA KOSLOWSKY

# צום אייביגען אָנדענקען

פון מיינע ליבע עלטערן

## יצחק איסר ליסס און פרוי שרה לאה

און צו אַלע קדושים פון אונזער היים בריינסק — די וועלכע איך געדענק און די וועלכע איך גע־דענק ניט, און די וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט געקענט — זאָלן די ווערטער זיין די יאָהרצייט ליכט־לאַך נאָך די אויסגעלאָשענע לעבענס, אומגעבראַכט פון אכזר׳ישע הענד אין אַ וועלט וואָס האָט גלייכ־גילטיג צוגעקוקט און שטיל געבליבען צו זייער וועה געשריי

קיינמאָל וועלן מיר אייך ניט פאַרגעסען!
אייביג וועלן מיר אויף אייער מאַרטירער
טויט טרויערן!

פון

**רייזל וואַלעצקי און פאַמיליע**
**איסער דעם שניידערס טאָכטער**
**בראָנקס, ניו יאָרק**

# צום אייביגען אָנדענקען

פון אונזערע ליבע עלטערען שוועסטער און ברודער, שוואָגערם און זייערע טייערע קינדערלאַך, קרבנות פון נאַצישע מערדער. די אומ־שולדיג פאַרגאָסענע בלוט פון אייערע יונגע לעבענס וועט קיין מאָל פון אונז ניט פאַרגעסען ווערען.

הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו

הערשל און העניה רוצקי
שרה און חיים לייב ליעוו
זייערע טעכטער
חייטשע און רבקה
זייער זוהן
משה'ל
דבורקע און אליה יענטשמאַן
זייער זוהן דודל און טאָכטער חנהלע
אונזער ליבער ברודער
חנא רוצקי

דריי דורות צוזאַמען געגאַנגען צו דער שחיטה, זיך ניט געוואָלט שיידן.

פון

ראובן רוצקי און פאַמיליע
בוענאָס איירעס, אַרגענטינע

שואל רוצקי און פאַמיליע
בוענאָס איירעס, אַרגענטינע

משה'ל רוצקי און פאַמיליע
בוענאָס איירעס, אַרגענטינע

פישל לוצקי און פאַמיליע
ברוקלין, ניו יאָרק

מלכה פערבער און פאַמיליע
ברוקלין, ניו יאָרק

## צום שטענדיגען אָנדענקען

פון אונזערע ניט פאַרגעסענע

**פאָטער יעקב פּריבוט**

**מוטער עטל פּריבוט**

**ברודער משה פּריבוט**

פון

**העניה ווייסמאַן און מאַן סעם ווייסמאַן**
פליינפיעלד

**שמואלקע פּריבוט**
ניו יאָרק

**חיים פּריבוט**
יאָהאַנעסבורג, סאוט אַפריקע

**שואלקע פּריבוט**
יאָהאַנעסבורג, סאוט אַפריקע

# לזכר עולם



אונזער ליבער פאָטער

**יצחק רוכאַמקין**

אונזער ליבע מוטער

**פייטשע**

אונזער שוועסטער און איהר מאַן

**רבקה לאה און יעקב טשעסליאַק**

זייער העלדישע טאָכטער

**רחל טשעסליאַק**

זייערע זיהן

**אברהם און חיים טשעסליאַק**

אומשולדיגע קרבנות פון ווילדען נאַציזם.

שטענדיג וועלען אייך געדענקען

**יעקב ריטשמאַן און פאַמיליע**

ברוקלין

**אַברהם ריטשמאַן און פאַמיליע**

ברוקלין

# צום אַנדענקונג

פון

מיינע עלטערען

**שלומה הערש** און **חנה יענטשמאַן**

מיינע ברידער

**שואל און פרוי יענטשמאַן**

**הענאַך און פרוי יענטשמאַן**

**יעקב** און **העניה יענטשמאַן**

**דוד און פרוי סירקע יענטשמאַן**

**אברהם און פרוי יענטשמאַן**

מיין איינציגע שוועסטער

**העניה און פאַמיליע**

אַלע קינדער און אייניקלאַך פון מיינע ברידער און שוועסטער.

אייער אַנדענקונג וועט שטענדיג זיין איינגעקריצט אין אונזערע הערצער אַלס הייליגע מאַרטירער פאַר'ן אידישען פאָלק.

פון

**דזשוליוס קאָהען און פרוי שרה**

מיינע קינדער

**חנא פישל און פרוי איידא**

**בערטשע און פרוי עוועלין**

**שמואל און פרוי אסתר**

## אין אָנדענקונג

יעקב לייב פענכערזש

שפרה פענכערזש

שמחה פענכערזש און פרוי

רחל פענכערזש און זוהן יאָסל פענכערזש

פון

חנה ווערפּ און פאַמיליע
פּעטערסאָן

מייער פּאָללאַק און פאַמיליע
ניו יאָרק

איזי פּאָללאַק און פאַמיליע
שיקאַגאָ

מאָריס פּאָללאַק און פאַמיליע
שיקאַגאָ

הערשל פּאָללאַק און פאַמיליע
שיקאַגאָ

שמואלקע פּאָללאַק און פאַמיליע
שיקאַגאָ

# לזכר עולם

שבתי ווערפיכאָפסקי

הינדע ווערפיכאָווסקי

חיים ווערפיכאָווסקי

אַלטע ווערפיכאָווסקי

פון

סעם ווערפ און פאַמיליע

פעטערסאָן, ניו דזשוירסי

לואיס ווערפ און פאַמיליע

פעטערסאָן, ניו דזשוירסי

# צום עוויגען אָנדענקען



משה פענכערזש
גאָלדע פענכערזש
עטקע פּיטלאַק
דוד פּיטלאַק
חוה קרעסין
משה קרעסין
יענטע ביעדקא
אַלטער ביעדקא
לאהקע מיט מאַן פון סימיאַטיטש
חוה פענכערזש און פאַמיליע
שמעון פענכערזש און פאַמיליע
אברהמקע פענכערזש און פאַמיליע

פון

מייער גאָטליעב און פרוי
לואיס פאָללאַק און פאַמיליע
העלען מור און פאַמיליע

# צום שטענדיגען אָנדענקען

נאָסקע זאַלעפסקי

ליבע זאַלעווסקי

העניאַך זאַלעפסקי

מירקע ריפקע

מנחם ריפקע

שרה ריפקע

בערל פּוכאלסקי

פון

זיידל זאַלעפסקי און פרוי
ברוקלין ניו יאָרק

לילי סמערלינג און פאַמיליע
ברוקלין, ניו יאָרק

# על אלה אנו בוכים

## ר׳ יעקב בר׳ מרדכי עדעלמאַן

ט׳ אדר א תש״ח, תל אָביב

## חיה אסתר בת ר׳ דוב עדעלמאַן

א׳ דראש חודש טבת, תרצ״ג

## ר׳ חיים מרדכי בן ר׳ יעקב עדעלמאַן

## חנה רויזע בת ר׳ אליהו ברוק

## הרב ר׳ אייזיק עדעלמאַן

ועוד בנים ובנות צעירות

אומגעקומענע ווי קדושים אין וואַרשעווער געטאָ.

קיינמאָל וועלען אייך ניט פאַרגעסען

**הרב ר׳ אברהם יצחק עדעלמאַן ומשפחתו**

בראָנקס

**ישראל יוסף עדעלמאַן ומשפחתו**

ווילינג, וועסט ווירדזשיניא

**מנחם מענדל עדעלמאַן ומשפחתו**

ניו יאָרק

**שרה רבקה דייווים ומשפחתה**

בראָנקס

**פריידע רייכל בראמסאָן ומשפחתה**

באָסטאָן

**דבורה זיסל אפרתי ומשפחתה**

תל אָביב

**חוה באַלצבאַג ומשפחתה**

תל אָביב

**נחמה בת ר׳ חיים מרדכי**

תל אָביב

# לזכר עולם

הערשל בוראק
רבקה בוראַק
לייבל בוראַק
שפרה בוראַק
יענקל בוראַק
יאָסל בוראַק
הערשל בוראַק
זאַוול בוראַק
וועלוול בוראַק
איטשאלע בוראַק
לאה בוראַק
דבורה בוראַק
אונזער אָנקל
חיים בוראַק מיט זיין פאַמיליע

פון

ישראל בוראַק און פאַמיליע
מאונט ווערנאָן, ניו יאָרק

אליה בוראַק און פאַמיליע
ברוקלין, ניו יאָרק

וועלוול בוראַק
ברוקלין, ניו יאָרק

# לזכר עולם

זכריה אָסקאַרט און פרוי

ישראל חיים אסקאַרט, פרוי און קינדער

פייגל און איהר טאָכטער שרה און זוהן שמואלקע

גדליה איינעמער און פאַמיליע

דוד ווערפּיכאָווסקי און פאַמיליע

פרויטשע שקאָפּ און פאַמיליע

זלמן שקאָפּ און פאַמיליע

חיים לייב גאָלדינג און פאַמיליע

אברהם יענטשמאַן און פאַמיליע

יצחק רובינשטיין און פאַמיליע

אייזיק ווינשטיין און פאַמיליע

וועלוול רובינשטיין און פאַמיליע

חיים קלאַרע און פאַמיליע

שלומה ציכטלער און פאַמיליע

לייזער פאם און פרוי

וועווקע שומאַנסקי און פאַמיליע

יאַנקל ספּעקטאַרסקי און פאַמיליע

פון

ווילי און בעסי קאָהען — שרה ליבע און די אַרלינסקי ברידער

אסתר רחל שקאָפּ — לואיס שקאָפּ און פאַמיליע

דזשייקאָב דיסקין — זאַוול רובינשטיין און פאַמיליע

**IN MEMORY OF**

**OUR BELOVED FATHER AND HUSBAND**



**DAVIS GLASSER**

**דוד יאָסל גלאַזער**

June 21, 1941

From

MRS. JENNIE GLAZER
JACK GLASSER & Family
IRVING GLASSER & Family
BENNIE GLASSER
MORRIS GLASSER & Family
SAM GLASSER & Family
ALEX GLASSER
ROSE LIPSON & Family
ABIE GLASSER
MAX GLASSER

# צום אייביגען אָנדענקען

יוסף וויגאנקער און פרוי ביילע מרים

הערשל וויגאנקער, פרוי און פאַמיליע

יעקב באראוויטש, פרוי פערל און קינדער

זלמן ברענער, פרוי און קינדער

פראַדל ברענער, מאַן און קינדער

פון

**דזשייקאָב וויענער און פאַמיליע**

קליפטאָן, ניו דזשוירסי

# יזכור

אונזערע עלטערן

## יצחק גדליה סאַמאָלסקי

## חיטשע סאַמאָלסקי

(הערשל בוראַקס טאָכטער)

אונזערע שוועסטער

## דינה סאַמאָלסקי

## רישע סאַמאָלסקי

פון

**אברהם נח בוראַק**

**מאַלי בוראַק**

בראָנקס, ניו יאָרק

# לזכר עולם

אונזערע עלטערן

**בערקע און רחקע פינקלשטיין**

אונזער ברודער

**חיים פינקלשטיין**

וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרען פון פוילישע באַנדיטען
אין פעברואַר, 1947

ער האָט אין וואַלד אויפגעפּאַסט אויף דעם משפחה־
אָטריאַד — אויף די שוואַכע פרויען און קינדער.

קאַלטבלוטיג ערמאָרדעט !

שטענדיג וועלן איך געדענקען

**דייוויד פינקלשטיין און פאַמיליע**
ברּאָנקס, ניו יאָרק

**טשאַרלס פינקלשטיין און פאַמיליע**
ברוקלין, ניו יאָרק

**אסתר קאָהען און פאַמיליע**
ניו יאָרק

# לזכר עולם

פון

מיינע עלטערן

**שלומה וואָלפקעס יאַטץ**

**און פרוי חיה**

מיין ברודער

**בערל יאַץ, פרוי און קינדער**

מיין שוועסטער

**שיינע מושע און מאַן פנחס קאַפּלאַן**

מיין ברודער

**הערי גודמאַן**

(געשטאָרבן אין ניו יאָרק, 1938)

פון

**דייוויד גודמאַן און פאַמיליע**

ברוקלין, ניו יאָרק

מיר שליסען זיך אָן דער רייהע פון די אבלים נאָך די אומשולדיגע
קרבנות פון היטלעריזם, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש
השם והאומה אין די גאַז קאַמערן, אין קרימאַטאָריומס
פון טרעבלינקא און די וואָס זיינען אכזריות׳דיג
אומגעבראַכט געוואָרען פון פוילישע באַנ-
דיטען אין בריינסק און די אַרומיגע
דערפער, אַרום בריינסק.

זאָל אייער אומשולדיג פאַרגאָסענע בלוט ניט פאַרשוויגען ווערען!

די בריינסקער יאָנג מענס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן

די בריינסקער בראָדערס אייד אַסאָסיאיישאָן

די בריינסקער רודף שלום סאָסייעטי

די בריינסקער ליידיס אוקזילערי, ניו יאָרק

די בריינסקער אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ

דער בריינסקער קלוב אין אַטלאַנטאַ

דער בריינסקער פאַראיין אין יאָהאַנעסבורג, אַפריקא

דער אירגון יוצאי בריינסקי אין תל אָביב.

די בריינסקער ל. ל. פעראיין, אַרגענטינע.

# לזכר עולם

צו אונזערע עלטערן

## גדליה ווילק

## אסתר ווילק

אונזער ברודער

## משה לייזער ווילק

פון

**בערל ווילק און פאַמיליע**

ברוקלין, ניו יאָרק

**נחמה גאָלדבערג און פאַמיליע**

ניו יאָרק

# צום שטענדיגען אַנדענקען

אונזערע ליבע עלטערן

**יעקב און יהודית פּיטלאַק**

אונזער ברודער

**דוד און זיין פרוי עטקע פּיטלאַק**

זייערע קינדער

**חייטשע און רבקה פּיטלאַק**

אונזער שוועסטער

**שרה און מאַן ווישנעוויץ און זוהן מאיר**

אונזער ברודער

**יאָסל פּיטלאַק און פאַמיליע**

**מאַליע פאם און פאַמיליע**

פון

**אסתר וועבמאַן און פאַמיליע**
בראָנקס, ניו יאָרק

**ישראל פּיטלאַק און פאַמיליע**
בראָנקס, ניו יאָרק

**רחל לינקי און פאַמיליע**
עסבורי פּאַרק, ניו דזשוירסי

# די פאָלגענדע יחידים און סאָסייעטיס האָבן מיט זייערע ביישטייערונגען מעגליך געמאַכט די פובליקירונג פון בוך ברײנסק ספר הזכרון

איטעלד פאַמיליע
באקער, סעם
ביבער ברידער
בוראַק, ישראל
בוראַק, אליה
בוראַק, אברהם
קאָהען, וויליאַם
קאָהען, מאיר שלום
עילין, מר. און מרס.
פעדעראַל איסט קאָרפּ.
פרידמאַן, אברהם
גודמאַן, דייוויד
גלאַזער פאַמיליע
גאָטליעב, מייער
גאָלדשטיין, היימאַן
גאָלדען, מרס.
הוראַנט, בנימין
הורוויץ, לואיס
קעלנער פאַמיליע
לוצקי, פישעל
לעווסקי ברידער
ליבאפסקי, יאָטל
לאָענשטיין פאַמיליע
מאָס, בעני
מעדאָף, וויליאַם
נאָוואַק, היימאַן
פיטלאַק, ישראל
רוצקי, שואלקע — אַרגענטינע
רוצקי, ראובן — אַרגענטינע
רוצקי, משה — אַרגענטינע

רובין, קיילע
ריטשמאַן, יעקב
ריטשמאַן, אַלטער
ראָס, משה-היצל
ספּאַק, סעם
סאַלעפסקי, זיידל
סאַסין, בערל — אַפריקע
סמערלינג ברידער
שייעוויטש, סאַל
שוסטער, קאָלאָמביע, סאוט אַמעריקע
טענענבוים ברידער
ווערף, סעם
ווערף, לואי
וויסמאַן, עני און סעם
ווילק, בערל
וויין, דייוויד
וואַלעצקי, ראָזע
זעיטש, מרס.
ברײנסקער יאַנג מענס
ברײנסקער קלוב, אַטלאַנטאַ
ברײנסקער ל. ל. פאַראיין, אַרגענטינע
ברײנסקער ליידיס אוקזילערי
ברײנסקער עיד סאָסייעטי שיקאַגאָ
ברײנסקער בראָדערס אייד אַסס'ן
ברײנסקער פאַראיין, יאָהאַנעסבורג

אין נאָמען פון ברײנסקער רעליעף קאָמיטעט אין ניו יאָרק

דאַנקט אייך

Julius Cohen